# אין צענטן נומער „סאָוועטיש היימלאנד" טרעטן ארויס די שרייבער:

יעכיעל פאליקמאן — מיט א נייעם ראמאן „דער שווארצערווינט".

מאָזי קאָבריאנסקי — מיט א גרעסערער דערציילונג „א פארדאָרבענער קערן".

שמועל גאָרדאָן — מיט א ציקל היינטצייטיקע דערציילונגען.

ריווע באליאסנע — מיט אן אויסצוג פון דער פּאָעמע „איסאַק לעוויטאן".

ש. טשערניאווסקי, מ. ליפשיץ, מ. שטורמאן — מיט לידער־ציקלען.

אינעם אָפּטייל „ליטעראטור און קונסט" וועלן פארעפנטלעכט ווערן:

א. ראסקינס ארטיקל וועגן איזי כאריקן;
שאָלעם־אליי כעמס בריוו צו זיין איבערזעצער אין רוסיש יו. פינוס;
איבערזיכטן פון:
י. וויינבערג — וועגן אקטועלע פראגן פון דער היינטיקער רוסישער ליטעראטור;
מ. גרוביאן — וועגן נייע לידער־זאמלונגען פון אויסלענדישע יידישע פּראָגרעסיווע דיכטער;
די שטענדיקע רובריקעס: „בלעטערנדיק זשורנאלן און צייטונגען", „נאָטיצן אפן קאלענדאר", „פארשיידנס", „דאָס באפליגלטע וואָרט", „כראָניק".

■

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל


אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פסס״ר

זעקסטער יאָרגאַנג

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע





סענטיאַבער

1966

# אינהאַלט




**הויפּט־רעדאַקטאָר**
א. ווערגעליס.
**רעדקאָלעגיע:**
ה. אַשעראַוויטש, אי. באַרוכאָוויטש, א. גאָנטאַר, מ. טייף, נאָטע לוריע, מ. לעוו (פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר), ב. מילער, י. פאַליקמאַן, ס. פּרײַ, י. ראַבין, ר. רובין.



נויעד לוריע

# אין וואַלד

## אין קלעם

דאָס יאָר האָבן אין דעם ווינקל אָנגעהויבן זיך ווייַזן סאָכרים פון די שטעט. מ'איז געפאָרן האַנדלען די כאָלאָקים וואַלד, וואָס דער פּאַרעץ האָט געמאָלדן צום פאַרקויף נאָך דעם, ווי ער האָט א צייַט לאַנג ניט געוואָלט אָנרירן בא זיך קיין בוים.

אין א זומערדיקן פרימאָרגן האָט זיך בא דעם סמאָליאַרניקס שטוב אָפּגעשטעלט א פור, און פון איר איז אַראָפּ אַן אומבאַקאַנטער מענטש, וואָס זייַנע אויגן האָבן געשמייכלט, נאָך איידער עמעצער איז אַרויס אַנטקעגן. מיט דעם שמייכל האָט ער אָנגעקוקט דאָס מיידל, די באַלעבאָסטע, די קאַץ, דעם טאַפּטשאַן, ווי ער וואָלט זיך ריכטן, אַז אַלץ און איטלעכער קאָן אים אַף אָט דעם נייַעם אָרט מיט עפּעס דערפרייען.

— ביניאָמין לאַנדע, פון מינסק, — האָט ער זיך רעקאָמענדירט. — איך וועל פון הייַנט אָן זייַן בא אייַך אַן אָפּטער גאַסט.

און אין זייַן טאָן איז געווען די זיכערקייַט, אַז פאַר ביידע צדאָדים קאָן עס זייַן גאָר אָנ־גענעם.

ער האָט זיך אַרומגעוואַשן, צוגעקעמט די געדיכטע קאַשטאַנעווע האָר, די פּוכיקע וואָנצעס, דאָס שפּיצעכיק־פאַרשוירענע בערדל. אַלץ מיט פאַרגעניגן, ווי ער וואָלט ביז אַהער גאָר ניט געפילט אין די זאַכן אַזא טאַם, ווי דאָס מאָל. ער האָט געריִמט דאָס וואַסער, מיט וועלכן ער האָט זיך געוואַשן, דעם קעז, וואָס מע האָט אים דער־לאַנגט צום פרישטיק, דאָס ברויט, ווי ער וואָלט אין דער היים אַזוינס גאָר אין מויל ניט געהאַט.

נאָכן אָנבייַסן איז ער געזעסן אין דרויסן אַף דער באַנק. דורכן פענצטער האָט ער זיך געווענדט צו בוניען:

— עפּשער האָט איר כיישעק א ביסל שפּאַ־צירן? דאָ איז זייער שיין בא אייַך.

דאָס איז געווען א מאַנצבל פון א יאָר עט־לעכע און דרייַסיק. זייַן האַלטונג איז געווען פרייַער, ווי די פרוי איז געווינט געווען דערצו, דאָך געניגוג אָנשטענדיק. אָפּזאָגן וואָלט געווען ניט גאַסטפרייַנטלעך.

— גוט, — האָט בוניע געענטפערט נאָך א רעגע באַדענקען, — איך וועל זיך נאָר אי־בערטאָן.

אַרויס איז זי צום שפּאַציר מיט א קינד בא דער האַנט.

אַלץ איז אים דאָ געפעלן געוואָרן — דער רייעך פון טערפּענטין, דער וועג דורכן וואַלד, די יאַגעדעס, וואָס ער האָט גייענדיק אופגעהויבן

---

ס אָ ף. זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 7, 8 פון 1966.

און מעכאבעד געווען מיט זיי אמאָל זײַן באַגלייטערן און איר קינד, אמאָל זיך אליין. ער האָט אראָפּגענומען דאָס היטל.

— סארא מעכײַע צו גיין אזוי מיט אן אָפּגעדעקטן קאָפּ! — האָט ער אויסגערופן. — שפּירן אָט די טײַערע לופט מיט די האָר, מיט דער באפרײַטער הויט! איר זײַט עפּעס זייער פרום?

— אזוי, געוויינלעך, — האָט בוניע געענטפערט.

— מײַנע איז פרום — דערשטיקט צו ווערן. אז מיר האָבן כאסענע געהאט, בין איך נאָך קיין זעכצן יאָר ניט אלט געווען. זי — א גווירישע טאָכטער, און איך — אן אָרעמער יעשיווע־באָכער, וואָס האָט געגעסן טעג און געשעמט, ווי אן אילוי. איך פון מײַן טוירע האָב זיך גיך אָפּגעטרייסלט. און זי איז פארבליבן א רעבעצן ביז הײַנטיקן טאָג. דערווײַל זײַנען געוואָרן עטלעכע קינדער. גיי הייב אָן א לעבן פונדאָסנײַ. ערשט ווען איך פאָר אוועק פון דער היים, פיל איך זיך א שטיקל מענטש.

אויך דאָס ריידן האָט אים, קאָנטיק, פארשאפן פארגעניגן. מע האָט געזען, ס'איז אים גוט דערפון, וואָס ער קאָן אזוי אומגעשטערט א רעד טאָן וועגן זיך, און ער צווייפלט ניט, אז פונקט דאָ וועט עס אופגענומען ווערן מיט פארשטענדעניש און מיטגעפיל.

— אָך, דאנק איך אײַך, וואָס איר גייט מיט מיר! — האָט ער געזאָגט און היציק אָנגעכאפּט בוניעס האנט.

זי האָט עס ניט דערלאָזט.

— זײַט ניט בייז אף מיר, — האָט ער געבעטן, — וויפל זײַנען מיר באקאנט, א קארגע פאָר שאָ, נאָר עפּעס זײַט איר מיר שוין אזוי נאָענט, ווי א געטרײַע און קלוגע שוועסטער, וועלכער עס ווילט זיך פארטרויען אלץ, וואָס דו האָסט אפן הארצן.

פון זײַן בליק, פון זײַן קאָל איז געגאנגען א ווארעמקײַט, א רירנדיקע אופריכטיקײַט, וואָס האָט ניט געלאָזט זײַן שטרענג צו דעם מענטשן, טראָגן אף אים לאנג א פארדראָס. בוניע האָט עס מיט אומרו באמערקט.

— צײַט גיין אהיים, — האָט זי פלוצעם געמאָלדן. — איך האָב א סאך ארבעט.

און זי האָט, ניט ווארטנדיק אף זײַן ענטפער, אזוי געטאָן.

שויעל איז, ווי געוויינלעך, ווייניק געווען אין דער היים. אלעמאָל אין אן אנדער אָרט אײַנגעהאנדלט א שטיקל וואלד, זיך אָפּגעפּארטיקט און ווײַטער געזוכט עפּעס נײַס. ער האָט ניט גערוט. פאר זײַנע אויגן זײַנען אין די יאָרן מענטשן אופגעקומען פון דעם מיסכער, גווירים געוואָרן. ער האָט אויך געוואָלט. קיין שאפער האָט ער ניט געהאלטן. אלץ אליין באזאָרגט. זיך געוואלגערט אין דער פרעמד, געשלאָפן, ווו ס'האָט זיך געמאכט. אָפט ארומגעפּאָרן, צופוס אויסגעלאָפן ווו א וואלד, געציילט די ביימער, וואָס זײַנען געשטאנען צום פארקויף, אָנטייל גענומען אין אלע אאוקציאָנען, געליִען געלט, ווו ס'האָט זיך געלאָזט, געארבעט מײַסים, אמאָל פארדינט, אמאָל דערלייגט, און, סאָפּקאָלסאָף, קיין גליקן ניט געמאכט. גאָרנישטן אפן קוק, פּאטראָנעס, ווי ער האָט זיי גערופן מיט פאראכטונג, האָבן זיך אויסגעדרייט פלינקער פון אים. דאָס האָט אים טיף געקרענקט. ער האָט ניט געקאָנט פארשטיין, פארוואָס באקומט זיך עס אזוי. אלץ אָפטער פלעגט ער זיך אומקערן אהיים א פארביטערטער.

ער האָט ניט געזען די זײַניקע א סאך טעג. דאָך גייט ער ארײַן אין שטוב קימאט אָן א גוטמאָרגן. זײַן טראָט, זײַנע באוועגונגען טראָגן נאָך אין זיך דעם אימפּעט פון דער פארנומענער וואָך, זײַן פּאָנעם מיט די צעבלאָזענע נאָזלעכער, געדיכטע שווארצע ברעמען און טונקל־רויטער באָרד, זײַן ברייטער קערפּער העכער פון מיטעלן ווּקס איז אָנגעלאָדן מיט קויכעס און פײַער, נאָר עפּעס איז ער אין א קלעם. ער שווײַגט, און אלע אין שטוב ווייסן שוין, אז ס'איז א שלעכטער סימען. מ'איז אָנגעשטרענגט, מע ווארט.

דאָס געוויטער שפּרינגט ארויס פון א קלייניקײַט. עפּעס געפעלט אים ניט פלוצעם אין דער פירונג פון די קינדער. אָדער בוניע טוט אומפּאָרזיכטיק א פרעג, פארוואָס ער האָט ניט געבראכט, וואָס זי האָט אים באשטעלט פון געפּעס צי פון גרעט. ווערט ער מיטאמאָל אָנגעצונדן, צעגוואלדעוועט זיך, ווארפט זיך, ווי א כײַע אין א שטײַג, טרייסלט זיך פאר קאס און ווייטעק, שרײַט שרעקלעכע קוילעס, ווי אף עפּעס א גרויסן אומגליק, וואָס זײַנע אייגענע האָבן אומישנע, מיט זייערע הענט אים פארשאפט. אלע רוקן זיך דעמלט אָפּ צו די ווענט. בוניע רעדט ניט קיין וואָרט, לאָזט אים זיך אויסשטורעמען. ער ווערט מיד, גייט ער און לייגט זיך שלאָפן. שפּעטער מיט עטלעכע שאָ כאפּט ער זיך אוף, ליגט א ביסל מיט אָפענע אויגן, באטראכט, וואָס מיט אים איז געווען, און פלוצעם טוט ער זיך ענערגיש א הייב אוף, דאָס פּאָנעם צעשטראלט זיך מיט א ליבן שמייכל. ער גייט צו צו בוניען, נעמט איר האנט, שטעלט צו זײַן מינדסטן פינגער צו אירן

און ציט זיך צו איר גראָבן פינגער מיט זײַנעם, ווי די קינדער טוען, ווען זיי ווערן צוריק כּאוּער. זי מאַכט ניט קיין באַרויגעז, דערמאָנט אים נאָר:

— האָסט דאָך מיך שיר ניט געשלאָגן.

ער פילט זיך שולדיק און זאָגט צו:

— מער ניט.

נאָר ער האַלט וואָרט גאָר ניט לאַנג.

וואָס ווײַטער, זײַנען די שטורעמס געוואָרן אַלץ אָפטער, אויך זײַן גאַנג מיט זײַטיקע איז געוואָרן אַלץ ווייניקער אײַנגעהאַלטן. אָן קיין שום קענטיקער סיבּה נעמט ער זיך טשעפּען צו אַ מענטשן, שטעכן, ריידן גראָבקײַטן. די מינדסטע דערווידערונג רייצט אים אויף, און ער איז קאַפּאַבּל אָנפֿאַלן דערפֿאַר מיט באַליידיקונגען און זידלערײַ.

מיטן בראַקער פֿון דער פֿירמע, וועלכן ער האָט פֿאַרקויפֿט זײַן געהילץ, איז ער ניט דורכ־געקומען מיקויעך דער וועלט־פּאָליטיק: ווער שטייט שטאַרקער — דער דײַטש צי דער ענגלענ־דער? האָט שויעל אים אַרײַנגעזאָגט אַלע שענדלעכע ווערטער, וואָס זײַן מויל האָט נאָר געקאָנט אויסריידן. דערפֿאַר האָט יענער פֿאַרבראַקעוועט זײַן סכוירע.

אַ פּאַרעך האָט אין אַ שמועס אַרײַנגעוואָרפֿן אַ שפּאַסווערטל וועגן מוישע־ראַבּיינו, האָט שויעל דערויף אָפּגעענטפֿערט מיט אַ גאַנצן שטראָם מיִעסע רייד וועגן יעזוס קריסטוסן, און דער פּאַרעך האָט אים אַרויסגעטריבן.

דאָס אַלץ האָט אים טײַער געקאָסט, ער האָט עס געזען, פֿאַרשטאַנען און ניט געקאָנט זיך איבערשטעלן.

צאַדעק זשעראָבנער איז שוין דעמאָלט געווען דער רײַכסטער וואַלד־סוחר אין דער געגנט. ער איז גרויסקערפּערדיק, בייניק. די פֿיס באַם גיין זײַנען ברייט צעשטעלט, דער קאַרק עטוואָס אָנגעבויגן. די קליינע גרויע אויגן קוקן דורכנעמענדיק און כיטרע. אין אײַנפֿאַרהויז באַשטעלט ער זיך אַף איבערבײַסן פּריִער פֿאַר אַלץ אַ פּאָר הערינג מיט אַ גוט קווערטל בראָנפֿן, דערנאָך אַ פֿײַנקוכן פֿון אַ צענדליק אייער, באַשאָטן מיט גרינער ציבעלע.

— מײַן טאָכטער, — זאָגט ער דערבײַ, — האָט שוין זיבעצן געריכטן, וואָס געפֿעלן איר ניט. נו, איר טאַטע איז אַ גוויר, מעג זי איבערקלײַבן. איך בין אַ געוועזענער פּליטניק. מיר גיט אַבי־וואָס, נאָר אַפּולע.

ווען ער און שויעל באַגעגענען זיך אין איין אָרט, הייבט זיך אָן צווישן זיי אַ בוצקעניש. דער סמאָליאַרניק טוט אַ זאָג:

— דער בופֿלאָקס איז געווען אײַערער אַ קאָרעוו פֿון טאַטנס צאַד צי פֿון דער מאַמעס צאַד?

— האָט ניט קיין צאָרעס פֿאַר מײַנע קרויוויִם, — ענטפֿערט יענער, — איך האָב זיי שוין באַוואָרנט מיט יִיכעס.

איצט נעמט זיך צאַדעק צו שויעלן.

— פֿאָלגט מיך, — זאָגט ער, — קיין סוחער וועט שוין פֿון אײַך סײַווי ניט זײַן. קומט אָן צו מיר אַף אַ שטעלע.

שויעלן טרעפֿן די ווערטער אין סאַמע קראַנקן פּונקט.

— איך וועל זיך באַגיין אָן אײַך, — ענטפֿערט ער צעטומלט.

— אָ, דאָס טויג שוין ניט, — מאַטערט אים צאַדעק ווײַטער, — איר זײַט אָן ערלעכער מאַן, איר קענט אַרבעטן, נאָר די גײַווע פּאַטערט אײַך. לערנט זיך באַ מוליען. מוליע, קום אַהער! — טוט ער אַ רוף דעם שאָפֿער זײַנעם.

יענער לויפֿט צו.

— קוקט אים אָן, — זאָגט צאַדעק, — אַ פּוליאַק, אַ גאַנעוו, דערפֿאַר אָן אַ גאַל, ווייך, ווי וואַקס. און דאָס איז דער איקער, אויב מע וויל זיך לאַנג האַלטן באַ אַ באַלעבאָס. זעט, וואָס איך טו מיט אים.

צאַדעק נעמט אָן מיט צוויי פֿינגער מוליעס אויער און דרייט אים ניט געכאַפּט אַ מינוט לאַנג, ביז ער ווערט אָנגעצונדן, ווי צונטער. דער שאָפֿער בייגט אָן דעם קאָפּ עטוואָס אין אַ זײַט, צעעפֿנט דאָס מויל, נאָר מע הערט פֿון אים אַפֿילע קיין קרעכץ ניט.

— אָט, — מאַכט צאַדעק דעם אויספֿיר, — אַ גאָלד, ניט קיין מענטש.

— טפֿו אַף אײַךביידן! — האַלט שויעל ניט אויס, טוט אַ שפּײַ און אַנטלויפֿט.

צאַדעק צעלאַכט זיך מיט אַ צופֿרידן געלעכטער, ער נעמט אַרויס עטלעכע בריוו, אָנגעג־שריבענע און אַרײַנגעלייגטע אין קאָנווערטן צום אָוועקשיקן.

— דאָקטוירים זאָגן, — רופֿט ער אויס הויך, שויעל זאָל הערן, — אַז לעקן די מאַרקעס איז אַ סאַקאָנע. אין קליי מישט זיך אָפּטמאָל צו עפּעס אַ סאַם. באַ עמעצן איז שוין אַפֿילע גע־

שוואַלן געוואָרן דערפון די צונג. מוליע, — רופט ער ווידער דעם שאפער, — קום, לעק, און איך וועל קלעפן.

יענער איז שוין אַנגעלערנט, גייט צו, שטעקט ארויס די צונג, און דער סויכער שמירט און קלעפּט.

— מאָרגן זײַנען טאָרגעס, — זאָגט שפּעטער צאָדעק צו שויעלן, — דארפט איר דאָך מיסטאמע א ביסל געלט? ביז דרײַ הונדערט רובל האָט איר בא מיר קרעדיט. אָף מער זײַט איר דערוויַיל ניט קיין באַטועך.

שויעל נייטיקט זיך אין א גמילעסכעסעד ביז גאָר, צאָדעק זעט עס און כאַפּט זיך ניט ארויס־לייגן דאָס געלט אפן טיש. ער פארשאַפּט זיך נאכעס צו האלטן דעם סמאָליארניק א ביסל אין דער האנט און טאקע געבן עס אים צו פילן.

— אָט פּראוועט איר שטיק מיט מיר, — זאָגט ער, — און פארגינט זיך אָפּט ענטפערן מיט אזעלכע ווערטער, וואָס איך וואָלט זיי אפילע פון מײַן ווײַב ניט וועלן הערן. איז מיילע, וואָס קאָן זײַן? אָדער איך וועל אײַך פונדעסטוועגן אנטלײַען א הונדערטער אָדער ניין. דאָס איז נאָך א קלייניקײַט. נאָר פאר א פּאָרעץ, אז איר ווײַזט האָנאָר, זײַט איר שוין, זאָלט איר מיר מויכל זײַן, א ווי־הייסט־מען־דאָס. לאָזט זיך לערנען. איך בין קליגער פון אײַך. א סימען, איך האָב גע־מאכט דאָס, וואָס איר קענט בעשום־אויפן ניט מאכן. א פּאָרעץ דארף מען כאנפענען, און בא א פּאָרעץ דארף מען גאנווענען. און גאנווענען ניט קיין ביסל, נאָר טאקע א פולע שיסל, ס׳זאָל קלעקן אי פאר אײַך, אי פאר אײַערע מענטשן, אי פאר דעם פּאָרעצס הינט, טאָמער כאפּן זיי אײַך פאר דער האנט. און איר לויפט ארום און ציילט און מעסט די ביימער, זײַט איר דאָך פּאָשעט א לעקיש, וואָס פארשטייט ניט אין געשעפט פונדאנען אהין, און מע טאָר אײַך קיין קאָפּעקע ניט געטרויען.

שויעל שטארקט זיך מיט אלע קויכעס צו בלײַבן רויק. „וואָס קאָן מען פארלאנגען פון א בופלאַקס?" — נעמט ער זיך אײַן אין געדאנק און שווײַגט, ווארט אף דעם גמילעסכעסעד, וואָס צאָדעק האָט צוגעזאָגט. נאָר ביזן סאָף קאָן ער ניט אײַנזיצן.

— אויב איר ווילט, גיט און דרייט ניט קיין קאָפּ, — שרײַט ער אויס, און עס הייבט אים פון אָרט.

— אָ, אָט דאָס איז אײַער כאלאס — די היציקײַט, — זאָגט צאָדעק. — אין אײַער מאצעוו טאָר מען ניט זײַן היציק. די עטלעכע רובל האָט איר בא מיר, נאָר אײַער כאראקטער מוזט איר ברעכן.

די נויט אין געלט איז געוועזן די שטענדיקע זאָרג שויעלס. די וואלד־געשעפטן האָבן פאר־שלונגען דעם פארדינסט פון דער סמאָליארניע, אלעמאָל זײַנען געווען עפּעס צאָלונגען, וועלכע מע האָט ניט געקאָנט אָפּלייגן, און אין שטוב האָט זיך בוניע געמוזט שנײַדן די פינגער. מיטן עסן איז מען נאָך אויסגעקומען נישקאָשע. די בעהיימע, דער קליינער גאָרטן, דער וואלד מיט זײַנע יאגעדעס און שוואָמען האָבן אײַנגעבראכט א וויכטיקן טייל פון דעם, וואָס מע האָט גע־דארפט. נאָר אז מע האָט געוואָלט מאכן א גרעסערע הויצאָע אף קליידונג צי אף אויסשטאַטן די דירע, איז אָפּט ניט געווען קיין מעזומען.

בוניע רעדט זעלטן וועגן דעם מיטן מאַן, וויל אים ניט ערגערן. דאָך זאָגט זי אמאָל:

— לײַט פליִען גאָר ניט ארום אזויפיל, זיצן אין דער היים און האָבן פּארנאָסע. אָט וועלוול זארעצקי, אשטייגער...

וועלוול זארעצקי האָט פארברייטערט זײַן סמאָליארניע, געשטעלט א צווייטן אויוון. דערבײַ צוביסלעך געהאנדלט מיט טווע, אלץ אָן איבעריקער אָנשטרענגונג. אפן ערשטן אָרט איז בא אים געשטאַנען דאָס גוטע ביסל ווישניק פארן עסן און דער דרעמל נאָכן עסן. ווײַטער האָט ער ליב געהאט זײַן אף סימכעס, אליין אופנעמען געסט, הערן א שיינעם נײַעם ניגן און אליין מיטן זיסן געציקלטן טענאָרל זינגען עפּעס פון זײַנע באליבטע זאכן, כאנעקע זאָל מען מיטן גלאָטן שליטוועגס זיך צו אים צונויפאָרן אף לאטקעס מיט געגנדזענער שמאלץ, און מע זאָל באם צע־רוקטן טיש אײַנייַנעם מיט די ווײַבער שפּילן די גרויסע אָקע ביז שפּעט נאָך האלבער נאכט. פון שויעלס ארומפאָרעניש און האוועניש האָט ער ניט געהאלטן.

— געלט איז בלאָטע, — פלעגט ער מיט אים אײַנטײַנען, — האָסט א יונג ווײַב, פײַנע קינדער, א שטוב, האָב פון זיי האנאָע. און א גוטן שאָכן דארף מען אויך ניט פארגעסן. מע זעט דיך ניט אין די אויגן!

שויעל האָט אָבער געברענט מיט ענערגיע, מיט באגער אופצוטאָן מײַסים. דער וואלד־מיסכער האָט אים אזוי ארײַנגעצויגן, אז ער האָט שוין ניט געקאָנט ארויס.

# „קליפּ־קלאַפּ"

דעם זומער האָט בוניע אָפּט גערעדט מיטן מאַן:

— וואָס איז עס פאַר א לעבן? גאַנצע וואָכן אַן דיר. און די קינדער, זיי וואַקסן, קיין אייַנהאָרע, זיי דאַרפן א טאַטן.

אינדערעמעסן איז זי אַמווייניקסטן אויסן געווען די קינדער. זי פלעגט אליין אויסקומען מיט זיי גאַנץ פרידלעך. פאַרקערט, שויעל מיט זייַן טשעפּען זיך און מישן זיך אין יעדער קלייני־קייט, מיט זייַנע קוילעס פלעגט אַרייַנברענגען א צערודערונג אין שטוב. באַומרויִקט האָט זי עפּעס אַנדערס.

ביניאַמין לאַנדע האָט זיך באַזעצט אין שכיינישן דאָרף, און דער וואַלד, וואָס ער האָט גע־קויפט, איז געווען גאָר ניט ווייַט. מ׳האָט לעבן שטוב געהערט די קלעפּ פון די העקער. נאָך יענעם באַזוך איז ער גאָר געווען דאָ שוין עטלעכע מאָל. איינמאָל איז בוניע אַרויס באַגלייטן אים א ביסל. שפּאַ־צירנדיק זייַנען זיי דערגאַנגען ביז צום אַרבעט־פּלאַץ. בוניע האָט געקוקט, ווי עס פליִען די העק, ווי די יאָדלעס פאַלן צו דער ערד, מע שינדט פון זיי די קאָרע, מע דעקט אָפּ זייערע ווייַסע לייַבער.

— אַן עמעסע יאַטקע, — האָט זי געזאָגט.

ער האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— דאָס איז גאָרנישט. געשעפט. אַן געלט קאָן מען זיך ניט באַגיין, מוז מען זיך עס פאַר־שאַפן ווי־ניט־איז, ווי עס לאָזט זיך. ניטאָ אַף וואָס צו קוקן. קומט פונדאַנען. אָט אַהינצו קוקט: די זון אַפן גרינעם גראָז — סאַרא שייַן, האַ? און דער ווינט, ווי ער שמעקט! און איר — כאָטש איר לאָזט אַפילע ניט אָנרירן אייַער האַנט, דאָך גייט איר מיט מיר — אָט דאָס איז לעבן!..

די פרוי האָט נאָך פון קיינעם ניט געהערט אַזעלכע ווערטער. זי האָט געשוויגן, און ער האָט גערעדט:

— ווי איז פאַרגאַנגען מייַן יוגנט? געקוועטשט די באַנק אין פינצטערן בעסמעדרעש, גע־געסן באַ פרעמדע טישן. און נאָכדעם, שוין באַ זיך אין דער פאַמיליע, אין אונדזער יידישער געזעלשאַפט, מישטיינסגעזאָגט, — קעסיידער געפּענטעט, פאַרשטיקט: רעצועס אַף די הענט, אַפן לייַב, אַף דער נעשאָמע. וואָס האָב איך געוווסט פון שיינקייַט, פון ליבע, נאַטור, פרייַען אָטעם? און אָט גייען מיר דאָ מיט אייַך — וואַלד און הימל און מיר אינצווייען, און ניט קיין ראָוו, ניט קיין שאָכן, ניט קיין ווייַב — אָט דאָס איז פרייד, כּיִעס! קיינער קאָן עס גאָר ניט פילן, אַזוי ווי איך, וואָס הייבט ערשט איצט אָן קומען צום טאָג פון די זאַכן.

ער האָט גערעדט און גאָר ניט געקאָנט זאָט זיך אָנריידן. בוניע האָט געוווסט, אַז מע דאַרף אים אָפּשטעלן, דערווידערן, אויסניכטערן, נאָר אַלע געדאַנקען זייַנען איר ערגעץ פאַרפאַלן גע־וואָרן. ס׳האָט זיך געגלוסט הערן נאָך און נאָך.

— מע האָט פון אונדז פאַרשטעלט די וועלט, — האָט ער זיך ניט געקאָנט באַרויִקן. — אונדזער רעליגיע — דאָס איז דאָך צען טויזנט פאַרבאָטן פון אַלע מעגלעכע זאַכן, וואָס א לע־בעדיקן מענטשן קאָן אייַנפאַלן האָבן צו דעם כיישעק. מע האָט אונדז אַנטוויינט פון אַלץ, וואָס האָט א העלע פאַרב, א גוטן קלאַנג, א רייעך פון פרישקייַט. הערן דאָס געזאַנג פון א פרוי, קוקן אַף א שיין פעלד, אַף א שיינעם בוים איז גערעכנט געווען פאַר א זינד. אָט די בערעזע, אָט די בלויע גלעקעלעך און אייַערע אויגן, אייַער מויל — איך האָב דאָך דאָס אַלץ ערשט דערזען. איך זאָג אייַך, איך בין, ווי א דאָרשטיקער, וואָס איז אַרויס פון מידבער און אָנגעטראָפן אַף א קוואַל. לאָזט מיך צו כאָטש צו אייַער מינדסטן פינגער!

— ניין, — האָט זיך בוניע אָנגענומען מיט קויעך עפּעס צו ענטפערן, — איר דאַרפט ניט ריידן אַזוי. קיין גוטס קאָן דערפון ניט אַרויסקומען.

נאָר ס׳האָט ניט געהאָלפן. ער האָט ווייַטער גערעדט, און זי האָט געהערט.

באַ דער נאָענטסטער באַגעגעניש מיט שויעלן האָט זי אים ווידער געבעטן:

— טו עפּעס, דו זאָלסט קאָנען מער זיצן אין דער היים. נעם צו א מענטשן. גאָט וועט העלפן.

נאָר דערווייַל איז אַלץ געבליבן ווי געווען.

לאַנדע פלעגט קומען צו שויעלן שפּילן א שאָך, ווען זיי האָבן ביידע געהאַט צייַט. ער שפּילט גרינג, ווייניק פאַרינטערעסירט און געווינט מייַנסטנס. שויעל ווידער לעבט איבער יעדע מאַ־פּאָלע, גייט אַזש פון פּאַנעם אַראָפּ.

וועגן געשעפט האָט לאַנדע קימאַט ניט גערעדט. אַז ער האָט געהאַט עפּעס אַן איניען, האָט ער עס געמאַכט זייער קורץ און פאַרביַיגייענדיק, ווי א קלייניקייַט, וואָס ער האָט זיך צופעליק אין איר דערמאָנט און באַלד ווידער פאַרגעסן. שויעל האָט געזאָגט וועגן אים מיט כידעש:

— ער קען פלינק רעכענען, דער געוועזענער פּאַטראָן. זייַנס וועט קיינמאָל ניט איבערגיין.

אף א פּאָר וואָכן איז לאַנדע אוועקגעפֿאָרן, דערנאָך ווידער געקומען. ער האָט זיך נאָך ניט געוויזן, נאָר בוניע האָט געוווסט, אַז ער איז דאָ, געוואַרט אַף זײַן קומען און זיך געפֿילט ניט מיט אַלעמען. זי האָט אָפּגעקליבן אַלע צעריסענע קינדערשע זאָקן, צונויפֿגעלייגט אַף א ברעג טיש א גאַנצן באַרג, אָנגעגרייט צום פֿאַרצירעווען. הינטער אָט דעם באַרג איז זי געזעסן, ווען ער איז אַרײַן. זי האָט אים געענטפֿערט גוט־יאָר, געבעטן זיצן און ווײַטער זיך פֿאַרנומען מיט איר אַרבעט, דעם בליק ניט אופֿגעהויבן. געשיצט פֿון איר קלײנער פֿעסטונג, האָט זי געהערט זײַנע רייד, ווי זי האָט דורך די ווענט אָפֿט געהערט דאָס געריויש פֿון וואַלד, — מיט א געמיש פֿון אומרו און רו. איר אָנגעבויגן מאַדאָנע־פּאָנעם מיט דער דינער טונקעלער ברעם איבערן לענגלעכן אויג האָט אויסגעזען ערנסט און צאַרט. איר אָטעם איז געווען געמאָסטן און טיף. די גאַנצע צײַט, וואָס דער גאַסט איז געווען, האָט זי קימאַט ניט געענדערט איר שטעלונג, אמאָל נאָר אויסגעשטרעקט די האַנט אָפּצולייגן א פֿאַרטיקן זאָק און נעמען אַן אַנדערן.

ער איז געקומען אין א נײַעם בלויען אָנצוג, אַן אונטערגעשוירעגענער. דער טאַבעק, וואָס ער האָט גערייכערט, האָט געשמעקט מיט האָניק. ער האָט גערעדט זייער שטיל — בלויז פֿאַר איר, מער פֿאַר קיינעם אין שטוב, און אין זײַן קאָל, אין זײַנע רייד איז געווען יענע וואַרעמקייט און דאַר־שטיקייט, וואָס די פֿרוי האָט שוין געקענט און פֿאַרגעדענקט. דערנאָך האָט ער געלייענט לידער פֿון אייגעם, ווענען ער האָט אָנגערופֿן שילער, און פֿון נאָך איינעם — היינע. די דײַטשישע שפּראַך האָט אין זײַן מויל געקלונגען זייער נאָענט צו ייִדיש. און די שווערע ווערטער האָט ער פֿאַרטײַטשט אַזוי, אַז בוניע האָט אַלץ פֿאַרשטאַנען, דאָס האַרץ איז איר צערודערט און פֿול גע־וואָרן פֿון די לידער. זי וואָלט זיך אַליין צעזונגען, ווען זי ווייסט ניט, אַז מע דאַרף זיך צאַמען — ניט געבן קיין פֿרײַהייַט די געפֿילן.

ווען ער האָט זיך געזעגנט, האָט זי זיך ניט אופֿגעהויבן אים צו באַגלייטן, אָפּגעלאָזט אים מיט א קאַרגן פֿאַרניג, ערשט נאָכדעם איז זי אופֿגעשטאַנען, אופֿגעזוכט אין די צימערן איינס נאָך ס'אַנדערע די קינדער, אָפּגעטרייסלט פֿון זיי דעם שטויב, פֿאַרשפּיליעט, צוגעגלעט, אַרומ־גענומען און געקושט.

ס'איז געווען א זון און א ווינט. דער געמישטער וואַלד אַפֿן בערגל איז געשטיגן צום בלויען הימל מיט הונדערטער האַרבסטיקע שײַטערן פֿון העלע פֿלאַמענדיקע קאָלירן: געל, אָראַנזש, ברויך, ראָז און רויט אין זייערע פֿאַרשיידנסטע ניואַנסן. בוניע האָט זיך אומגעקערט פֿון א שכיינע און איז שפּאַצירנדיק געגאַנגען מיט דער סטעזשקע. בלעטער זײַנען געפֿאַלן, זיך געלייגט אַף די אַקסלען, אַף די האָר. דער גאַנצער באָדן איז פֿאַרשאָטן געווען מיט בלעטער. זי האָט זיי געשאַרט מיט די פֿיס. די ביימער האָבן געפֿלאַטערט, געשעפּטשעט. דער וואַלד איז פֿול געווען מיט באַ־וועגונג. די פֿרוי איז געגאַנגען, געקוקט, געהערט. אין די אויערן — שאָרך און רויש, אין די אויגן — פֿאַרבן פֿון האָניק און ווײַן, בלויע הימל־פֿענצטער צווישן די צווײַגן, און ס'האָט איר געדאַכט, אַז די ליכטיקייַט שפּיגלט זיך אין איר אינעווייניק, נעמט זי דורך, און זי האָט געוווסט: ס'איז די געזעגעניש מיטן ליבן זומער.

ערגעץ פֿון דער זײַט איז אָנגעקומען לאַנדע מיטן היטל אין דער האַנט.

— איך האָב פֿונווײַטן געזען, ווי איר זײַט אַרײַן אין וואַלד, — האָט ער געזאָגט.

בוניע האָט געשוויגן. ס'איז איר געווען, ווי זי וואָלט געוואַרט אַף דער באַגעגעניש, און די פֿאַרווירקלעכונג פֿון דעם געהיימען פֿאַרלאַנג האָט איר אויסגעוויזן אי וווּנדערלעך, אי נאַטיר־לעך. אויך ער האָט דאָס מאָל ווייניק גערעדט. זיי זײַנען אַראָפּ פֿון דער סטעזשקע, געבלאָנקעט צווישן די ביימער, אויסזוכנדיק די פֿאַסן, ווו ס'איז געווען מער זון. אַזוי זײַנען זיי אַרויס צום עק באַרג. ווײַטער האָט זיך אָנגעהויבן א טיפֿער אָפּהאַנג. איבער די שפּיצן פֿון די אונטן וואַקסנ־דיקע אָסינעס, אָלכעס און ווערבעס האָבן זיי געקוקט צו די לאָנקעס נאָכן טײַכל, צו די פֿעלדער, צום ווײַטן הימל. די האַרבסטיקע זון איז געפֿאַלן אַף זייערע פּנעמער, א מילדער ווינט האָט געפֿלייצט איבער זיי, געהודעט אין אויער. זיי זײַנען געשטאַנען זייער נאָענט איינס לעבן ס'אַנ־דערע. זי האָט געשפּירט באַ איר זײַט די וואַרעמקייַט פֿון זײַן קערפּער און זיך קיין רודער ניט געטאָן. ער האָט אָנגענומען איר האַנט — א זאַך, וואָס זי האָט ביז אַהער קיינמאָל ניט דערלאָזט, נאָר איצט האָט זי קיין קויעך ניט געהאַט די האַנט אוועקצונעמען. זי האָט זיך געוואָלט עפּעס דערמאָנען אַזוינס, וואָס זי טאָר ניט פֿאַרגעסן, — די שטוב, דעם מאַן, די נעמען פֿון אירע קינ־דער, — און ניט געקאָנט, ס'איז אַרויסגעפֿאַלן פֿון זינען. דאָס האַרץ האָט געקלעמט, געטאַנצט, געזונגען: כאָטש א ביסעלע נאָך פֿאַרהאַלטן דעם זומער, די יוגנט, זיי זאָלן ניט אַוועק! דאָס האַרץ האָט אַזוי ווי געבעטן באַ עמעצן מיטגעפֿיל צו זײַן שוואַכקייַט אין דער רעגע. דער מאַנצבל האָט צוגעצויגן צו זיך די פֿרוי. זי האָט זיך ניט שטאַרק אײַנגעשפּאַרט, נאָר פֿון די אויגן האָבן א פֿלייץ געטאָן טרערן.

— וואָס איז, וואָס וויינט איר? — האָט ער געפֿרעגט.

— גאַרניט. לאָזט מיך אָפּ. איך דאַרף גיין.

ער האָט זי אָנגעהויבן איַינריידן בלײַבן נאָך א ווײַלע, ניט אַנטלויפן. נאָר זי איז שוין ווי־דער געווען שטײַף.

— פאַרהאַלט מיך ניט, — האָט זי געזאָגט, — און באַגלייט ניט. איך וויל ניט, און קומט ניט צו גיין. קיין גוטס וועט דערפון ניט זײַן.

און זי איז אַוועק מיט א גיכן טראָט.

אַף מאָרגן איז ער געקומען. בוניע האָט זיך געמאַכט, אַז זי איז באַשעפטיקט אין קיך, און איז צו אים קימאַט ניט אַרויס. נאָכדעם האָט ער זיך א צײַט ניט געוויזן. אַף די יאָמטויווים איז ער אַוועקגעפאָרן.

די בייזע שפּעט־אָסיענדיקע ווינטן האָבן געריסן פון די צווײַגן די לעצטע בלעטער, געבויגן דיביימער — זיי האָבן אַזש געסקריפּעט. די צעוויגטע וואַלד־מאַסיוון האָבן געברויזט, ווי א צעשטורעמטער יאַם. דורך טאָג און נאַכט איז אַרום דער שטוב געשטאַנען א קרעכצן, א פײַפן, א ריזיק גערויש. וואָכן גאַנצע האָט זיך ניט געוויזן די זון. מיט רעגנס איז פאַרוואָקסן דער רוים. ווי אין די יונגע יאָרן, האָט בוניע איצט אָפט געזונגען. דאָס זײַנען געווען לידער פון בענקשאַפט, באַדויערונג און ווײ, ס׳האָט געדוכט, זיי פאַרמעסטן זיך מיטן ווינט אין דרויסן — וועמעס ניגן איז טרויעריקער.

— זינגט יענע ליד, — בעט אַמאָל עסטער עפּעס, וואָס איז איר באַזונדערס געפעלן, — נו, איר געדענקט? „קליפּ־קלאַפּ אין גאָלד׳נער טיר, מײַן זיס לעבן, עפן מיר“...

און בוניע טוט איר צוליב. זי הייבט אָן, און דאָס מיידל פאַלט אַרײַן פון צײַט צו צײַט, העלפט אונטער:

— עפענען, עפענען וועל איך ניט,
קלאַפּן, קלאַפּן זאָלסטו ניט.
— א ווינט ווייט, א רעגן גייט,
איך נעץ זיך אײַן מײַן זײַדן קלייד.
— קער זי אויס אַף דער לינקער זײַט
און לויף אַוועק פון מיר גאַנץ ווײַט.
— ווער זשע וועט מיך צודעקן?
ווער זשע וועט מיך אופוועקן?
— דער בלאַט פון בוים וועט דיך צודעקן.
די שײַן פון טאָג וועט דיך אופוועקן.

— אוי, — זאָגט עסטער פון האַרצן, — ווען ער קלאַפּט אין מײַן טיר, וואָלט איך אים שוין געעפנט און צוגעדעקט און אופגעוועקט. נאָר איר הערט דאָך, ער טראָגט א זײַדן קלייד, באַלד לויפט ער מיך אויסכאַפּן.

לאַנדע האָט זיך שוין אומגעקערט. שאַבייסענאַכטס איז ער אַרײַן שפּילן א שאָך. שויעל האָט נאָכדעם דערציילט:

— ער האָט מיט צאָדעקן עפּעס א געשעפט. האָט ער אים אַזוי קונציק פאַרשלייערט, דעם זשעראַבנעם בופלאָקס, אַז יענער קרעכצט אַזש. און רייד מיט לאַנדען, זאָגט ער: „כ׳ווייס, פון וואָס יענער מאַכט א ווזן. א קליינִיקײַט“. אָט דאָס הייסט אַן אילוי, אַן אויסגעאַרבעטער מויעך. ער טויג אומעטום. און טאַקע דעם שווערס געלט דערצו, ער האָט געהאַט מיט וואָס צעפירן די הענט.

אין איינעם פון די נאָענטסטע אָוונטן האָט עסטער, א בליץ טוענדיק מיט די גרויע אויגן פון אונטער די טונקעלע ברעמען, אינמיטנדערינען, ווי איר שטייגער, א זאָג געטאָן צו בוניען:

— איך האָב אײַך אַנומלטן אָפּגענאַרט.

— וואָסי?

— ער האָט שוין געקלאַפּט צו מיר אין טיר ניט איין מאָל.

— וועמען מיינסטו? איך פאַרשטײ ניט, — האָט בוניע, זיך אָנשטויסנדיק, א פרעג געטאָן.

— איך מיין אָט דעם לאַנדע. איר זײַט אים געפעלן, און צו מיר שאַרט ער זיך. ער האָט מיר שוין געבראַכט א מאַטאַנע, ווײ צו מײַנע יאָרן. „ער האָט מיר געבראַכט א בינטל קאַרעלן“...

און זי האָט פון ערגעץ אַרויסגענומען א שנור ראָזע לענגלעכע קאַרעלן...

— אָט, — האָט זי געוויזן, — מײַן מאַמעס א ירושע, אַזוי האָט ער מיר געייצעט זאָגן. ניטאָ ווער ס׳זאָל לאַכן.

— ווען און ווו האָט איר זיך באַגעגנט?

— אין וואַלד א פּאָר מאָל. איינמאָל דאָ, ווען איר זײַט געווען אַוועקגעפאָרן. ער וואָלט זיך דען אומגעקוקט אַף מיר? נאָר אַז איר האָט אים ניט צוגעלאָזן צו זיך. איך האָב דאָך געזען. און

ריידן רעדט ער, אוי, בונינקע, מע קאָן גאָר ניט זײַן אף אים אין קאַס. איך צו א מיידל, זאָגט ער, ווי א דאָרשטיקער צו וואסער. דארף מען דאָך טאקע האָבן א הארץ פון א גאזלען. און וואָס האָב איך שוין צו שאנעווען, מישטיינסגעזאָגט? נאָר וואָדען, דער שיינער טאכלעס פון אזא לעבן. איך וואָלט גאָר עפשער געדארפט וויינען, רײַסן אף זיך די האָר, בין איך נאָך צו די צאָרעס א פריי־לעכע, פינצטער איז מיר...

אזוי האָט עסטער גערעדט, און בוניע האָט א געפּלעפּטע, מיט אנטפאלענע געבליטן געהערט.

# קיינער לעבט ניט אייביק

שפּעט אין אָסיען, אין א קאלטן זוניקן אינדער־פרי, האָט אריע, פאָרנדיק אין שטעטל, מיטגע־נומען דאניען — זאָל דאָס יינגל זיך דורכלופ־טערן א ביסל. אין כיידער האָט מען גראָד איבערגעלייגט דעם אויוון קעגן ווינטער, און די לימודים האָבן זיך נאָך ניט אָנגעהויבן.

אָנגעקומען אפן אָרט, האָט אריע איבערגעלאָזט די פור אין א באקאנטן הויף און אליין מיטן אייניקל אוועק וועגן זײַנע געשעפטן. גייענדיק פארבײַ בעסמעדרעש, האָבן זיי דערהערט פון אינווייניק א גרויס געוויין.

— טשיקאווע, — האָט דער אלטער געזאָגט, — זיי פּראווען דאָרטן נאָכאמאָל יאָמקיפּער, צי וואָס? מע דארף ארײַן א קוק טאָן.

אין בעסמעדרעש איז געווען מער ייִדן, ווי געוויינלעך אין א וואָכעדיקן טאָג. מ'האָט שוין אָפּגעדאוונט און איצט געשמאק און מיט הארץ געזאָגט טילים. דאָס האָט אריען אויסגעוויזן גאָר כידושימדיק.

— וואָס איז געשען? — האָט ער א פרעג געטאָן בא איינעם פון די, וואָס זײַנען געשטאנען נעענטער צום ארײַנגאנג.

— נעמט א סידער, — איז געווען דער ענטפער.

— אָבער וואָס מאכט מען אזא ראש? א נײַע גזיירע אף ייִדן? — האָט אריע געפּרווט טרעפן.

— רעדט ניט קיין סאך, שטעלט זיך און זאָגט.

דערוף איז דער אלטער גאָר קיין באלן ניט געווען.

— איך האָב שוין מײַנס אָפּגעזאָגט, — האָט ער געענטפערט און זיך אויסגעקערעוועט אוועקצוגיין.

— רעב אריע, — האָט אים א ייִד אָפּגעשטעלט, — איר קענט מיך ניט, נאָר איך קען אײַך. פאָלגט מיך, בלײַבט אין שול. די הינט דרייען זיך ארום אין שטעטל — דער פּריסטאוו, דער אוריאדניק. גלײַכער ניט וואַרפן זיך איצט זיי אין די אויגן.

דער אלטער האָט נאָך גאָרניט פארשטאנען, פארוואָס דארף מען הײַנט מוירע האָבן פארן פּריסטאוו מער ווי אלעמאָל, נאָר איינס איז אים שוין געווען קלאָר: עפּעס ווייסט מען דאָ אזוינס, וואָס ער ווייסט נאָך ניט. און צוליב דעם לווינט, אפּאָנעם, טאקע בעסער זיך ניט אויסטיילן פונעם אוילעם אין דער שאָ. איטשע כיטריק האָט באמערקט זײַנע באקאנטע ייִשוווניקעס און אָנגעוויזן, אז לעבן אים איז דאָ א פרײַ אָרט.

— דער קייסער שטארבט אוועק, צי ער איז שוין געשטאָרבן, דער רועך ווייסט אים, — האָט ער געזאָגט שטיל. — גאנצפרי האָט דער פּריסטאוו געזען רעב שײַען, אונדזער גאבע, און געהייסן, די ייִדן זאָלן וויינען. אוי, אוי, אוי! — האָט ער אויסגעלאָזט מיט א הילכיקן זיפץ פון טיפן הארצן, פארגלאָצט די אויגן און א טרייסל געטאָן מיט דער שמאָלער לאנגער באָרד.

ער האָט צוגעשארט דעם אלטן א טילים.

— נאט, מישט אוף קאפּיטל כ"ב. א מעכײַעדיק שטיקעלע, ווי אָנגעמאָסטן. כי סבבוני כלבים[1] — ס'האָבן אונדז ארומגערינגלט קלאָווים מיט ציינער, ווײַ צו אונדזערע ביינער. יחלקו בגדי[2] — אונדזערע קליידער טוען זיי רײַסן, אונדזער לײַב טוען זיי בײַסן. פעדערן פליִען אין די גאסן, בלוט גיסט זיך, ווי וואסער. מיר ליגן דאָך שוין נײַן איילן אין דער ערד. הצילה מחרב נפשי[3] — ווען וועלן מיר שוין געראטעוועט ווערן פון דער בלוטיקער שווערד?..

אזוי האָט איטשע געזאָגט און געטײַטשט, אימפּראָוויזירנדיק געגראמט, ווי ס'האָט זיך גע־לאָזט, אלץ מיטן ניגן און מיטן קרעכץ, מיטן ניט צו הויכן קאָל — פאר זיך אליין און פאר די נאָענטסטע שכיינים, ניט ווײַטער.

— ווארעמער, ווארעמער, ייִדן, לאָזט זיך הערן! דער ניפטער האָט פארדינט, מיר זאָלן, דער־מאָנענדיק זײַן נאָמען, ערלעך וויינען, — האָט ער אונטערגעגעבן כיישעק אף רעכטס און אף

---

[1] קי סוואָווני קלאָווים; [2] יעכאלקו בעגאָדײַ; [3] האצילאָ מיכערעוו נאפשי.

לינקס, און זײַן אויסגעצויגן פּנים האָט דערבײַ געהאַט א טרויעריק, פאַרזאָרגט אויסזען, און די אויגן זײַנען געווען פרום פאַרדווייקעט.

קיין וואָרעמקײַט האָט די ייִדן ניט געפעלט. מ׳האָט זיך דערמאָנט בא דער געלעגנהײַט אַלץ, וואָס מ׳איז אויסגעשטאַנען פאַר דעם מאַלכוס און פאַר אַנדערע מאַלכיִעס, אַלע פּלאָגן און קלעפּ, אָנגעהויבן פון מיצראַיִם, באָוול און רוים, דאָס גאַנצע טויזנטיאָריקע צעטל. אָפּזופנדיק אַבי־ווי די גלײַכגילטיקע שטעלן, האָט מען אויסגעזוכט די ווערטער, וואָס זאָלן זײַן צוגעטראָפן צום האַרצן, און אין זיי אויסגעשריִען דעם וויי, איטלעכער זײַן אייגענעם און אַלעמענס פאַר אַלע צײַטן. דער ראָוו, דער גאַבע, דער רײַכער וואַלד־סויכער בא דער מיזרעך־וואַנט האָבן געהאַט ערנסטע פּנעמער, ווי עס פּאַסט פאַר דער געשעעניש, יעדערער איז פאַרטאָן געווען אין זײַן זאָגעכץ, ניט געקוקט אין דער זײַט. נאָר א ביסעלע ווײַטער פונעם אויבנאָן, צווישן די קלענערע מענטשלעך, די שוסטערס, די באַלעגאָלעס, האָט מען זיך איבערגעשושקעט, זיך איבערגעוואָרפן מיט ווערטלעך, איבערגעגעבן איינער דעם אַנדערן, ווו נאָך ערגעץ ס׳איז פאַראַן עפּעס א ווײַל שטיקעלע וועגן דעם געשטראָפטן, געשלאָגענעם יִסראָעל און זײַנע שטאַלצע סאָנים, די רעשאָיִם, וואָס וועלן נאָכאַמאָל האָבן א פינצטערן סאָף. „קכדו!“, „קכטו!“[1] — האָט מען געשעפּטשעט פון אויער צו אויער. און אַף די שטענדערס האָט מען געבלעטערט די טילימס. אין די אַלטע ווערטער האָט מען געפונען אָנדײַטונגען אַפן הײַנטיקן טאָג, זיך גוט אויסגעיאָמערט און ערטערווײַז אײַנגעזען אויך שטערנדלעך טרייסט: „מע האָט שוין אַף אונדזער רוקן מיט אַקערס געאַקערט“... און גאָר־נישט, הייסט עס, מיר האָבן, פונדעסטוועגן, ניט איינעם איבערגעלעבט.

איטשע כיטריק האָט שוין ווידער געפּאַקט עפּעס לויט זײַן גוסט.

— שהכה גוים רבים[2], — האָט ער זיך צעדאַרשנט, — גרויסע פעלקער זײַנען אײַנגעבראָכן געוואָרן, און שטאַרקע מעלאָכים ליגן טיף אין דער ערד. סיכון דער מעלעך פון עמוירי און אויג דער מעלעך פון באָשאָן. מיט וואָס זשע ביסטו בעסער פון זיי? ווי לאַנג צוריק האָבן אַלע געציטערט פאַר דײַן בליק? און איצט ביסטו אליין געגליכן צו א שטיק ליים. אוי, אוי, אוי, פּה להם[3] — האָסט א מויל און קאָנסט ניט ריידן, האָסט אויגן און קאָנסט ניט זען, האָסט אויערן און קאָנסט ניט הערן, אַף אַלע דײַן גלײַכן, טאַטע־פּאָטער, געזאָגט געוואָרן...

און ווען דאַניע האָט פּלוצעם אויסגעפּלאַצט מיט א לאַך איבער די אומגעריכטע טײַטשן, האָט איטשע אַף אים א שיקע געטאָן שטרענג:

— שטילער, שנעק, דער גאַבע קוקט.

אין דער היים, פאַר וואַרמעס, האָט אַריע דערציילט די נײַס. דער מעלאַמעד האָט זיך, ווי געוויינלעך, ניט אײַנגעהערט.

— רעב טאָדרעס, — האָט דער אַלטער אויסגערופן באַזונדער צו אים, — אַלעקסאַנדער דער דריטער איז געשטאָרבן.

— הא? — האָט זיך יענער אופגעכאַפּט. — ווער איז עס?

— א שיינע מײַסע. איר ווייסט גאָר ניט? דער קייסער אַלעקסאַנדער דער דריטער.

— א־א... דער ערשטער, דער צווייטער... ס׳איז מיר גאָר פון זינען אַרויס. נו, קיינער לעבט ניט אייביק.

און ער האָט זיך שוין ווידער געשאָקלט אָן אָפּגעשיידטער, פאַרטאָן אין זײַנס.

## צו א רויִק לעבן!

די לעצטע צײַט איז שויעל גאָר זעלטן געווען אין דער היים. צו צוויי וואָכן און לענגער ניט געקאָנט זיך אָפּרײַסן פון דעם שטיקל וואַלד, וואָס ער האָט אײַנגעהאַנדלט אין עפּעס א זומפּיק פאַרוואָרפן אָרט, ווו הין קיינער פון די סאָכרים האָט ניט געוואָלט קריכן. ער האָט באַצאָלט וואָלוול, און דאָס איז געווען בא אים שטאַרק אָנגע־לייגט. איצט איז ער פאַרשוואַרצט געוואָרן, געשלאָפן בא א לעסניק, אָפּגעקומען מיט ברויט און מילך. די אַרבעטער, וועלכע ער פלעגט מיט גרויסע שוועריקײַטן פאַר העכערע פרײַזן אַראָפּ־ברענגען, האָבן זיך לאַנג ניט געהאַלטן, בא דער ערשטער מעגלעכקײַט זיך געלאָזט זוכן פאַר־דינסט ערגעץ אַנדערס, ווו זיי האָבן נעענטער געקאָנט קריגן א נאַכטלעגער בא א וואַרעמער הרו־בע. שויעל איז ניט מיד געוואָרן צו אויסזוכן אַלעמאָל נײַע מענטשן. אין שניי, אין וויוגע איז ער אַרומגעפאָרן, געגאַנגען צופוס, אויסגעוועזן ווו א דאָרף, געוואָלט מיט אַקשאָנעס און קויעך, מיט זײַן שטורעמדיקער ענערגיע אַרויסשלעפּן דאָס געשעפט, פון וועלכן אַלע האָבן זיך אָפּגעזאָגט. ער האָט געמוזט פאַרטיק ווערן מיטן האַקן און אַרויספירן, איידער ס׳וועט אָנהייבן לאָזן, שפּעטער איז אין דעם ווינקל אומעגלעך געווען א פוס צו שטעלן.

[1] 124, 129 — נומעראַציע פון די קאַפּיטלעך פון טילים (זיי זײַנען געצייכנט מיט אויסיעס, ניט מיט ציפער);
[2] שעהיקאָ גוייִם ראַבים; [3] פּע לאָהעם.

צאָדעק זשעראָבנער האָט בא א באַגעגעניש זיך גערייצט מיט אים:

— וואָס הערט זיך מיט אײַער מעציִע, זי גייט אײַך ארויס באָקאָם? איך זאָג אײַך שוין לאַנג, אז קיין סויכער וועט פון אײַך ניט זײַן. קומט אָן צו מיר אף א שטעלע. איך וועל אײַך צאָלן א פײַן געהאַלט. כוץ דעם, ווי עס פירט זיך, וועט איר זיך אליין אראָפּנעמען עפּעס א כיילעק. דאָס גייט בא מיר אריַין אין כעזשבן. נאָר דעם האָנאָר, פארשטייט זיך, דעם האָנאָר וועט איר מוזן ברעכן.

אין א פריַיטיק פארנאכט לויפט שויעל אָן אמאָל אהיים. ער און דאָס פערדל —ביידע פאריאָגט, אין שוים. ער באַוויַיזט קוים זיך ארומוואשן, זיך איבערטאָן, טרעט שוין אריַין דער שאבעס. באם טיש קוקט בוניע אפן מאן, ער איז פארוואקסן, אָפּגעצערט, ניט פריילעך. נאָר זי רעדט ניט וועגן דעם. זי ווייסט, אז ער האָט פײַנט ראכמאָנעס־ווערטער, קאָן זיי ניט הערן. פארבײַגייענדיק טוט זי אים א גלעט איבערן ארבל, דערציילט עפּעס א כאָכמע פון א קינד, טוט א זאָג אין דער וועלט אריַין:

— אבי געזונט, וועט נאָך אימייִרצעהאַשעם אלץ זײַן גוט.

טיף אין ווינטער איז שויעל איינמאָל געקומען מיט א ניַיס. מע נאריַיעט אים אָן ערד־ארענדע און, דוכט זיך, אף גאנץ גוטע באדינגונגען. אי מע וועט ניט דארפן אריַינלייגן קיין סאך געלט, אי ס׳איז שטילער און רויִקער, דערצו ניט וויַיט פון דער היים. די זאך איז נאָך ניט אָפּגעמאכט, נאָר עס גייט דערצו.

פון דעם זומפּ איז שויעל ארויס קוים מיטן קערן. זײַנע אָנשטרענגונגען האָבן ווייניק געהאָלפן. א טייל געהילץ איז געבליבן ניט אויסגעארבעט, א טייל ניט ארויסגעפירט. בוניע האָט פארקלענערט די הויצאָע, וויפל ס׳האָט זיך געלאָזט, דאָך האָט אָפּט אויסגעפעלט אפן נייטיקסטן. זי האָט געשאָנעוועט דעם מאן, ניט געיאָדעט, ניט איבעריקס געמאָנט. אויך ער איז שטילער געוואָרן, זיך געפילט ווי שולדיק אין עפּעס, פארשעמט און אלץ אָפטער געשמועסט וועגן דער ארענדע, וואָס מע לייגט אים פאָר. אויב דערפון וועט עפּעס, ווארפט ער אוועק די ארומלויפעניש איבער די וועלדער, זאָלן זיי ברענען.

אין א בייזן פראָסטיקן דאָנערשטיק, מאכנדיק א גרויסע פארע פאר דער צעעפנטער טיר, איז אריַין אין שטוב איטשע כיטריק מיט דער פארגליווערטער רעדנע פלייש און האָט פריִער פאר אלץ פארלאנגט, מע זאָל אים געבן א טרונק בראנפן, וויַיל, ערשטנס, איז קאלט, מאמעש די געדערים זײַנען אים פארפרוירן געוואָרן. צווייטנס, האָט ער פאר איר — א ווונק אף עסטערן — דאָס, וואָס זי דארף, גליַיכער קאָן מען גאָר ניט צוטראכטן.

בוניע האָט דערלאנגט דעם גאסט, וואָס ער האָט געבעטן, און ביידע פרויען האָבן זיך אָנידערגעזעצט הערן.

— איך בין ניט קיין שאדכן, — האָט איטשע אָנגעהויבן, — איך בין א קאצעוו. בא מיר איז אָפּגעהאקט מיט דער האק, און דאָס איז עס, נעמט אײַער כיילעק און עסט געזונטערהייט. דאָ האָט איר קעפּל, דאָ פריידעק, דאָ זאָדעק, א צונג, א פוס — און שוין דער גאנצער כאָסן. פארבייגט זשע דעם ערשטן פינגער: אלט א יאָר פינף און דרײַסיק. נו, און אויב די גאנצע פערציק, איז וואָס? וויַיטער: א מענטש אף א שטעלע. דער באלעבאָס איז אָן עמעסער גוויר. וואָס נאָך? ער איז אָן אלמען, דער כאָסן, הייסט עס. ווען ער האָט א ווײַב, וואָלט דאָך ביכלאל ניט געווען וועגן וואָס צו ריידן. נו, אין שטוב איז דאָ א בעהיימע, דרײַ קינדער. טאקע דעריבער האָט ער אזוי קיין צײַט ניט, ער דארף גיכער א באלעבאָסטע. ס׳מעג אפילע זײַן א מיידל, ארט אים אויך ניט. אָט דאָס איז עס, עסטער־לעבן. אין דײַנע יאָרן, מיט דײַן נאדן — אף בעסערס, האָב איך מוירע, ועסטו זיך ניט דערווארטן. און צו ערגער איז ניטאָ קיין שיר. ער וועט דאָ זײַן, וועסטו אים זען.

מיט א וואָך שפּעטער איז אין סמאָליארניע פארפאָרן מוליע, צאָדעקס שאפער. א שמאָלברוסטיקער, א שמאָלפּנעמדיקער, מיט א טונקל בערדל, האָט ער זיך געהאלטן זייער ווירדיק, קימאט גײַוועדיק. אף עסטערן האָט ער נאָר געקוקט, די מעלאנכאָלישע טונקעלע אויגן האָבן אופּמערקזאם און קלעפּיק אכטונג געגעבן, ווי זי באוועגט זיך, ווי זי דערלאנגט טיי צום טיש. מיט רייד האָט ער זיך געווענדט צו בוניען.

— אײַער מאן, שמועסנדיק, קענען מיך, מיסטאמע האָבן זיי אײַך דערציילט.

אָפּגעזאָגט און אנשוויגן געוואָרן, אויסגעוואַרט, עפּשער וועט זײַן אָן ענטפער, דערנאָך ווידער אָנגעהויבן:

— א שווערער ווינטער, שמועסנדיק, ווערדליק אונדזער וואָזקע, ניט קיין דרײַ־פיר הונדערט ביימלעך, איז פאראן וואָס צו טאָן.

דערנאָך האָט ער זייער ערנסט מיט ווירדע געטרונקען טיי. אָפּגערוקט די גלאָז, באדאנקט און ווידער עפּעס געזאָגט:

— רעב צאַדעק, שמועסנדיק, מאכן ניט אָן מיר קיין טראַט. זיי האָבן גרויסע געשעפטן נאָך אין אנדערע ערטער, נאָר וועגן יענע שמועסן מיר ניט, דער היגער וואלד האקט זיך שוין דריי יאָר און וועט זיך נאָך, שמועסנדיק, האקן און האקן.

אָפּגעשוויגן א ווײַלע, דערנאָך צוגעגעבן:

— איר פארשטייט אוודע, אז איך האָב מיר מײַנע אייגענע פּאָר גילדן — ניט קיין סאך, נאָר קיין מיסט איז עס אויך ניט. און ביכלאַל בין איך אזא מענטש, וואס מיט קיין ווערטער ווארף איך זיך ניט.

— וואס רעדט איר, קיינער טראכט ניט אזוי, — האָט אים בוניע בארוּיִקט.

— נעמט ניט פאר אומגוט, איך האָב צו אײַך א באַקאָשע. טוט א טאפּ מײַנע הויזן.

— וואסי?

— נו, וואס קאָסט עס אײַך? איך בעט אײַך זייער.

בוניע האָט זיך ניט געקאָנט אײַנהאלטן פון א שמייכל, דאָך האָט זי געטאָן דעם גאסט צוליב און געזאָגט:

— ערשטער סאָרט.

מוליע איז געווען צופרידן.

— איך זע, איר זײַט א מייוון. אזעלכע הויזן, שמועסנדיק, קאָן זיך ניט יעדערער פארגינען.

דערווײַל האָט עסטער דערלאַנגט א צווייטע גלאָז טיי. מוליע האָט נאָכאמאָל באקוקט דאָס מיידל און איז אריבער צום איקער.

— בא אזא שטעלע, שמועסנדיק, און פּאָדליק און וועדליק דער קאצעוו האָט מיר אויסגע־מאָלט, איז אויב זיי זאָגן מיר, שמועסנדיק, אז ס'איז דאָס, וואס איך דארף... נאָר ווי עס רעדט זיך, א פערד דארף מען א קוק טאָן אין די ציין. איך בין דאָך, פארשטייט איר מיך, ניט קיין יינגל. האָט קיין פאריבל ניט, כ'וואָלט וועלן בא אײַך פרעגן: ווי אַלט איז זי?

— דוכט זיך, א יאָר זיבן און צוואנציק, — האָט געזאָגט בוניע, פארלייקענענדיק א פּאָר יאָר.

— און רעב איטשע האָט געזאָגט, אז פינף און צוואנציק.

— עפשער טאקע, איך קאָן האָבן א טאָעס.

— איך וואָלט וועלן זען איר מעטריקע. איר האָט ניט איר מעטריקע?

— ניין, איך האָב ניט.

— אומהו.

אף א ווײַלע האָט זיך מוליע פארטראכט, עפּעס אזוי ווי טרויעריק געוואָרן, אפילע א זיפץ געטאָן.

— מע האָט מיר געזאָגט, — האָט ער ווידער אָנגעהויבן, — אז זי איז בא אײַך שוין גאנץ לאנג.

— זעקס יאָר.

— איז דארפט איר זי טאקע גוט קענען. האָט קיין פאריבל ניט, זאָגט, ווי מיינט איר: זי איז, צווישן אונדז גערעדט, א מיידל?

— וואס הייסט, זי האָט דאָך כאסענע צום ערשטן מאָל.

— יאָ, יאָ, איך פארשטיי. האָט קיין פאריבל ניט.

ווען עסטער איז ארײַן דערלאַנגען טיי צום דריטן מאָל, האָט בוניע פאר איר פאָרגעשטעלט דעם גאסט:

— דאָס זײַנען זיי, דער, וואס איטשע כיטריק האָט וועגן זיי גערעדט.

מיט דער גלאָז אין דער האנט, שוין גרייט צום אוועקגיין, האָט דאָס מיידל, ניט ענדערנדיק איר שטעלונג, א ווארף געטאָן אפן שאפער א זײַטן־בליק פון אונטער די ברעמען, קלוג און טרויעריק, און באלד זיך אָפּגעקערט, פארטראכט, פארטאָן אין זיך אף היפשע עטלעכע רעגעס, ווי קיינער וואָלט ניט געווען אין צימער. געזאָגט האָט זי גאָרניט. אויך מוליע האָט ניט געפונען פאר נייטיק מיט איר צו ריידן.

— איז, הייסט עס, דאָס איז עס, — האָט ער, אופשטייענדיק פון טיש, געזאָגט. — איצט, הייסט עס, זאָל זי וואַרטן אף מײַן ענטפער. זי וועט אים באקומען דורך רעב איטשע דעם קאצעוו.

— אָן ענטפער דארף קומען אויך פון איר, ניט נאָר פון אײַך, — האָט באמערקט בוניע.

מוליע האָט זיך, זעט אויס, א ביסל פארוונדערט, נאָר אָפּגעשוויגן.

דורך איטשע כיטריקן האָט ער דעם נאָענטסטן דאָנערשטיק איבערגעגעבן, אז ער איז גרייט שרײַבן טנאָים און שטעלן כופּע, אָבער וואס גיכער, אָן איבעריקע וואָך איז אים שווער.

בוניע האָט געזאָגט:

— קאָנסט דאָך ניט בלײַבן אָן אייביקע דינסט.

— ווי, זאָגט איר, רופט מען אים? מוליע? אַ ברײַרע האָב איך, זאָל זײַן מוליע, — איז געווען עסטערס ענטפער.

דאָס מיידל האָט אין די טעג ניט איין מאָל געוויינט, אויסגעווישט די טרערן און שוין ווידער געשמייכלט, געפּלאַפּלט, וואָס ס'איז געקומען אַף דער צונג. זי האָט זיך געזעגנט מיט דער שטוב, מיט די קינדער און געזאָגט:

— געדענקט, לײַדאַקעס, אַז אַ מויד איז אויך אַ מענטש!

אַף טאָדרעסן, וואָס איז געשטאַנען אַרײַנגעטאָן אין זײַן סייפער, האָט זי אַ צײַט געקוקט מיט ליבשאַפט, געכאַזערט:

— אַ טײַערער ייִד, אַ טײַערער ייִד... — און פּלוצעם אויסגערופן: — רעבינקע, איך פֿאָר אוועק.

ער האָט אופגעהויבן די פאַרטראַכטע אויגן, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— פאָרט געזונטערהייט, — און איז שוין גרייט געווען זיך אומקערן צו זײַן איניען.

— איך פאָר כאַסענע האָבן, — האָט אים דאָס מיידל נאָך פאַרהאַלטן אַ ביסל.

— זאָל זײַן מיט מאַזל, מײַן קינד, זאָל זײַן מיט מאַזל, — האָט ער צוגעווונטשן וואָרעמער ווי געוויינלעך.

— מײַן כיילעק מאַזל האָט מען פאַרגעסן אַרײַנלייגן אין טאָפּ, — האָט זי געזאָגט, נאָר דאָס האָט שוין טאָדרעס ניט געהערט.

דאָס יאָר האָט פּרי געלאָזט, אין וואַלד האָט מען שוין גאָרניט געקאָנט טאָן, און שויעל איז ניט ווילנדיק געווען ווייניקער פאַרנומען. אין אַ מיטנוואָכעדיקן טאָג איז ער געקומען אַהיים פרײַלעכער, ווי בוניע האָט זיך געריכט. אין בוזעם־קעשענע האָט ער געהאַט דעם קאָנטראַקט אַף דער ערד־אַרענדע.

נאָך מיטיק האָט ער זיך גוט אויסגערוט, און שפּעט אין אָוונט, ווען די קינדער זײַנען שוין געשלאָפן, האָבן מאַן און ווײַב אײַנצווייען געשמועסט פרײַנטלעך און שטיל, ווי זיי האָבן שוין לאַנג צווישן זיך ניט גערעדט. ער האָט געפּלאַנעוועט:

— אַ טייל ערד באַלד אָפּגעבן די פּויערים אַף אַ דריטל און אַ טייל, אָנגעהויבן פון אָסיען, באַארבעטן אַליין. מאַטעריאַל אַף די געבײַדעס גיט דער פּאָרעץ. אַ דרעשמאַשין, אַ ווייעלקע, אַ צווייפּאָר פערד מיטן נייטיקן שפּאַן וועט מען אײַנקויפן. אַ ביסל געלט וועט זײַן פונעם געהילץ, און דאָס איבעריקע וועט מען אויך מוזן קריגן.

בוניען איז עס געווען צום האַרצן, און זי האָט פון איר זײַט די זאַך אויסגעמאָלט ווי אַמבעסטן:

— לײַט לעבן, ווי פּריצים, באַ אַזאַ געשעפט, און דעריקער — רויִק און ניט ווײַט, דו וועסט זיך ניט דאַרפן וואַלגערן אין דער פרעמד...

דעם ערשטן טאָג כאָלעמויעד־פּייסעך איז שויעל געפאָרן ריידן מיט די פּויערים. דאָס אויס־געריטע פערדל איז אויסגעקומען אָפּט אײַנהאַלטן. אַפן וועג זײַנען געשטאַנען קאַליוזשעס. זיי האָבן געבלויט, געבלענדט אונטער דער הויכער פרילינגדיקער זון.

פונווײַטן האָט שויעל דערזען זײַן טאָלאָקע. אַ שטעטעך פון אַ הונדערט דעסיאַטין. די מאָ־גערע זאַהאַרנער טשערעדע האָט שוין דאָרטן אַרומגעבלאָנקעט, אַרויסצופּנדיק די פרישע גרעז־לעך, וואָס האָבן ערשט אָנגעהויבן שפּראָצן פון דער ערד. פאַרבײַפאָרנדיק האָט שויעל הילכיק אויסגערופן צום פּאַסטעך, אָנווײַזנדיק מיטן בײַטש־שטעקל, ווי אַ באַלעבאָס:

— איר וועט זיך מוזן אָפּרוקן מיט אײַערע בעהיימעס. דאַ שטעלן מיר זיך אַקערן אַף יאַרע[1]. ביז איבעראַיאָר אין דער צײַט פאַרנעמען מיר די גאַנצע טאָלאָקע. פּאַשע וועט איר זיך מוזן זוכן ערגעץ אַנדערש.

דער פּאַסטעך האָט גאָרניט געענטפערט.

אין דאָרף לעבן אַ באַקאַנטער שטוב האָט שויעל זיך אָפּגעשטעלט, אַראָפּ פון דער ברישקע. פּויערים זײַנען געזעסן אַף דער פּריזבע, זיי האָבן אים פײַן באַגריסט, געמאַכט אַן אָרט און זיך אומגעקערט צו זייער פּויערשן שמועס, אַז אָט דאָס זונעלע וואָרעמט שוין גאַנץ געשמאַק, די ערד וועט נאָך אַ ביסעלע צוטריקענען, וועט מען קאָנען אַרויס אין פעלד. מע האָט באַטראַכט די פליִענדיקע בושלען, ווי זיי טראָגן אין די שנאָבלען צווײַגלעך, שפּענדלעך, פאַריכטן זייער נעסט, און מע האָט זיך געכידעשט: פויגלען — און האָבן זיך זייער פאַרשטאַנד. איטלעכע באַשעפעניש...

שויעל האָט געקענט אָט די דאָרפישע שמועסן און קיינמאָל קיין געדולד ניט געהאַט צו זיי. מיט זײַן געוויינלעכער האַסטיקײַט איז ער באַלד אַריבער צום איניען. מע האָט אים אויסגעהערט

---

[1] זומער־טוועס.

רוּיִק, ניט איבערגעשלאָגן, אמאָל נאָר אריַינגעוואָרפן: „עהעזש", „א קלאָרע זאַך"... מ'האָט אויס־געפרעגט וועגן פּראָטים, וויאַזוי דער סויכער רעכנט עס מאַכן, ווען און מיט וועמען. ער האָט גערן געענטפערט, אויסגעמאָלט, אַנטוויקלט זיַין פּלאַן. דאַן האָט מען ווידער געשאָקלט מיט די קעפּ, געקנייטשט די ברעמען. „טאַק, טאַק. איצט פאַרשטייען מיר"...

א באַאַרטער פויער מיט איַינגעצויגענע באַקן, מיט א היפשער רויטלעכער נאָז האָט זיך אופגעהויבן פון אָרט. אָנגעשפּאַרט אַפן שטעקן, האָט ער אָנגעקוקט שויעלן מיט זיַינע קליינע, זייער שאַרפע אויגן, א וויַיל געמאַכט מיט די ליפּן, ענדלעך אַרויסגערעדט:

— הייסט עס, פּאַני סויכער, א קלאָרע זאַך, ס'וועט דערפון בא דיר גאָרניט אַרויסקומען.

— פאַרוואָס?

— וויַיל מיר האָבן ניט מיט דער כודאָבע וווהין צו גיין, און דאָס איז אונדזער פּאַשע, זינט זאַהאַרנע איז א דאָרף.

שויעל האָט עס, אייגנטלעך, געוווּסט, און ער וואָלט זיך געמעגט ריכטן אַף אַזאַ באַגעגעניש. נאָר, אַפּאַנעם, אַז ביז צום סאָף האָט אָט דער מיסכער־מענטש זיך דאָך ניט פאַרגעשטעלט, ווי וויכטיק די טאָלאָקע איז פאַר די פויערים, ווי וויַיט זי גייט זיי אין לעבן.

— דער פּאַרעץ האָט מיר פאַרדונגען די ערד, — האָט ער זיך געהיצט, — און איך קאָן מיט איר טאָן, וואָס איך וויל!

— זיַי ניט בייז, פּאַניע סויכער, — האָט מען אים געענטפערט, — נאָר דאָס קאָן ניט זיַין. מיר האָבן זיך ניט ווו אהינצוטאָן, און דאָס איז אונדזער פּאַשע פון די אַלטע צײַטן.

א באַאומרוּיִקטער איז שויעל פון דאָרף אוועקגעפאָרן גלײַך אין הויף. צום פּאַרעץ האָט מען אים ניט צוגעלאָזט, נאָר דער פאַרוואַלטער האָט אים פאַרזיכערט, אַז ער האָט ניט וואָס צו צווייפלען, קיין שום סערוויטוטן האָבן די פויערים ניט אַף דער ערד, און ער האָט אים אפילע פירגעהאַלטן:

— ניט שוין זשע וואָלט דער יאַסנעוועלמאָזשנע פּאַן אונטערגעשריבן א קאָנטראַקט אַף א זאַך, וואָס ער האָט ניט דערויף קיין רעכט? ווי פּאַלט עס גאָר איַין דעם פּאַן קופּעץ אַזאַ געדאַנק?

אהיים האָט זיך שויעל אומגעקערט פאַרנאַכט. בוניע האָט א קוק געטאָן אַף זיַין אָנגעכמור־רעט פּאָנעם און א צערודערטע געפרעגט:

— וואָס איז? ווו ביסטו געווען אַזוי שפּעט?

— גאָרניט, — האָט ער געענטפערט אָן כיישעק, — די זאַהאַרנער דרייען עפּעס א קאָפּ, פּוסטע מיַיסעס.

בא זיך האָט ער באַשלאָסן טייקעף נאָך יאָמטעוו צעאַקערן א פּאָר דעסיאַטין אַליין מיט געדונגענע פערד און דערמיט מאַכן א סאָף צו די פּרעטענזיעס פון די פויערים.

ס'איז נאָך געווען פינצטער, ווען שויעל איז אַרויס פון שטוב. ער האָט געפעדערט צו זיַין ניַיער אונטערנעמונג. די זון האָט ערשט אָנגעהויבן צוטריקענען דעם געדיכטן פרימאָרגנדיקן טוי, און ער איז שוין געווען אַפן אָרט מיט זיַינע מענטשן. ער האָט איטלעכן פון זיי אָנגעצייכנט א פּאַס, ווו צו אַקערן, אַליין זיך א נעם געטאָן ווארפן אין די בעהיימעס מיט שטיינדלעך, מיט שטיקלעך ערד, א כאַפּ געטאָן א בײַטשל פון איינער פון די פורן, געפּאַטשט, געשריִען „אשו!", ביז ער האָט זיי אוועקגעיאָגט פון דעם ווינקל. דער פּאַסטעך, א שמאָלער און א לאַנגער, דאָס פּאָנעם קימאַט יינגלש דריבנע, רויטלעך און קויטיקלעך, מיט א קורץ נעזל און א קליין מויל, באַרעמלט מיט טונקעלע האָר, האָט געקוקט פון זיַין הייך טרויעריק־פאַרכידעשט אַף דעם, וואָס מע טוט מיט זיַינע טשערעדע, און קיין וואָרט ניט געזאָגט. נאָר זיַין מינדעריאַריק באַהעלפערל האָט זיך פּלוצעם א לאָז געטאָן לויפן פעלד־אַרויף, אַזוי געטראָגן זיך מיט גרויס אימפּעט, ביז ער איז פאַרשווונדן הינטערן באַרג.

שויעל האָט אכטונג געגעבן אַף די צוויי אַקערס, וועלכע ער האָט געבראַכט, ווי זיי גייען איבער דער טאָלאָקע איטלעכער פון זיַין זיַיט, שניַידן זיך איַין אין דער ערד, דעקן זי אויף, דערפירן די באָראָזדע ביזן ברעג און פאַרקערעווען, שטעלן זי אָן אַף א ניַיער. „אָן עק, — האָט ער זיך געזאָגט, — וואָס געווען, איז אויסגעמעקט. איצט וועט מען מיט זיי קאָנען ריידן". ער האָט פאַרשטאַנען, באַלד וועט זיך מיסטאָמע וויַיזן עמעצער פון דאָרף, און ער איז געווען אָנטשלאָסן צו האַלטן זיך שטיַיף. אַדעראַבע, ער איז גרייט געווען נעמען בא די זאַהאַרנער אין פאַרגליַיך מיט אַנדערע א פּאָר סנאָפּעס וויַיניקער פון שאָק. נאָר די מאַנקאָליע זייערע זאָלן זיי זיך אַרויס־שלאָגן פון קאָפּ.

אינגיכן האָבן זיך אַפן באַרג באַוויזן די פויערים. זיי זיַינען אָנגעקומען לויפנדיק, ווער אין פּאַסטעלעס און ווער באָרוועס און אָן א היטל. „אָהאָ!" — האָט שויעל א זאָג געטאָן און גענומען ציילן: „דריַי... פינף... זיבן... אכט"... אויסמיַידנדיק דעם סויכער, האָבן די אָנגעלאָפענע אין צוויי גרופּעס זיך א לאָז געטאָן אַנטקעגן די אַקערער און גליַיך אָנגעכאַפּט די פערד פאַר די ציַימלעך.

— היי, איר, לאָזט אָפּ די פּערד! — האָט שויעל אויסגעשריִען פונדערוויַיטנס.

אין א מינוט ארום איז ער שוין געווען אפן אָרט. ער האָט צאַרנדיק אָפּגעשטופּט דעם, וואָס האָט געהאַלטן דאָס ציַימל, און א פרעג געטאָן:

— וואָס, איר ווילט זיך שלאָגן?

דער באַלעבאָס פונעם שפּאַן האָט געטיַינעט פון זיַין זיַיט:

— ס'איז דיַינס? וואָס כאַפּסטו?

דער אימפּעט פון די פויערים איז דערוויַיל אָפּגעפאַלן.

— ווער וויל זיך שלאָגן? — האָט איינער זיך אָפּגערופן פרידלעך. — מיר גייען צום פאַן קופּעץ אָף ארבעט שוין, דוכט זיך, ניט איין יאָר און האָבן קיין שלעכט וואָרט קיינמאָל ניט אויסגערעדט.

— ריכטיק, — האָט שויעל געזאָגט, — און איך וויל זיך דען קריגן מיט איַיך? נעמט ערד, ווער וויפל עס דאַרף, און שטעלט זיך זייען, וועגן דער צאָל סנאָפּעס וועלן מיר דורכקומען.

— ערד, פאַרשטייט זיך, — איז דער פויער גריייט געווען איַינצושטימען, — ערד נאָך א ביסל וואָלט ניט געשאַט. נאָר מיט פּאַשע וואָס טוט מען? די קודאָבע...

— איך קאָן דען באַזאָרגן א דאָרף מיט פּאַשע? — איז שויעל אַלץ אומגעדולדיקער גע־וואָרן. — כ'האָב א קאָנטראַקט. און עס קאָסט מיך שוין געלט — אָן אדערוף און אנדערע הוי־צאָעס. אָט שטייען די פערד, ביז מיר שפּאַרן זיך דאָ, און צאָלן וועל איך פאַר א גאַנצן טאָג. איר טוט זיך איַיער ארבעט, — האָט ער א קאָמאַנדעווע געטאָן צו זיַינע מענטשן. — פאָרויס!

די אקערס האָבן א ריר געטאָן און זיך דערוויַיטערט.

די פויערים, וואָס זיַינען געווען זיך צונויפגעקומען אַלע ארום שויעלן, זיַינען איצט אין פאַרלעגנהיַיט אָפּ אין א זיַיט און גענומען שטיל צווישן זיך וועגן עפּעס ריידן. שויעל האָט אויס־גערופן פונדערוויַיטנס.

— איך אייצע איַיך, ווארפט אוועק די שטיק, און לאָמיר זיך נעמען צו דער ארבעט.

מ'האָט אים ניט געענטפערט, נאָר אָפּגערוקט זיך א ביסל וויַיטער. די פויערים האָבן פון מאָל צו מאָל געוואָרפן פינצטערע בליקן אפן סויכער, אָף זיַינע אקערס, געקראַצט זיך אין די פּאָטיליצעס. שויעל איז געווען א שאָכן, אן אַלטער באַקאַנטער, מיט וועלכן מע האָט ביז אהער געלעבט פרידלעך, אמאָל, ווען מע האָט געדאַרפט, געקראָגן בא אים פאָרויס עטלעכע רובל. און ביכלאַל איז מען געוווינט געווען האָבן פאַר אים אכטונג, ווי פאַר איטלעכן פון העכערן שטאַנד. און דאָ האָט מען זיך צונויפגעשטויסן ניט אָף קיין שפּאַס. מ'האָט געדאַרפט עפּעס טאָן, און ס'איז שווער געווען באַשליסן זיך דערויף.

פון דער הייך איז אָנגעקומען א פויערטע, איַינגעוויקלט אין א טוך, כאָטש ס'איז געווען א וואַרעמער זוניקער טאָג. שויעל האָט זי דערקענט. דאָס איז געווען פּאַראַסקע, לאַווריגס וויַיב. לאַוורין אַליין איז, וויַיזט אויס, ניט געווען אין דער היים. זי האָט זיך דערנעענטערט צו די מאַנצבלען, עפּעס א פרעג געטאָן און באַלד אן אָנגעצונדענע אָנגעהויבן שריַיען, דראָען, פּאָכן מיט די הענט, האסטיק זיך אויסגעדרייט, אוועק צו דער טשערעדע און גענומען זי טריַיבן מיט קוילעס און קלאָלעס צוריק צו דעם ווינקל, פונוואַנען שויעל האָט זי פריִער פאַרטריבן. די בעהיימעס זיַינען געלאָפן מיט א טופּעריַי, אַנשטויסנדיק זיך איינע אין די אנדערע פאַר איַילע־ניש. די פויערטע האָט זיי געיאָגט און געשריִען:

— אך, דו, פּאַצוק, ניעכריסט פאַרשאָלטענער, אוועק פון אונדזער פעלד, וואָרעם איך וועל דיר די אויגן אויסדראַפּען! און איר, הינט פאַרשיווע, — האָט זי זיך געווענדט צו שויעלס גע־דונגענע מענטשן, — מיר טשעפּען איַיך? וואָס זיַיט איר געקומען אהער?

זי האָט געזאָטן פאַר סינע און הארצווייטעק. שויעל האָט זי געוואָלט איַינשטילן, פאַרגע־לייגט גיין אהיים, מע וועט אויסקומען אָן איר, האָט זי זיך ערשט צערעדט. אַלע בייזע ווערטער, וואָס זי האָט געוווּסט, זיַינען איר געווען קאַרג. די פויערים האָבן ווידער פאַרהאַלטן די אקערס. ס'האָט זיך אָנגעהויבן א קריגעריַי, פויסטן האָבן זיך פאַרמאָסטן אָף קלעפּ. איינער פון שויעלס מענטשן האָט פאַרקערעוועט דאָס פערד און איז אראָפּגעפאָרן פון פעלד: „נעכיַי זאָל עס ברענען!..“ נאָך אים האָט עס אויך דער צווייטער געטאָן.

אזוי האָט זיך פאַרענדיקט שויעלס ערשטער ארויספאָר אין פעלד.

צוריקוועגס האָט שויעל געיאָדעט זיַינע ארבעטער: זיי זיַינען גאָרנישטן, טרוסן, האָבן זיך דערשראָקן פאַר א מאַכשייפע מיט א ווערעמדיק מויל. נאָר זאָלן זיי אָף מאָרגן קריגן צו זיך נאָך עטלעכע און זאָל מען זיך האַלטן ווי עס דאַרף צו זיַין, פעסט, וועט ער, כוץ געצאָלט, נאָך שטעלן מאַהאַריטש אָן עמער בראַנפן.

אָף בראַנפן האָבן זיך געפונען באַלאָנים. ס'האָט זיך צונויפגענומען א קאָמפּאַניע פון פינף־זעקס מאַן. נאָר אָף מאָרגן גאַנצפרי, אז שויעל איז געקומען זיי נעמען אין פעלד, האָבן אַלע מיט

פאַרשיידענע טערוצים זיך אָפּגעזאָגט. איינער — ווײַל ער דאַרף אַרויספירן מיסט; א צווייטער — ווײַל דאָס פערד איז בא אים עפּעס ניט מיט אַלעמען; נאָך איינער — ווײַל וואָס וועט ער פאָרן אַליין?

א צערייצטער האָט שויעל זיך אומגעקערט אהיים, גרייט, ווי אַלעמאָל אין אזא צושטאנד, זיך צוטשעפּען צו א קלייניקײַט און אַרויס מיט א געוויטער. בוניע האָט געפרעגט, עפּשער וועט ער עפּעס עסן, האָט ער א מאַך געטאָן מיט דער האנט, מע זאָל אים לאָזן צורו. א צײַט האָט ער געשפּאנט הין און צוריק איבערן צימער, דערנאָך זיך געלייגט אַף דער קאנאַפּע מיטן פּאָנעם צו דער וואנט.

נאָכן שלאָף איז ער אופגעשטאנען א בארויִקטער. א גאַסט איז געקומען, בינימין לאנדע. ער איז שוין לאנג ניט געווען. איצט איז ער אַראָפּגעפאָרן ליקווידירן די רעשטלעך פון זײַנע אין אַלגעמיין פאַרענדיקטע געשעפטן אין דעם ווינקל. ער איז, ווי שטענדיק, געווען פײַן אָנגעטאָן און געריכערט גוט־שמעקנדיקן טאבעק. ער האָט מיט באַדויערונג גערעדט וועגן דעם, אז אָט געזעגנט ער זיך שוין אינגיכן מיט דעם פײַנעם אָרט. ער וועט עס ניט גרינג פאַרגעסן. אהער איז ער געגאנגען מיט דער סטעזשקע איבערן בערגל, און צו אַלץ זײַנען דאָ געווען אָנגעמאָסטן די שורעס פון דעם פּאָעט:

Ich wandlte unter den Bäumen
Mit meinen Gram allein.
Da kam das alte Träumen
Und schlich mir ins Herz hinein.[1]

בוניע האָט דערלאנגט טיי. דערנאָך איז זי געזעסן באַם טיש, העפלעך און אָפּגעשלאָסן, אינערלעך צופרידן, וואָס דער מענטש רופט בא איר מער ניט אַרויס קיין שום צערודערונג, זי איז לויטער און גאַנץ בא זיך. נאָר די ווערטער פון דער ליד האָבן איר דערמאָנט אַזוינס, וואָס זי האָט עס ניט געוואָלט געדענקען, און זי האָט זיך אַף א ווײַלע פאַרוויטלט.

שויעלן האָט געמאַטערט זײַנס. ווען לאנדע איז שוין אופגעשטאנען צום אַוועקגיין, האָט ער אים אײַנקורצן דערציילט וועגן זײַנע שוועריקײַטן מיט דער אַרענדע.

— אָט, — האָט ער געזאָגט, — ווען איך האָב אַזעלכע זעקס דערוואַקסענע זין, לייבן, ווי בערע דער מילנער, וואָלט איך מיט זיי אײַנגענומען די וועלט. מיר וואָלטן אַליין צעאַקערט די טאָלאָקע, דאָס גאַנצע דאָרף פּויערים זאָל זיך אַפילע שטעלן אַפן קאָפּ.

— ביז איר וועט האָבן די זעקס זין, קאָן מען עס מאַכן פּראָסטער, — האָט לאנדע געענטפערט מיט א קוים באַהאַלטענעם ביטל. — גיט אָפּ די ערד די ווערכליעסער, און זאָלן זיי זיך שלאָגן מיט די זאַהאָרנער... מיר וועלן זיך שוין, מיסטאמע, ניט זען? — האָט ער זיך געווענדט צו בוניען און דערלאנגט די האנט.

זי האָט שווײַגנדיק א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

לאנדע האָט ניט אומזיסט אָנגערופן די ווערכליעסער. זיי האָבן זיך שטאַרק גענייטיקט אין ערד. שויעל האָט עס געוווּסט און איצט זיך געכידעשט, ווי איז עס אים אַליין דער געדאַנק ניט אײַנגעפאַלן. אַן אופגעמונטערטער, האָט ער געהייסן בוניען זיך צווײַלן מיט מיטיק, ווײַל ער פאָרט נאָך הײַנט קיין ווערכליעס און וויל כאָטש א שאָ פאַר זון־פאַרגאנג שוין זײַן דאָרטן.

ווערכליעס איז געלעגן א ווערסט דרײַ העכער פון דער טאָלאָקע. די דאָרטיקע פּויערים האָבן געהערט וועגן שויעלס צוזאַמענשטויס מיט די זאַהאָרנער און וויל פאַרשטאנען, אז יענע וועלן אָן א שווערן שטרײַט זייער פּאַשע ניט אָפּגעבן. דאָך שטאַרקער פון דער וואַקלעניש פאַר די שוועריקײַטן איז געווען די נויט און דער כיישעק צו דער ערד. זיי זײַנען גרייט געווען אײַנגיין אַף שויעלס פאָרשלאָג. נאָר אַרויס אין פעלד וועלן זיי ערשט דאַן, ווען ס׳וועט זיך צונויפנעמען א גענוגע צאָל באַלאָנים, מע זאָל קאָנען די זאַהאָרנער אַנטקעגנשטעלן א היפּשן קויעך.

ס׳האָט גענומען עטלעכע טעג, ביז שויעל האָט זיך צונויפגערעדט מיט איטלעכן און צוגעגרייט די זאַך ווי עס דאַרף צו זײַן. פאַר אַן עלטערן איבער דער קאָמפּאַניע האָט ער מיט אַלעמענס העסקעם צוגעצויגן דעם סטאַראָסטע פון דאָרף, דאָמיניקן. דאָס איז געווען א גרויסער שוואַרצבערדיקער שוואַרץ־אויגיקער פּויער אין יוכטענע שטיוול, פעט־אָנגעשמירטע מיט דזעגעכץ. אַן אײַזערנער טרינקער, וואָס האָט געקאָנט אַרײַנגיסן א שטאָף בראַנפן און ניט פאַלן

[1] איך בלאָנדזשע אונטער דיביימער
אַליין מיט מײַן ליד.
עס קומט מײַן אַלטער טרוים
און דרינגט אין האַרץ אַרײַן.

פון די פיס, א גוואר, א פײַערדיקער שלעגער, באַרימט אף אַלע יאַרידן אין די אַרומיקע שטעטלעך. ער האָט געהאַט כּיין בא נאַטשאַלסטווע, געקאָנט צוקוועטשן זײַנע דאָרפלײַט, ווען מע האָט געמוזט, און אַמאָל זיך אײַנשטעלן פאַר זיי, ווען ס׳האָט זיך געלאָזט. כּוץ דעם, האָט ער ניט אויסגעמיטן זיך אַרײַנצומישן אין אַלערליי הײמישע סיכסוכים צווישן די פּויערים און גערן אַרויסגעוויזן דערבײַ זײַן גערעכטיקײַט און שטאַרקע האַנט, אויב נאָר ס׳האָט ניט געקאָנט שאַדן ברענגען אים אַליין.

איצט איז ער אַראָפּגעקומען מיט זײַן גראָבן סוקעוואַטן באַרן־שטעקן, די קלוגע זשעדנע אויגן צעפלאַמט, די נאָזלעכער צעבלאָזן, פאָרויס אָנשמעקנדיק, אַז בא דעם הייסן איניען וועט שוין זײַן אי פאַרדינסט, אי א געלעגנהײַט זיך צו באַווײַזן. מע האָט נאָכאַמאָל פון אָנהייב פאַרלייגט א ברייטן שמועס, אַז אָט — ערד, הייסט עס, מוז מען נעמען. אָן ערד איז כּאָטש ווײן. וואָס קאָנסטו מאַכן? עמעס, ס׳איז ווײַטלעך, און די זאַהאָרנער האָבן טײַנעס. נאָר וועמען גייען אָן די זאַהאָרנער? דער פּאַן סויכער האָט אף דער ערד א קאָנטראַקט, קאָן ער זי לויטן געזעץ, הייסט עס, אָפּגעבן וועמען ער וויל. נאָר וואָדען, האַלטן זיך — אַלע, ווי איינער, ווי פינגער אין א קולאַק. דאָס אייגענע זיך שלאָגן — פונקען זאָלן פליִען, מע זאָל פאַרגעדענקען די ווערכליעסער. און ווען דער פּאַן סויכער זאָל דערצו אַראָפּלאָזן נאָך א פּאָר סנאָפּעס פון שאָק...

דערבײַ האָט דאָמיניק אָפּט אָפּגערופן שויעלן אין א זײַט אף א סאָד. דערנאָך, זיך אומקערנדיק צו די פּויערים, גענומען א וואָרט אײַנצורײדן קלוימערשט ביידע צדדים, זיי זאָלן נאָכגעבן און זיך אויסגלײַכן. בא די סוידעסדיקע אונטערהאַנדלונגען האָט ער, אַגעוו, אויסגערעדט פאַר זיך באַזונדערע האַנאָכעס אף זײַן כּיילעק ערד און כּוץ דעם נאָך א פײַנע מאַטבייע פאַר דעם שטיקל אַרבעט, וואָס ער נעמט זיך אָפּטאָן. צום סאָף האָט ער געמאָלדן אפן קאָל, אַז איצט דאַרף דער סויכער באַנעצן דאָס געשעפט, שטעלן אף קאָמפּאַניע, הייסט עס, כּאָטש איין עמער בראָנפן, און אַלע באַלעבאַטים האָבן זיך צעהודעט, אַז — ריכטיק, ניט אַנדערש. אַזוי מוז עס זײַן.

פונקט צום אײַנגיסן האָט זיך געיאַוועט פּעטרוק דודאָטשקאַ, אויך א ווערכליעסער, וואָס האָט אין די שמועסן וועגן דער ערד זיך ניט באַטייליקט, נאָר די מאַשקע האָט ער דערשמעקט צו דער צײַט. ער איז געקומען א באָרוועסער, אָן א היטל, מיט זײַן שטענדיקן פײַפעלע, צושפּילנדיק טי־לי־לי־לי־לי... דאָמיניק האָט אים געטריבן:

— אוועק, לעדאַשטשי!

האָט ער אָפּגעענטפערט:

— איך בין ניט קיין לעדאַשטשי, איך בין א מוזיקאַנט. אָט זעט: טי־לי־לי־לי־לי... און א מוזיקאַנט איז דער ערשטער מענטש אף א כּאַסענע. אים גיט מען בראָנפן פריִער, איידער אַלעמען.

מע האָט אים געגעבן א זופּ טאָן, איז ער פריילעכער געוואָרן, אויסגעאַרבעט מיט די פיס א קורץ טענצל און טיף זיך פאַרנייגט פאַר דער הראָמאַדע.

— איצט מעג איך גיין, — האָט ער געזאָגט, — אין קאָמפּאַניע, ווי איך פאַרשטיי, וועט איר מיך ניט נעמען און קיין בראָנפן וועט איר מער ניט געבן...

און ער איז אוועק, צושפּילנדיק אפן פײַפל זײַן זאָרגלאָזן מאָטיוו.

דער ערשטער טאָג איז אַריבער גרינג. די זאַהאָרנער מאַנצלען זײַנען מערסטנטייל געווען פאַרנומען איטלעכער בא זיך אין פעלד. אף דער טאָלאָקע זײַנען אַרויס עטלעכע פרויען, אַלטע לײַט. זיי האָבן געפּילדערט, געשאָלטן, נאָר דאָס האָט קנאַפּ־וואָס געקאָנט ווירקן. ביז נאָכמיטיק האָבן די ווערכליעסער צעאַקערט א היפּשן קלין און זײַנען אוועקגעפאָרן אַהיים שטאַרק האָפערדיק, איבערוואַרפנדיק זיך אין וועג מיט ווײַט־הילכנדיקע באַרימערישע רייד.

ס׳איז געווען די העכסטע צײַט פון פרילינג־פאַרזיי, א סאַך זאַהאָרנער באַלעבאַטים האָבן אין די טעג ניט געקאָנט זיך אָפּרײַסן פון זייער אַרבעט. פונדעסטוועגן האָבן די ווערכליעסער, קומענדיק דעם צווייטן טאָג גאַנצפרי אף דער טאָלאָקע, געטראָפן דאָרטן ניט קיין קליינעם אוילעם. ס׳האָבן זיך גלײַך אָנגעהויבן אויסרופן, דראָונגען פון ביידע זײַטן. דאָמיניק האָט אַרומגעשפּאַנט אין זײַנע שטיוול, געאָרדנט זײַנע לײַט, אַמאָל פאַרבײַגייענדיק ברייטלעך אָפּגעענטפערט עפּעס אף די געשרייען פון די זאַהאָרנער, געלאָזט הערן זײַן הויך קאָל. אין דער האַנט בא אים איז געווען א פּעסט אײַזערן שטעקל, וואָס ער האָט זיך אומישנע באַשטעלט פאַר דעם פאַל. אפן ניכטערן האַרצן האָט ער שוין גענומען א גוטן טרונק. דאָס מויל האָט זיך אַרויסגערויטלט פון דער שוואַרצער באָרד. די שוואַרצע אויגן האָבן געגלאַנצט ניצאָכנדיק. אין איין ווינקל האָט זיך פאַרבונדן א געשלעג, איז דאָמיניק באַלד צוגעקומען, צעשטורכעט דעם אַהער, דעם אַהין, די פרעמדע אָפּגעשלײַדערט אַזוי, אַז זיי זײַנען געפלויגן עטלעכע טריט, איידער זיי זײַנען געפאַלן, און די זײַניקע באַפוילן: „אַקערט ווײַטער!“

נאָך דעם פאַל זײַנען די ווערכליעסער שוין געווען זיכער אין דערפאָלג.

— דער איקער איז צעאקערן, — האָבן זיי גערעדט, — סײַווי וועלן זיי שוין קיין פּאַשע ניט האָבן.

נאָר אויפן דריטן טאָג זײַנען די זאַהאַרנער, וואָס האָבן זיך, אַפּאַנעם, ארומגעזען, אז עס האַלט שמאָל, ארויס אַף אַט דער טאָלאָקע מיט גרויסע קויכעס, אויסשליסלעך מאנצבלען, מיט געזונטע פלעקער אין די הענט. לאַוורין איז אויך געווען דאָ. זיי זײַנען אָנגעפאַלן אַף די ווערכליעסער, באַלד ווי יענע זײַנען אָנגעפאָרן, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן א גרויס געשלעג.

מע האָט געקנאַקט איינע די אנדערע איבער די קעפּ, איבער די פּלייצעס, ווו ס'האָט זיך געמאכט. בלוט האָט געפליצט איבער די פּענעמער. מ'איז זיך צונויפגעגאַנגען ענגער און, אָפּ־וואַרפנדיק די שטעקנס, געזעצט מיט די פויסטן אין די ציין, אין די שלייפן, אין די הערצער, געקרעכצט, געהאַקעט, ווי מע וואָלט האַקן האָלץ. מ'איז זיך צעלאָפּן איבערן פעלד און דאָרט זיך געשלאָגן פאַרלעכווײַז, אָפּגעזונדערט פון דער געדיכטעניש. דאָמיניק האָט געפּאַקט, געגנעריקט מיט זײַן אײַזערנעם שטעקל, פלינק געביטן די פּאָזיציע, ווי זי פלעגט נאָר אָנהייבן ווערן אומ־באַקוועם, גיך געכאַפּט מיט זײַן שאַרפן אויג, ווו באַם קעגנער מערקט זיך אָן א שוואַכער פונקט, און אהין געוואָרפן זײַנע קלעפּ.

דער גוטמוטיקער לאַנגזאַמער לאַוורין, וואָס האָט זיך געוויינלעך אין קיין געשלעגן ניט באַטייליקט, אַמאָל נאָר, ניט ארויסלאָזנדיק די ליולקע פון מויל, צענומען מיט די מעכטיקע הענט אָן אויפגערייצטע כעוורע, זיי זאָלן ניט קריכן איינער דעם אנדערן אין גאָרגל ארײַן, איז איצט געווען ניט צו דערקענען. אָן א היטל, עטוואָס אָנגעבויגן דעם בלאָנדן פּאַטלאַטן קאָפּ, די אויגן מוטנע און ווילד, איז ער געלאָפן מיט שווער־טופּענדיקע טריט. אָנגעיאָגט א פרעמדן, האָט ער אים מיט איין שטויס אומגעוואַלגערט פון די פיס און געלאָפן ווײַטער, געדרייט זיך איבערן פעלד. זײַנע בלאָנדזשענדיקע בליקן האָבן געזוכט דעם ווערכליעסער סטאַראָסטע.

אָט האָט ער אים דערזען און זיך א נעם געטאָן אין זײַן זײַט. נאָר ביז ער איז צוגעקומען, איז יענער שוין געווען ערגעץ אנדערש, ווו ער האָט געקאָנט לײַכטער און מיט ווייניקער גע־פאַר ווײַזן אַף שוואַכערע פון אים זײַן בערייִשקײַט, דערצו אזוי, ס'זאָל ניט אויסגעטײַטשט ווערן, אז ער אנטלויפט פאַר עמעצן. פּאַשעט, ער איז פאַרנומען מיט זײַנס, און מער גייט אים קיין זאַך ניט אָן.

נאָר לאַוורין איז ניט אָפּגעשטאַנען. טאָמער האָט ער אַף א רעגע פאַרלוירן פון אויג דעם סטאַראָסטע, האָט ער אָנגעהויבן דרייען מיטן קאָפּ, ווי א צעמישטער, צעוואַרפנדיק אלעמען אַף זײַן וועג.

אין געלויף האָט ער באַמערקט שויעלן, אָנגעקוקט אים, ווי דורך א נעפּל, ווי ניט פאַר־שטייענדיק, וואָס דער סמאָליאַרניק טוט דאָ, און איז אוועק ווײַטער — צו זײַן ציל.

שויעל האָט זיך אָקאָרשט באַוויזן. ער איז געקומען צופוס, פונווײַטן דערהערט דעם ראַש און פאַרגיכערט די טריט, גרייט ארײַן אין סאַמע קאָך. דאָס געשלעג איז צו דער צײַט געווען צעדרויבלט. פאַרלעך און קניפּלעך, צעשאָטענע איבערן פעלד, האָבן זיך געפונען קעסיידער אין באַוועגונג. קיין צאַד האָט ניט געהאַט די אויבערהאַנט. שויעל איז אומגעגאַנגען צווישן די דולע, צעיושעטע מענטשן, און קיינער האָט אים ניט געטשעפּעט, ווי מע וואָלט אים ניט געזען, ווי ער וואָלט צו דער גאַנצער מײַסע קיין שײַכעס ניט געהאַט. אויך ער האָט גאָרניט געטאָן, אַלץ געוואָלט כאַפּן, ווו עס האַלט, אין וועלכן פונקט ווערט עס אנטשיידן.

פּלוצעם איז עפּעס פאָרגעקומען. די זאַהאַרנער, ווי די ווערכליעסער, האָבן איינע נאָך די אנדערע גענומען אָפּלאָזן די געשלעגן, ווענדן די בליקן אַלע אין איין זײַט. באַלד האָבן זיי אָנגע־הויבן לויפן אין יענער זײַט.

לאַוורין האָט זיך, ענדלעך, צונויפגעשטויסן מיט דאָמיניקן. אוןביידע צדאָדים האָבן געײַלט צום אָרט פון דער באַגעגעניש. ווי מ'איז געווען, — מיט פאַרבלוטיקטע נעזער, צעבײַלטע שטערנס, פאַרלאָפענע אויגן, — האָט מען זיך אויסגעשטעלט איינער קעגן דעם אנדערן, אָפּגע־רוקט אַף א פּאָר צענדליק טריט, איבערלאָזנדיק פרײַען פּלאַץ פאַרן געראַנגל פון די צוויי גיבוי־רים. מ'האָט געקוקט, צונויפגעדריקט די פויסטן און דעם אָטעם פאַרהאַלטן.

דאָמיניק איז אָפּט געשפּרונגען, איבערגעלאָפן אַף רעכטס, אַף לינקס, אַף צוריק א פּאָר טריט, אַלץ זיך אויסגעדרייט פון א צו ענגער צונויפקומעניש מיטן זאַהאַרנער, דערבײַ בערייִש געאַרבעט מיטן אײַזערנעם שטעקל. לאַוורין איז געגאַנגען מיט הוילע הענט. ניט אכטנדיק אַף די קלעפּ, בלויז אָפּוועדנדיק פון זיי דעם קאָפּ, האָט ער מיט שרעקלעכער אײַנגעשפּאַרטקײַט, ווי א צוגעקאָוועטער, זיך געצויגן נאָכן סטאַראָסטע, זיך גערוקט צו אים אַלץ נעענטער. פּלוצעם אים א שטויס געטאָן אזוי, אז יענער האָט זיך קוים אײַנגעהאַלטן אַף די פיס, נאָך האַרטער אָנגעטראָטן און דערלאַנגט א צווייטן זעץ. די פאַרב איז פון דאָמיניקס פּאָנעם אראָפּ, און אין די

אויגן האָט זיך באַוויזן אַ פאַרלוירנקייט, די גרייטקייט אַרויסצוגיין פון דער שפּיל. נאָר ס׳איז שוין געווען שפּעט: לאַורין האָט אים אָנגעכאַפּט און אָנגעהויבן אַרײַנעמען אין זײַנע אָרעמס.

דאָמיניק און לאַורין זײַנען געווען פון איין וווּקס. פונוויַיטן האָט דער ערשטער אויסגעוויזן אַפילע אַ ביסל העכער. נאָר איצט, אַז ביידע האָבן זיך באַגעגנט, האָט דער זאַהאַרנער זיך גלײַך אויסגעטיילט מיט זײַן מעכטיקער פיגור. ער האָט זיך, ווי אַ פעלדז, אָנגעוואַלגערט אַפן סטאַראָסטע, פאַמעלעך, אָן אָפּשטעל אים צוגעקוועטשט, אײַנגעבויגן, אונטערגעבראָכן זײַן לעצטן ווידערשטאַנד.

דאָ האָבן די ווערכליעסער ניט אויסגעהאַלטן. מיט קוילעס און פויסטן זיך אָנגעוואָרפן אַף לאַורינען און געגומען אים שטורכן, שלעפּן. טייקעף האָבן די זאַהאַרנער זיך אַ ריס געטאָן פון די ערטער. ס׳האָט זיך באַנײַס פאַרקאָכט אַן אַלגעמיין געשלעג. קוים באַפרײַט פון דעם קעגנערס אָרעמס, אַ פאַרסאָפּעטער, האָט דאָמיניק זיך אָפּגערוקט אַף עטלעכע טריט, אַ וויש געטאָן די אויגן און — שוין ווידער דערזען לאַורינען גיין אַף אים מיט אַ פאָרויס־אָנגעבויגענעם קאָפּ און דול־אײַנגעשפּאַרטן מוטנעם בליק.

אָן אָפּגעשוואַכטער, אָן אויסגעמאַטערטער, האָט דער סטאַראָסטע איצט קיין כּיישעק ניט געהאַט צו אַ נײַער באַגעגעניש. ער האָט זיך אויסגעדרייט און גענומען זיך אָפּטראָגן. קוקנדיק אַף אים, האָבן דאָס זעלבע געטאָן נאָך עטלעכע פון די ווערכליעסער. עמעצער האָט זיך שוין אַרופגעכאַפּט אַף זײַן פור און אָנגעטריבן דאָס פערד — אַהיים. די אויפגעמונטערטע זאַהאַרנער האָבן געקוועטשט די איבעריקע, געיאָגט אין האַלדז־און־נאַקן, וויפל ס׳האָט זיך געלאָזט.

שויעל האָט פאַרשטאַנען, אַז מע דאַרף גיכער פאַרשווינדן, מער טאָר מען דאָ ניט בלײַבן קיין מינוט. נאָר אין דער צײַט, ווען די ווערכליעסער זײַנען אַוועק אַף זייערע פורן, איז אים אויסגעקומען צו מאַכן עס צופוס. ער איז שוין געווען ווײַטלעך, ווען אייניקע זאַהאַרנער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פאַרלויפן אים דעם וועג. פונדעסטוועגן האָט ער געמוזט שטעלן פיס מיט אַלע קויכעס. זיי האָבן אים געיאָגט העכער אַ האַלב ווערסט, נאָכגעשלײַדערט שטיינער און פלעקער, געטיוקעט, אויסגעשריִען זידלערײַען, ביז ער איז אַרײַן אין וואַלד.

גראָד צו דער מינוט איז אַרויס פון וואַלד פּעטרוק דודאָטשקאַ. ער האָט אָנגעקוקט דעם אַנטלויפנדיקן, די נאָכיאָגנדיקע, גענומען דאָס דודעלע צום מויל און אויפגעשפּילט זײַן טי־לי־לי־לי־לי־לי... מער פאַר זיך אַליין, ווי פאַר עמעצן. די פּויערים האָבן אַ גיי געטאָן צו אים:

— וואָס שליאָנדערסטו דאָ אַרום, דו הונט ווערכליעסער, וואָס שמעקסטו אויס?

— וואָס איז דאָ פאַראַן צו שמעקן. קיין בראַנפן הערט זיך ניט, — האָט ער זיך אָפּגעוואָרטלט.

נאָר די זאַהאַרנער זײַנען איצט גאָר ניט געווען אויפגעלייגט צו שפּאַסן.

— ווּעסט באַלד קריגן אי בראַנפן, אי פאַרבײַסן, — האָבן זיי אים צוגעזאָגט.

— מיר דאַנקען אונטערטעניק, — האָט ער געענטפערט און אַראָפּגענומען דאָס היטל.

נאָר אָנטאָן עס צוריק האָט ער שוין ניט באַוויזן. מע האָט גענומען אים דערלאַנגען אין קאָפּ, אין האַרצן, אין רוקן. ווען ער איז געפאַלן, האָט מען אים אַ ליגנדיקן נאָך פעסט אָנגעטויטשעט מיט די פיס, איבערגעלאָזט אים אַ צעטראָטענעם און אַוועק.

בלוט האָט זיך באַוויזן פון פּעטרוקס מויל, אין אַ שנירעלע אַראָפּגערונען צו דער ערד. נאָר דער גוף האָט ניט געמאַכט קיין שום ווייטעקלעכע באַוועגונגען. ער איז געלעגן עטוואָס אַף אַ זײַט שלאַבעריק, די האָר צוגעקלעפּט צום שטערן, די באָרוועסע פיס איינער אַ ביסל העכער פון דעם צווייטן, אונטערגעבויגן אין דער קני. דאָס פײַפעלע איז אַרויסגעפאַלן פון זײַנע הענט און די אויגן האָבן זיך פאַרקײַקלט, ווי צום אײַנשלאָפן.

ס׳איז געווען פרילינג און זון, אַף די עטלעכע בערעזעס עק וואַלד האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן די ערשטע גרינס־פונקען, און דאָס געזאַנג פון די פייגל איז געווען לויטער, ווי די לופט, ווי דער הימל, ווי דער ריינער פאַסטעך־מאָטיוו, וואָס פּעטרוק האָט אַ גאַנץ לעבן געשפּילט אַף זײַן דודעלע.

## די סמאָליאַרניע ברענט

באַטאָג איז שיפרע געגאַנגען מיטן קלומעק און מיטן שטעקן. אַ גאַנצן ווינטער האָט זי זיך געוואַלגערט באַ איינעם אַן אַרענדאַר, געטאָן דאָרטן אין קיך און אין הויף אַלערליי אַרבעטן, אַמאָל שטיל גערעדט צו זיך אַליין, אָפטער געשוויגן, געדענקענדיק, אַז די ווינטערדיקע וועגן זײַנען שווער פאַרן פוסגייער און ס׳איז ניט די צײַט בײַטן די וווינונג, לאָזן זיך זוכן פרײַנטלעכע ערטער. איצט איז זי ווידער אַרויס אַף אירע וואַנדערונגען. זי איז געגאַנגען און געהויבן די אויגן צום בלויען הימל, צו די גרינע פעלדער, אַלץ איז געווען פאַרגאָסן מיט זון. די אַלטע האָט אַזש אונטערגעטאַנצט פאַר פרייד. זי האָט גערעדט צו זיך אַליין:

— אַך, גוט, גוט!.. נו, און אויב ס'איז גוט, וואָס זשע ווילט זיך דיר וויינען? טאַקע ווײַל ס'איז גוט, האַ? „אַז איך וואָלט האָבן פֿליגעלעך, וואָלט איך צו דיר געפֿלויגן“... מע וועט דאַרפֿן בעטן בוניען, זי זאָל זינגען די ליד.

שיפֿרע איז געגאַנגען צו דער סמאָליאַרניע.

עק וואָלד האָט זי דערזען דעם קערפּער, וואָס איז נאָך געלעגן דאָרט, ווו ער איז געפֿאַלן.

— פּעטרוק, — האָט זי אים דערקענט, — דו שלאָפֿסט? אוי, ניין...

א דערשטוינטע איז זי געשטאַנען, אַלעמאָל זיך אומגעקוקט אַף דער לײדיקײט און שטילקײט אַרום און ווידער אַפֿן מעס, זי האָט זיך אָנגעבויגן און אָפּגעטריבן פֿון זײַן פּאָנעם די פֿליגן, אופֿגעהויבן דאָס פּײַפּעלע און אוועקגעלייגט עס נעענטער צו דער האַנט.

— צעקײַלט, צעבלוטיקט, צעטראָטן. פֿאַר וואָס? — האָט זי אויסגערופֿן. — אַזאַ טײַערע, פֿריילעכע נעשאָמע. וויפֿל מאָל זיך באַגעגנט אין וועג, שטענדיק: — „אַ גוטמאָרגן, שיפֿרע!“ און צוגעשפּילט און צוגעטאַנצט... פּעטרוק־פּעטרוק! ווער ביסטו מיר געווען — ניט קיין ברודער, ניט קיין גלידשוועסטערקינד, און דאָך ביסטו מיר נעענטער, ווי יויגעסן דאַווידן... שיפֿרע וועט נאָך אַמאָל האָבן דײַן סאָף. איך זע...

שיפֿרע האָט געבראַכט די ידיִעה אין דער סמאָליאַרניע.

— ער ליגט, — האָט זי דערציילט, — אַ באָרוועסער, אין די צעלעכערטע פּלודערן, אין לײַוונטענעם העמד. דוכט זיך, ווי וועמען איז ער געווען צו לאַסט, וועמען האָט ער שלעכטס געטאָן?

שויעל איז ערשט איצט געוויר געוואָרן פֿון דער מײַסע. ער האָט זיך אָנגעשטויסן, ווען און וויאַזוי ס'איז געשען, און געשוויגן אַן אָנגעכמורעטער. דאַניע האָט זיך אַלץ נאָכגעפֿרעגט צערודערט, מיט צאָרן:

— ווער האָט אים דערהאַרגעט? ווער? זאָגט, ווער האָט אים דערהאַרגעט?

פּונקט ווי ער וואָלט גרייט געווען באַלד גיין זיך אָפּרעכענען מיט יענעם, וואָס האָט עס געטאָן.

— ווער? — האָט שיפֿרע געענטפֿערט. — מענטשן. עס זײַנען מיר שוין איבערגעלאָפֿן דעם וועג אי בייזע כײַעס, אי גיפֿטיקע שלענג, און גאָרניט, ניט אָנגערירט. נאָר דער מענטש — ער קאָן דיר אַרויסנעמען די נעשאָמע און זאָלסט אַפֿילו ניט וויסן פֿאַר וואָס.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז לאַורין אַרײַן אין שטוב, און די קינדער זײַנען, ווי שטענדיק, באַלד זיך צונויפֿגעלאָפֿן אין קיך מיט פֿרייד־אויסרופֿן, גענומען צושטיין, אָנהענגען זיך אַף אים. נאָר ער איז הײַנט געווען אַן אַנדערער, ווי אַלעמאָל. ער האָט ניט געשמייכלט צו די קינדער, ניט געגלעט זיי די קעפּלעך. ער האָט פֿאַרזיכטיק, נאָר מיט אַקשאָנעס באַפֿרײַט פֿון זיי די האַנט, אַנטשיידן זיי באַזײַטיקט און ניט געזאָגט קיין גוט וואָרט. זײַן פּאָנעם איז געווען פֿינצטער. די אויגן האָבן אויסגעמיטן אַ גראָדן בליק. מיט באַדויער און כידעש האָבן די קינדער זיך אָפּגערוקט פֿון אים.

בוניע איז אַרײַן. אויך זי, ווי אירע קינדער, האָט אין דער ערשטער רגע אופֿגעשײַנט אַנטקעגן דעם ריז. זי האָט ליב געהאַט זײַן רויִקע קראַפֿט און געהאַלטן אים פֿאַר אַ פֿרײַנט פֿון איר שטוב. נאָר ער האָט אָן אַ גוטמאָרגן אויסגעשטרעקט איר אַ פּאָר צעטעלעך, אַרויסגענומען פֿונעם היטל, און אויסגעבורטשעט:

— געלט, קאָרטשעס געגראָבן.

בוניע האָט געענטפֿערט, ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פֿאַלן:

— דער מאַן איז ניטאָ אין דער היים. קומט אַרײַן פֿאַרנאַכט אָדער מאָרגן. איך ווייס ניט אַן אים.

לאַורין האָט אַ קוק געטאָן אַף דער פֿרוי — אַ פֿרעמדער, אַ פֿאַרענדערטער — און ניט הויך, מיט שרעקלעכער סינע געזאָגט:

— אויב איר באַצאָלט מיר ניט באַלד, צעברעך איך צום שוואַרציאָר אַלץ, וואָס איז דאָ אין שטוב.

אַ דערשראָקענע האָט זיך בוניע אײַליק צעצאָלט מיטן פּויער, און ער איז אוועק אָן אַ זײַגעזונט. די קינדער האָבן ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס איז עס געוואָרן מיט זייער לאַורינען.

בוניע האָט פֿאַר די יאָרן פֿון איר וווינען אין דער סמאָליאַרניע זיך צוביסלעך אײַנגעלעבט מיט די פּויערים, געזען, אַז דאָס זײַנען מערסטנטייל פֿרידלעכע, שטילע מענטשן, זיך אויסגעלערנט ריידן און אויסקומען מיט זיי ליבלעך און פֿראָסט. צו לאַורינען האָט זי זיך באַצויגן מיט באַזונדערן צוטרוי, געוווּסט, אַז ניט ער אַליין, ניט ווער־עס־איז, ווען ער איז דערבײַ, וועט קיינמאָל קיין שלעכטס ניט טאָן ניט איר, ניט אירע קינדער. זי איז גערן געווען, טאָמער איז ער אַרײַנגעקומען אָדער ער האָט זיך געפֿונען ערגעץ נאָענט אַרום שטוב. זי האָט זיך דעמלט געפֿילט זיכער און געשיצט. מיטאַמאָל איז ער איבערגעביטן געוואָרן — דאָס האָט זי מאַמעש דער־

שיטערט. זי האָט זיך קוים דערווארט, ביז דער מאן האָט זיך אומגעקערט, באלד אים דערציילט וועגן לאווריגס באזוך. א טיף צערודערטע האָט זי געפרעגט:

— וואָס טוט מען? איך האָב מוירע פאר דײַן קריג מיט די פויערים. מיר לעבן דאָך צווישן זיי. אליין מיט קליינע קינדער אין א וואלד...

— מירן זיך איבערבעטן, — האָט ער זי געטרייסט, — מירן זיך אויסגלײַכן.

— ווען איך ווייס פריִער, אז ס'וועט אזוי שווער אָנקומען. איך האָב מוירע, מיר האָבן עס ניט באדארפט, — האָט זיך די פרוי ניט געלאָזט טרייסטן.

— א געשעפט אויסארבעטן איז ניט א ווארמעס אָפּקאָכן. ס'מוז קאָסטן געזונט.

— פארוואָס זשע גייט עס בא אנדערע אזוי גרינג?

בוניע האָט עס געזאָגט מער מיט באדויערונג איידער מיט פאָרוואורף. נאָר שויל איז אָנגע־צונדן געוואָרן.

— מיינסט אוודע דעם פראנט דײַנעם לאנדע? ער האָט גענומען א ווײַב מיט גראָבע טויזנטער. און ווער האָט מיר געהאָלפן פונדאנען אהין?

ער האָט אינגאנצן געקאָכט, ניט געקאָנט זיך שטילן.

— קנאפּ האָב איך געהאָרעוועט? — האָט ער געטײַנעט. — פריִער, ביז איך האָב אויסגע־בויט די סמאָליארניע, — דער טאטע זאָל געזונט זײַן, האָט מיר דערוף קיין גראָשן ניט געגעבן. נאָכדעם אין די וועלדער, ווו א העק, ווו א זומפּ, געמיינט, מירן זיך ארופשלאָגן. מירן קאָנען א ביסל אופהייבן דעם קאָפּ. איז עס געגאנגען, ווי פון פּעך. ווייסט, דוכט זיך, אלצדינג. איך דארף דיר ניט דערציילן, נאָר איך בין, כאָלילע, ניט אָפּהענטיק געוואָרן. ניין, צו צאָדעק זשעראָבנער פאר א שאפער קלײַב איך זיך נאָך ניט גיין. ער וועט עס ניט דערלעבן!.. נאָר וואָס דען — די טאָלאָקע. איך האָב געמיינט: נאָענט פון דער היים, אף איין אָרט, אָן קאָפּדרייעניש. עמעס, ווידער מיט א צאָרע. וואָס קומט אָן גרינג? דערפאר ווייס איך כאָטש, אז מיט קויעך קאָן מען דאָ עפּעס אופטאָן. זיי דארפן די פּאשע, און די ווערכליעסער דארפן די ערד, און איך דארף די ארענדע. איז אָן עק. לאָמיר זיך שלאָגן! קלעפּ קאָן איך אויך געבן. און איך האָב אף מײַן צאד א דאָרף...

די אלע רייד האָבן בוניען וויניק בארויִקט, נאָר זי האָט גאָרניט געקאָנט מאכן.

שיפרע האָט זיך דאָס מאָל געהאלטן אנדערש, ווי שטענדיק. זי האָט גענעכטיקט אין שטאל אפן היי, געגעסן אין קיך אָדער גאָר אין דרויסן. קארג גערעדט, מיט פארדאכט זיך צוגעהערט, זיך צוגעקוקט צו אלעמען, און פּלוצעם האָט זי געמאָלדן, אז זי גייט אוועק.

— וואָס אזוי גיך? — האָט בוניע געפרעגט.

— מיר געפעלט ניט די שטוב, — האָט זי געענטפערט בייז.

— מע האָט אײַך, כאָלילע, באאוולט? עפּשער עמעצער פון די קינדער?

— ניין, ווער זאָגט, אדעראבע. איר און אײַערע קינדער — זייער פײַנע, זייער לײַטישע. א דאנק, א דאנק פאר ברויט און זופּ, פאר א קישעלע צוקאָפּנס. א שיינעם דאנק. נאָר זײַן בא אײַך וויל איך ניט.

— פארוואָס? — האָט זיך בוניע אלץ מער געכידעשט.

— אָט דאָס איז ערגער פון אלץ — וואָס איר מאכט זיך ניט פארשטייענדיק.

— איך פארשטיי טאקע ניט.

— און איר וואָלט געדארפט פארשטיין, — האָט זיך שיפרע צערעדט מיט היץ. — איך האָב געמיינט, איר זײַט מענטשן. איר ווייסט, וואָס דאָס הייסט — מענטשן? לעסאָף זײַט איר אזוינע, ווי אלע, — וועלף, וועלף מיט ציינער. נישקאָשע, שיפרע זעט אלץ. א גאסט אף א ווײַל זעט אף א מײַל...

און זי איז אוועק, טיטשענדיק פאָרויס דעם שטעקן, אוועק א דערצאָרנטע אין וועג, נאָך לאנג טײַנענדיק צו זיך אליין.

נאָך פייסעך האָט עסטער, פאָרנדיק אין שטעטל נאָך פארשיידענע קלייניקײַטן פאר איר נײַער באלעבאטישקײַט, זיך אָפּגעשטעלט אונטערוועגנס אין דער סמאָליארניע. אין איין פערטל שאָ האָט זי אויסגערעדט אלץ, וואָס זי האָט געהאט אפן הארצן.

— ער האָט נאָך טײַנעס, — האָט זי דערציילט, — וואָס הייסט, ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז איך בין שוין ניט קיין מיידל? ווו איז עס? „א צופאל, זאָג איך, ניט געראָטן ארונטערגעשפרונגען פון א דאך“... לייגט זיך עס אים ניט אפן סייכל, דעם כאָכעם: ווער שפרינגט עס פון א דאך, סײַדן א מעשוגענער! אָדער בייס א סרייפע, אז ס'איז שוין קיין אנדער ברייִרע ניטאָ. „טאקע בייס א סרייפע, זאָג איך. ס'האָט געברענט“... שוין צוויי כאָדאָשים א מײַסע, און ער קאָן נאָך אלץ ניט קומען צו־זיך. מע האָט אים אָפּגענארט. עס פעלט אים. באנאכט שלאָפט ער ניט שאָען גאנצע און לאָזט מיך ניט שלאָפן. איך זאָל אים נאָר געבן צו פארשטיין, וויִאזוי דאָס איז געשען. וואָס

הייסט, פאַרלירן אזא זאך? ס'איז עפּעס א קלײניקײַט? איר האָט געדאַרפט זען, בונינקע, די שטוב. איך ווייס ניט, ווי זי איז געווען, בייס זי, די ערשטע זײַנע, האָט געלעבט. מיר, ווען איך בין געקומען, איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. א וואָך נאָכאַנאַנד האָב איך געשקראַבעט, גע־ריבן, געוואַשן, געבריט מיט קאָכיקן וואסער, געקאַלכט, געלויזט און געצוואָגן די קינדער, ערשט נאָכדעם זיך א נעם געטאָן לאַטען, צירעווען, כאַטש סײַוויסײַ, פאַרשטייט זיך, בלײַבן זיי די יעסוימים, נעבעך, און איך די בייזע שטיפמאמע. נאָר מײַלע, מיט די קלײנע וואָלט איך שוין ווי־ניט־איז אויסגעקומען. אָבער מיט אים — פונוואַנען זאָל איך נעמען דאָס, וואָס ער האָט פאַרשפּעטיקט? און ער קאָן עס ניט פאַרגעסן. מע האָט געשמועסט, אז ער האָט כאַסענע מיט א מיידל, איר און איטשע כיטריק האָבן אים פאַרזיכערט. ווו זשע איז עס אהינגעקומען? ווי א וואָרעם טאָטשעט ער מיך, טשעפּעט זיך, ווי א בודעק, צו יעדן טראָט. קיין זאך פון מײַנע הענט שמעקט אים ניט. אַלץ איז ניט אזוי, ווי כײַע פלעגט עס מאכן. איך ענטפער ניט, קאַלופּע די נאָז, טו, וואָס איך דאַרף, ביז ער הערט אוף. דאָס וואָלט מען נאָך קאָנען איבערטראָגן. נאָר די לעצטע צײַט האָט ער זיך געמאכט א נײַע געוווינשאַפט: ווי נאָר עפּעס, פאַרגעסט ער, קלוימערשט, ווער איך בין, און הייבט מיך אָן רופן מיט איר נאָמען: „כײַע, זאָגט ער צו מיר, וואָס קאָכסטו הײַנט וואַרמעס?“ — „איך הייס עסטער, זאָג איך, כײַע איז געשטאָרבן“. — „א, זאָגט ער, טאַקע, טאַקע, טאַקע. כײַע איז געשטאָרבן“... און אין א רעגע אַרום ווידער: „כײַע, פאַרטרײַב די הינער אין קאַטוך“... דאַפקע איידל, טאַמעוואַטע, מיט א שמייכעלע. מע קאָן פּלאַצן. ווען ער זאָל מיך שלאָגן, קנײַפּן, וואָלט מיר ניט געווען אזא ווייטעק. אוי, בונינקע, איך וועל עס ניט אויסהאַלטן, איך וועל פון זינען אראָפּ, אויב ער וועט ניט אופהערן...

יאַקוב האָט אָנגעהויבן אָפּטער טרינקען. שטילערהייט כאַפּט ער זיך אַרויס אין דאָרף און קערט זיך אום פון דאָרטן א פאַרטיקער. פאַרבײַגייענדיק קלאַפּט ער, ווי געוויינלעך, אין דער טיר, הערט ניט אוף, ביז מע לאָזט אים ניט אַרײַן, און ער טײַנעט זיך אויס, פרעגט זײַנס: „זא טשטאָ פּראָפּאַדאַיו?..“ איצט האָבן אין זײַנע געפּלאָנטערטע שיקערע רייד זיך אָנגעהויבן אַרײַנ־מישן עפּעס נעפּלדיקע באַטראַכטונגען וועגן פויער און ייִד, קריסט און אומקריסט, אומקלאָרע דראַונגען עמעצן, יענער עמעצער זאָל ניט מיינען: פויעריש בלוט איז טאַקע געשמאַק, נאָר ער וועט זיך מיט דעם נאָך דערוועגן... „ככר!..“ — גיט יאַקוב אַרויס א כאָרכלענדיקן האַלדז־קלאַנג. אזוי־אָ, הייסט עס, וועט מאכן יענער, ווען ער וועט זיך וועגן...

אין א פינצטערער אָנלוואָגעדיקער נאכט האָט געברענט די סמאָליאַרניע.

אריע האָט געעפנט די אויגן פון שלאָף, דערזען די אומפאַרשטענדלעך־באַלויכטענע פענצ־טער, דעם מעלאַמעד, וואָס איז נאָך אַלץ געזעסן איבערן סייפער און געזשומעט שטיל און נאָכאַ־נאַנד, ווי א בין. ער איז אופגעשטאַנען און אַרויסגעקוקט אין דרויסן. א סטויפ פײַער איז הויך געשטיגן, איבערגעפּלאָכטן מיט גראָבע פּאַטלעס רויך. „ערגעץ אַרום דער באַנקע“, — האָט אריע באַשטימט דעם פונקט, און צו טאָדרעסן געזאָגט מיט פּאַרדראָס:

— א סרייפע, און איר שלאָפט זיך.

— הא? — האָט זיך דער מעלאַמעד אופגעכאַפּט. — א סרייפע? טאַקע, טאַקע. ווו ברענט?

— דאָ, בא אונדז.

ער האָט, אייגנטלעך, אַליין באַמערקט דעם פלאַם, נאָר געקלערט, אז מיסטאַמע דאַרף אזוי זײַן און ס'האָט ניט צו אים. ערשט דאָס וואָרט „סרייפע“ האָט געמאכט אף אים א רוישעם. ס'איז קיין קלײניקײַט ניט, האָט ער געדענקט פון שטעטל. אין אזא פאַל מוזן אַלע זיך רודערן, עפּעס טאָן, ראַטעווען.

אריע האָט אָנגעקלאַפּט צום זון און, ניט וואַרטנדיק, ביז ער וועט זיך אָנטאָן, געגאַנגען וועקן דעם שוליאַרניק. יענער איז געשלאָפן א פאַרהלושעטער פון בראַנפן, און וויפל מ'האָט אים ניט געשטורכעט, האָט ער געמוקעט, געבעקעט און אַלץ ניט געקאָנט זיך אופהייבן פון אָרט.

ס'האָט געברענט א גרויסע קאַליוזשע סמאָלע. פון דער פאַס, אין וועלכער די פליסיקײַט איז געשטאַנען, איז צו דער צײַט, ווען די מענטשן זײַנען אָנגעקומען, שוין גאָרניט געבליבן. אפן פּלאַץ זײַנען, כוץ די באַלעבאַטים, געווען כאַניע, לייזער מיט דאַדזשען, ראָבערט. לעשן די סמאָלע האָט קיין זין ניט געהאַט. די אופגאַבע איז איצט געווען פאַרהיטן, עפּעס נאָך זאָל זיך ניט אָנכאַפּן פון א פאַרפלויגענעם פונק. שויעל האָט געקאָמאַנדעוועט, וואָך, אופגעלעבט, ווי אַלעמאָל, ווען ער האָט געהאַט א הייס שטיקל אַרבעט, זיך באַוועגט ענערגיש, אָפּגעגעבן באַפעלן, אַליין דער ערשטער געוויזן א בײַשפּיל — געשעפּטלט א וואָך בא דעם טערפּענטין, אָפּגעוואָרפן די צו נאָענט ליגנדיקע קוילן, צונויפגעשלעפּט אַלע מעגלעכע קיילים און באַצײַטנס פאַר־גרייט וואסער.

טאָדרעס איז נאָכגעגאַנגען נאָך אַריען און אַלץ ניט געקאָנט זיך צוטוליען צו עפּעס אַ טועכץ. ווי ער האָט נאָר געקלערט צו עפּעס זיך נעמען, איז אויסגעקומען, אַז ער איז אַן איבעריי־קער. ענדלעך האָט ער זיך שטילערהייט אַרויסגערוקט און איז אַוועק צו זיך אין שטיבל. „מאָרגן גאַנצפרי דאַרף מען אופשטיין לערנען מיט די קינדער, — האָט ער זיך פאַרענטפערט אין גע־דאַנק. — עטלעכע שאָ מוז מען זיך דורכשלאָפן"...

די סמאָלע האָט געברענט מיט שטורעם און קאָך. און דער פלאַם אין באַנאַכטיקן הימל האָט אויסגעוויזן שרעקעוודיק גרויס. בוניע איז אין איין העמד געשטאַנען פאַרן פענצטער, געקוקט אפן פלאַם, געפיבערט מיטן גאַנצן לײַב און געשעפּטשעט:

— אָט איז עס. כ'האָב געפילט, דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז ס'וועט אַזוי זײַן. אַ סאָף...

דאַניע איז אַ צײַט געשטאַנען לעבן דער מוטער, די אויגן אַרײַנגעטאָן אין פענצטער, אײַנ־גאַנצן פאַרכאַפּט פונעם מוירעדיקן בילד, וואָס ער האָט נאָך אַזוינס ניט געזען. אין דער שטילער לופט איז דאָס פײַער געוואַקסן צום הימל, ווי אַ בוים, פול מיט ברויזנדיקער באַוועגונג, מיט זידנדיקן הונגעריקן קויעך. שפּעטער איז דאַדזשע געקומען אין שטוב נאָך אַן עמער, און דאָס ייִנגל איז מיט אים אַוועקגעלאָפן צום אָרט פון דער סרייפע.

יאַקובן האָט שויעל גלײַך אַף מאָרגן נאָך דער נאַכט אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע. דער שו־ליאַרניק האָט כמורנע אויסגעהערט דעם באַשלוס און גאָרניט געענטפערט. נאָר קעגן סאָף טאָג איז ער שוין ווידער געווען שיקער און געקלאַפּט אין דער טיר, ווי אַ דולער. מ'האָט אים ניט אַרײַנגעלאָזט, נאָר ער איז ניט אָפּגעשטאַנען. פּלוצעם האָט ער אופגעהערט, אַ ווײַלע מיט גלע־זערנע אויגן אָנגעקוקט עפּעס אפן וועג, אופגעהויבן עס און אַ וואָרף געטאָן אין אָפענעם פענצ־טער. די אויסגעזעצטע שויב האָט זיך צעשאָטן מיט אַ קלונג — אין שטוב איז אַרײַנגעפאַלן אַ שטיין. דעמלט איז שויעל אַרויס אין דרויסן, אָנגענומען יאַקובן פאַרן העמד נידעריקער פונעם האַלדז און דערלאַנגט אים מיט דער פויסט אין פּאָנעם אַרײַן איין מאָל און נאָך אַ מאָל.

ווישנדיק דאָס בלוט פון דער נאָז, האָט דער שוליאַרניק געבעלעבעטשעט:

— שלאָג, שלאָג. פאַרוואָס שלאָגסטו ניט נאָך? שלאָג נאָך...

דאָ האָט ער באַמערקט דעם אָנקומענדיקן טאָדרעסן.

— אָט, ראַבין, — איז ער באַלד צוגעפאַלן צו אים, — האָסט געזען? איבער דער מאָרדע, איבער דער מאָרדע. אָ, בלוט, — האָט ער געוויזן די רויט־אײַנגעשמירטע הענט. — און פאַר וואָס?

טאָדרעס האָט ניט געקאָנט זען קיין בלוט. אַ ציטער האָט אים דורכגענומען. ער האָט די אויגן פאַרמאַכט און זיך אָפּגעקערט. יאַקוב האָט זיך נאָך אים געצויגן, נאָכגערופן:

— ניין, זאָג, ביסט דאָך אַ הייליקער מענטש, זאָג — פאַר וואָס? גיי ניט אַוועק...

אין שטוב האָט שויעל געפרעגט:

— וואָס האָט ער געוואָלט פון אײַך, דער שיקער?

— גאָרניט. אַזוי... — האָט טאָדרעס געענטפערט אָן כיישעק.

ער איז געווען צעטראָגן, זיך קיין אָרט ניט געפונען, געהאַט אַ ווידערגעפיל צו שויעלן, ניט געקאָנט קוקן אים אין פּאָנעם אַרײַן.

— איך בין געקומען, ע... — האָט ער פּלוצעם אויסגערעדט אין דער לופט אַרײַן, צו קיי־נעם באַזונדערס, — איך בין געקומען זאָגן... מע זאָל אַף מיר ניט וואַרטן מיט וואַרמעס. כ'בין עפּעס ניט מיט אַלעמען... אַ גוטן.

— וואָס איז אײַך? עפּשער דאַרפט איר עפּעס? — האָט בוניע געפרעגט.

— גאָרניט, גאָרניט... אַ גוטן.

און ער איז אײַלנדיק אַוועק.

## אויס אַרענדע

נאָכן גרויסן געשלעג איז שויעל גרייט געווען דורכקומען מיט די זאַהאָרנער אַף פּשאָרע־באַ־דינגונגען — איבערלאָזן אַ העלפט פונעם שע־טעך אַף פּאַשע, דערפאַר זאָל וועגן דער צווייטער העלפט שוין ניט זײַן קיין קריגערײַ. דער שמועס האָט זיך געפירט באַ צופעליקע באַגעגענישן אין וועג. אין דאָרף אַרײַנפאָרן האָט זיך שויעל ניט אײַנגעשטעלט. גיך איז אים געוואָרן קלאָר, אַז די פויערים וועלן אַף דעם פּלאַן בעשום־אויפן ניט אײַנגיין. אַ העלפט איז זיי ווייניק. און, כוץ דעם, האָבן זיי מוירע, אַז ער וועט אָפּנאַרן: דערווײַל זיך פאַרפעסטיקן אַף אַ טייל און שפּעטער צונעמען די טאָלאָקע אינגאַנצן.

אַ סאַך לײַכטער איז אָנגעקומען איבעררײדן די ווערכליעסער צו אַ נײַעם פּרווו: פאַר זיי איז דאָס ביסל צוגאָב־ערד, וואָס זיי האָבן דורך שויעלן געקראָגן, געווען אַ לעבנס־נייטיקײַט, און זיי

זײַנען גרייט געווען לייגן דערפאַר קויכעס. דער סטאַראָסטע האָט ניט גערוט. ס׳איז אים געווען א כאַרפּע, וואָס ער איז דער ערשטער אנטלאָפן פון פעלד. איצט האָט ער זיך געהיצט, געגלאַנצט מיט די שוואַרצע אויגן, הויך אַף א קאָל כויזעק געמאַכט פון לאַווירינען, פון זײַנע אומגעשיקטע באַוועגונגען, פון זײַן אומגעלומפּערטן קריכן פאַרויס, ווי א ווילדער קאַבאַן. אַזעלכע־אָ איז ערשט גוט צו שלאָגן, און אָט וועלן אַלע זען, ווי ער, דאָמיניק, וועט אים דאָס קומענדיקע מאָל פּאַסעווען, שינדן די פעל, שטיקער וועלן פליִען.

נאָכן פּילטאָגיקן שטילשטאַנד איז דער נײַער אָנקום פון די ווערכליִעסער געווען פאַר די זאַ־האָרנער אומגעריכט. א טייל איז ניט געווען אין דער היים, א טייל איז אַרויס אַף דער טאָלאָקע, ווען מע האָט שוין דאָרט געאַקערט. דאָמיניק מיט עטלעכע פּויערים האָט געבילדעט א ניט־פאַר־נומענע באַוועגלעכע גרופּע, וואָס האָט געגעבן הילף, וווּ מע האָט געדאַרפט. שויעל איז אָנגעקו־מען, זיך פאַרייניקט צו דאָמיניקן, איניינעם מיט אים אומגעגאַנגען, געקאָמאַנדעוועט. אָפטע קרי־גערײַען און צוזאַמענשטויסן האָבן איבערגעשלאָגן די אַרבעט דאָ און דאָרט, נאָר אינגאַנצן זי אָראָפּרײַסן ניט געקאָנט.

פּלוצעם האָט זיך לאַוורין באַוויזן אין דער הייך. ער איז, אַפּאָנעם, געווען ערגעץ אין פעלד און ערשט איצט געוווּיר געוואָרן וועגן דעם, וואָס אַף דער טאָלאָקע טוט זיך. ער איז געלאָפן מיט זײַן שווערן אײַנגעשפּאַרטן לויף גלײַך אַף דעם סטאַראָסטע, שוין אַף אַן אָפּשטאַנד פון עטלעכע הונדערט טריט אָנגעצילט צו אים מיטן פאָרויס־אָנגעבויגענעם קאָפּ, מיט זײַן גאַנצן מאַסיוון קערפּער. ס׳האָט געדוכט, ער יאָגט זיך נאָך אים שוין לאַנג, א גאַנץ לעבן, און אָט־אָ האָט ער אים געפּאַקט.

דאָמיניק האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס מאָל איז די באַגעגעניש אומפאַרמײַדלעך. מע קאָן ניט און עס פּאַסט ניט זיך אויסדרייען פון איר. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך צוגעגרייט, די באַגלייַ־טער אָנגעזאָגט בלײַבן דערבײַ. אָנהייבן וועט ער אַליין, נאָכדעם מעגן זיי אויך צולייגן א האַנט. מע דאַרף אים אײַנטיילן אַזאַ כיילעק, ס׳זאָל זיך אים שוין מער ניט גלוסטן. דאָמיניק איז געווען זיכער אין דערפאָלג. ער האָט געהאַט לעבן זיך זײַנע מענטשן, און די זאַהאָרנער זײַנען געווען צעשפּרייט איבער דער טאָלאָקע, פאַרנומען מיט די אַקערער און זייערע פערד, ניט געלאָזט זיי גיין פאַרויס.

לאַוורין איז שוין געווען גאָר נאָענט, דאָך האָט ער אַף קיין האָר ניט געענדערט זײַן לויף, פּונקט ווי אַפן וועג פאַר אים וואָלט גאָר קיינער ניט געווען. אין דער אָנופהערלעכקײַט פון דער באַוועגונג צי אין דער געדעכעניש וועגן דעם פאַריקן מאָל איז, ווײַזט אויס, געווען אַזוינס, וואָס האָט געבראַכט דעם געוויינלעך פלינקן און דרייסטן דאָמיניקן צו א רעגע פאַרלוירנקײַט. ס׳האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז איידער ער האָט באַוויזן עפּעס אופטאָן, האָט ער זיך שוין געוואַלגערט פון די פיס. ס׳איז געשען פון איין דערשיטערנדיקן שטויס מיט דער פויסט.

— העלפט! שלאָגט! — האָט ער אויסגעשריִען, אויסגלײַכנדיק זיך, און אַליין גענומען פּאַכן מיטן אײַזערנעם שטעקן.

נאָר לאַוורין איז שוין ניט אָפּגעטראָטן פונעם סטאַראָסטע. א פאַרבלוטיקטער האָט ער נאָכ־אַמאָל און ווידעראַמאָל אים דערלאַנגט מיט זײַן שרעקלעכער פויסט, ביז יענער איז, ווי א שמאַטע, אַנידערגעפאַלן צו דער ערד. ערשט איצט האָט לאַוורין באַמערקט, אַז נאָך עמעצער קלאַפּט, שטור־כעט אים פון הינטן און פון די זײַטן. ער האָט זיי אָפּגעוואָרפן, און זיי האָבן זיך אַליין אָפּגערוקט באַלד, ווי זיי האָבן דערזען זײַן פּאָנעם. אַלע ווערכליִעסער האָבן שוין געײַלט מיט די אַקערס צום וועג, צו זייערע פורן, עטלעכע זאַהאָרנער האָבן זיך א לאָז געטאָן נאָך שויעלן. איינער האָט אים פונווײַטן דערלאַנגט מיט א שטיין אין קאָפּ. שויעל האָט זיך אָפּגעשטעלט אַף א ווײַל, צו־געדריקט מיט דער האַנט די וווּנד, זײַנען אָנגעלאָפן די איבעריקע, אָפּגיך אַרײַנגעלייגט אין אים, וויפל זיי האָבן געקאָנט, איבערגעלאָזט אים א ליגנדיקן אין פעלד און אַוועק יאָגן די אַנטלויפנדיקע ווערכליִעסער.

שויעל האָט זיך קוים דערשלעפּט צום וואַלד, זיך צוגעזעצט אַף א פּניאַק. אַלע ביינער האָבן אים ווי געטאָן. דער גאַנצער קערפּער האָט פאַרלאָרן זײַן שטײַפקײַט, איז אָפּגעפאַלן, ווי ער וואָלט געווען פון קלאָטשע. ס׳איז שווער געווען צו עטעמען. ער האָט זיך ניט אײַנגעשטעלט גיין אַהיים צופוס אין אַזאַ צושטאַנד, איז ער מיט א סטעזשקע פאַמעלעך אַוועק צו נעכעמיעס ציגעל־ניע, וואָס איז געלעגן ניט ווײַט פון דעם אָרט באַ א צווייטן ברעג וואַלד.

נעכעמיע האָט, ווי א נאָענטער שאָכן פון די זאַהאָרנער, געוווּסט, וואָס אַף דער טאָלאָקע טוט זיך, און ווען ער האָט דערזען שויעלן אָנקומען מיט שלאָבעריקע טריט און צעמאַזיקטן שטערן, האָט ער זיך באַלד אָנגעשטויסן, וואָס עס איז געשען. ער איז אַרויס אים אַנטקעגן, אַרײַנגעפירט אין שטוב, געגעבן א האַנטעך מיט וואַסער צו דער וווּנד. דער ציגעלניק און זײַן ווײַב האָבן ביידע

באדינט דעם סמאָליארניק, זיך באומרויִקט, איַינגערעדט אים צולייגן זיך. שויעל האָט געבעטן, מע זאָל וואָס גיכער באשטעלן א פור, ער וויל אהיים. נעכעמיע האָט זיך פארטראכט.

— א פור? פון די זאהאַרנער וועט קיינער איצט קיין פור ניט געבן. און ס'איז אפילע ניט קעדיַי, זיי זאָלן וויסן, אז איר זיַיט דאָ. איר וועט מוזן צוווארטן א פאָר שאָ — ביז מיַין פערד וועט זיך אומקערן.

— וועל איך פרווון גיין, — האָט שויעל געזאָגט און זיך אופגעשטעלט. זיך צוגעהערט א וויַיל צו זיַין קערפער און צוריק זיך אנידערגעזעצט. — ניין, איך וועל ניט דערקריכן.

ער האָט זיך אויסגעצויגן אף דער קאנאפע, צוגעמאכט די אויגן און באלד זיי געעפנט. אין שטוב איז אריַין א יִנגל מיט רויטע באקן, זייער ענלעך אפן ציגעלניק.

— שוין א גרויסער באָכער, — האָט שויעל מיט א שמייכל צו אים געזאָגט, — געדענקסט, יִצכאָק, ווי מיר האָבן געהוליעט אף דיַין בריס?

דערנאָך איז ער ווידער א ציַיט געלעגן שטיל, שווער געאָטעמט.

— נאָך ניטאָ די פור? — איז ער געווען אומגעדולדיק.

— ניין. ליגט, ליגט, — האָט נעכעמיע געענטפערט. א וויַיל האָט ער געשוויגן, דערנאָך צוגע־געבן: — איר האָט עס ניט געדארפט, רעב שויעל. איך מיין, די קריג איַיערע מיט די פויערים.

דער ציגעלניק איז שוין לאנג אומצופרידן געווען מיט שויעלן פאר דער מיַיסע מיט דער טאָלאָקע, נאָר אלץ קיין געלעגנהיַיט ניט געהאט מיט אים צו שמועסן.

— זיַיט מיר מויכל, וואָס איך זאָג עס איַיך, — האָט ער גערעדט וויַיטער, — נאָר עפּעס זיַינען מיר דאָך שוין אזוי ווי אָרווים איינער פאר דעם אנדערן. איך מיין אונדזער אמאָליקן טקיִעס־קאף. איר האָט ניט געטאָרט ברענגען דערצו, א נעס, וואָס איר זיַיט געבליבן באם לעבן. ס'האָט, כאָלילע, געקאָנט זיַין ערגער. און ס'איז טאקע אן אוולע אויך. טאקע זייער פאשע פון קאדמוינים אָן. ווען מיַין טאטע, אָלעווהאשאָלעם, האָט נאָך געלעבט, און נאָך פריִער. אָנרייצן א דאָרף אף א דאָרף... ניט גוט, ניט גוט. איר האָט עס ניט געדארפט.

שויעל האָט שוין פארשטאנען, אז ער איז דורכגעפאלן מיט דער ארענדע, און געדולדיק אויסגעהערט די שטראָפרייד פון דעם ציגעלניק.

אריע האָט זיך ניט געמישט אין דעם זונס געשעפטן, נאָר וויַיניק געהאלטן פון זיי.

— כ'ווייס, נאָך וואָס ער יאָגט זיך דאָרטן, נאָך א ווינט אין פעלד. מיר אין אונדזער ציַיט האָבן ניט געהאוועט און געלעבט ניט צו פארזינדיקן.

דער געדאנק וועגן דער ארענדע איז אים לעכאטכילע געפעלן געוואָרן, א רויִקע ארבעט און אף אן אָרט. נאָר ווען ער איז געוווּיר געוואָרן, אז דאָס רעדט זיך וועגן דער זאהאָרנער טאָלאָקע, האָט ער גלַייך א מאך געטאָן אף דעם מיט דער האנט.

— ס'וועט דערפון גאָרניט ארויסקומען.

איצט, אז מע האָט געבראכט צו פירן דעם צעגעריקטן שויעלן, האָט דער אלטער פריִער אופ־מערקזאם אָנגעקוקט דעם זון א פאָר מינוט, באשלאָסן, אפּאָנעם, אז ס'איז נאָך מיט כעסעד, און זיַין ערשט וואָרט איז געווען:

— איך האָב געוווּסט, אז ס'וועט אזוי זיַין. אזא פּאָרעץ, ווי בראָנסקי, ווייסט, וואָס ער טוט. צו וואָס זאָל ער זיך אליין שלאָגן מיט די פויערים? ער האָט דיך אונטערגעשטעלט, דו זאָלסט אָפּטאָן די מיִעסע ארבעט, און ער וועט נאָכדעם באקומען די טאָלאָקע א ריינינקע.

בא דער אָוונטיקער טיי האָט ער באם טיש פאר דאניען און די איבעריקע קינדער דערציילט אָן א שיר מיַיסעס וועגן געשלעגן פון פויערים פאר סערוויטוטן, דערביַי, ווי זיַין שטייגער, גע־מישט עמעס מיט אויסטראכטעניש.

— לאָוורין איז, פארשטייט זיך, אן עמעסער גוואר. נאָר ווי קומט עס צו די אמאָליקע, — האָט ער געזאָגט.

העכער א וואָך ציַיט איז שויעל געלעגן מיט שטעכעניש אין א זיַיט. בוניע האָט אים אלץ אפ־דערנאכט איַינגעריבן כאזער־שמאלץ מיט טערפענטין. ס'איז אים ניט אָנגעשטאנען, וואָס ער האָט געכאפט קלעפּ, און ער האָט זיך אלץ פארענטפערט:

— אז ער איז א גאָרנישט, אָט דער סטאראָסטע זייערער, דאָמיניק, א פּוסטער בארימער. לאָוורין האָט אים א נעם געטאָן, האָט ער גלַייך ארויסגעשטעקט די צונג... רייַב א ביסל שטארקער, וויַיל עס קיצלט... פארשטייסט, בוניע, די ווערכליִעסער צעלויפן זיך אלע און איך בלַייב איינער אליין קעגן א דאָרף פויערים. וואָס האָב איך געקאָנט מאכן?..

— איך בין שולדיק, — האָט בוניע אלץ גענומען אף זיך. — מיר האָט זיך פארוואָלט ווערן אן ארענדאטאָרשע. און דער פּאָרעץ — א קלוגיטשקער: מיט דיַינע הענט וויל ער ארויסשארן די קוילן פון פיַיער. דער טאטע איז גערעכט.

ס׳איז געבליבן, אַז שויעל זאָגט זיך אָפּ פון דער אַרענדע, לאָזט פאַרפאַלן ווערן די איַינגעצאָלטע ראַטע און ברעכט דעם קאָנטראַקט.

אין די טעג האָט בוניע צום ערשטן מאָל פאַרפירט אַ רייד וועגן אַריבערקלײַבן זיך אין שטאָט — דאָ וועט שוין מער ניט זײַן די רויִקייַט, וואָס געווען. און די קינדער וואַקסן אונטער. און אין אַלגעמיין... שויעל האָט עס ניט געוואָלט הערן. ער האָט מוירע געהאַט פאַר דער שטאָט.

— ס׳איז אַזוי אויך ניטאָ, מיט וואָס צו צעפירן די הענט, און דאָרטן, די שטאָטישע הוי־צאָע — זי וועט פאַרשלינגען אַלע פאַרדינסטן. ניין, ניין, זאָלסט אַפילע וועגן דעם ניט ריידן. מיר בלייַבן דאָ.

## דריטער טייל

# פּאַפּירן

די וואַלדישע רו איז פּאַמעלעך צעשטערט געוואָרן אַרום און אַרום. סאָכרים און סמאָליאַרניקעס האָבן זיך באַקלאָגט: אַמאָל, אַז דו האָסט געדונגען אַ פור אָדער אַן אַרבעטער, איז וויפל דו האָסט אים באַצאָלט, איז געווען גוט. איצט זייַנען אַלע געוואָרן מעווינים אָף אַ קערבל, געקראָגן סייכל צו זייַן אומצופרידן. וויפל דו גיסט, איז ווייניק. די עלטערע פּויערים האָבן נאָך אין זיך סטאַט, נעמען אַראָפּ דאָס היטל, זאָגן „גוט־מאָרגן“, נאָר די יונגע זייַנען שרעקלעכע אַזעספּענעמער. וועג־מענטשן האָבן גערעדט, אַז ס׳איז ניט מעגלעך דורכצופאָרן אַ דאָרף. קליינוואַרג, אָקאָרשט פון דער ערד אָפּגעוואַקסן, באַוואַרפן מיט שטיקער בלאָטע, שרייַען נאָך זילזולים. ס׳זייַנען אָפּטער געוואָרן גנייוועס אין דער געגנט. ערגעץ האָבן גאַזלאָנים אויסגעקוילעט אַ ייִדישע מישפּאָכע...

באַ די נאָענטסטע שכיינים איז עס אויך צוגעגאַנגען ניט גלאַט.

צווישן ראָבערטן און כאָניען דעם וואָזאַק האָט זיך צעבערענט אַ דויערנדיקער פאַרביסענער קריג. דער קריג האָט זיך אָנגעהויבן דערפון, וואָס דער לעסניק האָט אין איינעם אַ וואָכעדיקן פאַרנאַכט אָפּגעשטעלט כאָניען שוין גאָר ניט ווייַט פון דער היים און פאַרלאַנגט אַן ענטפער וועגן דעם שטיקל גראַב, וואָס איז געלעגן אין וואָגן, — ווו האָט ער עס אויסגעהאַקט, מיט וועמעס דערלויבעניש.

— ניט אין דייַן וואַלד, — האָט כאָניע געענטפערט און אַ טאָרקע געטאָן דאָס פערד צו פאָרן ווייַטער. נאָר דער לעסניק האָט פאַרשטעלט דעם וועג און צוליב שטאַרקייַט אַראָפּגענומען די ביקס פון אַקסל.

— וואַרף עס אַראָפּ, — האָט ער באַפוילן דעם וואָזאַק. זייַן שמאָל פּאָנעם אין די טונקלבלאָנדע האָר האָט זיך קעסיידער געמינעט פאַר בייזקייט.

— און אויב ניט? — האָט כאָניע געפרעגט.

— וועל איך אַליין אַראָפּוואַרפן.

— איך וואָלט וועלן זען, וויִאַזוי דו וועסט עס מאַכן.

כאָניע האָט גערעדט רויִק. זייַן שוואַרצע באָרד האָט געהאַט אין דער מיט אַ היפּשע גראָוועפּאַסמע, נאָר די ציגייַנערשע אויגן האָבן אויסגעדריקט ניכטערקייַט און קראַפט. ער האָט אַרויסגענומען די ליולקע פון קעשענע, אָנגעשטאָפּט מיט טוטין, פאַררייכערט און, האַלטנדיק זי אין די ציין, אַ פרעג געטאָן:

— וואָס נאָך וועסטו זאָגן?

— אַ צווייט מאָל וועל איך אָוועקנעמען באַ דיר דאָס פערד.

— נאָ, — האָט כאָניע געריירט און איז אַוועק, ניט אומקוקנדיק זיך.

אַ צווייט מאָל האָט ראָבערט גענומען זיך צוהילף דעם לעסניק פון שכייניש באַצירק. כאָניע האָט געזען, אַז מע קאָן דאָ קיין אַקשן ניט זײַן, און אַראָפּגעוואָרפן דאָס שטיקל דעמב אָן איבעריקע רייד, כאָטש ס׳האָט אים געערגערט ביז גאָר. פון יאָר צו יאָר האָט זיך באַ אים געטריקנט אַ ביסל גוט געהילץ, פון וועלכן ער האָט מיט אייגענע הענט אויסגעאַרבעט אַלץ, וואָס ער האָט געדאַרפט פאַרן שפּאַן און פאַרן שטוביקן געברויך, — אַ שליטן, אַן אַקס, אַ דראַבינע, אַ צעבער. וויפל די לעסניקעס האָבן אָף אים ניט געטשאַטעוועט, האָט אים נאָך קיינער פון זיי ניט געפּאַקט באַ דער האַנט. די אומגעריכטע ראָגאַטקע סאַמע באַ דער שוועל פון דער היים איז אים געווען, ווי אַ מעסער אין האַרצן, ער האָט זיך געמוזט קליגן, אָפּט קומען מיט ליידיקן, באַהאַלטן זייַן רויב אין שטרוי, אין היי, אַרייַנפירן עס שפּעט באַנאַכט.

דער לעסניק האָט זיך ניט געשטילט, אויסגעזוכט אַלעמאָל נייַע מיטלען אָף צו קוועטשן דעם וואָזאַק.

דאָס איז געווען אַן אָנזאָג פון הויף: אין וואַלד האָט רעכט אַרומצוגיין דער פּאַרעץ, זײַנע געסט און זײַנע דינער. מער זאָל דאָרט קיינעמס פוס ניט געדאַכט ווערן. אויס פּאַשע, אויס יאַגעדעס קלײַבן. די לעסניקעס האָבן גאַנצע טעג אַרומגעשנאָרעט איבער זייערע באַצירקן, זיך געיאָגט נאָך די בעהיימעס, אַפּגענומען בא די פּויערטעס די קאָשעקעס און די קריגלעך, געשלאָגן, געשאָסן אין די אַנטלויפנדיקע מיט פויגל־שרויט. אין וואַלד איז געווען שטיל: קיין פּײַפל פון אַ פּאַסטעך, קיין קאָל פון געזאַנג.

די היימישע האָט דער לעסניק פונדעסטוועגן ניט געטשעפּעט, באַ אַ באַגעגעניש זיך גע־מאַכט ניט זעענדיק. אַזוי האָט זיך עס געפירט ניט איין זומער. פּלוצעם זײַנען דעם וואַזאַקס קלענערע קינדער געקומען מיט אַ נײַס: ראָבערט האָט זיי אויסגעשאָטן די אָנגעקלײַבענע שוואָ־מען און אַרויסגעיאָגט פון וואַלד.

פּעשע, כאַניעס ווײַב, און רייזל, די עלטערע טאָכטער, האָבן זיך ניט געקאָנט באַרויקן. ווי זשע וועט עס זײַן? פאַר דער שטוביקער באַלעבאַטישקײַט איז עס געווען אַ שווערער קלאַפּ.

רייזלען האָט דער לעסניק ניט אַזוי גרינג פאַרטריבן.

דאָס איז געווען אַ וווקסיקע, פּולברוסטיקע מויד, קימאַט שטענדיק מיט לאַטקעלעך אַף דער בלוזקע קעגן די נאַפּלען, וואָס פּלעגן גיך דורכרײַסן דאָס וואַלוועלע צײַג. פון די אויגן און פון אונטער דער הויט האָט איר געשלאָגן אַ היץ, ווי זי וואָלט זיך אָקאָרשט ערגעץ שטאַרק אָנגעברענט אַף דער זון. אַ הויכע, אַ פלייציקע, מיט אַ קײַלעכיק באַכיינט פּאָנעם, האָט זי זעלטן און קנאַפּ געשמייכלט, געווען קאַרג אַף אַ וואָרט, פון פרי ביז נאַכט אין באַוועגונג און האָרעוואַניע — אין גאָרטן, אין שײַער, אין שטאַל. אַמאָל, שטייענדיק פאַר דער שוועל גלײַך, ווי אַ סאָסנע, נאָכגעקוקט אַ ווײַל אַ דורכפאָרנדיקן צי אַ פאַרבײַגייענדיקן און באַלד ווידער עפּעס געטאָן. אַ ווילדער הונגער צו אַרבעט, אַ כיישעק איבערקערן בערג האָט זי ניט געלאָזט רוען. איבערהויפּט זינט זי האָט אופגעהערט אַזוי שטורעמדיק זיך ציִען אין דער הייך און אָנגעהויבן מער זיך נעמען אין דער ברייט, אָנגיסן זיך אין די קלובעס, אין בוזעם, אין אַלע גלידער.

ניט לאַנג צוריק איז איר געוואָרן זיבעצן יאָר. אַף דער לאָנקע באַם טײַכל, אין פעלד, אין דאָרף האָט זי ניט איין מאָל געזען שטיפן די פּויערשע מיידלעך מיט באָכערים. זי האָט ניט געהאַט מיט וועמען. דאַדזשע לייזערס איז אָסיען־צײַט אַוועק דינען. דורכפאָרנדיקע יונגען, פאַסטעכער אין וואַלד טשעפּען זיך צו איר, כאַפּן, קנײַפּן, סיקעט זי פאַר קאַס, שלאָגט מיט די פויסטן, גיט אַ שטויס, אַז יענער האַלט זיך קוים אײַן אַף די פיס, און זי וואַרפט נאָך אין דעם אַוועקגייענדיקן אַ שטיין צי אַ שײַט האָלץ. זי האָט געאָטעמט מיט אומרויִקן קויעך און לײַדנשאַפט. דער שטעל, דער בליק — שטאָלץ און צאָרנדיק. באַנאַכט אין שלאָף האָט זי זיך אַפּט געוואָרפן, געקרעכצט. אין די כאַלוימעס האָבן זי פאַרפאָלגט מענטשן און כײַעס, געיאָגט, געצופּט, געריסן פון איר שטיקער.

דורכן טאָג האָט זי געווײַנלעך אָפּגעטאָן אַן אַ שיר אַרבעטן: אָנגעטראָגן וואַסער, באַדינט די בעהיימע, געוואַשן גרעט, געגראָבן קאַרטאָפל, פאַרקנאָטן ברויט, און ס׳איז איר אַלץ געווען ווייניק.

אין וואַלד, אַז מ׳איז אין קאָמפּאַניע געגאַנגען נאָך שוואָמען, נאָך יאַגעדעס, נאָך ניס, איז ניט מעגלעך געווען איר נאָכצויאָגן. אַף אַלע ערטער איז זי געווען די ערשטע, אָפּגעליידיקט אַלע בעסערע קוסטיקלעך, ווי אַ ווילכער זיך דורכגעטראָגן, איבערגעלאָזט אומצײַטיקס און דרויב און שוין ווידער געגישטערט, וווּ איז נאָך דאָ געדיכטס און גוטס.

ראָבערטן פלעגט זי מיט איר שאַרפן אויג באַמערקן פריִער, איידער ער זי, און טייקעף מאַכן פיס, אַוועק ערגעץ טיף אין אַ זײַט און דאָרטן ווײַטער קלײַבן, ביז דער קאָשעק פלעגט פול ווערן מיט אַ באַרג, דאַן מיט הינטערסטעזשקעלעך, זיך אומקוקנדיק, זיך צוהערנדיק צו יעדן שאָרך, גיין אַהיים. דער לעסניק האָט אָנגעהויבן נאָכשאַטעווען דאָס מיידל, ווי מע טשאַ־טעוועט נאָך אַ כײַע, אויסקוקן, ווען זי גייט אַרויס, דורכוואַנען זי קערט זיך אום, וווּ זײַנען אירע באַליבטע ערטער, שאָענלאַנג שטיין פאַרטײַעט און וואַרטן, זי זאָל זיך ווײַזן. באַוועגט האָט ער זיך דעמלט איבערן וואַלד מיט זײַנע שטילסטע טריט. זײַן שמאָלע און לאַנגע פיגור האָט זיך געבויגן, אויסגעמיטן איטלעכס צווײַגל און בלעטל, ניט אַרויסצורופן דעם מינדסטן רויש. אָט האָט ער זי דערזען און זיך אַ לאָז געטאָן נאָך איר. „שטיי!" — דונערט ער דערצאָרנט, וואָס זי אַנטלויפט. און דאָס מיידל טראָגט זיך אַף מיט כידושימדיקער גיכקײַט, וואַרפט זיך פלינק איבער פון איין ריכטונג אַף אַן אַנדערער, דרייט זיך אויס און פאַרשווינדט.

געפּאַקט האָט ער זי אין לעשטשיניק, ווען זי איז שוין געגאַנגען מיט פולן צוריק אַהיים. באַהאַלטן אין דער געדיכטעניש, האָרט באַ דער סטעזשקע, האָט ער אָפּגעוואַרט, ביז רייזל איז געווען גענוג נאָענט, און דאַן זי אַ נעם געטאָן פאַרן עלנבויגן. דער קאָשעק איז טייקעף אַרויס־געפאַלן פון איר האַנט, און די ברוסניצעס האָבן זיך צעשאָטן. נאָר ראָבערט האָט זי ניט אָפּגע־

לאַזט. אַן אופגערייצטער, אַן אָנגעגליטער פון פּילטאָגיקן געיעג נאָכן מיידל, האָט ער זיך אַלץ ווילדער געצויגן צו איר, געבויגן זי צו דער ערד, דול פון קאַס און באַגער. זי האָט זיך אײַנגעשפּאַרט אין אים מיט די קני, מיט די דיכן און זיך אָפּגעשטופּט מיט די שטאַרקע פויסטן, פול מיט סינע און שרעק. דערשפּירט אַפן פּאָנעם זײַן באָרד, זײַן מויל און אָטעם, האָט זי מיט אַלע קויכעס זיך געראַנגלט, געשטויסן אים, אויסגעדרייט זיך פון זײַנע אָרעמס. אירע באָרוועסע פיס, באַשפּריצט ביז די קני מיט רויטן זאַפט, האָבן געטראָטן די ברוסניצעס, זיך געגליטשט, אומגעפאַלן, געזוכט אַ פעסטערן אָנשפּאַר. מיטאַמאָל האָט זי זיך איבערגעקערט. דאָס האָט זי געראַטעוועט. ער האָט זיך פאַר אומגעריכטקײַט ניט אײַנגעהאַלטן, אָנגעכאַפּט זי פאַרן קלייד, נאָר זי האָט זיך שוין אופגעהויבן און, איבערלאָזנדיק אין זײַן האַנט אַן אָפּגעריסענעם לאַפּן, מיטן גרעסטן אימפּעט געגומען אַנטלויפן.

אין דער היים האָט זי ניט אַלץ דערציילט, נאָר גיין אַליין אין וואַלד מער ניט געוואָלט.

כאַניע האָט געהאַט אַ קליינע פעסט־אײַנגעאָרדנטע באַלעבאַטישקײַט: אַ שיינע מעלקעדיקע קו, אַ פּאָר פערד, איינס פאַר זיך און איינס פאַרן עלטערן זון. אין שײַער איז פון יאָר צו יאָר געלעגן פאַרגרייט געגוג שטרוי און היי, און קלעווער, און קאָרן, און האָבער, און קלײַען — אַלץ, וואָס מע דאַרף. אַלע ביניאָנים זײַנען בײַ אים געווען גוט ארומגעזען, גוט צוגעדעקט, אין שטוב — שטענדיק וואַרעם און זאַט. די קינדער — געזונטע, האָרעפּאַשנע און שטילע.

ראָבערט איז דעמאָלט געווען זײַנער אַ נאָענטער שאָכן, געוווינט שוין ניט מיט שויעלן, נאָר באַזונדער, אין אַ נײַ אויסגעבויט הויז. איינעמס אַ הון פאַרלויפט אין דעם אַנדערנס גאָרטן, הייבט זיך אָן אַ שילטן, אַ יאָגן, אַ וואַרפן מיט שטיינער. כאַניע האָט שטרענג אָנגעזאָגט זײַניקע, מע זאָל זיך ניט אויסטײַנען מיט די שכיינים, ניט ענטפערן אין קיין פאַל. נאָר דעם לעסניקס הונט האָט מען אין עטלעכע טעג נאָך דעם, ווי ער האָט צעריסן דאָס קליידל בײַ דעם וואָזאַקס מיזינקע, געפונען ליגן באַם וועג אַ טויטן מיט אַ צעקלאַפּטן קאָפּ.

דער פאָרעץ האָט זינט אַ פּאָר יאָר געהעכערט זײַנע לעסניקעס די געהאַלטן, אָנגעטאָן זיי נײַע היטלען מיט גרינע קאַנטן, ארויסגעגעבן די פלײַסיקערע פון זיי לאַשעקעס, זיי זאָלן זיך אויסכאַוון פערד. דעם זומער איז ראָבערט ארויסגעפאָרן אַף זײַנעם צום ערשטן מאָל. ניט גרויס, דין און שלאַנק, מיט אַ טונקל־רויטער פליושענער פעל, מיט אַ שוואַרץ סטענגעלע לענגויס דעם רוקן, איז עס געווען שטיפעריש און מילד, שפּילעוודיק און צוגעלאָזט. אַ זעלטן כיינעוודיקע באַשעפעניש. די קינדער פון דעם יישעוו, ווי זיי האָבן געוויײַכט דעם לעסניק, אים ניט ליב געהאַט, אַזוי האָבן זיי געזוכט די נאָענטקײַט פון זײַן פערדל — כאָטש שטיין לעבן דעם אַ ביסעלע, אַ גלעט טאָן, געבן פון דער האַנט עטלעכע גרעזלעך.

פלוצעם איז מיטן פערדל עפּעס געשען. ס׳האָבן זיך ארײַנגעכאַפּט צו דעם אינווייניק מעשונעדיקע ווייטעקן. די יעסורים זײַנען געווען אַזוי גרויס, אַז מע האָט עס ניט געקאָנט אײַנהאַלטן אין שטאַל. אין דרויסן פאַר אַלעמענס אויגן האָט זיך עס געמאַטערט, געוואָרפן זיך אין אַלע זײַטן, געקײַקלט זיך אַף דער ערד, ווידער זיך אופגעהויבן, זיך געדרייט, קיין אָרט זיך ניט געקאָנט געפינען, די אויגן — מעשוגע פאַר פײַן. ענדלעך איז עס געפאַלן און שוין מער ניט אופגעשטאַנען. ס׳איז געווען פאַרנאַכט. שווײַגנדיק איז כאַניע פאַרבײַגעפאָרן, קאַלט אָנגעקוקט דעם פּייגער, באַ קיינעם גאָרניט געפרעגט, ווי דאָס וואָלט געווען אַ געוויינלעכע זאַך אָדער ער וואָלט שוין אַלץ פריִער געוווּסט.

אריע האָט אין שטוב געזאָגט:

— ס׳איז כאַניעס אַרבעט, ער האָט דעם פערד אונטערגעשאָטן סאַם.

אין אַ פינצטערער נאַכט האָט דער וואָזאַק זיך אופגעכאַפּט אַ באַומרויִקטער פון עפּעס, איז אופגעשטאַנען און, היטנדיק זיך ניט צו מאַכן קיין ראַש מיט דער טיר, ארויס אין דרויסן. אַ צײַט האָט ער זיך צוגעהערט, דערנאָך שטיל מיט די באָרוועסע טריט אַוועק ארום שײַער. אין וועג פאַרכאַפּט מיט זיך אַ היפש דרענגל. צוגעטוליעט צום ברעג פון דער וואַנט, האָט ער זיך איבערגעבויגן צו זען, וואָס הינטערן ראָג טוט זיך. דאָרטן, אַף דער זײַט, וואָס צום וואַלד, האָט זיך עמעצער געפּאָרעט אונטערן דאַך, עפּעס געשטופּט אין דער שפּאַרונע ארײַן. כאַניע האָט זיך צוגעשאַרט און גלײַך געגומען דעקן דעם פאַרשוין מיטן דרענגל. יענער איז אראָפּגעפאַלן, האָט אים כאַניע דערלאַנגט נאָך עטלעכע קלעפּ, דערבײַ אומישנע זיך געמאַכט, ווי ער נאַרט זיך קלוימערשט, מיינט, אַז ער האָט צו טאָן מיט אַן אַנדערן, כאָטש ער האָט דערקענט דעם לעסניק.

— ריהאָרקאַ, אַך, דו גאַנעוו, — האָט ער צו אים געשריִען, — וועסט נאָכאַמאָל קריכן, האַ, ריהאָרקאַ?

פון אונטערן דאַך האָט ער ארויסגעשלעפּט אַ שטיק פּאַקליע, אײַנגעטונקט אין סמאָלע.

זינט דעמאָלט איז כאַניע אין די נעכט שלעכט געשלאָפן, אָפט אופגעשטאַנען, געגאַנגען ארום זײַנע ביניאָנים, געקוקט, געהערט.

אין איינעם א שאבעס נאָך וואָרמעס האָט זיך אין דעם יִשעוו באַוויזן דער אוריאַדניק מיט זײַן שיינער העל־גרויער שקאַפּע אין דער לײַכטער ציגלפאַרביקער, מיט שוואַרצע לײַסטלעך צעקעסטלטער קאַליאַסקע. לעם דעם וואָזאָקס הויז האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און דורך א קינד אַרויסגערופן צו זיך דעם באַלעבאָס, וואָס האָט זיך שוין געקליבן כאַפּן א דרעמל נאָכן טשאָלנט.

— ווי הייסט איר? — האָט דער אוריאַדניק גענומען אויספרעגן דעם וואָזאַק. — אײַער פאַטערנאָמען? די פאַמיליע? פון יודאַישן גלויבן? און מיט וואָס פאַר א רעכט וווינט איר דאָ? וועלכע פאַפּירן האָט איר דערויף?

כאַניע האָט אָף אַלץ געענטפערט מיט זײַן געוויינלעכער רויִקייט, נאָר צום סאָף איז ער א ביסל צעטומלט געוואָרן. די ערשטע מינוט האָט ער פּאַשעט ניט פאַרשטאַנען, וואָס מע וויל פון אים. ער איז געבוירן געוואָרן אין דעם ווינקל, א גאַנץ לעבן פאַרבראַכט אין די וועלדער.

— איך האָב ניט קיין שום פאַפּירן, — האָט ער געזאָגט, — צו וואָס דאַרף איך זיי?

— וועט איר מוזן אַרויספאָרן פונדאַנען — האָט דער אוריאַדניק געמאָלדן.

— וווּהין?

— ניט מײַן אייסעק. דאָ האָט איר ניט קיין ווױנרעכט.

פּעשע האָט גענומען טאָרען דעם מאַן, שלעפּן אים פאַרן אַרבל, שעפּטשען:

— נאָסן דעם אָדן עטלעכע ראָד. זעסט ניט, וואָס ער מיינט?

נאָר כאַניע האָט זיך ניט גערירט, פון באַלייִדיקונג און צאָרן קיין ווערטער ניט געפונען.

ער האָט געשוויגן אויך שפּעטער, ווען פּעשע, שוין איינינעם מיט בוניען, וואָס איז אַרײַן געוווּיר וואָרן די שכיינים, האָבן אים געיאַדעט, לעמיי ער האָט אָפּגעלאָזט דעם אוריאַדניק מיט ליידיקע הענט. שטענדיק אזא ניכטערער און זאַכלעכער, האָט ער איצט ניט געקאָנט קומען צו־זיך פון דער אַוולע, וואָס איז אים געטאָן געוואָרן.

— ווילן זיי, הייסט עס, — האָט ער געשריִען, — מיך אַרויסטרײַבן פונדאַנען? ווײַל איך בין א ייִד? ברענען זיי דעמלט אַלע מיט אין פײַער איינינעם מיט אַלץ מיטאַנאַנדער.

מער פון אַלץ האָט אים געברענט די פאָדערונג, ער זאָל צושטעלן פאַפּירן.

— אָט זײַנען מײַנע פאַפּירן, — האָט ער געוויזן אָף זײַן קאָפּ, אָף דער באָרד. — איך בין דאָ גראָוו געוואָרן. אָט, אָט זײַנען מײַנע פאַפּירן, — האָט ער געוויזן אָף דער שטוב, אָפן גאָרטן. — ביז אונדז זײַנען דאָ קיין מענטשן ניט געווען. ביז אונדז איז דאָ קיין וועג ניט געווען. מיר האָבן אים די ערשטע דורכגעלייגט. פאַפּירן פעלן מיר נאָך...

פונדעסטוועגן האָט מען אים אײַנגערעדט צופאָרן זונטיק גאַנצפרי צום אוריאַדניק.

דער אוריאַדניק האָט גערן גענומען דאָס דרײַערל, צוגעזאָגט אָפּציִען די זאַך ווי ווײַט מעג־לעך, נאָר אינגאַנצן זי צונישט מאַכן וועט זיך מיסטאַמע ניט אײַנגעבן, ווײַל מע קוועטשט פון הויף. אַליין דער פאַרוואַלטער אינטערעסירט זיך מיט דעם איניען, האָט ער געגעבן אָנצו־הערעניש.

— איך וויל דען ניט פאַרדינען? — האָט ער זיך פאַרענטפערט. — אדראַבע, מיטן גאַנצן האַרצן. נאָר אָנהייבן זיך מיט א פּאָרעץ, איר פאַרשטייט אַליין, ס'איז ניט קיין שפּילכל.

איינמאָל איז כאַניע געקומען פון שטעטל מיט א נײַס:

— ייִדן פאָרן קיין אַרגענטינע. מע גיט זיי דאָרטן ערד. דער רימער האָט מיר געלייענט בריוו פון זײַן אייִדעם. מע קאָן דאָרטן לעבן.

ער האָט געהאַט ברידער ניט ווײַט פון זײַן ייִשעוו. געוויינלעך האָט מען זיך ניט געזען כאַדאָשימלאַנג. איצט האָט ער פאַרקירצט די וואָזקע, אָנגעלייגט וועג, פאַרפאָרן צו איינעם און מיט עטלעכע טעג שפּעטער צום אַנדערן זיך דורכריידן. זיי זײַנען אַלע געווען וואָזאַקעס, אַלטע וואַלד־אײַנוווינער, אײַנגעוואָרצלטע אין דעם באָדן, ווי די ביימער. זיי האָבן געפּלאָמט, מיט די ציין געקריצט:

— וואָס הייסט פאַפּירן? אונדזערע זיידעס האָבן דאָ געלעבט!

— האָרעווע, בוי, נאָכדעם קומט א שוואַרציאָר, א רויטער קאָלנער און זאָגט דיר: גיי!

— אָט דעם גאָרטן האָב איך מיט מײַנע הענט אַליין אויסגעקאָרטשעוועט, יאָרן מיט ווײַב און קינדער אָף אים געאַרבעט, צעגראָבן, פאַרזעצט, וועט קומען א כאַזער און אין איין טאָג אים צעטאָפּטשען, צעריִען. א, ניט דערלעבן וועלן זיי עס!

— מע דאַרף ניט שווײַגן, אָנשפּאָרן ביזן סענאַט, ניט דערלאָזן.

כאַניע האָט פון קיין שום סענאַט ניט געוואָלט הערן. ער איז געווען ניט צו דערקענען, האָט פאַרלאָרן זײַן אײַנגעהאַלטנקייט און אָפּגעוויגנקייט, זײַנע שטילע רייד.

— אוועק דאַרף מען פונדאַנען, — האָט ער געשריִען, און די אויגן האָבן מיט פונקען געשפּריצט. — אין אַרגענטינע, שרײַבט מען, זײַנען ייִדן פאַרעכנט פאַר מענטשן, ניט פאַר הינט. וואָס זשע זײַנען מיר קראַנק צו באַאַרבעטן די ערד, ווי אַלע פּויערים? נישקאָשע, איך טויג נאָך

צום אקער ניט ערגער, ווי צו דער וואָזקע. און מײַן יאנקל, און מײַן רייזל, קיין אײַנהאָרע, מיר זײַנען ניט קיין שטעטלדיקע כניאָקעס.

די געשיכטע מיט כאָניען האָט געמאכט א רוישעם אין די ייִשוּווים. לייזער האָט געטײַנעט:

— אז איך בין א געשטראָפטער. לײַט האָבן צו עטלעכע זין, און אלע זײַנען אין דער היים, און מײַנעם, אָן אײן־אײנציקן, האָט מען צוגענומען. און מאלקע מײַנע — צו וואָס טויג זי? וואָס וועל איך מיט איר אופטאָן אָף דער ערד?

שויעל האָט, ווי שטענדיק, מעקאנע געווען בערע דעם מילנער.

— ווען איך האָב איצט אזעלכע זעקס באָכערים, וואָלט איך מיט זיי אײַנגענומען ארגענטינע. מיר וואָלטן דאָרט פארלייגט א באלעבאטישקײַט מיט שאָף און רינדער, און ס'וואָלטן זיך פון אונדז אָנגעהויבן נײַע ייִדישע שוואָטים.

בוניע האָט דערפון ניט געהאלטן.

— ווי קומען מיר צו ערדארבעט? מיר דארפן אריבער אין שטאָט.

# קייטן קלינגען

דער פאָרעץ האָט די טאָלאָקע ניט אָפגעלאָזט. א כוידעש נאָך דעם, ווי שויעל האָט זיך אָפגעזאָגט פון דער ארענדע, איז פלוצעם אָנגעפאָרן א גאנצער אָטריאד: עטלעכע פארובקעס מיט אקערס, לעסניקעס מיט ביקסן, אייניקע פון זיי רײַטנדיק. אין דער שפּיץ — דער פעסט־געפאקטער רויטפּנעמדיקער עקאָנאָם מיט די גראָבע פלאקסענע וואָנצעס. די זאהאָרנער, אופגעמונטערטע פון זייער זיג איבער די ווערכליעסער, זײַנען אָן קיין שום קווענקלעניש ארויסגעטראָטן קעגן הויף, אָנגעלאָפן און גלײַך זיך ארופגעוואָרפן אָף די אָנגעקומענע און אָף זייערע פערד.

לאוורין האָט זיך איצט געשלאָגן ניט אָפגעזונדערט, ווי פריִער, נאָר צוזאמען מיט א היפּשער קאָמפאניע פויערים, וואָס האָבן זיך קעסיידער געהאלטן לעבן אים, באגלייט אים אין אלע זײַנע באוועגונגען, געפאָלגט זײַן מינדסטן ווונק, אמאָל אונטערגעזאָגט א גלײַכע זאך. אויך ער האָט שוין ניט געשפּארט אזוי בלינד, אָפּט אָף א רעגע זיך אָפגעשטעלט, זיך געייִשעווט מיט די זײַניקע, געפילט, קאָנטיק, פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר דעם איניען, פארשטאנען, אז די קראפט זײַנע געהערט ניט אים, נאָר אלעמען. מאכמעס דער זעלבער סיבע איז ער דאָס מאָל געקומען ניט מיט ליידיקן, נאָר מיט א היפשן דרענגל אין דער האנט.

ער האָט זיך געהאט א לאָז געטאָן צו דעם עקאָנאָם, נאָר עמעצער האָט געייצעט:

— אים איז גלײַכער ניט טשעפּען. די לעסניקעס דארף מען צעברעכן די ביינער, די הינט.

אָף די לעסניקעס האָבן די פויערים געטראָגן א הארץ שוין פון לאנג און איצט זיי אָפגעצאָלט פאר אלע קריוודעס. ראָבערטן און נאָך איינעם — מיט פלעקער צעשפּאָלטן די קעפּ. א דריטן, וואָס איז צוגעריטן צוהילף, האָט לאוורין אראָפגעשלעפּט פון פערד און דערבײַ אים דערלאנגט איינעם פון זײַנע טרוקענע קלעפּ, נאָך וועלכן יענער האָט א צײַט ניט געקאָנט כאפּן דעם אָטעם. די פארובקעס האָבן, אפאָנעם, קיין כיישעק ניט געהאט זיך שלאָגן און אליין זיך אָפגעטראָגן. דער עקאָנאָם איז אומגעפלויגן הין און הער, געסטראשעט, געזידלט, נאָר ס'האָט אים קנאפּ געהאלפן.

די פויערים האָבן וווּל פארשטאנען, אז ס'איז ניט דער סאָף. א גאנצן טאָג נאָכדעם איז מען געשטאנען אין רעדלעך און דערציילט מיט הויכע קולעס, וויאזוי ווער וועמען עס האָט דערלאנגט, געפלאנעוועט, ווי מע וועט עס מאכן בא דער נײַער באגעגעניש. לאוורין האָט געפּיפּקעט זײַן ליולקע און, ארומגערינגלט מיט אוילעם און ראש, געשוויגן, ווי שטענדיק. מע האָט גערימט זײַנע קלעפּ, זיך דערמאָנט עפּעס א באזונדערס געראָטענעם אופטו זײַנעם. ער האָט זיך ניט ארײַנגעמישט מיט קיין וואָרט, געהערט, אמאָל צוגעשמייכלט, נאָר ווען עמעצער האָט געזאָגט: „א גלעזל בראנפן פארן ארויסגיין וואָלט ניט געשאט, הא, לאוורין? צוליב שטארקײַט“, האָט ער געענטפערט:

— ניין. איצט מער ווי אלעמאָל דארף דער קאָפּ זײַן אָפן אָרט. איר טרינקט אײַך. איך וויל ניט.

אָף מאָרגן אינדערפרי האָבן די זאהאָרנער שוין פונווײַטן געזען, אז עס רוקט זיך אָף זיי א כמארע: איניינעם מיט די פארובקעס א היפּשע צאָל רײַטער און פּאָליציי. עמעצן פון די פויערים האָט אָנגעכאפּט דער סאָפּעק:

— עס גייט מיט זיי די וולאסט, — האָט ער געזאָגט, — ווי זשע קאָנען מיר זיך שטעלן אנטקעגן? עס זאָל זיך ניט באקומען שלעכט. הא, ברידערלעך?

לאוורין האָט ווי ניט געהערט יענעמס רייד.

— לויף אין דאָרף, — האָט ער געהייסן איינעם פונעם יונגוואַרג, — און זאָג, אַלע זאָלן באַלד אַרויס אַהער. די באַבעס אויך. אַלע ביז איינעם. נאָר גיכער... איצט דאַרף מען, אַז אַף דער טאָלאָקע זאָל זײַן וואָס מער אויליעס, זיי זאָלן האָבן קלאַפּאַט. און מיר וועלן דערווײַל געבן קלעפּ.

דער פּריסטאַוו, וואָס איז אין דער באַגלייטונג פון צוויי אוריאַדניקעס אַראָפּגעקומען צוזאַמען מיט די הויפישע מענטשן, האָט זיך געקליבן האָבן פריִער פאַר אַלץ אַ שמועס מיט די פּויערים, זאָגן זיי עטלעכע האַרבע ווערטער, געבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס, וואָס זיי טוען, רופט זיך בונט און שמעקט מיט סיביר, מיט קאַטאָרגע. ער האָט געוואָלט ווײַזן, אַז וואָס דער הויף האָט ניט געקאָנט אויספירן מיטן קויעך פון זײַנע לעסניקעס און פּאַרובקעס, וועט ער עס מאַכן בלויז מיטן אויטאָריטעט פון דער מאַכט.

ער האָט ניט פאַרגעסן דעם מיִעסן צופאַל, וואָס איז אַנומלטן געשען מיט איינעם פון זײַנע אוריאַדניקעס. דער פּאָרעץ איז צו דער צײַט, זאָגט מען, געווען אומצופרידן פאַר עפּעס מיט דער גובערניע. ווי ער האָט באַמערקט דעם אוריאַדניק אַפן דזידזינעץ, אַזוי האָט ער אַף אים באַלד אָפּגעלאָזט זײַן באַרימטן האַלוס — אַ ריזיקן געלן הונט, וואָס שפּרינגט ווי אַ לייב. דער אוריאַדניק האָט אַ דערשראָקענער גענומען זוכן אַ ווינקל, וווהין זיך צו ראַטעווען. דערזען עפּעס אַ סטויפּ אײַנמיטן הויף און זיך אָנגעכאַפּט אָן אים. „אַזוי, אַזוי, — האָט ער דערהערט דעם פּאָרעצס קאָל, — אַפן סטויפּ, אַפן סטויפּ! נאָר גיכער קריך, גיכער!“ דער אוריאַדניק האָט געאַרבעט מיט די הענט און מיט די פיס, זיך געגליטשט פאַר אומגעשיקטקייט. און דער פּאָרעץ האָט אַלץ אונטערגעוואָרעמט: „העכער! העכער! נאָך העכער!..“ אַזוי פאַרטריבן אים צום סאַמע שפּיץ, איבערגעלאָזט אונטן דעם הונט, אָנזאָגנדיק, ער זאָל זיך ניט רירן פון אָרט, און אַליין ערגעץ אַוועק אַף אַ שטאַרקער פּערטל שאָ...

איצט איז דער פּריסטאַוו געווען גרויס באַ זיך, וואָס דער הויף האָט געמוזט אָנקומען צו זײַן הילף. ער האָט ניט געסאָפּעקט איינעם דערפּאָלג און זיך געקליבן מאַניפעסטירן באַ דער געלעגנהײַט דעם באַטײַט פון זײַן מאַכט, אַז דער, וועמען עס געהער, זאָל אַף ווײַטער וויסן, וויִאַזוי זי צו שעצן. נאָר באַקומען האָט זיך דער טײַוול ווייסט וואָס.

איידער דער פּריסטאַוו האָט באַוויזן אויסריידן אַ וואָרט, האָט זיך שוין פאַרקאָכט אַ מוירעדיקע קאַשע. קלאַפּעס, דראַונגען און גלאַט אויסגעשרייען האָבן געטרוישט אין דער לופט. די רײַטער האָבן זיך געיאָגט איבערן פעלד — געפּאַסעוועט מיט די אַראַפּניקעס. עמעצן האָט מען געטאָפּטשעט מיט די פיס, באַ אַ צווייטן איז אַ העלפט פּאָנעם געווען פאַרליאַפּעט מיט בלוט. דערווײַל האָבן פון דאָרף איינע נאָך די אַנדערע אָנגעהויבן אָנלויפן אַלץ נײַע און נײַע כוואַליעס מאַנצבלען און פרויען מיט פלעקער און העק — אַראָפּגעגאָסן זיך פון באַרג אַף דער טאָלאָקע און באַלד אַרײַן אין קעסל פון געשלעג. ווײַבער האָבן מיט ווילעס געשטאָכן די פערד אין די בײַכער. אייניקע פּויערים זײַנען אָנגעפאַלן אַף די פורן, געהאַקט די אַקערס, געשניטן די פּאָסטראָמקעס. דער פּריסטאַוו האָט אויסגעשאָסן פון זײַן רעוואָלווער אין דער הייך. נאָר קיינער האָט זיך אַף אים ניט אומגעקוקט. דער קנאַל פון שאָס האָט אָפּגעקלונגען שוואַך און טויב, ווי פון ערגעץ ווײַט. לאַווריִן האָט זיך גענומען צו די רײַטער: אָנגעלאָפן מיט זײַן שווערן אײַנגעשפּאַרטן לויף האַרט אַפן פערד, ווי צעיאָכמערט עס זאָל ניט זײַן, און, גלײַכגילטיק צו דעם האָגל קלעפּ, וואָס האָט זיך געשאָטן פון אויבן, ניט אָפּגעשטאַנען, ביז ער האָט אָנגעכאַפּט דעם פאַרשוין פאַר אַ פוס, דאַן מיט איין דערשיטערנדיקן שלעפּ אַרויסגעפליקט אים פון זאָטל און אַ צעשטערכעטן אַראָפּגעוואָלגערט, ווי בראָכוואַרג, אונטער די פיס. עמעצער פון די לעסניקעס האָט אין אים אַרײַנגעשאָסן אַ מעסטל שרויט. לאַווריִן האָט דערפילט, ווי עפּעס האָט אים אָפּגעבריט די פלייצע, נאָר אַף קיין רעגע זיך ניט פאַרהאַלטן, ווײַטער געלאָפן פון איין אָרט צום אַנדערן, זיך אויסגעזוכט אַלעמאָל אַ נײַעם ציל. דער העלער פּאַטלאַטער קאָפּ און ענלעכער אַף אַ וואַלון רוקן האָבן זיך געוויזן אַף דער טאָלאָקע צווישן אויליעס אַמאָל דאָ, אַמאָל דאָרט, דורכגעבויערט יעדע ענגשאַפט, זיך שטענדיק באַוועגט אַהין, ווו ער האָט געדאַרפט, און ס'האָט געדאַכט, — ס'איז גאָר ניטאָ די קראַפט, וואָס זאָל אים קאָנען פאַרשטעלן דעם וועג.

די טאָלאָקע, ווי ברייט זי איז, איז פול געוואָרן מיט מענטשן און מיט באַוועגונג. מאַנצבלשע גראָבשטימיקע אויסרופן און שנײַדיקער פאַרביטערטער פרויען־קוויטש האָבן געשאָלט אינדערלופטן. אין טומל האָט דער פּריסטאַוו געכאַפּט פון עמעצן אַ זעץ און, האַלטנדיק זיך מיט ביידע הענט פאַרן שאַרבן, אַ פאַרטשמעליעטער געזוכט, ווו שטייט ערגעץ זײַן קאָליאַסקע. דער עקאָנאָם, וועלכן לאַווריִן האָט ענדלעך אַ פּאַק געטאָן, איז געבליבן שטעקן מיט איין פוס אין דער סטרעמענע פונעם אַראָפּגעפּאָרענעם זאָטל, און דאָס צעטראָגענע פערד האָט אים געשלעפּט איבערן פעלד אַ הענגענדיקן מיטן קאָפּ אַראָפּ. אײַנגיכן האָט מען אַפן וועג דערזען די אָפּפּאָרנדיקע פאַרשטייער פון דער מאַכט, און נאָך זיי האָבן אייניקע זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען אַלע

איבעריקע. די זאַהאַרנער האָבן זיי נאָכגעשריִען שענדלעכע ווערטער, געפּאַקט מיט אופגעהוי־בענע העק.

די פאַרוווּנדעטע און צעמאזיקטע פּויערים האָבן זיך די ערשטע אוועקגעשלעפּט צו זייערע וווינונגען, היילן דאָרטן די ביילן מיט היימישע קריַיטעכצער אָדער פּראָסט איבערוואַרטן, ביז ס'וועט פון זיך אליין גרינגער ווערן. לאַוורינען האָט אן אלטער פּויער דאָ גלייך אפן פעלד מיט א דרעטל אויסגעדלובעט פון דער פּלייצע די שרעטעלעך. ער איז געשטאַנען מיט א פאַרהויבע־נעם העמד, געדולדיק און דאַנקבאַר. ארום איז שוין געווען שטיל. מ'האָט געהערט, ווי א זשאַוואָ־ראָנאָק פאַרגייט זיך ערגעץ הויך אין דער בלוי.

עטלעכע טעג איז געווען רויק. פון הויף האָט זיך קיינער ניט געוויזן. אין א לויטערן פרי־מאָרגן, ווען די זאַהאַרנער טשערעדע האָט זיך פרידלעך געפּאַשעט אף דער טאָלאָקע, איז אין דאָרף אריינגעפאָרן א קאָליאַסקע. אין איר — דער פּריסטאַוו מיט עפּעס אן עלטסטן פון אויעזד, און נאָך זיי א צענדליק פּאָליציִאַנטן ריַיטנדיק. מאַנצבלען און פרויען, ווער ס'איז געווען אין דרויסן, זיַינען זיך טייקעף צעגאַנגען. מוטערס האָבן פאַרנומען די קינדער, זיי זאָלן זיך ניט וואַרפן אין די אויגן. די גאַס איז פּוסט געוואָרן. די זעלבע פּויערים, וואָס עס איז גענוג געווען, א פרעמדער זאָל שטעלן א פוס אף דער טאָלאָקע, און זיי זאָלן טייקעף, ניט צונויפגערעדטער־הייט, אָן קיינעמס רוף, אלע ביז איינעם אהין ארויסלויפן, גרייט שלאָגן זיך פאַר זייער פּאַשע ביז בלוט, ניט שאַנעוווען זיך, ניט אכטן אף קיין שום געפאַר, זיַינען איצט פאַרלוירענע געזעסן איטלעכער הינטער זיַין פאַרמאַכטער טיר, און ס'איז זיי אפילע ניט איַינגעפאַלן צו רירן זיך פון אָרט, צונויפנעמען זיך, איַינשטעלן זיך איינער פאַר דעם אנדערן, עפּעס טאָן.

די געקומענע האָבן געבראַכט מיט זיך א פאַרטיק צעטל און, גייענדיק פון שטוב צו שטוב, ארויסגעפירט אלעמאָל א נייעם פון די, וואָס זיַינען בא זיי געווען אָנגעצייכנט. דאָ און דאָרט האָט זיך פון מאָל צו מאָל צעהילכט א יעלאָלע פון א פרוי, וואָס האָט ארויסבאַגלייט איר צוגע־נומענעם מאַן, און בא שכיינים האָט מען שטום, מיט פאַרשטאַרבענע הערצער געוואַרט, עפּשער וועט מען קומען אויך צו זיי.

דעם ערשטן האָט מען ארעסטירט לאַוורינען. ס'איז געשען, ווי ער וואָלט שוין פון לאַנג אָן געוווּסט, אז ס'וועט אזוי זיַין מיט אים. א גרויסער, אונטערשפּאַרנדיק די סטעליע מיט זיַין הייך, איז ער געשטאַנען מיט דער ליולקע אין מויל. מ'איז אריַין צו אים פּאַרזיכטיק, מיט אָנ־געצילטע רעוואָלווערן. נאָר ער האָט אליין אויסגעשטרעקט די מעכטיקע הענט אנטקעגן די קאַנדאַלן, וואָס מע האָט אים צוגעטראָגן. דעם וויַיב האָט ער געהייסן אָנטאָן אים א טאָרבע און אריַינלייגן אהין א לעבל ברויט, איבערשיטן אים אין קיסעט דאָס ביסל מאַכאָרקע פון טישקעסטל. זי האָט געיאָמערט, די קליינע פּאַראַסקע, מיט געוויין און צאָרן אויסגעשריִען די פּאָליציִאַנטן אין פּאָנעם אריַין, ווער זיי זיַינען און וואָס זי טראַכט וועגן זיי, געפרעגט בא לאַוורינען, אף ווע־מען לאָזט ער זי איבער מיט די פּיצלעך קינדער. ער האָט גאָרניט געזאָגט, א גלעט געטאָן מיט דער געקאָוועטער האַנט איבער איר אקסל, האַרציק אָנגעקוקט א ווייל די פאַרקלעמטע קינדער, זיך אָנגעבויגן פאַר דער טיר און ארויס. זיַין גאַנצע פיגור האָט געאָטעמט מיט ווירדע און גרויס־אַרטיקער רעזיגנירטקייט. ס'האָט געדאַכט, ער האָט שוין אָפּגעטאָן אלץ, וואָס ער האָט געקאָנט, און מער איז שוין פון אים קיין זאַך ניט געווענדט. ער געהערט שוין ניט פון איצט אָן ניט זיַין שטוב, ניט זיך אליין, נאָר דעם לאַנגן פאַרשטייענדיקן וועג.

די ארעסטירטע פּויערים האָט מען געפירט אין שטאָט אריַין דורך דער סמאָליאַרניע. גרויע, פאַרלאָשענע, האָבן זיי זיך געשלעפּט אין רינג פון די ריַיטנדיקע פּאָליציִאַנטן, וואָס האָבן פון ציַיט צו ציַיט מיט א געשריי, א ברום אונטערגעטריבן אָן אָפּגעשטאַנענעם אָדער אין דער זיַיט פאַרגאַנגענעם. לאַוורין האָט, אויסטיילנדיק זיך מיט זיַין גרייס, געשפּאַנט איינמיטן וועג מיט א רויקן טראָט. דער פעסטגעזעצטער קאָפּ העכער די מאַסיווע פּלייצעס — פול מיט נאַטירלעכן שטאָלץ. דאָס קייַלעכיקע פּאָנעם, באַוואַקסן מיט בלאָנדע האָר, — גוטהאַרציק און שטרענג. די קינדער פונעם קליינעם יִישעוו האָבן נאָכגעקוקט די גרופּע, ביז זי איז פאַרשוווּנדן צווישן דיביימער.

— ווען ער זאָל ווען, וואָלט ער איינס און צוויי צעריסן די קאַנדאַלן און די גאַנצע פּאָליציי צעהאַרגעט, — האָט עמעצער פון קליינוואַרג ארויסגעזאָגט א סוואַרע.

דאַניע האָט געשוויגן. ער איז שוין געווען ניט קיין קליינינקער. ער האָט געוווּסט, אז דער טאַטע האָט זיך געקריגט מיט די זאַהאַרנער, געוואָלט בא זיי אָפּנעמען די פּאַשע, און דערפאַר האָבן זיי אים געשלאָגן. דער טאַטע אליין האָט מיט דערעכערעץ דערציילט וועגן לאַוורינען און זיַינע גוווּרעס אפן פעלד, אויך וועגן די געשעענישן פון די לעצטע טעג, צופרידן, וואָס די פּוי־ערים האָבן אָנגעבויקערט די ביינער ניט נאָר אים — אויך דעם פאַרעצס מעשאָרסים מיט דער

פּאָליציי איניינעם. איצט האָט דאַניע געזען לאָווריגען א געקאָוועטן אין קייטן, געהערט דעם זיידנס ווערטער, אז מע פירט אים קיין סיביר, געטראַכט, אז דער פאָטער האָט א כיילעק אין דעם אומגליק, און ניט געקאָנט עס אים מויכל זיין, ניט געקאָנט אים גלייך קוקן אין די אויגן, ניט געקאָנט ריידן. ס'האָט אים געוואָרגן באַם האַלדז. ווען מע האָט אָנגעהויבן צושטיין, וואָס איז מיט אים, וואָס איז ער אזוי צערודערט, האָט ער זיך פּלוצעם ביטער צעוויינט, און אופגע־רייצטער געשריִען: „טשעפּעט מיך ניט! לאָזט צורוּ!“ און איז אוועק פון שטוב.

אין אָוונט האָט אריע דערציילט:

— פאַראַן אזא וועג, א טראַקט. ברייט און באַ די זייטןביימער, ווי אף יעדן טראַקט. ער הייבט זיך אָן באַ דער גרענעץ, ציט זיך ביז מינסק, גייט אוועק אף סמאָלענסק, פון דאָרטן אף מאָסקווע און פון מאָסקווע ווייטער איבער גאַנץ ראַסיי אַזש ביז סיביר. א ביטערער וועג. קיי־נער טאָר ניט פאָרן אף דעם טראַקט, ניט גיין, ניט אפילע שטיין לעבן אים און קוקן. ער איז פאַר זיי, פאַר די, וואָס האָבן א מענטשן געהאַרגעט, פאַר גאַזלאָנים, פאַר אַזעלכע, ווי לאָוורין, וואָס האָט געבונטעוועט. דאָס איז געווען א בונט קעגן פּאָרעץ. פאַראַן נאָך אַזעלכע, וואָס בונטע־ווען קעגן קייסער אליין... זיי אַלע טרייבט מען מיט דעם וועג אף קאַטאָרגע, קיין סיביר. מע גייט דאָרט באַטאָג און באַנאַכט. אזא מעדינע מיט אַזויפיל אָסטראָגן. יוי... געזען האָב איך ניט, נאָר איינמאָל באַנאַכט זיינען מיר פאַרבייגעפאָרן ניט ווייט. ס'איז געווען א שטילע נאַכט, האָבן מיר געהערט: קייטן קלינגען. ניט א שאָ און ניט צוויי, א האַלבע נאַכט, ביז מיר זיינען ניט אָפּגעפאָרן אין א זייט, האָבן מיר געהערט, ווי זיי קלינגען...

## די שוואַרצע קאַרעטע

אזוי האָט זיך געמאַכט, אז דאַניעס ליבסטע, די פרייד און די שיין פון זיין קינדהייט, זיינען אין דעם יאָר איינער נאָכן אַנדערן פון אים אָפּגעריסן געוואָרן. ס'איז אומגעקומען פּעטרוק דודאָטשקאַ, לאָווריגען האָט מען צוגענומען, פאַרוואָרפן ערגעץ אין פינצטערניש. און דאָס זיינען געווען נאָך ניט אַלע, ווי ס'האָט זיך אינגיכן אַרויס־געוויזן.

אין שטעטל, וווּ דאַניע האָט געוויינלעך פאַרבראַכט יאָמים־נויראָים מיט די עלטערן, אויך באַ אַן אַנדער געלעגנהייט, האָט ער נאָך מיט א פּאָר יאָר צוריק געשלאָסן א באַקאַנטשאַפט. ס'איז געשען יאָמקיפּער. דאַניע איז אַרויס פון שול א ביסל אָפּכאַפּן דעם אָטעם אף דער פריי־שער לופט.

— היי, דו, שוואַרצער! — האָט עמעצער אים א רוף געטאָן. — ביסט שוין פאַרטיק מיט אַלע דיינע כאַטאָים, וואָס דו הוליעסט?

אין געזעלשאַפט פון נאָך א פּאָר כעווורעלייט איז געשטאַנען א באָכער מיט א גרין וואָלן שאַלעכל אָפן האַלדז, איין עק איבערגעוואָרפן איבערן אַקסל. עפּעס איז געווען אין אָט דעם שאַ־לעכל, אויך אין דעם באָכערס בלייכן פרייִלעכן פּאָנעם מיט די טונקעלע וואָנצעלעך און אין דער גאַנצער האַלטונג פון זיין מיטלוווקסיקער דינער פיגור א זעלטענע פרייהייט איניינעם מיט א צאַרטקייט, וואָס האָט באַלד געפאַנגען דעם ייִנגלס האַרץ. ער האָט זיך ניט ווילנדיק צעשמייכלט.

— א לאַנדרינקע ווילסטו? — האָט דער באָכער פאָרגעלייגט. — א זויערלעכע. נעם. נאָכ־דעם וועט זיין גרינגער צו פאַסטן. האָב קיין מוירע ניט. מירן קיינעם ניט זאָגן.

דאַניע האָט די צוקערקע ניט גענומען, נאָר דורכן טאָג איז ער ניט איין מאָל שטילערהייט אַרויסגעלאָפן פון שול, שטיין א ווייל לעבן דעם באָכער. יענער האָט גאָר קיין כיישעק ניט געהאַט צום דאַוונען און קימאַט די גאַנצע צייט פאַרבראַכט אין דרויסן צווישן גוטעברידער, אָפּט פון דער גרינג עפּעס א זאָג געטאָן וועגן א באַלעבאָס, וואָס איז אַרויס זיך אָפּקילן, און כעוורע האָט זיך צעשמייכלט, אמאָל זיך הויך צעלאַכט.

אַן אַנדערער נעמט אים מוסערן:

— וואָס וועט זיין פון דיר דער טאַכלעס, אַראָנטשיק. מע וועט דיך שמייסן אף יענער־וועלט, אז ס'וועט גיין א רויך.

קריגט ער טייקעף אויסגאָב:

— וויפל שמיץ, מישטיינסגעזאָגט, קאָן אַריין אין מיין גאַנצן הינטערכיילעק. אָט אייך, מע זאָל נעמען אָפּן צימבל...

דאָס ייִנגל האָט דאָס געהערט און אָנגעקוואָלן פון פאַרגעניגן.

א צווייט מאָל האָט ער אים געזען פרילינג אין א האַלב יאָר אַרום. אַראָנטשיק איז געשטאַ־נען אף א בלעכענעם דאַך און געשמירט אים מיט גרינער פאַרב. דער זיידע אריע, מיט וועלכן דאַניע איז דעמלט געווען אין שטעטל, האָט געזאָגט:

— ער האָט גאָלדענע הענט, דער יִמאַכשמויניק. דאָס האָט ער, מיסטאמע, ניט וואָס צו טאָן, שמירט ער דעם דאַך. פריצים נעמען אים מאָלן די פּאַקאָיען אין זייערע פּאַלאַצן. היינט זיין אַרבעט אין דער הילצערנער שול — פאַראַן וואָס צו זען: הירשן, לייבן און לעמפּערטן. דער ליוויאָסן, ווי ער האַלט דעם עק אין מויל. ס׳פאַרנעמט אַן אויג.

א לייכטער, א פרייער, אין דעם פאַרשפּריצטן מיט פאַרשיידענע קאָלירן אָנטאָן, האָט דער מאָליער, זשמורענדיק זיך פון דער זון, צוגעשמייכלט פון דער הייך צו דעם פאַרבייפּאַרנדיקן יינגל, ווי צו אַן אַלטן באַקאַנטן, און אין א האַלב שאָ אַרום איז שוין דאַניע געווען לעבן אים, אַרופגעקוקט מיט ליבשאַפט און ניט געוווּסט, וואָס צו זאָגן.

— ווי רופט מען דיך? — האָט אַראַנטשיק א פרעג געטאָן פון אויבן אַראָפּ.

דאָס יינגל האָט געזאָגט.

— בייגל האָסטו האָלט? וואָרעמע, צוגעברוינטע, זיי זאָלן קנאַקן אונטער די ציין?

— יאָ.

— איז כאַפּ זיך אַריין צו ריוועץ, אָן דאָרט אַנטקעגן, און ברענג אהער א צענדליק. אָט וואַרף איך דיר אַראָפּ קליינגעלט, כאַפּ.

דאַניע איז גערן צוגעלאָפן און געשווינד זיך געקערט מיט דעם, וואָס מע האָט דורך אים באַשטעלט.

— אָט דאָס זיינען זיי, — האָט אַראַנטשיק אויסגערופן, דערזעענדיק דאָס יינגל, — קריך אהער, אָן שטייט א לייטער.

— נא דיר, נא דיר, נא מיר, — האָט ער איינגעטיילט די בייגל דעם באַהעלפער, דאַניען און זיך, קרעפטיק איינגעביסן און אַן אופגעלעבטער גענומען לויבן ביילע־ריוועץ:

— אָט דאָס איז א יִדענע! מענטשן האָבן פון איר האַנאָע. א מעכייע. עס שמעקט אין מויל. ס׳ווערט פריילעכער אַפן האַרצן — ווי פון א ביסל בראַנפן, אַף מיין וואָרט. אָט דאָס זיינען בייגל! נו, וואָס׳טו זאָגן, דאַניע? פון דער הייך האָט אונדזער שטעטל אויך א פּאָנעם, כאָטש פון אונטן, אַז דו קוקסט זיך צו, שלאָגט צו דער גאַל. אָט דערפאַר האָב איך ליב שמירן דעכער. פון א דאַך, אַז דו טוסט א קוק, דערזעסטו גאָר אַן אַנדער וועלט...

דערנאָך האָט ער זיך צעזונגען:

בין איך מיר א פאַרבערל,
לעב איך מיר טאָג־אויס, טאָג־איין,
לוסטיק, פריילעך, פיין...

מיט דער גאַס איז געגאַנגען רעב שייע דער גאַבע. אַראַנטשיק האָט אים אָנגעקוקט א וויַיל, גענומען איינס פון זיינע דינערע פּענדזלען, לייכט איינגעטונקט אין עמער און אַף דעם נאָך ניט איבערגעפאַרבטן טייל פונעם אָפּגעבליאַקעוועט־רויטן דאַך אָנגעמאָלט מיט גרינעם דעם גאַבעס סילועט — מיטן קליינעם בערדל און דער מאַסיווער נאָז, מיט זיין כאַראַקטעריסטישן גיריקן קאָטערשן בליק.

דאַניע האָט זיך געכידעשט, ווי גיך דאָס איז געמאַכט געוואָרן, נאָר דער מאָליער אַליין איז שוין געווען פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש. א מיידל איז אַרויס פון א טיר און זיך געלאָזט ערגעץ גיין. א יונגעס, א שלאַנקס, האָט עס געשוועבט, געלעבט, געשמייכלט צו זיך אַליין און צום דרויסן. די לענדן, די אַקסלען, דאָס קעפּל אַפן געטאָקטן האַלדז — אַלץ האָט געשפּילט, געפּילט אַף זיך אַלעמענס בליקן, געבאָדן זיך אין אָט די בליקן און אינעם זוניקן פרילינג־טאָג.

— זע נאָר זע, ווי עס טאַנצט, ווי עס שיינט, ווי עס בליט פאַר די אויגן, פונוואַנען האָט זי זיך גענומען? — האָט אַראַנטשיק געזאָגט.

— דערקענסט ניט? לייטשע באַדאַנעס, — האָט דער באַהעלפער געזאָגט.

— די קליינע מיט די שוואַרצע צעפּלעך?

— זי איז שוין א גרויסע — אויסגעוואַקסן.

— כ׳האָב גאָר ניט באַמערקט. ווען?

— אָט זי מאָל אָן, — האָט דער באָכער פאָרגעלייגט.

— ביסט א נאַר, — האָט אַראַנטשיק געענטפערט, — א מיִעסקייט אָנמאָלן איז גרינג. כ׳ווייס, א פּעמפּיק דאָרט צי א בלינדן, א קרומען, א הויקער. דאָס קאָן איך דיר מאַכן איינס און צוויי. נאָר א שיינע — ע, ניין, א שיינע איז שווער. ניט פאַר מיינע קויכעס, ניין. נו, צו דער אַרבעט. „בין איך מיר א פאַרבערל, לעב איך מיר טאָג־אויס, טאָג־איין“.

אַזוי איז דאַניע געשטאַנען לעבן די מאָליאַרעס, ביז ער האָט דערזען, אַז דער זיידע זוכט אים שוין אַרום.

שפּעטער מיט א פּאָר כּאַדאָשים, זומער־צײַט, האָט דאַניע ווידער באַגעגנט אראָנטשיקן.
אין דער שטילער שטעטלדיקער גאַס האָט זיך פּלוצעם באַוויזן אַן אַנגעלויף פון קינדער, וואָס האָבן עמעצן ארומגערינגלט און, ניט לאָזנדיק צורו, זיך באַוועגט אײנײנעם מיט אים. דאַניע האָט דערקענט אין זײַער קאָמפּאַניע רעב מײַער דעם פּאַרעש, וועמען ער האָט פריִער ניט אײן מאָל געזען אין בעסמעדרעש. דער פּאַרעש איז געווען אָן א היטל. דער קאָפּ מיטן הויכן קײַלעכדיקן שטערן און טונקל־ברוינע געקרײַזלטע האָר — אָפּגעדעקט. די גלדיכטע קאָלטענעוואַטע באָרד — פּאַרפּאָרן אין א זײַט, ווי פון א ווינט.
מע האָט גערעדט, אז ער איז א גרויסער לאַמדן, אַן איליוי, נאָר פון אים אליין האָט מען זעלטן־ווען געהערט א וואָרט. אַן אָפּגעזונדערטער, א מאַרעשכוירעניק, איז ער געזעסן פאַר זײַן שטענדער, זיך ניט געמישט אין קיין שמועסן, קאַרג און אומגערן געענטפערט, אז מ׳האָט אים עפּעס געפרעגט, שטיל געלערנט, שטיל געדאַוונט, שווײַגנדיק געגעסן זײַנע טעג. איצט איז זײַן געלבלעך־בלייך דיקלעך פּאָנעם געווען אזעסדיק אופגעהויבן, די אויגן — ווילד אופ־געדרעגט, שפּריצנדיק מיט אַנגריף, קאַס און כויזעק. גײענדיק האָט ער אַלע ווײַלע אויסגערופן מיט א הויך קאָל זידלערײַען אפן ראָוו, אף די באַלעבאַטים, פּונקט ווי ער וואָלט זיך מיט זיי אַלע אָקאָרשט ביטער צעקריגט, און איצט שרײַט ער זיי נאָך פונווײַטן דעם ניט אויסגע־צאָלטן רעשט.
— אין א קלייטל דאַרפסטו שטײן, הערינג פּאַרקויפן, — האָט ער, פּאַכנדיק מיט דער האַנט צום ראָווס פענצטער, געמאַכט קוילעס.
אף א פּאַרבײַגײענדיקן נידעריטשקן און פולן ייִדן איז ער אַנגעפאַלן:
— דו קלויסטערל, פּעסל פרומקײַט, ווּכערניק, אײַנגעבראָכן זאָלסטו ווערן.
ער האָט געדראָעט:
— איך וועל אײַך נאָך אַלעמען ווײַזן, ווער איר זײַט. איך וועל אײַך נאָך אויסטאָן נאַ־קעט, ווי אין באָד.
קינדער האָבן אים געצופּט, געטאָרעט, ארויסגעשלעפּט אים דאָס העמד פון די הויזן. ער האָט זיך א יאָג געטאָן נאָך זיי, האָט זיך אופגעהויבן נאָך א גרעסער געפילדער. מע האָט אים געגומען שטורכען, שיטן אף אים זאַמד. מ׳האָט אים פּאַרטרייסלט אַן אויג, איז ער געשטאַנען אינמיטן גאַס, געריבן די וויִעס מיט די פינגער און ניט געקאָנט זיך העלפן. דאָ איז אַנגעקומען אראָנטשיק. ער האָט אוועקגעטריבן די ווײַסעכצוורעניקעס, אויסגעווישט מיט א טיכעלע דאָס אויג דעם פּאָרעש. יענער איז א ווײַל געשטאַנען א געשטילטער, פּאַרכידעשט־פרעמד אָנגעקוקט דעם, וואָס פּאָר אים, און באַלד ווידער זיך א ריס געטאָן ערגעץ מיט גוואַלדן און שענדלעכע ווערטער.
— דו ביסט אויך דאָ, ווי שעמסטו זיך ניט? — האָט אראָנטשיק אָנגעשריִען אף דאַניען.
דאָס ייִנגל האָט זיך פּאַרענטפערט:
— כ׳האָב אים גאָרניט געטאָן.
א גרויסבערדיקער שוסטער אין א גראָבן פּאַרשוואַרצטן פאַרטעך איז ארויס, זיך גע־שטעלט לעבן דעם מאַליער.
— ס׳איז שוין געווען מיט אים אזוינס, — האָט ער געזאָגט, — פּאַראיאָרן זומער. צו אָסיען האָט ער זיך בארויִקט, נאָר די באַלעבאַטים האָבן אים אָפּגעזאָגט פון קעסט. גוט, וואָס עטלעכע אונדזערע, באַלמעלאָכעס, האָבן אף אים ראַכמאָנעס געהאַט און געגומען צו זיך, אַניט וואָלט ער פון הונגער געשטאָרבן. ס׳איז ערשט דער אָנהייב. שפּעטער וועט ער שרײַען אף גאָט און אף מאָשיִעכן און אף נענאַטקען. פּאַראיאָרן איז אזוי געווען.
דאַניען האָט דאָס אַלץ, וואָס ער האָט דאָ געזען און געהערט, אויסגעוויזן זײַער שרעקלעך. איבערהויפּט, אז ער האָט זיך פּאָרגעשטעלט, וויאַזוי דער פּאָרעש וועט שרײַען אף גאָט. ער האָט געוואָלט אויספרעגן אראָנטשיקן, הערן וועגן דעם נאָך, און מוירע געהאַט. דאָך אין זיקאָרן איז עס אים פּאַרבליבן אף לאַנג. ער האָט נאָכדעם געטראַכט וועגן דעם ניט אײן מאָל.
ראָשעשאָנע האָט דאַניע ווידער געזען אראָנטשיקן שפּאַצירן אין גאַס מיט גוטעברידער, דאָס גרינע שאַלעכל איבערגעוואָרפן איבערן אַקסל. אין שול האָט מען געלייענט, געבלאָזן שויפער, און זיי זײַנען זיך ארומגעגאַנגען, ווי פרײַע פייגל, און געשיילט ווײַסע יאָדערן. דער מאַליער האָט אײנײנעם מיט די לושפּײַקעס אָפּט ארויסגעוואָרפן פון די ליפּן עפּעס א פרײלעכן זאַג, פון וועלכן כעוורע פלעגט זיך צעשמייכלען. דעם ייִנגל האָט עס זײַער געצויגן צו זיי, נאָר ער האָט זיך ניט אײַנגעשטעלט צו אזאַ דערוואַקסענער קאָמפּאַניע, נאָכגעקוקט זיי פונווײַטן און מיטגעשמייכלט. ער איז געווען גליקלעך, ווען אראָנטשיק האָט, צוקומענדיק נעענטער, אים ווידער דערקענט און געפרעגט, וואָס מאַכן עפּעס די ווערף, צי האָבן זיי עפּעס א גוטן כּאַזן.

— האָסט געזען דעם פּאַרעש? ער איז שוין אויסגעוואָפּט, — האָט ער מיט זײַן לײַכטער געשווינד־רײדעניש פאַרבײַגייענדיק דערציילט און איז מיט די זײַניקע אוועק ווײַטער.

רעב מייער איז שוין א מאַרעשכּוירעדיקער געשטאַנען אין בעסמעדרעש אין א ווינקל הינטער דער בימע און, אַן אײַנגעוויקלטער אין טאַלעס, אַף קיינעם ניט געקוקט, קוים זיך געשאָקלט, קוים באַוועגט מיט די ליפּן.

ס׳איז אריבער קימאַט א יאָר צײַט. ווידער איז געווען סאָף זומער. אין איינעם א נאָכמיטיק איז דער זיידע געקומען פון שטעטל מיט א שמייכל, וואָס האָט זיך געהאַלטן אַף זײַן פּאָנעם, ווי לאַנג ער האָט אויסגעשפּאַנט און אוועקגעשטעלט דאָס פערד, אויך נאָכדעם, בייס ער האָט זיך געוואַשן, זיך געזעצט צום טיש, און אויך באַם עסן. אַלע אין שטוב האָבן פאַרשטאַנען, אַז עפּעס האָט ער שוין, מיסטאָמע, צו דערציילן א שיינס, און בא דער טיי, ווי געוויינלעך, וועט עס געשען. אַזוי איז עס געווען.

א פאַרויטלטער נאָכן עסן, א געזעטיקטער, האָט ער, אויסוואַרטנדיק, ביז די טיי וועט זיך אָפּקילן, אויסגעשטרעקט דעם טײַט־פינגער אַנטקעגן דער שנור, וואָס איז גראָד אַרײַן אין צימער, און געזאָגט:

— זעץ זיך צו, בוניע. מעגסט הערן א מײַסע.

בוניע האָט זיך צוגעזעצט, און דאַניע איז שוין אויך געווען דאָ. דערווײַל האָט דער אַלטער פּאַמעלעך אויסגעטרונקען זײַן טיי. בוניע האָט אים אָנגעגאָסן די צווייטע גלאָז. דעמלט האָט ער אָנגעהויבן:

— אַראָנטשיקן קענסטו דאָך, דעם מאַליער, האָט מען אים באַשטעלט, ער זאָל א ביסל אָפּפרישן דעם בעסמעדרעש — דעם דאַך, די פענצטער און אינווייניק. ס׳איז שוין טאַקע געווען א כאַרפּע צו קוקן — פאַרייכערטע ווענט, און ס׳גייט צו יאָמים־נוירואָים. נו, די מעלאָכע דאַרף מען דאָך אים ניט לערנען. ער, אַז ער מאַכט א שטיקל אַרבעט, דער יימאַכשמויניק, זינגט עס. נאָר וואָדען, מ׳איז ניט אײַנגאַנצן דורכגעקומען וועגן דער פּרײַז. דער גאַבע האָט, מיסטאָמע, געזאָגט — מירן צום ראָוו ניט גיין, מירן אײַך ניט קריוודען. אַראָנטשיק ווידער קען שוין רעב שײַען, ווי א בייזן שילינגער, ווייסט, ווי ווײַט מע מעג זיך פאַרלאָזן אַף זײַן יוישער. וואָרנט ער אים, אַז נאָר אַזויפיל און אַזויפיל וויל ער, ווייניקער קיין גראָשן ניט. און יענער דרייט זיך אַלץ אויס פון א קלאָרן ענטפער. יאָ, ניין, מירן זיך ניט קריגן, ס׳וועט שוין זײַן רעכט. ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן.

די אַרבעט גייט, מ׳האָט שוין גענומען אַד־לעכעזשבן א פּאָר מאָל צו עטלעכע רובל. ס׳איז שוין געבליבן צו דערטאָן קלייניקײַטן, און פאַר כעוורע וועדט אַלץ קלערער, דער גאַבע האָט זיי פאַרט אָפּגענאַרט, זיי וועלן בא אים ניט באַקומען, וויפל זיי האָבן געמיינט. נאָר גיי שרײַ, אַז ס׳איז שוין קימאַט אַלץ פאַרטיק, געבליבן, כ׳ווייס דאָרטן, דערציִען א שטיקל באַרדיור צי אַף דער סטעליע אַרום די הענגלאָמפּן עפּעס אָנמאָלן. וואָס זשע טוט מען? מאַכן א שווײַג? א פאַרדראָס און א כאַרפּע. איז דאָך עס אַראָנטשיק. די הענטלעך דינען, קיין אײַנהאָרע. און דער מויעך איז פול מיט שמאַדשטיק. זאָגט ער צו כעוורע: „פאַרלאָזט זיך אַף מיר, ער וועט שוין פאַרזאָגן א צענטן, וויִאַזוי זיך אָנהייבן מיט אונדז. ער וועט שוין מער קיין גאַבע ניט זײַן“. וויל מען דאָך, מיסטאָמע, וויסן, וויִאַזוי ער וועט עס מאַכן. ענטפערט ער: „איר וועט זען פאַר־טיקערהייט“.

ס׳איז פרײַטיק פאַרנאַכט. מע גרייט זיך שוין ליכט בענטשן. מעקאַבל־שאַבעס זײַן וועט מען אין פּאָליש, נאָר צו אינדערפרי דאַרף זײַן אָפּן דער בעסמעדרעש. כעוורע לייגט שוין צו־נויף דאָס געצײַג — איין אַראָנטשיק שטייט נאָך אָפּן לייטער. עפּעס האָט ער נאָך צו פאַרענ־דיקן א קלייניקײַט. א ווײַליטשקע, אָט באַלד. זאָל מען אַף אים ניט וואַרטן...

אינדערפרי, ווי ס׳איז געווען אָפּגערעדט, גייען אַלע דאַוונען אין באַנײַטן בעסמעדרעש. אַנדערע זײַנען אומישנע פריִער אופגעשטאַנען, זיי זאָלן זײַן די ערשטע. ס׳איז דאָ צײַט, באַ־טראַכט מען מיט האַרכאָווע דעם רויטן דאַך, די אָנגעווײַסטע פענצטער פון דרויסן, דערנאָך אינווייניק — די ליכטיקע ברוינע ווענט, פאַרענדיקט מיט א פײַן אויסגעמאָלט גאַלערייקעלע אַרום און אַרום. אַראָנטשיקס א פאַנטאַזיע. מע הייבט די קעפּ צו דער הויכער סטעליע מיט די געפאַרבטע רייפן איבער די ערטער, ווו ס׳דאַרפן הענגען די לאָמפּן. ער קען, דער רועך נעמט אים ניט. יוי... נאָר וואָס איז דאָס פאַר א צאַצקע אַף דער מיזרעך־וואַנט, פּונקט איבער דעם גאַבעס שטאָט? מע קוקט זיך צו — א בראָך! רעב שײַע, זאָל עס פעלן א האָר, איז אָנגעמאָלט, ווי ער שטייט אַרומגענומען מיט דער קאַסאַקער טעקליע, דער שכיינע זײַנער. מע האָט וועגן דער מײַסע געהערט שטילערהייט, נאָר דער בלאָטער זאָל אַרויסשפּרינגען אַף אַזאַ אָרט — דערויף האָט זיך קיינער ניט געקאָנט ריכטן. אין בעסמעדרעש ווערט אַלץ געדיכטער. מיט יעדער מינוט קומען צו מענטשן, און אַלע שטופּן זיך צום אויבנאָן, זען, אַף וואָס קוקט מען דאָרט אַזוי

געשמאַק. אַנדערע כאַפּיקען, וווערטלען זיך, ס׳טוט זיי האַנאָע, קאָנטיק. אַנדערע ווידער ווערן אָנגעצונדן — אַ כוצפּע, אַ נעוואָלע. און ווו? ס׳איז ניט געהערט געוואָרן! מיט די פיס דאַרף מען אים טרעטן, דעם אויסוואורף, צערײַסן, ווי אַ הערינג!..

דער ראָוו איז געקומען, און רעב שײַע באַלד נאָך אים. מיסטאַמע איז טײַקעף שטיל געוואָרן. אַלע האָבן דעם אָטעם פאַרהאַלטן, געוואַרט, וואָס וועלן זיי זאָגן. רעב שמערעלע, דערציילט מען, האָט לעכאַטכילע אַ שמייכל געטאָן. נאָר באַלד, פאַרשטייט זיך, געמאַכט אַן ערנסטע מינע, אַן אָנשטעל, ווי ער באַנעמט, קלוימערשט, ניט, וואָס דאָס איז און וואָס מע מיינט דערמיט. רעב שײַע אָבער האָט שיר ניט געכאַפּט די פּאָפּלעקציע. אַלע קאָלירן האָבן זיך אים געביטן. דאָס בערדל האָט זיך געטרייסלט, און ער האָט ניט געקאָנט אויסריידן קיין וואָרט. עמעצער האָט הויך אַ לאַך געטאָן — פון אונטער דער בימע, מיסטאַמע. דאָ האָט זיך שוין דער ראָוו אַרײַנגעמישט: „ווײַנען דאַרף מען, ניט לאַכן, האָט ער געזאָגט. אַזאַ זאַך אין אַ הייליק אָרט, לעבן אָרנקוידעש — גאָט זאָל, כאָלילע, ניט באַשטראָפן דערפאַר די גאַנצע איידע“...

גוט. אָבער ווי שטעלט מען זיך דאַוונען, האָבנדיק אַזאַ צאַצקע פאַר די אויגן? בעקיצער, מע האָט געמוזט שיקן נאָך ניקיפאָר דעם מוליער. ניקיפאָר האָט אָפן ניכטערן האַרצן שוין גענומען אַ קאַפּ. ביז מע האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, וואָס מע וויל פון אים, ביז ער איז אַראָפּגעקומען, איז דער אוילעם דערווײַל געשטאַנען אין די טאַלייסים און, ווילנדיק ניט ווילנדיק, אָפּט געכאַפּט אַ קוק אַמאָל אויף רעב שײַען, אַמאָל אַ ביסל העכער. לייצים, קאָן מען זיך פאָרשטעלן, האָבן שוין געהאַט באַ וואָס צו שאַרפן די צינגער. סאָפּקאָלסאָף האָט זיך ניקיפאָר באַוויזן מיטן עמער און מיט דער קעלניע. מ׳האָט אים געמאַכט אַ וואַרע, דורכגעפירט, ווי אַן אָנגעלייגטן גאַסט, צו דער מיזרעך־וואַנט. יוי... פריִער פאַר אַלץ האָט ער, דערציילט מען, ריכטיק באַטראַכט די זאַך. „דאַבראַ דיוואָקאַ“, — האָט ער געזאָגט. ערשט נאָכדעם געטאָן, וואָס ער האָט געדאַרפט, — פאַרליאַפּעט, פאַריבן, מע זאָל עס ניט זען. האַ? שוין איינמאָל אַן אַראָנטשיק!..

איינמאָל, ווען דאַניע איז מיט די עלטערן געקומען אין שטעטל, איז ער געוווּיר געוואָרן, אַז אַראָנטשיק איז שוין ניטאָ. מיט אַ פּאָר טעג פריִער האָט אים פּאָליציי צוגענומען דערפאַר, ווײַל ער האָט, קלוימערשט, גערעדט, וואָס מע דאַרף ניט, אָפן קייסער און אַפילע אָנגעמאָלט אים עפּעס זייער שענדלעך אויף אַ פּלויט. אַלע האָבן געוווּסט, אַז דאָס האָט רעב שײַע נאָך יענער מײַסע דערלאַנגט אָפן מאַליער אַ מעסירע. ס׳איז געשען אין טיפער נאַכט, איז געגאַנגען פון מויל צו מויל. היינטערן שטעטל האָט געוואַרט אַ שוואַרצע קאַרעטע. אין דער קאַרעטע האָט מען אַראָנטשיקן אַרײַנגעזעצט און אַוועקגעפירט גלײַך קיין סיביר.

# אָן אַ דאַך

דאַניען איז געגאַנגען דאָס דרײַצעטע יאָר. ער איז געווען גאַנץ הויך פאַר זײַן עלטער. אויף די ברוינע באַקן איז געלעגן אַ געזונטע רויטלעכע פאַרב. דאָס פּאָנעם זײַנס איז געווען לענגלעך, ווי באַ דער מוטער, און איבער די הייסע קאַרע אויגן האָבן זיך אויסדריקלעכער אויסגעטיילט די געדיכטע שוואַרצע ברעמען, דעם פּאָטערס אַ יערושע. בוניע האָט מיט פאַרגעניגן צוגעקוקט, ווי איר באָכער וואַקסט, ווי אין זײַנע זשעסטן, אין זײַן גאַנג, אין זײַן בליק טרעט אַלץ קענטלעכער אַרויס שויעלס ברען, דער ענערגישער שניט זײַנער. נאָר די לעצטע צײַט האָט זי אָנגעהויבן צו באַמערקן אין דעם ייִנגלס האַלטונג עפּעס נײַס, וואָס האָט זי באַאומרויִקט.

ערגעץ איז פאַרשווּנדן זײַן פריִערדיקע צוגעלאָזנקײַט צו דער מוטער, די קינדערשע פרײַנטשאַפט, דאָס אָפענע לויטערע געמיט, וואָס האָט איר פאַרשאַפט אַזויפיל פרייד. ער איז געוואָרן אײַנגעהאַלטענער און פאַרשלאָסענער, מער ניט אַרומגענומען, ניט געקושט זי, ווי פריִער, זעלטן־ווען געגאַנגען מיט איר שפּאַצירן, דערבײַ געווײנלעך געשוויגן.

זי האָט געזען — ער איז צערודערט, פאַרקלעמט. עטלעכע מאָל האָט זי געפרעגט — וואָס טראַכט ער, וואָס טוט זיך מיט אים? האָט ער אַן אופגערייצטער אָפּגעענטפערט: „גאָרניט. קיין זאַך ניט. כ׳ווייס ניט, וואָס דו ווילסט. לאָז צורו“... אַ האַרבקײַט האָט זיך באַוויזן אין זײַנע באַוועגונגען, אין זײַנע רייד, אַ גראָבקײַט אַפילע, וואָס איז ביז אַהער קיינמאָל ניט געווען.

דאַניען אַליין איז ניט אינגאַנצן קלאָר געווען, וואָס עס טוט זיך מיט אים. ער איז אויסגעוואַקסן, אָנגעהויבן זען און פאַרשטיין זאַכן, וואָס ער האָט פריִער ניט געזען און ניט פאַרשטאַנען, נאָר אין קאָפּ איז דערפון געוואָרן וואָס אַמאָל ענגער און טונקעלער.

זייער שווער איז אים איצט געווען מיטן פּאָטער. ער האָט זיך קיינמאָל ניט געפילט מיט אים גאָר היימיש, ניט געקאָנט פאַרטראָגן דעם שטורעם באַמערקונגען, אָנווײַזונגען און פאָדערונגען, מיט וועלכע ער פלעגט, אַהיים קומענדיק אויף קורצע טעג, באַפאַלן די קינדער, און אים,

דעם עלטערן, באַזונדערס. נאָר אין האַרצן האָט ער שטאַלצירט מיטן פאָטערס קוויעך און בערייש־קייט, וועלכע ער האָט ניט איין מאָל געהאַט די געלעגנהייט צו זען, מיט דעם פאָטערס מוט קעגן פאַרשיידענע גרויסע סאָכרים און פּריצים, וועגן וועלכע ער האָט געהערט אין שטוב דער־ציילן. אַז שויעל איז געווען גוט אויפגעלייגט, האָט ער געשטיפט מיט די קינדער, ווי אַ קינד: געלאָפן, געשפרונגען, געוואָרפן שטיינדלעך אין דער הייך, אין דער ווייַט, געקלעטערט אויף ביי־מער, געוויזן, ווי מע קען זיך אַרופזעצן אויפן פערד מיט איין הייב גלייך פון דער ערד; אויסגע־שטעלט די האַנט, מע זאָל זיך איר אויף אַנהענגען, ווער עס וויל, און געהאַלטן זי שטייף, ניט אייַנ־געבויגן; געלעגן אין וואַסער אויפן רוקן אָן באַוועגונג כ׳ווייס ווי לאַנג. אין אַזעלכע זעלטענע טעג, וואָס זייַנען מיט די יאָרן אַלץ זעלטענער אויסגעפאַלן, האָט אים דאַניע ליב געהאַט אָן אַ שיר. שטענדיק, ווי געוווינט ער איז ניט געווען צו דעם, אַז דער פאָטער זאָל וואַכן גאַנצע ניט זייַן אין דער היים, ווי גרינג און פרייַ ער האָט זיך ניט געפילט אָן זייַן אויפזיכט, — שטענדיק האָט ער געטראַכט וועגן פאָטער, ווי וועגן אַ העלד, אומבאַוווּסטזיניק אים נאָכגעמאַכט אין זייַן גיין, אין זייַן שטיין, אין פאַרשיידענע באַוועגונגען און אינטאָנאַציעס. איצט אָבער, זינט דער געשיכטע מיט דער טאַלאָקע, וועלכע דאַניע האָט געוווּסט פון אָנהייב ביזן סאָף, איז אַ שאָטן געפאַלן אויף דעם פאָטערס געשטאַלט. דאַניע האָט זיך קיינמאָל ניט אַרייַנגעמישט אין די שמועסן פון די דערוואַקסענע, נאָר ער איז מיטן גאַנצן האַרצן געווען קעגן דער אונטערנעמונג. ער האָט זיך גאָר אַנדערש ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז נאָר די פּויערים מיט לאָווריינען מוזן געווינען דאָס געשלעג. און ווען נעכטמיע האָט אַנומלטן געבראַכט צו פירן דעם פאָטער אַ צענעריקטן, האָט דאָס יינגל נאָכן דערשרעק פון די ערשטע מינוטן דערשפּירט אַ צופרידנקייַט, וואָס אַזוי איז געשען. „רעכט אויף אים, — האָט ער זיך געזאָגט, — זאָל ער ניט קריכן, וווּהין מע דאַרף ניט“...

לאָווריינען האָט דאַניע ניט געקאָנט פאַרגעסן. ער האָט אָפט געזען פאַר די אויגן, ווי ער מיט נאָך פּויערים גייט אונטער דער וואָך. ערגעץ פירט מען אים אויף יעסורים און שאַנד אין אַ וויסטער פינצטערער אויסרייַסעניש. באַנאַכט פאַרן שלאָף, ווען די ווייַעס קלעפּן זיך שוין, האָט דאַניען זיך אויסגעוויזן, אַז לאָווריין — דאָס איז זייַן טאַטע און דאָס פירט מען דעם טאַטן אין יענעם שרעקלעכן וועג. דורך דער נאַכט, מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט ער געזען, ווי מע פירט אים, און ס׳האָט זיך געוואָלט וויינען און רופן: „טאַטע! טאַטע!..“

גאָר ניט לאַנג צוריק איז אַלץ געווען אַזוי לויטער, אַזוי גאַנץ און פעסט אויף זייַן אָרט: די מאַמע, דער טאַטע, דער זיידע, דער רעבע. יעדער וועג האָט געפירט ביז אַ באַשטימטן פּונקט. איינער ביז דער מיל, נאָך איינער — ביזן דאָרף, דער דריטער — ביזן שטעטל. אין וואַלד זייַנען אַלע סטעזשקעלעך, אַלע ווינקעלעך געווען באַקאַנט אַזוי ווייַט, וויפל די פיס קאָנען אויסלויפן. ערגעץ איז די בעלאָוועזשער פּושטשע, דאָרט וואַקסט אַ יאַדלע פון שיישעס־יעמיי־בערייִשיס אָן. זי שפּאַרט אָן מיט איר הייך ביז צו די מירמל־ווייַסע וואָלקנס. איבער זיי שוועבט דער גאָט פון כומעש. ער איז אַ שרעקלעכער און אַ שייַנענדיקער. אין איין האַנט האַלט ער די זון, אין דער צווייטער — אַ שוואַרצע כמאַרע מיט דונערן און בליצן. פון די נאָזלעכער זעצט אַ פייַער מיט אַ רויך... און פּלוצעם, — דאַניע האָט גאָר ניט באַמערקט, ווען און ווי אַזוי דאָס איז געשען, — פּלוצעם האָט זיך אַלץ איבערגערוקט און אויסגעמישט.

אין אַ הייסן זומערטאָג האָט זיך דאָס יינגל געבויגן צו דער ערד, אַלץ געקוקט פון אונטן אינדערלופטן אַרייַן. קוקנדיק אַזוי־אָ, האָט ער געזען אַ וווּנדערלעכע באַוועגונג, אָן אָנופהערלעך שטראַלנדיקן שטראָם, דורכזיכטיק, ווי די זון־שייַן אַליין, און דאָך מאַמאַשעסדיק פאַרן אויג. די באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן גאָר נידעריק, צווישן די שפּיצן פון די גראָזן, איז וויבערירנדיק אויפגעגאַנגען גראָד אַרופצו. ניט דערגרייכט די הייך פון אַ מענטשן, איז זי ניט געוואָרן.

דאַניע האָט שוין ניט איין מאָל באַמערקט אָט די אויסדעמפונג און איטלעכס מאָל זיך פאַר־קוקט דערויף, ווי אויף אַ ווונדער, ניט וויסנדיק, וואָס דאָס איז, פונוואַנען דאָס קומט. איצט האָט ער געהאַט אַ געדאַנק, וואָס האָט אים די לעצטע צייַט שטאַרק פאַרנומען: אָט פון אַזאַ שטאָף, האָט ער געטראַכט, באַשטייט גאָט.

ער האָט געוווּסט, אַז גאָט האָט ניט קיין גוף, ניט קיין ענלעכקייַט אויף אַ גוף, נאָר ס׳איז אים ניט מעגלעך געווען זיך פאָרשטעלן אַ גאָט אָן אַ געשטאַלט. ער האָט מוירע געהאַט, אַז איינעם מיטן געשטאַלט זאָל ניט פאַרלוירן גיין דער גאַנצער יעש, און ער האָט געזוכט פאַר דעם באַגריף עפּעס אָן אָנהאַלט, וואָס זאָל איינצייַטיק זייַן אי גוף, אי ניט־גוף. אָט דער ציטעריק־שטראַלנדי־קער דאַמף אין דער לופט האָט אים אויסגעוויזן גענוג אומוואַגיק, לעבעדיק און ריין, ער זאָל אויסבילדן גאָטס לייַב. וואָס לענגער ער האָט געקוקט, אַלץ מער האָט ער געשטוינט, אַלץ מער האָט זיך אים געגלייבט, אַז אָט דאָס איז זי, די פאַרבאָרגענע שייַן פון אַלע זאַכן, אַ פּלעמל פון דעם קוויעך, וואָס האָט באַשאַפן די וועלט אין זעקס טעג און האַלט זי אויף ביז אַהער.

א צײַט איז ער געווען פול מיט דעם, וואָס אים האָט זיך דאָ אנטפּלעקט. מיט קיינעם קיין וואָרט ניט גערעדט, געהיט עס, ווי א וויכטיקן סאָד. נאָר עפּעס איז עס אַליין פון זיך צעגאַנגען געוואָרן. דעם לעבעדיקן גאָט פון די קינדער־יאָרן — מיט א מענטשלעך פּאָנעם, מיט הענט און פיס — האָט ער פאַרלוירן, און קיין אנדערן האָט ער זיך ניט געקאָנט אויסמאָלן, וויפל ער האָט זיך ניט אָנגעשטרענגט, וויפל נײַע געשטאַלטן ער האָט ניט געזוכט פאַר אים.

ער האָט, ווי פריִער, געלערנט בא טאַדרעסן, געדאַוונט אַלע טאָג, געלייענט קרישמע פאַרן שלאָף, ניט געוווסט און זיך ניט פאַרגעשטעלט קיין אנדער אָרדענונג. נאָר עפּעס האָט אים שוין געפעלט. ס׳איז אים געווען, ווי ער וואָלט זיך אופגעכאַפּט און פּלוצעם דערזען, אז די שטוב איז אָן א סטעליע, אָן א דאַך...

# זומערדיקע געסט

אין א זוניקן נאָכמיטיק איז מיט א צופעליקער פור פון ערגעץ אראָפּגעקומען א רויטהאָריק מיידל. פלינק, מיטן קלומעקל אין דער האַנט, אראָפּגעטאַנצט פון וואָגן, דערלאַנגט דעם פּויער די עטלעכע גילדן פאַרן וועג און זיך געשטעלט וואַרטן, עמעצער זאָל ארויס אנטקעגן. אַלט א יאָר פופצן־זעכצן, א דאַרינקע, א הויכע, האָט זי געהאַט א קליין באַוועגלעך פּענעמל, געדיכט באַשפּרענקלט מיט קלײַנע בא ביידע זײַטן נאָז, און גרינלעכע אויגן צווישן די געלע וויִעס, וואָס האָבן געקוקט איצט א קאַפּעלע פאַרלוירן, ווײַל טיר און פענצטער פון דער שטוב זײַנען אין דער הייסער שאָ געווען פאַרמאַכט און קיינער האָט זיך ניט באַוויזן. נאָר באַלד, ווי די טיר האָט זיך אָן עפן געטאָן, האָבן דעם מיידלס אויגן און איר גאַנץ קערפּערל זיך צעשפּילט.

— איר דערקענט מיך ניט? טשערנע, — האָט זי געזאָגט צו בוניען, וואָס האָט גאָר אָן פרייד אופגענומען דעם גאַסט.

דאָס קלײַיענדיקע פּענעמל האָט זיך נאָכאַנאַנד געענדערט, אין איין רעגע איבערגייענדיק פון א שמייכל צו א פרומער מינע, פון כניפע צו פאַראַכטונג און ווידער צו א פרײַנטלעכן אָדער זוכנדיקן שמייכל.

— וואָס איז געשען? — האָט בוניע געפרעגט. — וואָס עפּעס אינמיטנדערינען?

— אין דער בעקערײַ איז ניטאָ פאַר מיר קיין ארבעט, און די מומע האָט מיך ארויסגע־טריבן, — האָט זי געענטפערט קימאַט פריילעך. — גענוג, זאָגט זי, פאַר א ביסל צו שויִלן.

זי האָט זיך אײַנגעוואוישן, ארײַן אין שלאָפצימער זיך איבערטאָן און ארויס פון דאָרטן אין א גרינער בלוזקע מיט קורצע ארבל, אין פרישע זאָקן אף די דינע פיסלעך. בא אַלע אירע באַ־וועגונגען האָט זי זיך קעסיידער אומגעקוקט — אף די ווענט, אף די מענטשן, אף די קיילים, נאָר באַזונדערס אָפּט אף דאניען, מיט וועלכן בוניע האָט זי ניט באַקאַנט. זי האָט אַלץ געזוכט זײַנע אויגן, וועלכע ער האָט אומישנע אָפּגעקערט פון איר, און ווען זי האָט נאָר אף זיי אָנגע־טראָפן, האָט זי איטלעכס מאָל צוגעשמייכלט, ווי אָנווינקענדיק עפּעס אף א זיסער זאַך, וואָס זי האָט אים געבראַכט פון שטאָט א מאַטאָנע. אָט די בליקן האָבן דאָס יינגל זייער גערייצט. ער האָט ניט געוווסט, ווו זיך פון זיי אהינצוטאָן. דערצו נאָך די צוויי קליינע שפּיצאַסטע בערגלעך אונטער איר ענגלעכער בלוזקע. עס האָט געדאַכט, זיי זײַנען אויך זעענדיקע, נײַגעריקע און צווינקענדיקע, ווי אירע אויגן. דאניע איז אזש רויט געוואָרן, און א קאַס האָט אים אָנגעכאַפּט.

„זי מיינט אינדערעמעסן“, — האָט ער זיך געזאָגט אין געדאַנק, כאָטש ער האָט גאָר ניט געוווסט, וואָס זי מיינט. נאָר איינס איז שוין געווען באַשלאָסן: טאָמער מאַכט זי שטיק, וועט זי בא אים ארײַנכאַפּן, אז זי וועט האָבן צו געדענקען... ער איז געווען אזוי אופגעבראַכט, אז ער האָט ניט געוואָלט פאַרבלײַבן מיט איר אין שטוב אָן איבעריקע מינוט און איז אײַליק ערגעץ אוועק.

נאָר ס׳איז ניט אריבער קיין פערטל שאָ, איז זי שוין געווען לעבן אים. זי איז נאָר ארויס פאַר דער שוועל, געכאַפּט א קוק אהין, אהער, האָט זי באַלד דערזען, ווו ער איז. ער האָט זיך ארומגעדרייט עק וואַלד און שטאַרק אופמערקזאַם דאָרט באַטראַכט די שטאַמען, די צווײַגן, די וואָרצלען, ווי ער וואָלט אף זיי באַמערקט עפּעס נײַעס, וואָס האָט אים פאַרשאַפט זאָרג.

— אַך, ווי עס שמעקט! — האָט זי געזאָגט אָנקומענדיק.

— ס׳איז דער פעך. די זון האָט אים צעוואַרעמט, — האָט ער געענטפערט סאָליד.

— און קיין וועלף זײַנען דאָ ניטאָ?

— שפּעט אין אָסיען און ווינטער פאַרלויפט אמאָל א וואָלף. אפילע אהין אונטער דער שטאָל צו דער בעהיימע. ער גראָבט זיך אונטערן טויער און וואָיעט, ביז מיר טרײַבן אים אוועק. נאָר איצט ניט.

וויבאַלד מע האָט זיך צעשמועסט וועגן אזעלכע זאַכן, האָט ער זיך דערפילט בעקויעך עפּעס

צו זאָגן, און מאכמעס דעם — א סאך שטײַפער. ער האָט זיך נאָר באמית ניט צו קוקן אפן מײדל.

— אויב איר ווילט, — האָט ער פאָרגעלײגט, — קאָן איך אײַך ווײַזן די ביינער פון א וועלפיכע, וואָס ראָבערט האָט פאַראיאָרן דערשאָסן. זײ ליגן דאָ ניט ווײַט אין יעלניק. געווען א מעשוגענע, ווײַזט אויס, פארנאכט איז זי אָנגעפאלן אפן לעסניק, ווען ער איז געגאנגען מיט דער ביקס.

דאָס מײדל האָט זיך צעלאכט.

— וואָס אירצסטו מיך? מיר זײַנען דאָך גלידשוועסטערקינדער... און קײן שענערע זאכן, ווי ביינער, זײַנען דאָ בא אײַך ניטאָ?

— פארוואָס? — האָט ער זיך באלײדיקט. — איר האָט געפרעגט... איך האָב געוואָלט זאָגן — דו... אלצײנס... דאָ נאָענט איז פאראן א טריבע. ווען דו קוקסט פונדאנען, דוכט זיך, אז בא יענעם ברעג וועסטו ארײַנפאלן גלײַך אין הימל... ס'דוכט זיך נאָר אזוי פונדערווײַטן, נאָר מע קאָן טאקע מײנען.

— נו, קום, קום, מירן זען.

ער האָט געשפאנט אָנגעכמורעט און ערנסט, און זי, אונטערשמײכלענדיק, — נאָך אים.

— וו זשע איז זי, דײַן טריבע?

— אָט באלד. נאָך א שטיקל מיטן וועג און שוין.

מ'איז געקומען צום אָרט, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אָן ווערטער, בלויז מיטן אנציקטן בליק אָנגעטײַט, אז אָט דאָס איז עס, וואָס ער האָט צו ווײַזן. פאר די אויגן האָט זיך אויסגעשפּרײט א דורכלויכט, ברייט און גלײַך, ווי א גאס, אויסגעהאקט צווישן צווײ הויכע ווענט פון טונקל־גרינע טאנען, דאָ און דאָרט באשײַנט מיט העלן גרינס פון ווייך־אראָפּהענגענדיקן בע־רעזע־געבלעטער. דער באָדן פון דער טריבע, באשטעלט מיט קאָרטשעס פון אָפּגעזעגטע שטא־מען, באוואקסן מיט הויכן גראָז און פארשײדנפארביקע בלומען, מיט ערשט־ארויסגעקראָכענע בוים־שפּראָצונגען און יונגיטשקע קוסטיקלעך, איז עטוואָס געשטיגן אין דער פאָרויסגײענדיקער ריכטונג און באם אנטקעגנדיקן ברעג אינדערעמעסן זיך אָפּגעריסן אזוי, ווי גלײַך אין לופ־טיקן הימל ארײַן.

דאָס ייִנגל האָט מיטן גאנצן וועזן געפילט די שײנקײַט פון אָט דעם דורכלויכט אין וואלד, זיך איבערגענומען דערמיט, ווי ס'וואָלט געווען זײַנער אן אײגענער אופטו צי א פארמעג, צו־פרידן, וואָס ער קאָן די שטאָטישע קרויווע מיט עפּעס פארוואונדערן. זי האָט א ווײַלע געקוקט, פלוצעם א קרים געטאָן דאָס נעזל מיט פאראכטונג:

— נו, איז וואָס? — האָט זי געזאָגט. — בא אונדז די אלײ אין סאָד איז א סאך שענער. אלע זונטיק שפּילט מוזיקע...

דאניען האָבן די ווערטער א ברי געטאָן, ווי קראָפּעווע. פונדעסטוועגן האָט ער נאָך אָף עפּעס געהאָפט.

— מירן דורכגײן ביז יענעם עק, וועלן מיר ארויס צו דער לאָנקע, — איז ער שוין ניט גאָר זיכער געקומען מיט א נײַעם פאָרשלאָג.

— און קײן שלאנגען זײַנען דאָ ניטאָ? — האָט זי געפרעגט.

— ס'טרעפט זיך אמאָל — א מעדיאנקע, א שווארצע האדיוקע, נאָר זעלטן. האָב קײן מוירע ניט.

באם צווייטן עק פון דער טריבע האָט זיך אָנגעהויבן א קלײנער בארג־אראָפּ. אונטן איז אין גרינע בערג געפלאָסן דאָס געשלענגלטע טײַכל, דאָ און דאָרט שטיקלעכווײַז זיך געשפּיגלט קעגן דער זון. ווײַטער איז געלעגן א ברייטער פאס לאָנקע, פריש אָפּגעקאָסיעט, נאָך אין טרעפּ־קלײנע קאָפּנעס הײ. נאָך ווײַטער — פעלדער געלבלעך־בלייכע, ווי דער קאָליר פון ניט דער־באקענעם טײג. און באם סאמע האָריזאָנט האָט געטונקלט א נעפּלדיק־בלויער זוים פון א ווײַטן וואלד. נאָר דאָס אלץ האָט אָף טשערנען געמאכט גאָר א שוואכן רושעם.

— קימאט אזוי הויך, ווי איך, — האָט זי געזאָגט, זיך צומעסטנדיק צו דאניען. — ווי אלט ביסטו?

— אָנהייב ווינטער ווערט מיר דרײַצן.

— ביסט נאָך גאָר א קלײן ייִנגל. און איך האָב געמײנט...

איצט האָט ער שוין אינגאנצן ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן. ער האָט געפילט, אז ער מוז זיך טײקעף מיט עפּעס אויסטײלן, דערווײַזן, אז ער איז גאָר ניט אזוי קלײן, ווי זי זאָגט, אז ער קאָן עפשער אופטאָן אזעלכע זאכן, וואָס גרעסערע וועלן ניט קאָנען. ער האָט געברענט פאר אומגע־דולד זיך ארויסצווײַזן, געזוכט א געלעגנהײַט, א מיטל דערצו.

— אָט די בערעזע איז אַן צוויַיגן, אַן סוקעס אַפילע. זעסט? ווילסטו, וועל איך אַף איר אַרופּ־קלעטערן? — האָט ער פּלוצעם געזאָגט.

דאָס איז דעם מיידל געפעלן געוואָרן.

— אַנו, לאָמיר זען, — האָט זי אים אונטערגעמונטערט.

ער איז אַרוף ביז העלפט, צוגעפּאַקט פון דאָרטן טשערנען מיט איין האַנט, גענומען זיך פאַרקלייַבן העכער. דער דינער בוים האָט אונטערן געוויכט פונעם קערפּער זיך אַלץ באַמערק־לעכער איבערגעבויגן. דאָס מיידל האָט זיך אָנגעהויבן שרעקן, שרייַען: „גענוג, וועסט אַראָפּ־פאַלן, קריך צוריק!״ און ער האָט געקוקט אַף איר פון אויבן אַ צופרידענער מיט אַ ניצאַכן־שמייכל.

אַראָפּלאָזנדיק זיך, האָט ער אַ ביסל צעריסן די הויזן און צעדראַפּעט די שיך, נאָר ס׳איז אים פונדעסטוועגן געווען קלאָר, אַז דער ווערט זייַנער איז אין דעם מיידלס אויגן געשטיגן. מע וואָלט נאָר געדאַרפט אָט דעם אייַנדרוק מיט נאָך עפּעס פאַרפעסטיקן. אַפן וועג האָט זיך זיי באַגעגנט אַ גרוב, האָט ער זיך צעיאָגט און איבערגעשפּרונגען. אַ היפשער שטיין איז געלעגן אייַנגעקוועטשט אין דער ערד, האָט ער זיך אונטער אים אונטערגעגראָבן מיטביידע הענט, אָנגענומען און איבערגעקערט.

— און מיך וואָלסטו געקאָנט אופהייבן? — האָט טשערנע געוואָלט, ער זאָל אַף איר אויס־פּרוּוון זייַן קויעך.

— אַ גרויסע זאַך, — האָט ער אַרויסגערעדט און פאַר עפּעס רויט געוואָרן.

ניט וואָרענענדיק, האָט ער זי אָנגענומען, אַ הייב געטאָן און אָפּגעלאָזט, ניט אַראָפּשטעלנדיק אַף די פיס. זי האָט זיך שיר ניט איבערגעקוליעט.

— פו, אומגעלומפּערטע בריע, — האָט זי אים אויסגעזידלט, דאָך אָן פאַרדראָס.

ער איז געגאַנגען ווייַטער שטאַרק ערנסט און שטאָלץ בא זיך נאָך דער בערייִשקייַט, וואָס ער האָט באַוויזן, און זי האָט פון דער זייַט אָפט געוואָרפן אַף אים אַ בליק, צושמייכלענדיק מיט אַ געמיש פון נייַגער און שפּאָט. פּלוצעם האָט זי אַ פרעג געטאָן:

— און מיט אַ מיידל האָסטו זיך שוין אַמאָל געקושט?

דאַניע איז אַזוי צעטומלט געוואָרן, אַז ס׳האָט אים באַם גאָרגל פאַרכאַפּט. ער האָט קוים אַרויסגעוואָרגן:

— ניין.

— ווילסט, וועל איך דיך אויסלערנען?

און איידער ער האָט זיך אַרומגעזען, האָט זי אים אַרומגענומען מיט אירע דאַרע קרעפטיקע אָרעמס און זיך צוגעדריקט צו אים. ער האָט שאַרף דערשפּירט און אַף לאַנג נאָכדעם פאַרגעדענקט די באַרירונג פון אירע פיס, פון דער קליינער שטייַפער ברוסט און אַ טשאַד פון עפּעס אַ דושנעם אופרייצנדיקן רייעך, וואָס ער האָט ביז אַהער ניט געקענט. אַ ווילדער קאַס איז אים אָנ־געקומען דערפון. ער האָט גראָב אָפּגעשטויסן דאָס מיידל, אָוועקגעשלייַדערט פון זיך, ווי אַ מיִעסקייַט.

— אָפּגעריסענער נאַר! מעשוגענער! דאַרפישער כאַזער! — האָט זי מיט טרערן אין קאָל געשריִען, אָפּגלעטנדיק דאָס קליידל נאָך דעם, ווי זי איז אופגעשטאַנען. — מער וועל איך מיט דיר ניט ריידן, ניט שטיין נאָענט לעבן דיר, קיינמאָל ניט, אַפילע אַז דו וועסט זיך בעטן... שטור־כעט אין האַרצן. מע מעג דען אַזוי? אַ סאַך פאַרשטייסטו... ביסט נאָך אַ צוציק... ווייַז, ווי גייט מען דאָ אַהיים. איך ווייס דאָך ניט דעם וועג... שטעכנדיקער אָקס...

ער האָט ניט געענטפערט קיין וואָרט, אַוועק מיט ברייטע טריט פאָרויס און זיך ניט אומגעקוקט.

טשערנע איז געווען אַ קייַלעכדיקע יעסוימע. טאַטע־מאַמע זייַנען געשטאָרבן פון כאָליערע אין איין וואָך, ווען זי איז נאָך קיין פינף יאָר ניט אַלט געווען. זינט דעמאָלט האָט זי זיך אופגע־האַלטן בא די מומעס: אַ צייַט בא איינער, דערנאָך בא אַן אַנדערער. די לעצטע פאָר יאָר געאָר־בעט אין אַ בעקערייַ. פּלוצעם איז זי אַראָפּגעקומען אין דער סמאָליאַרניע צו שויעלן, וואָס איז איר געווען גאָר אַ ווייַטער קאָרעוו. פאַרשטייענדיק לויט דער באַגעגעניש, אַז זי איז אַ ווייניק אָנגעלייגטער גאַסט, האָט זיך דאָס מיידל גענומען שאַרן צו בוניען מיט פאַרשיידענע געננ: גע־קוקט איר אין די אויגן, געמאַכט פונדערווייַטן זיסע פאַרליבטע מינעלעך, צוגעטראָגן אַ שטול, אַ טרונק וואַסער, בא יעדער געלעגנהייַט אַרייַנגעוואָרפן אַ כניפעלע, אַ לויב־וואָרט וועגן דעם, אַשטייגער, ווי שיין די מומע (אַזוי האָט זי בוניען גערופן) האָט פאַרבעט דאָס בעט, מע מאַכט עס גאָר אַזוי אין ערגעץ ניט, אָדער ווי פייַן עס קליידט דער מומען די בלוזקע, דאָס קאָפּטיכל, ווי יונג זי זעט הייַנט אויס, ווי פריש — קיין בייז־אויג... און דאָס סערוועטל האָט די מומע אַליין אויס־

געניט? אך, אך... טאַמער האָט איר בוניע פאַרגעלייגט עפּעס טאָן — אויסקערן די צימערן, אָפּ־קאָכן א קאַשע פאַרן קינד, — האָט זי עס אָנגענומען מיט פרייד, אפילע מיט צאַפּל. ניט מער, צום סאָף האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אונטער דער קאַנאַפּע און אין די ווינקעלעך איז דער שטויב פאַר־בליבן ניט גערירט, די קאַשע איז צוגעברענט. און אַלץ אַזוי. ווען בוניע האָט איר פירגעהאַלטן דערפאַר, האָט זיך טשערנע קיין האָר ניט באַליידיקט. פאַרקערט, זי איז געווען דאַנקבאַר, זאָל די מומע זי לערנען. זי האָט זיך אַליין געוווּנדערט, וויאַזוי דאָס איז געשען. נאָר א צווייט מאָל האָט זי עס געמאַכט ניט בעסער.

מיט דאַניען האָט זי קימאַט ניט גערעדט, און ווען שויעל אָדער בוניע זײַנען געווען דערבײַ, אפילע ניט געקוקט אין זײַן זײַט. באַם טיש געזעסן מיט א צניעסדיקן אַנשטעל, שטיל, ווי א קעצל, נאָר אַמאָל געהיים צוגעשיקט דעם יינגל א שמייכעלע, וואָס האָט אַזוי ווי אָנגעוווּנקען אַף עפּעס, וואָס זיי ביידע ווייסן. ער פלעגט רויט ווערן, און דאָס האָט איר, קאָנטיק, פאַרשאַפן פאַרגע־ניגן. ווען זיי זײַנען געווען אַליין, האָט זי זיך אָפּטער געווענדט צו אים מיט א וואָרט, און שטענ־דיק איז אין דעם געלעגן דער מיין אופּצורייצן דאָס יינגל, ברענגען אים אין פאַרלעגנהײַט. זי כאַפּט א פּאָר צונויפגעקלעפּטע הייטעריקן, ווײַזט אים און פרעגט, וואָס דאָס באַטײַט. דאַנערשטיק אין אָוונט, ווען מע באַקט כאַלע, קנעט זי אויס פון טייג אַן אומאָנשטענדיקע זאַך און שענקט אים.
„גיי אַוועק“, — טרײַבט ער זי אָפּ, דאָך איז ער נאָכדעם צעטומלט, עס קלאַפּט אין האַרצן, און אין קאָפּ קריכט דער טײַוול ווייסט וואָס.
— זאָל זי שוין אַוועקפאָרן, — האָט ער איינמאָל פּלוצעם צו דער מוטער געזאָגט.
— וואָסי?
— אַזוי. איך קאָן אַף איר ניט קוקן.
בוניע האָט זיך פאַרטראַכט.
— ווּהין וועט זי פאָרן? ווער וואַרט אַף איר? א יעסוימע... נאָר פאַר דיר, פאַרשטייט זיך, איז זי קיין קאָמפּאַניע ניט. נו, איז כאָוער זיך ניט מיט איר.

איינמאָל נאָך וואַרמעס איז אין דער סמאָליאַרניע געקומען צוגאַסט בענטשיק פון דער מיל.
דאָס איז איצט געווען א געזונטער, פלייציקער באָכערעץ מיט שײַנענדיק־רויטע קײַלעכדיקע באַקן, מיט פּרעכע העל־גרויע אויגן, מאַמזעריש און טאַמעוואַטע אין איין צײַט. טשערנע האָט אים דערזען פון שטוב, איז זי אופגעצאַפּלט געוואָרן. ער איז געשטאַנען אין דרויסן מיט דאַניען, און זי האָט זיך אַלע ווײַלע אַרויסגעבויגן דורכן פענצטער. ענדלעך אַרויס פאַר דער טיר, גע־וואָרפן בליקן, אָפּגעלעקט די אונטערשטע ליפּ, זיך דורכגעגאַנגען פאַרבײַ די יינגלעך, שמייכלענ־דיק, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. דאַניע איז ערגעץ אַוועק אַף א מינוט. אומקערנדיק זיך, האָט ער דערזען, אַז דאָס מיידל מיט בענטשיקן שטייען שוין איינס לעבן ס'אַנדערע אוןריידן וועגן עפּעס.
זי האָט זיך באַלד אָפּגערוקט.
— ווער איז די רויטינקע? — האָט בענטשיק געפרעגט.
— עפּעס א קרויווע אונדזערע.
— לאָמיר זי נעמען מיט זיך.
— ווי דו ווילסט.
זיי האָבן זיך געקליבן גיין נאָך מאַלינעס. ,
דאַניע איז געגאַנגען אפריער, געשפּאַנט מיט זיכערע טריט, קאָנטיק, זיך געפילט אין וואַלד ווי א באַלעבאָס, און זיך איבערגענומען מיט זײַן ראָליע פון א וועגווײַזער, מיינסטנס געשוויגן, נאָר אָפּט זיך אומגעקוקט אַף די צווי, צי זיי גייען אים ריכטיק נאָך. אין יעלניק לעבן א שמאָ־לינק ריטשקעלע, וואָס האָט פויגלש אונטערגעפּישטשעט אין מאָך, האָבן זיי באַגעגנט די ערשטע קוסטעס. באַהאַלטן אין דער טיף, צוגעדעקט מיטן שאָטן פון שיטער־שטייענדיקע גרויסע ביימער, האָבן אָט די קוסטעס צווישן די שטעכלקעס פון זייערע איבערגעפּלאָנטערטע צווײַגן, ווי א קיבעד פאַר אויסדערוויילטע, געהיט זעלטענע יאַגעדעס, באַפּוכטע מיט הערעלעך, מאַט־רויטע, געבויט, ווי סטעלניק, פון צעלעכלעך, אין וועלכע די איידלסטע עסענצן פון דער ערד האָבן זיך באַהעפט מיט קאַרג־צוגעלאָזטער, דין־דורכגעזיפּטער זון, קילע און זאַפטיקע, מיט א שטאַרקן אַראָמאַט, וואָס נאָר דער וואַלד קאָן געבן אַזוינס.

טשערנע און בענטשיק האָבן געקליבן מאַלינעס גלײַך אין מויל אַרײַן. דערבײַ אַלע ווײַלע אַרײַנגעקוקט איינע די אַנדערע אין די אויגן, ער מיט געמאַכטער טאַמעוואַטקײַט, און זי — אופּ־געלעבט, מיט א צוזאָגנדיק שמייכעלע. ערשט, ווען די טעלעכע קוסטעס זײַנען פון אויבנוף געווען אָפּגעליידיקט און אַף צו נעמען א יאַגעדע האָט מען געמוזט קריכן טיפער, צעדראַפּענדיק זיך די הענט, האָבן זיי זיך דערמאָנט אָן דאַניען און פאַרלאַנגט, ער זאָל זיי שוין פירן אין א נײַ אָרט. אַלץ אָפּטער האָט דאַניע געהערט טשערנעס געלעכטער און קוויטש. עפּעס האָבן זיי איינע בא די

אַנדערע אַרויסגעכאַפּט, זיך געראַנגלט. איר איז אַלץ אָפּטער אויסגעקומען פאַריכטן זיך די האָר, די בלוזקע, דאָס קליידל. בענטשיק איז אַלט געווען ניט קיין סך איבער פערצן. זײַן אייבערשטע ליפּ איז געווען נאָך מיידלש גלאַט, נאָר ער האָט שוין געקענט אַלע כאַמערייזלדיקע שטיק פון אַ פאַרשײַטן פאַרובאַק. דאַניע האָט זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט און שטרענג, ניט געקוקט אין זייער זײַט, ווי דאָס, וואָס זיי טוען, גייט אים ניט אָן. ער איז נאָר געווען בייז אויף זיך, וואָס ער שלעפּט זיך מיט זיי אַרום. ענדלעך האָט ער געזאָגט:

— ניטאָ מער קיין מאַלינעס. מיר גייען אַהיים.

און ער איז גיך אַוועק פאָרויס.

— לויף ניט אַזוי. מיר ווייסן דאָך ניט דעם וועג, — האָט בענטשיק אויסגערופן.

דאַניע האָט געמוזט צוּוואַרטן. פלוצעם האָט ער דערהערט טשערנעס קאָל.

— גיי, גיי ווײַטער. קוק ניט. דו טאָרסט ניט. ביסט נאָך אַ קליין ייִנגל.

זי איז געשטאַנען מיט בענטשיקן האַלב פאַרשטעלטע הינטער אַ בוים, און דאַניע האָט סײַווי ניט געזען, מיט וואָס זיי פאַרנעמען זיך דאָרט. נאָר עפּעס האָט אים מיטאַמאָל אונטערגע־צונדן דאָס האַרץ מיט אַזאַ פײַער, אַז ער האָט מער קיין רעגע ניט געקאָנט בלײַבן מיט זיי. „זאָלן זיי אַליין געפינען דעם וועג“, — האָט ער אויסגעשעפּטשעט, זיך שטיל אַרײַנגעדרייט אין דער געדיכטעניש פון ביימער, מע זאָל אים ניט זען און ניט הערן.

דאָס פּאָרל האָט זיך געיאָוועט מיט אַ שאָ אַנדערהאַלבן שפּעטער. זיי האָבן פּירגעהאַלטן דאַניען, וואָס ער האָט זיי אַוועקגעוואָרפן. זיי האָבן געבלאָנדזשעט אָן אים, האָבן זיי געזאָגט, דאָך איז ניט געווען צו מערקן, זיי זאָלן אויף אים שטאַרק פאַריבל האָבן.

פאַר די זעקס וואָכן, וואָס דאָס מיידל איז געווען אין סמאָליאַרניע, איז בענטשיק געווען צו־גאַסט נאָך עטלעכע מאָל. ער פלעגט זיך ווײַזן, באַלד ערגעץ פאַרשווינדן, און זי — נאָך אים. פאַר דאַניען זײַנען אָט די באַגעגענישן זייערע געווען אַן עמעסע פּײַן. וויפל ער האָט ניט געוואָלט בלײַבן גלײַכגילטיק, אײַנריידן זיך, אַז ס׳איז ניט זײַן אייסעק, זאָלן זיי טאָן, וואָס זיי ווילן, האָט ער עס דאָך ניט געקאָנט בא זיך פּויעלן. איטלעכס מאָל, ווי ער האָט נאָר באַמערקט בענטשיקן אויפן וועג, איז ער געוואָרן אומרויִק, אָנגעהויבן נאָכפאָרשן אים און טשערנען, אכטונג געבן, ווו זיי באַהאַלטן זיך, נאָכגעגאַנגען זיי, אונטערגעקוקט, וואָס זיי טוען. מיט בענטשיקן האָט ער ניט גע־קאָנט ריידן. ס׳האָט אים געוואָרגן באַם האַלדז. ער איז גרייט געווען זיך וואַרפן אויף אים פון דער העלער הויט מיט די פויסטן. ער האָט זיך נאָך קיינמאָל ניט געפילט אַזוי פײַנלעך־אופגערעגט, אַזוי מיִעס־דערנידעריקט. ער האָט זיך אַליין פײַנט געקראָגן. ער איז געשטאַנען, געטראַכט עפּעס היציק. דאָס האַרץ האָט געקלעמט, געזאָטן. מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ קניפּ געטאָן אין אָרעם אַזוי, אַז דאָס לײַב נאָכדעם האָט געפײַערט.

דער אופברוך איז אַרויסגעשפּרונגען פון אַ קלייניקײַט.

אין דער רעגע, ווען דאַניע האָט זיך געזאָלט זעצן צום טיש, האָט טשערנע ניט אומישנע צוגענומען דעם שטול. דאָס ייִנגל איז אַנידערגעפאַלן. זי האָט זיך צעלאַכט. אָן אָנגעצונדענער, כריפּענדיק פאַר אופגעבראַכטקײַט, האָט ער זיך אַרופגעוואָרפן אויף איר און גענומען זי שלאָגן — בלינד געטויטשעט מיט די פויסטן אין האַרצן, אין די ציין, ווו ער האָט געטראָפן. ס׳איז אים געווען קאַרג, האָט ער זי אַ כאַפּ געטאָן פאַר די האָר, אַנידערגעוואָלגערט אויף דער ערד און גענומען טרעטן מיט די פיס. זי איז אַרויסגעלאָפן פון צימער, איז ער איר נאָכגעלאָפן, געשלײַדערט אין איר אַלץ, וואָס איז אים געקומען אונטער דער האַנט: אַ גרויסע שער, אַ פּראָלניק, אַ קופּערן קענדל. די גאַנצע שטוב איז אופגערודערט געוואָרן. בוניע האָט אים געוואָלט אײַנהאַלטן, פאַר־לאַנגט, ער זאָל זאָגן, וואָס איז געשען. ער האָט זיך געריסן פון אירע הענט און געשריִען:

— לאָזט מיך אָפּ! לאָזט מיך אָפּ! איך מוז זי דערהאַרגענען...

פון טשערנען האָט מען ניט געהערט קיין וואָרט. אַ צעשויבערטע איז זי געשטאַנען הינטער עמעצנס פּלייצעס און פון דאָרטן מיט אירע גרינבלעכע אויגן מער נײַגעריק, ווי דערשראָקן, אָנ־געקוקט דאָס צעווילדעוועטע ייִנגל. ער האָט אינגאַנצן געציטערט, געשטיקט זיך פאַר קאַס.

— זאָל זי אַוועק פונדאַנען! שוין זאָל זי אַוועקפאָרן! אַניט וועל איך זי סײַוויסיִ דער־האַרגענען...

מע האָט אים קוים אײַנגעשטילט.

שפּעט זומער אין אַ כמאַרנעם פרימאָרגן האָט מען טשערנען צוריק אָפּגעשיקט אין שטאָט, צו איינער פון אירע מומעס. זי האָט זיך צעקושט מיט בוניען, דערלאַנגט אַלעמען די האַנט, איטלעכן באַזונדער צושמייכלענדיק מיט אַ קורץ שמייכעלע. אויך דאַניען ניט אויסגעמיטן און ניט אויסגע־טײַלט. זי האָט גענומען דאָס פּעקעלע עסנוואַרג, וואָס בוניע האָט איר מיטגעגעבן אויפן וועג, זיך געזעצט אויף דער פור און פון אויבן, ביז מע האָט געריִרט, שטיל אָנגעקוקט די מענטשן, מיט

וועלכע זי האָט זיך צעשיידט, אַמאָל אונטערגעשמייכלט קורץ, ווי אַן אויגנבליק, און ניט גערעדט קיין וואָרט.

ס'איז געווען אין דעם אַ טראָפּן טרויער, נאָר מער — פריי־אויסגעאַרבעטער גלייַכגילט פון אַ הימלאָז קינד, וואָס ווייסט שוין זייַן גורל. אַפן קאָפּ האָט זי איצט געהאַט אַ טונקל טיכל צו שיצן זיך פון שטויב. פון אונטערן טיכל איז געפאַלן איבערן שטערן אַ רויט לעקעלע. דאָס קלייַנדיקע פּענעמל האָט אויסגעזען נאָך קלענער ווי שטענדיק. דאַניע איז געשטאַנען ווייַטלעך אָפּגערוקט און פון דאָרטן געקוקט אַף טשערנען. אין אָט דער לעצטער מינוט האָט אַן אומגעריכטע ליבשאַפט, אַ בריִענדיקער ראַכמאָנעס אַ טראָג געטאָן דאָס האַרץ צו איר מיט אַזאַ קויעך, אַז עס האָט אַזש ווי געטאָן. דאָס מיידל האָט עס, ווייַזט אויס, דערשפּירט, פאַרוווּנדערט אַ הייב געטאָן די העלע ברעמעלעך, געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי זי וואָלט אופגעפלאַטערט, און פּלוצעם האַסטיק זיך אַ שאָקל געטאָן צוריק — די פור האָט גערירט פון אָרט.

# דער רויטער לייזער

לייזער האָט געוווינט אַנטקעגן כאַניען איבערן וועג. זיי האָבן זיך געבויט קימאַט אין איין צייַט, נאָר כאַניעס שטוב האָט אויסגעזען אַ סאַך פרייַשער, דעריקער ברייטער און העכער, — זי איז געשטאַנען אַף אַ ביסל אַ העכער אָרט. איין וואַנט אירע איז געווען צום וואַלד. פאָרנט — אַ גאָרטן מיט גרינס און קווייטן. נאָענט בא דער זייַט — אַ שייַער. אַרום די ביניאָנים האָט זיך אָפּט געלאָזט זען אַ קינד, אַ קעלבל, אַן אינדיק מיט אַן אָנגעבלאָזענעם קראָפּ, די באַלעבאָסטע בא עפּעס אַן אַרבעט, כאַניע אַליין באַם מייַסטרעווען און צולאַדן עפּעס צום שפּאַן, צו אַ קיילע.

לייזערס שטוב איז געשטאַנען הויל, אַ צוגעפלעטשטע, אַן איינגעשרומפּענע אין פּוסטקייַט, שטענדיק שטיל, ווי אומבאַוווינט. זעלטן־ווען פאַר איר שוועל האָט זיך געוויזן אַ מענטש: לייזער — געוויינלעך אַף דער וואָזקע, אַמאָל אַזוי ווייַט, אַז ער פלעגט ניט קומען אַהיים נעכטיקן; דאָדיק, ווען ער איז קליין געווען, — ערגעץ מיט דעם שאָכנס קינדער, שפּעטער, ווען ער איז אויסגעוואַקסן, — מיטן טאַטן אין וואַלד. מאַלקע אַליין מיט אירע שוואַכע קויכעס האָט זיך געפּאָרעט אַרום דער אָרעמער ווירטשאַפט. אַ קליינינקע, אַ קרענקלעכע, אין די אָוונטן מיינסטנס אָן גאַזע, אָן אַ ליכט, אַ געפּלעטע פון פינצטערניש, ווי אַ הון, — איז זי אַלעמאָל געבליבן הינטערשטעליק: אָן אָנגעהאַקט האָלץ, אָן סעטשקע צו פאַרשיטן פאַר דער קו, די סטעליע, די ווענט — ניט געווייַסט, דער ליימענער פּאָל — צעקאָלדאָבעט, צעגריבערט, פון דעם אויוון מיט די ניט גערייניקטע ליוכטעס — שטענדיק אַ רויך.

לייזער האָט ניט ליב געהאַט די שטוב. „ווערט זי פאַרברענט“, — איז געווען זייַן ענטפער, טאָמער האָט מען אים פירגעהאַלטן, וואָס זי איז בא אים אַזוי פאַרלאָזט. אַ הויכער, אַ גראָדער, אָנגעטאָן אין אַ פאַרשמאָלצעוועטן צעריסענעם שעפּסענעם פּעלץ אָדער אין אַ סערמעגע, אַרומגעבונדן מיט אַ קרייַקע, דאָס פּאָנעם און די הענט אין ברוינע קלייַען, ווי לינדזן די גרייס, קאָפּ און באָרד רויט באַוואַקסן און פאַרשטויבט פון וועג, — אַזאַ איז לייזער דער וואָזאַק.

דער וועג איז שטאַרק צעקלאַפּט און גייט באַרג־אַרוף. דער פלייַסיקער האָרעפּאַשנער בולאַנער ציט שווער דעם וואָגן, טאָפּעט, מאַכט מיט די זייַטן און אַרבעט ערלעך, פאַלשעוועט ניט. לייזער גייט בא דער זייַט און טאָרקעט, טשמאָקעט, לאָזט ניט אַראָפּ קיין אויג פונעם פערד און ציט געדאַנקלעך איינינעם מיט אים. אַנטקעגן פון דער הייך לאָזט זיך אַראָפּ אַ שיינע לאַנגהאַלדזיקע ברייטהינטנדיקע ווייַס־גרוי געפלעקטע שקאַפּע, געשפּאַנט צו אַ לייַכטער טשאַקענדיקער קאָליאַסקע. לייזער דערקענט דעם פּאַסאַזשיר פונדערווייַטנס. ס'איז דער אוריאַדניק. זייַן פּאָנעם, פריש־געגאָלט און ראָז, טראָגט קליינע פּראַנטעוואַטע פאַרדרייטע שוואַרצע וואָנצעלעך. די גלאַנציקע האַרטע אויגן קוקן פון אונטערן דאַשעק שאַרף, מיט אַ ניט גוט שמייכעלע. ער האַלט אָנגעצויגן די לייצעס און פּראַוועט גלייַך, קלייַבט זיך אַפילע ניט אָפּטרעטן דעם וועג.

ביז אונטערן גאָרגל דערגייט לייזערן דער פאַרדראָס אַף דער אַוולע. ער גיט אַ שמיר דאָס היטל מיט דער דלאָניע הינטן־אַרום, רוקט עס אָן טיפער אַפן שטערן. מע קאָן ניט וויסן, צי ער נעמט עס אַזוי אַראָפּ פאַר דער מאַכט, צי ער פאַריכט עס, ס'זאָל בעסער זיצן אַפן קאָפּ. טוט אַ בראָך דעם בולאַנעם האַרט אין אַ זייַט, אַ שפּאַר דעם וואָגן מיט דער גאַנצער קראַפט פון זייַן פּלייצע, אַז די ראָד רייַסט אויס אַ שטיק קאָליִע, נאָכדעם נעמט ער לייגן אין פערד אַרייַן מיט דער בייַטש, צעשפּייַט זיך און צעשילט זיך: „אין דער ערד אייַנגעזונקען ווער, ברענען זאָל עס!“ און שמייַסט און פּאַסעוועט נאָך און נאָך.

ער האָט אַ גאַנצע וואָך געשלעפּט קאָרטשעס צו וועלוול זאַרעצקין אין דער סמאָליאַרניע. איצט איז פרייַטיק, האָט ער געמאַכט מיט איין גאַנג ווייניקער און איז אַרייַן נאָך געצאָלטס.

אריַין אין קיך און באַלד נאָך דער שוועל זיך אָפּגעשטעלט, א הויכער, א גראַד־אויסגעגלײַכטער, ווי א סטויפּ. וועלוול האָט ערשט איבערגעכאַפּט א טעלערל צימעס מיט א קיכל, דערבײַ געגומען א לעק ווישניק, ווי ער האָט עס ליב, און פּרוּווט דאָס זיסע קאָל אָפּ א גוט שטיקעלע כאַזשיש. ער אײַלט זיך ניט ארויסצוגיין צום וואַזאַק. לייזער ווערט אומגעדולדיק, מאַכט א טראָט צו דער טיר, טוט זי אָן עפן און א זאָג אין צימער ארײַן:

— איך דאַרף געלט.

ער האָט גערעדט שאַרף אַף דער רייש, און וועלוול קרימט אים איבער:

— הו. „דאַרף גיעלט“. ווי א גוי. וואָסי? ס׳וועט בא מיר פאַרפאַלן ווערן? איר וועט קומען אין א וואָך ארום.

אהיים קומט לייזער א צערייצטער. מאַלקע לויפט ארויס אנטקעגן באַלד, ווי זי דערזעט אים דורכן פענצטערל, נעמט ארומהאַלזן אים, וויל אים צוהעלפן באַם אויסשפּאַנען, און ער רײַסט אַלץ בא איר פון די הענט און דונערט:

— ווו לייגסטו דעם כאָמעט, די כאָליערע זאָל דיך לייגן! גיי וואַרף אַראָפּ היי. וואָס דרייסטו זיך דאָ, ווי אַן אַלטע צויג?

און זי לויפט א צעטומלטע אהער און אהין, טוט אומעטום עפּעס ניט אזוי, ווי מע דאַרף, ביז ער דערלאַנגט זי א שטויס אוועק פון זיך, אַז זי שטייט קוים אײַן אַף די פיס, און זי טראָגט זיך אָפּ א פאַרשעמטע, א דערשלאָגענע צוריק אין שטוב ארײַן — פאַרענדיקן גרייטן דעם אָרע־מען שאַבעס, מיט וועלכן זי האָט, ווי געוויינלעך, שטאַרק פאַרשפּעטיקט.

נאָר אַז לייזער דערזעט דאַדיקן, דעם בעניאַכיד זײַנעם, ווײַזט זיך אים א ליכטיקײַט אַפן פּאָנעם. דאָס יינגל האָט באַמערקט דעם טאַטנס אָנקומען און לויפט צו אים. לייזער טוט אים א נעם אונטער די פּאַכווס, הייבט אים אוף הויך — ביז פאַרן פּאָנעם, האַלט אים אזוי א צײַט אָפּגערוקט אַף די אויסגעשטרעקטע הענט, און זיי קוקן זיך אָן און שמייכלען איינער צום אַנדערן. דאָס יינגל איז געזונט און קרעפּטיק. ער האָט דער מאַמעס שווארצע אויגן, נאָר אַן א טראָפּן פון זייער טרויער. זיי זײַנען אָפן און פול מיט לעבן. ער נעמט די בײַטש, פּאַסעוועט, פײַפט און קנאַלט מיט איר אינדערלופטן, און דער טאַטע שטייט און קוועלט פאַר נאַכעס.

ווי א לאַשעק א געראָטענער, אזוי איז דאַדיק געוואַקסן. ער האָט געוווּסט אין וואַלד אַלע נאָרעס און נעסטן. ער האָט צוגעווינט א וועווערקע. זי האָט מיט אים געגעסן באַם טיש און איז אים נאָכגעלאָפן, ווי א קעצל. ער האָט נאָכגעמאַכט דאָס פײַפן פונעם איוועלע, פונעם שטשיג־ליק, פונעם דראָסל. אָוונט־צײַט האָט ער ליב געהאַט ארויסרופן די סאָוועס און זיך אײַנהערן אין זייער ווילדן קוויטש און געלעכטער.

צווישן די קינדער פונעם קליינעם יישעוו איז ער געווען דער עלטסטער. אַף ברויט מיט ציבעלע, אַף קאַרטאָפל מיט זאַלץ איז דאַדיק געוואַקסן הויך און ברייט און פריש. אַף די נאָענטע וואָזקעס איז ער שוין געפאָרן מיטן טאַטן, וואָס האָט ליב געהאַט נעמען דעם זון מיט זיך, צי ער האָט אים געדאַרפט, צי ניט געדאַרפט. דאַדיק האָט שוין נישקאָשעדיק געהויבן און אײַנגעבונדן א קלאָץ, צענדליקער ווערסט נאָכגיין דעם געהילץ איז פאַר אים געווען א קלייניקײַט. ער האָט אָפּגעשטעלט דאָס פערד, ווען מע האָט געדאַרפט, אונטערגעפײַפט, דערלאַנגט א שמיצל, ווען ס׳איז נייטיק געווען. לייזער האָט זיך אומישנע געהאַלטן א ביסל פונדערווײַטנס. מע האָט איניי־נעם געטרונקען וואַסער פון די טײַכלעך אַף די וועגן.

אַף א ווײַטער וואָזקע זײַנען זיי אינייינעם געשלאָפן אין א שײַער צי אַף א בוידעם. אין דער קרעטשמע האָט מען נאָכן באַקומען א ביסל געלט אינייגעם געגומען צו גלעזלעך און פאַרביסן מיט א פּלאָנדערקע.

ס׳האָט זיך געמאַכט, אַז לייזערן האָבן איינמאָל אינמיטן וואַלד אָנגעכאַפּט גרויסע ווייטעקן אין בויך. ער האָט פון קיין שום ווייטעקן ביז אהער ניט געוווּסט. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז, זיך געכידעשט, זיך געשראָקן, געקוועטשט דאָס קראַנקע אָרט מיט דער פויסט, געגלאָצט מיט די אויגן.

— שטיי! — האָט ער אויסגעשריִען צום זון. — טפּרו! מיר איז דאָ שלעכט, און איר גייט זיך ווײַטער, ווי ס׳וואָלט גאָרניט געווען. איך שטאַרב.

דאַדיק איז געוווּיר געוואָרן, וואָס מיטן טאַטן איז, און אים אָנגעהויבן באַרויקן:

— שרעק זיך ניט. ס׳מאַכט זיך. ס׳וועט איבערגיין.

— ניין, דאַדזשע, ניין, — האָט לייזער גערעדט, — איך עק זיך. ס׳האָט מיך פאַרשפּאַרט פון אַלע זײַטן. זאָג, טאַמער שטאַרב איך, וועסטו זיך ספּראַווען אָן מיר?

— איך וועל צולויפן אין סמאָליאַרניע נאָך א ביסל טערפּענטין. מע זאָגט, עס העלפט.

— לויף, גיכער לויף. ברענג א גאַנץ קוואַטירל. זשאַלעווע ניט.

דאַדיק איז אוועקגעלאָפן גלייך דורכן וואַלד מיט א סטעזשקע צו דער סמאָליאַרניע און געבראַכט פון דאָרטן אין א פּלעשל א גוט ביסל פּערשאַק. לייזער האָט עס אײַנגענומען און איז געגעזן געוואָרן.

אין א דאָרף, אין א כּוטאָר בא א ברונעם פּויעט מען אָן דאָס פערד, לאָזט לייזער נאָכדעם אוועקגיין די פור מיט דאַדיקן פּאַרויס, און אַליין בלײַבט ער פאַרייכערן מיט אן עלטערן פּויער א ליולקע, דערבײַ קוקט ער נאָך דעם בען מיט פאַרגעניגן און האַלט ענדלעך ניט אויס, טוט א פּינטל מיטן אויג און א זאָג:

— ער טויג, האַ?

— א פּײַנער באָכער, ניטאָ וואָס צו ריידן, — ענטפערט דער פּויער.

מער דאַרף לייזער גאָרניט.

ער האָט געקויפט דעם זון א פּאָר שטיוול, א נײַעם קאָרטענעם גאַרניטער, א קאַרטוז מיט א גלאַנציקן דאַשעק. פאַר זײַן טאַשן־געלט האָט זיך דאַדיק אַליין אײַנגעהאַנדלט שמעקעדיקע זייף, א קעמעלע מיט א שפּיגעלע און זיך אויסגעלערנט פאַרקעמען די האָר מיט א שרונט און מיט א פאַרבויגענעם לאָק איבערן שטערן.

אין דער היים, ווען דער טאַטע איז ניט געווען, האָט ער זיך אַלץ מער געפּירט ווי א באַלע־באָס. אַלץ אָפּטער האָט מען אים געזען ארויסגיין פון פּינצטערן שטיבל א ליכטיקן, א שמייכלענ־דיקן, מיט א האַק, מיט א זעג אין דער האַנט. ער האָט פאַריכט דעם דאַך, ער זאָל ניט דורכרי־נען, ארומגעצאַמט דעם הויף מיט א פּלויטל פון שטאַנגען, צוגעפּעסטיקט דעם טויער פון שטאַל, ער זאָל זיך פאַרמאַכן ווי עס דאַרף צו זײַן. דער רויטער לייזשע, ווי מע האָט דעם וואָזאַק אין דער געגנט גערופן, איז פרייליכער געוואָרן.

אין קעשענע האָבן זיך באַוויזן א פּאָר רויטע צענערלעך. טאַטע און זון האָבן געגומען שמועסן צווישן זיך, אויסמאָלן, וויאַזוי מע וועט זיך, מירטשעשעם, ארופּשלאָגן אף נאָך א פערד מיט א שפּאַן און מע וועט ארבעטן צוזאַמען אף צוויי פורן, אז ס׳וועט דונערן.

פּלוצעם איז דער אַלטער בולאַנער אין וועג פאַרשלאָפט געוואָרן. ער האָט ניט געגומען ניט קיין היי, ניט קיין וואַסער, אַלע ווײַלע זיך אָפּגעשטעלט, געפּאָכט מיט די זײַטן, איז גיך גאַס געוואָרן. לייזער האָט אים אָנגעקוקט מיט אומרו, ניט געטשעפּעט, געשטילט אים: „קאָשאַ, קאָשאַ...״ דער בולאַנער האָט אַליין איטלעכס מאָל נאָך א ווײַלע שטיין זיך א נעם געטאָן מיט אַלע קויכעס שלעפּן ווײַטער, נאָר גיך באַנײַס געמוזט זיך אָפּשטעלן. די אויגן האָבן זיך אים אָנגעגאָסן מיט פּײַן. די לאַסט האָט ער אָבער פאָרט דערשלעפּט ביז צום אָרט און נאָך אָפּגעפירט דעם וואָגן מיט לייזערן אהיים.

אז לייזער האָט אים אויסגעשפּאַנט און א טרײַב געטאָן זיך אויסקאַטשען, האָט זיך דאָס פערד שווער אנידערגעלייגט און קיין קויעך ניט געהאַט זיך איבערקערן אף דער אנדערער זײַט. א ווײַל איז עס געלעגן, דערנאָך אופגעהויבן זיך אף די פאָדערשטע פיס און צוריק געפאַלן. מער האָט עס שוין ניט געפּרוווט אופשטיין. ס׳איז געלעגן שטיל מיט אָפענע אויגן, ווי באַקלערנדיק עפּעס און ווי צוהערנדיק זיך צו עפּעס. כאַניע איז געקומען א קוק טאָן אפן בולאַנעם. א דורכ־פאָרנדיקער אַלטער פּויער איז צוגעגאַנגען. דאָס פערד האָט אף קיינעם ניט געקוקט, ווי אינ־גאַנצן פאַרנומען מיט זיך, אין די אויגן א פּײַנלעכע אָנשטרענגונג, עפּעס א לעצטער פערדישער געדאַנק. דער פּויער האָט געזאָגט:

— איך האָב אים געקענט. אן ערלעכע סקאָטינע געווען. נאָר וואָס העלפט עס — די יאָרן זײַנען אויסגעגאַנגען.

— עלעהיי ווי א מענטש, — האָט פּעשע זיך אָנגערופן.

דאַדיק איז אף א צײַט ערגעץ אוועק פון דער היים זעגן ברענהאָלץ, און לייזער האָט אָנגעהויבן ארומבלאָנקען, אָפּשלאָגן די שוועלן בא די באַלעבאַטים, פאַר וועלכע ער האָט געפירט. ער גייט ארײַן אין קיך, שטייט דאָרט לאַנג א פאַרוואָלקנטער, אָן לאַשן, מיטאמאָל טוט ער הויך א זאָג:

— מײַן בולאַנער איז געפאַלן. עפּשער קאָנט איר מיר אויסלײַען א פּופציקער, כ׳על אָפּאַרבעטן.

עטלעכע צענדליק רובל האָט אים געגעבן לאַנדע, וואָס האָט דעמאָלט געהאַט א וואַלד אין דער געגנט. דערפאַר האָט לייזער געמוזט נעמען אף זיך א שווערע ביטערע וואָזקע פון א זומ־פּיקן העק, וואָס ער וואָלט זי קיינמאָל אין לעבן פאַר אזא פּרײַז ניט גענומען. א ביסל געלט האָט דאַדיק געבראַכט פון זײַן פאַרדינסט. אזוי האָט מען צונויפגעשלאָגן די עטלעכע קערבלעך, און מ׳איז אוועק מיט זיי אפן יאַריד. צוריק האָט לייזער געבראַכט א ראַבלעך־ווײַסע שקאַפּע, שוין ניט קיין יונגע, א ביסל א האַמעטנע און א פּאַמעלעכע, נאָר א שטאַרקע.

פאַר דעם געלט, וואָס ער האָט באַ לאַנדען גענומען, איז לייזער גוט אויסגעריסן געוואָרן — געמוזט אינצווייען מיט דאָדיקן פריִער מיט די הענט ארויסשלעפּן דאָס געהילץ אַף אַ טרוקן אָרט און נאָכדעם ערשט לאָדן עס אַפן וואָגן.

דאָדיק איז שוין אַ באָכער פון אַ יאָר צוואַנציק. ער איז הויך און גלײַך, שנײַדט זיך אַף דעם טאַטנס וווקס. דאָס פּאָנעם פריש און רויִק, מיט אַ ראָזלעכער, עטוואָס פּײַכטלעכער הויט. די אייבערשטע ליפּ איז שוין גאַנץ געדיכט באַוואַקסן מיט ברוינע האָר. ס'איז אַ לאַנגער זומער־דיקער שאַבעס־טאָג. נאָך וואַרמעס, ווען די עלטערן, וואָס זײַנען אָנגעהאָרעוועט פון דער וואָך, שפּאַרן זיך צו שלאָפן, גייט דער באָכער ארויס אין וואַלד. צווישן דיביימער דרייט זיך שוין דאָרט ארום רייזל.

פעשע און כאָניע ווילן ניט, זי זאָל זיך באַגעגענען מיט דאָדיקן. ס'איז ניט קיין פּאָר פאַר איר, זאָגן זיי. נאָר זי וואַרט שוין אַף אים אַזוי־אָ ניט דאָס ערשטע מאָל. זי איז ייִנגער פון אים מיט אַ יאָר צוויי און שוין פול מיט אומרו און גליִ. די רויט־געקווייטלטע ציצענע בלוזקע האַלט קוים אײַן די שפּאַרנדיקע ברוסטן. דאָס פּאָנעם איז איר פאַרגאָסן מיטן פלאַם פון דער זומער־דיקער זון און פון אירע צעהיצטע אויסקוקנדיקע אויגן. איר פּאָנעם ווערט אַזש טונקל, אַז דער באָכער גייט צו נעענטער. זײַנע שוואַרצע אויגן שמייכלען גוטמוטיק. זי סיקעט אַזש פאַר קאַס.

— קום שוין, קום, — זאָגט זי אומגעדולדיק און טוט אים אַ שלעפּ און אַ קניפּ.

— ביסט געוואָרן אַ נאַראָוויסטע. מע דאַרף צו דיר אַ גוטע בײַטש, — רופט ער זיך אָפּ נאָך דעם, ווי זי שטילט זיך אַ ביסל.

— קום, קום, — ציט זי אים ערגעץ.

זי דרייט זיך אַהער און אַהין, ווייסט אַליין ניט, וואָס זי וויל. צווישן די שיטער־שטייענדיקע סאָסנעס ברענט די מיטנטאָגיקע זון. שפּרינגערלעך פליִען ארויס פון אונטער די טריט, צייכענען רויטע און בלויע פלאַטערנדיקע בויגנס דורכן רוים. פון דער הייסער לופט הערט זיך אַן אומענד־לעכע זשומעניש. די שטאַמען גייען אָפּ מיט שמעקעדיקן פעך. פלינקע יאַשטשערקעס שווינדלען דורך אין פאַרטריקנטן גראָז. טשאַבאָר פאַרדעקט נעסטנווײַז די ערד, פאַרשיקערט דעם אָטעם מיט זײַן צעוואַרעמטן רייעך.

רייזל האָט פאַרקערעוועט צו דער נידער. דאָ האָבן געוועלטיקט טונקעלע צונויפגערוקטע יאָדלעס. די טריט זײַנען געזונקען אין מאָך. ס'איז געווען קיל און שאָטנדיק, ווי פאַרנאַכט, און שטיל, נאָר אַמאָל אַ פליגל־געפּאָך צווישן די שפּיצן. רייזל האָט זיך ניט פאַרהאַלטן אַף דעם אָרט, געפירט ערגעץ ווײַטער, ערגעץ ווידער ארוף — אין די ניס. צעשפּאַרנדיק די ווייכע צווײַגן מיטן קערפּער, האָט זי געפירט אין דער סאַמע געדיכטעניש ארײַן. דאָ אין דער ענגשאַפט, אויג אַף אויג מיטן באָכער, זיך אָפּגעשטעלט. זי האָט געוואַרט, געאָטעמט הייס און געקוקט אַף אים מיט צאָרן און גרייטקײַט זיך פאַרטיידיקן. ער האָט געשמייכלט מיט אַ מילדן שמייכל, געוואָלט אָנעמען איר האַנט, האָט זי אים אַ טויטש און אַ שלײַדער געטאָן פון זיך. דאַן האָט ער זי קרעפּ־טיקער אָנגעכאַפּט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן צווישן זיי אַ געראַנגל. זי איז געשטאַנען העכער פון אים אַפן שיפּוי פונעם באַרג. פון איר העכער אָרט האָט זי זיך אָנגעלייגט אַף דאָדיקן און מיט די פעסטע גליטשיקע אָרעמס גענומען אים ארונטערבייגן. זי האָט געברענט, געסאָפּעט, געקרעכצט פאַר אָנשטרענגונג, און ער האָט געלאַכט, באַטראַכט עס, ווי אַ שפּיל. ס'איז אים אָבער געווען אומבאַקוועם, האָט ער צוביסלעך איבערגערוקט די טריט, געזוכט אַ מער זיכערן אָנשפּאַר פאַר זיי און, ענדלעך, אַ צערייצטער פון איר אָנגריף, געגעבן איר צו פילן, ווער שטאַר־קער איז, און ווי עס דאַרף צו זײַן אײַנגעקלאַמערט זי אין די אָרעמס. אין איבערגעבויגענע אין דער טאַליע, מיט אומבאַהאָלפענע קני, האָט זי אים אָפּגעלאָזן און אָנגעהויבן דערלאַנגען קורצע זעץ מיט דער פויסט אין פּאָנעם ארײַן. בלוט האָט אים אַ פלייץ געטאָן פון דער נאָז. אַ דער־שראָקענע האָט רייזל אים אָנגעכאַפּט פאַר די אַקסלען, מיטאַמאָל אַ געשטילטע אים אָנגעקוקט. דאָדיק האָט זי באַרויִקט:

— גאָרניט, גאָרניט.

באַם טײַכל נידעריקער האָט ער זיך אָפּגעוואַשן, זי האָט אַ שולדיקע אַלץ געקוקט אים פון אונטן ארוף אין די נאָזלעכער ארײַן, צי עס ווײַזט זיך פון דאָרטן ניט מער קיין בלוט. אַזוי זײַנען זיי געגאַנגען אַהיים.

און אַפן איין־און־צוואַנציקסטן יאָר פון זײַן לעבן איז דאָדיק דער בעניאָכיד אַוועק דינען דעם קייסער. איצט, אַז לייזער פלעגט אַוועק אַף אַ ווײַטער וואָזקע, איז מאַלקע מעסלעסן און וואָכן גאַנצע געווען איינע אַליין. די קאַץ, די קו, דאָס אַף זײַנען געווען די איינציקע, פאַר וועלכע זי פלעגט אויסריידן אַ וואָרט.

„אַז ווײ איז מיר און וויסט איז מײַן לעבן, — פֿלעגט זי ריידן פֿאַר זיך. — אַז אכט האָב איך געטראָגן, און צוויי האָב איך געהאַט און איינעם קוים אויסגעהאָדעוועט, האָט מען אים אויך בא מיר צוגענומען"...

דער רויטער לייזשע איז מיטאמאָל געעלטערט געוואָרן. די אויגן האָבן זיך אים אָפּט האַלב פֿאַרמאַכט, ווי צום אײַנדרעמלען. פֿריער איז דער פֿאַרגעניגן זײַנער געווען שטיין צווישן מענטשן פֿאַר א פֿײַער — אין א קיך פֿאַר א פּלאַקערנדיקן אויוון אָדער ערגעץ עק וואַלד, צי אין א פֿעלד פֿאַר א שײַטער. ער האָט געקאָנט שטיין שאָען, קוקן אין פֿײַער, פּיפּקען די ליולקע און שווײַגן. איצט, ווען ס'איז ניט געווען וואָס צו טאָן סײַ אין דער היים, סײַ אין דער פֿרעמד, איז ער שטענדיק געשלאָפֿן, געוואַלט, אין שלאָף זאָל אריבער די שווערע צײַט, ביז דער זון וועט זיך אומקערן. נאָר אַז פֿון דאָרטן איז אָנגעקומען א בריוו, איז ער ווידער אופֿגעלעבט געוואָרן. ער האָט דעם בריוו ארומגעפֿירט מיט זיך אײַנגעוויקלט אין א טיכעלע און פֿאַרשטעקט אין היטל, און ווו ער האָט באַגעגנט א באַקאַנטן ייִדן צי א ייִדענע, האָט ער מיט א שעמעוודיק-צאַרטן שמייכל געבעטן:

— מײַן סאָלדאַט האָט מיר צוגעשיקט א בריוול, וועט איר מיר, עפּשער, איבערלייענען? איך בין א קאַליקע.

און ער האָט נאָכאמאָל און נאָכאמאָל געהערט די עטלעכע שורעס, וואָס ער האָט שוין געקענט אָף אויסווייניק.

אין איינעם א פֿרילינגדיקן טאָג איז דאָרטן אראָפּגעקומען פֿון דער דינסט אהיים אָף צוויי וואָכן.

ער איז געווען אויסגעפּוצט אין נײַינקן אָנטאָן: רויטע שליפּעס אָף די אַקסלען, מיט א רויטן דענעק דאָס היטל, בא דער זײַט א סאַבליע. אין שטעטל, וואָס איז געלעגן עטלעכע ווערסט פֿון דער סטאַנציע, האָט ער זיך אָפּגעגאָלט, געבעטן, מע זאָל אים באַשפּריצן מיט אָדעקאָלאָן. און אָפּגעפּרישטער, האָט ער זיך געלאָזט גיין צופֿוס דורכן וואַלד. מיידלעך פֿון באַקאַנטע כוטאָרס האָבן זיך געוויטעלט אים נאָכקוקנדיק. באַיאָרטע פּויערים האָבן אים געגריסט און הינטער זײַנע פּלייצעס געאָכקעט פֿאַר כידעש, סאַראַ העלדישער יונג עס איז געוואָרן לייזשעס זון. דאָדיק האָט נעענטער צו דער היים אָנגעריסן גייענדיק א גרויסן בוקעט פֿאַרביקע קווייטן, געטראָגן זיי פֿאַרזיכטיק דעם רעשט וועג און געשמייכלט צו זיך אליין. דעם סמאַליאַרניקס קינדער זײַנען ארויסגעלאָפֿן קוקן אָף דעם סאָלדאַט.

מיט דער מוטער, מיטן פֿאָטער, וואָס האָט פֿאַרנאַכט אומגעריכט געטראָפֿן דעם גאַסט, האָט ער זיך געהאַלטן פֿריילעך און געטרײַ, אָפּט אַרײַנגעוואָרפֿן אין די רייד „טאַק טאָטשנאָ" און „ראַד סטאַראַטסיאַ", זיך באַמיט פֿאַרשפּאָרן זיי אַן ארבעט, א גאַנג, אַלץ געזוכט, וואָס נאָך קאָן ער טאָן פֿאַר דער שטוב. און געטאָן האָט ער אַלצדינג פֿרײַ, גרינג, ווי גרינג ס'איז א קינדערשע לאַסט פֿאַר דער אויסגעוואַקסענער מאַנצבלשער קראַפֿט.

מיט רייזלען האָט ער זיך באַגעגנט שוין דעם ערשטן פֿאַרנאַכט. ער האָט געפֿירט דאָס פֿערד פּויען צום ברונעם, און זי איז געגאַנגען פֿון דאָרטן מיט א פּאָר עמער וואַסער.

— מיט פֿולן, — האָט ער שמייכלענדיק געזאָגט.

זי האָט געשוויגן. געשטאַנען מיט דער קאָראָמיסלע אָף די שטאַרקע פּלייצעס, געקוקט אָף אים און פֿאַרגעסן די אויגן אָפּווענדן, ביז ער איז אוועק.

פֿון שטוב האָט ער זי אָפּט געזען. זי טוט עפּעס אין גאָרטן צי באַם שײַער און וואַרפֿט אַלעמאָל א בליק צו זײַן פֿענצטער. אָנהייב אָווונט איז ער ארויס אָפֿן וועג, זיך ארומגעדרייט א ביסל, פֿאַרגאַנגען הינטער די הויף-געבײַדעס און דאָרטן, ווי דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, געטראָפֿן רייזלען.

— וואָס מאַכסטו? — האָט ער געפֿרעגט.

— גאָרניט.

מער האָבן זיי ביידע ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן. דאָך האָט ער זיך, אָפּאַנעם, עפּעס אויסגעלערנט אין דער שטאָט, ווו ער האָט געדינט. נאָך א קורצן שווײַגן האָט ער געמאַכט א באַוועגונג זי ארומצונעמען. זי האָט אָנגעכאַפּט זײַנע הענט און שטאַרק זיי צוגעהאַלטן, ניט צוגעלאָזט, ניט אָפּגעלאָזט.

— מע טאָר דיך גאָר ניט א גלעט טאָן? — האָט ער געפֿרעגט.

— ניין, ניין, מע דאַרף ניט, — האָט זי היציק געענטפֿערט.

— וואָסי?

— איך האָב מוירע.

— פֿאַר וועמען?

— פֿאַר זיך אליין.

— רייזל, ווּ ביסטוּ? — האָט דאָס מיידל דערהערט דער מוטערס קאָל אין דרויסן און טייקף זיך אָפּגעטראָגן.

שאַבּעס נאָך וואַרמעס האָבּן זיי זיך באַגעגנט אין וואַלד.

— מיר פאָרן אַוועק, — האָט רייזל געזאָגט.

דאָדיק האָט עס שוין געוווּסט. כאַניעס איבערוואַנדערן מיט דער מישפּאָכע קיין אַרגענטינע איז געווען אַ באַשלאָסענע זאַך, און אַלע האָבּן דערפון גערעדט.

— מירן זיך שוין מער קיינמאָל ניט זען, — האָט ער געזאָגט און געוואָלט אָנעמען אירע הענט, נאָר זי האָט זיי אַרויסגעריסן.

— ניין, ניין, ריר זיך ניט צו צו מיר! — האָט זי זיך ווילד אָפּגעוואָרפן, און ווען ער האָט זי אָפּגעלאָזט, אייפערזיכטיק, מיט פאַרדראָס צוגעגעבן: — הוליעסט דאָרט מיט אַלערליי מיידלעך. באַ דיר איז עס אַ געלעכטער.

— פאַרוואָס מיינסטו אַזוי? — האָט ער זיך שוואַך פאַרענטפערט.

און באַ זיך אַ טראַכט געטאָן:

„זי איז גערעכט, זי פאָרט אַוועק, ס'איז שוין ניט פאַר מיר".

מער האָט ער זי ניט געטשעפּעט, אַריבערגעפירט דעם שמועס אָף עפּעס אַנדערס.

— שרעקסט זיך גאָר ניט פאָרן אין אַזאַ ווײַטענ״ש?

— דער טאַטע זאָגט, אַז ס'איז ניטאָ וואָס צו שרעקן זיך, — האָט רייזל געענטפערט, און פאַר ביידן, ווײַזט אויס, איז עס געווען גענוג.

די צוויי וואָכן זײַנען גיך דורכגעפלויגן. דאָדיק איז ווידער אַוועק, און אין שטוּב איז געבליבן נאָר זײַן פאָטאָגראַפיע אָף דער וואַנט, ווי ער שטייט אין די סאָלדאַטישע קליידער און שמייכלט מיט זײַן מילדן שמייכל.

# אין ווײַטן וועג

כאַניע האָט ביסלעכווײַז אויספאַרקויפט, וואָס ער האָט געקאָנט, געמאַכט אַלצדינג צו געלט. אָף פּעשען פלעגט אַמאָל אָנפאַלן אַ פּאַכעד: ווי צעברעכט מען עס אָן אײַנגעפונדעוועטע באַלעבאַטישקײַט און מע לאָזט זיך אַוועק איבערן יאַם וווּ ער ווייסט וווּהין, און נאָך וואָס? נאָר ער איז געווען פעסט, ווי אײַזן:

— ברענען זיי, איך וויל זיי ניט קענען! מיט מײַנע צען פינגער וועל איך אומעטום מאַכן אַ לעבן.

ער האָט די אַלע כאַדאָשים געאָטעמט מיט איין געדאַנק, קעסיידער זיך נאָכגעפרעגט באַ מענטשן, וואָס הערט מען פאַרא גרוסן פון אַרגענטינע, זיך צונויפגעשריבן מיט וועמען מע דאַרף, און אַלץ איז שוין געווען גרייט פאַר דער נעסיִע. ער האָט זיך מער ניט פאַרנומען מיט קיין וואָזקע. פאַרקויפט די פערד און דעם שפּאַן, אָפּגערעדט מיט עמעצן וועגן דער בעהיימע, יענער זאָל נאָך איר קומען, ווען מע וועט אים צו וויסן געבּן, אַז מע פאָרט. ער מיט יאַנקלען האָבּן צענומען דעם שײַער, אָפּגעצייכנט אַלע טיילן, וואָס וווּהין עס געהערט, און פאַרהאַנדלט עמעצן די מאַטעריאַלן. קאַלט און אָן ראַכמאָנעס האָט ער מיט די אייגענע הענט צעשטערט אַלץ, וואָס ער האָט יאָרנלאַנג מיט אַזויפיל מי און אַקשאָנעס אופגעבויט. וואָס עס האָט זיך ניט געלאָזט פאַרקויפן, האָט ער צעטיילט צווישן נעענטערע און ווײַטערע שכיינים פאַר האַלב אומזיסט און גאָר אומזיסט. די מישפּאָכע האָט איצט אַלע טאָג געגעסן אָף, ווי ערעוו־יאָמקיפּער. פּעשע האָט געהאַט פאַרפירט אַ היפּשע טשאַטע, איצט האָט מען זי געמוזט פּאַטערן, נאָר ווען זי האָט געדאַרפט כאַניען מיטגעבּן אין שטעטל צום שעכטן אירע צוויי בעסטע אייער־לייגערנס, די ראַבּע און די ווײַסע, האָט די פרוי ניט אויסגעהאַלטן און זיך צעוויינט.

— גיב, גיב, — האָט כאַניע געזאָגט, — וואָס זשאַלעוועסטו די הינער, מיך האָט מען דאָ געזשאַלעוועט? ווען איך קאָן אונטערצינדן די שטוב, אָ, ס'זאָל פון איר בלײַבּן אַ בערגל אַש, וואָלט איך עס געטאָן.

פאַר דער שטוּב זײַנען שוין געשטאַנען די פורן, וואָס די ברידער האָבּן געבּראַכט, קומענדיק אַרויסבאַגלייטן כאַניען. ס'זײַנען שוין פאַרפּאַקט געווען די קיילים און דאָס בעטגעוואַנט, דאָס גרעט און די קליידער. באַזונדער אין אַ קאַסטן האָט כאַניע אַליין אַרײַנגעלייגט זײַנע אינסטרומענטן, וואָס זײַנען אים געווען טײַערער פון אַלץ אין דער וועלט. מיירעסקע, געזעצט און שטײַף, ווי דער טאַטע זײַנער, האָט, לויט כאַניעס באַפעל, אַרויסגעריסן פון אומעטום די קייטלעך און די קליאַמקעס. אין דער לעצטער שאָ האָט כאַניע געהייסן אַרויסנעמען פון אַלע פענצטער די שויבּן און זיי צונויפלייגן פּאַרזיכטיק, ווי עס דאַרף צו זײַן.

— נאַ, — האָט ער, ווען די זאַך איז אָפּגעטאָן געווען, זיי איבערגעגעבּן איינעם פון די ברידער. — ס'וועט דיר קומען צוניץ.

די פורן זײַנען שוין געווען אָנגעלאָדן, די פערד געשפּאַנט, די גאַנצע מישפּאָכע אין דרויסן. אַלע שכיינים פאַרזאַמלט, פּעשע און רייזל, בוניע און מאַלקע זײַנען געשטאַנען מיט פאַרווײנטע אויגן. נאָר כאָניע איז געווען האַרט, ניט דערלאָזט קיין איבעריק וואָרט:

— מאַכט עס בעקיצער, צײַט פאָרן, — האָט ער אונטערגעטריבן די ווײַבער, וואָס האָבן זיך ניט געקאָנט גענוג אָנווינטשעווען צום אָפּשייד, כאָטש פאַר אײַלעניש איז ניט געווען קיין שום סיבע.

זײַנע ציגײַנערשע אויגן זײַנען געווען טרוקן און פול מיט אַנטשלאָסנקײַט. די גאַנצע מיטלוווּקסיקע ברייטבייניקע פיגור — אונטערגעקליבן און פעסט, נאָר דער גראָווער פלעק אין סאַמע מיט פון דער שוואַרצער באָרד האָט גערעדט וועגן די זעקס און פערציק יאָר לעבן און ניט קיין סאַך ווייניקער יאָרן פון שווערער האָרעוואַניע, וואָס איר פּרוכט איז איצט אויסגעמעקט געוואָרן אין איינע עטלעכע וואָכן.

א פּוסטע, מיט דורכגעלעכערטע פענצטער איז איצט געשטאַנען די פאַרלאָזטע שטוב. די איינציקע לעבעדיקע באַשעפעניש, וואָס איז געבליבן פון דער כאָרעווער באַלעבאַטישקײַט, איז געווען די קאַץ — א געלע, א געשטרײַפּלטע, מיט א גרויסן קײַלעכיקן קאָפּ. פון הינטער א ראָג האָט זי געקוקט אָפּן וועג מיט ווילדע דערשראָקענע אויגן.

לייזערס אַנטקעגנשטייענדיק שטיבל האָט איצט אויסגעזען נאָך עלנטער.

דאָדיק איז אַוועקגעפאָרן, און מער האָט מען פון אים ניט געהערט. א וואָך נאָך א וואָך און א כוידעש נאָך א כוידעש זײַנען פאַרגאַנגען, און קיין בריוו איז ניט געווען. אין אָנהייב האָט זיך לייזער געפילט באַליידיקט.

— ער דאַרף אונדז ניט, ער האָט אונדז פאַרגעסן, — האָט ער פאַר געבראָכנקײַט גערעדט מיט מאַלקען, ווייך, אָן דער שטענדיקער גראָבקײַט.

— עפּשער האָט מיט אים, כאָלילע, עפּעס געטראָפן, — האָט זי א באַומרויִקטע געזאָגט.

ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אַוועקשיקן אין פּאָלק אַרײַן א בריוו. בוניע האָט אים אָנגעשריבן. נאָר קיין ענטפער איז ניט געווען. איצט האָט שוין לייזער אײַנגאַנצן ניט געוווּסט וואָס איבערצוקלערן.

שפּעט־זומער איז ער אין איינעם א טאָג, ווי געוויינלעך, געפאָרן דורכן וואַלד. א שטילע כמאַרנעקײַט האָט געהויערט איבער דער ערד, געפּויעט זי מיט וואַרעמער מילך. די פּיס אַראָפּגעהאַנגען, איז ער געזעסן אָפּן וואָגן, געדרעמלט, די האָר אַרום דעם ראַנד פונעם צעקנייטשטן טונקעלן היטל האָבן זיך געריוויטלט. באַ א שטויס פון דער ראָד אָן א קאָרטש האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און א שמיץ געטאָן דאָס פערד, נאָר די פלעגמאַטישע שקאַפּע האָט בלויז א טרייסל געטאָן מיטן עק. לייזער האָט מיט אויפגעוואַכטע אויגן זיך אַרומגעקוקט. דער סאָסנאָווער יונגוואַלד באַ ביידע זײַטן וועג איז געווען באַהאַנגען מיט זילבער־ווײַסע געוועבן, גרויסע ראָדפּאָרמיקע נעצן, ציכטיק־אָנגעצויגענע איבער די גרינע נאָדלען. לייזער האָט זיי אָנגעקוקט א צײַט און פלוצעם אָפּן קאָל, ניט איבעריקס הויך, נאָר גענוג דײַטלעך אויסגערופן:

— דאָדזשע, ווּ ביסטו?..

לאַנג איז ער געזעסן מיט אָפענע אויגן, דערנאָך האָבן זיי אים ווידער אָנגעהויבן זיך קלעפּן.

פאַר א ווערסט האָט מאַלקע דערקענט די קלאַפּערײַ פון זײַנע רעדער. פון די דאָזיקע קלאַנגען האָט זי שטענדיק אָנגעהויבן טרייסלען און דרייען אהער און אהין. זי האָט ניט געוווּסט, פאַר וואָס זיך פריִער כאַפּן. איר פרייד איז געווען אויסגעמישט מיט שרעק: ניט צוטרעפן דעם מאַן, עפּעס פאַרפעלן, אַרויסווײַזן זיך ניט צוגעגרייט. אַלץ איז איר פון די הענט געפאַלן.

לייזער איז צוגעפאָרן צו זײַן שטוב שטיל, ניט געשטויסן דאָס ווײַב פון שפּאַן מיט געשרייען, ווי ער פלעגט עס געוויינלעך טאָן. זי האָט אים געמאַכט עסן, האָט ער קיין שלעכט וואָרט ניט געזאָגט. ער האָט זיך פרי געלייגט, באַלד אײַנגעשלאָפן, נאָר אינמיטן נאַכט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, א צײַט געלעגן מיט אָפענע אויגן, פלוצעם ווידער אויסגערעדט אָפּן קאָל:

— דאָדזשע, ווּ ביסטו?..

מאַלקע האָט שוין לאַנג געהערט, אַז ער איז וואָך. איצט איז זי צוגעלאָפן צו זײַן געלעגער.

— ביסט ניט געזונט, לייזשע. וואָס איז דיר? — האָט זי געפרעגט.

— ווּ איז אונדזער דאָדזשע? פאַרוואָס שרײַבט ער ניט? — האָט ער גערעדט, ווי פון היץ.

זי איז געשטאַנען לעבן אים אין דער פינצטער א ציטערנדיקע און געשוויגן.

— גיי, גיי לייג זיך, — האָט ער געזאָגט ווייך.

ס'איז געגאַנגען צו האַרבסט. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן רעגנס. די וועגן זײַנען צעווירן געוואָרן. לייזער איז איצט אָדער געזעסן צו עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד אין דער היים אָדער אַוועקגעפאָרן און זיך ניט אומגעקערט א גאַנצע וואָך.

אין אזוינע טעג פון איינזאמקייט האָט מאַלקע ווייניק־וואָס געטאָן אין שטוב, זעלטן־ווען זיך עפּעס געקאָכט און געבאַקן. די מילך איז אָפּט זויער געוואָרן. א וואָלף האָט געוואָיעט הינ־טער דער שטאַל, איז מאַלקע געלעגן אין דער פינצטער, זיך אײַנגעהערט, און ס׳האָט זיך איר געוואָלט וואָיען אינײנעם מיטן וואָלף. ווי קליין זי איז געווען, איז זי געוואָרן נאָך קלענער. אן אײַנגעשרומפּענע, א טונקעלע האָט זי זיך געדרייט איבער דער שטוב, איבער דער שטאַל, אין גרויען דרויסן, אינמיטנדערינען זיך אָפּגעשטעלט, געשאָקלט מיטן קאָפּ, עפּעס געשעפּטשעט מיט די ליפּן.

אין אײנעם א פאַרנאַכט, ווען דער וואַלד האָט געשוויגן און דער פאַרכמאַרעטער הימל האָט זיך אָנגערוקט נידעריק, איז לייזער צוגעפאָרן צו זײַן שטוב, און מאַלקע איז ניט ארויס אנטקעגן. ארום איז געווען שטיל, נאָר די קו האָט געמוקעט מיט פײַנלעכער אָנשטרענגונג.

די טיר האָט זיך געלאָזט עפענען. לייזער איז ארײַן אין שטיבל און, א הויכער, אן אויס־געגלײַכטער, מיט די אויגן דורכגענומען די פינצטערניש. קײנער האָט זיך ניט געזען.

— מאַלקע! — האָט ער א רוף געטאָן.

קײנער האָט ניט געענטפערט.

טיפער בא דער וואַנט האָט עפּעס געטונקלט אפן געלעגער. לייזער האָט געמאַכט א טראָט צו דעם טונקעלן הויפן.

— מאַלקע! — האָט ער אויסגערופן נאָכאַמאָל.

קײן ענטפער איז ניט געווען. לייזער איז צוגעגאַנגען צום געלעגער, אָנגעריבן א שוועבעלע און דערזען, ווי מאַלקעס קליין גופל ליגט אף א זײַט צנויפגעקאָרטשעט, דאָס פּאָנעם פאַרגראָבן אין קישן. ער האָט אָנגעצונדן דאָס לעמפּל, האָט זיך דאָס פײַער געזעצט. אין לאָמפּ איז ניט געווען קײן גאַזע.

די קו האָט ניט אופגעהערט צו מוקען, צו טרובען, ווי אין א האָרן. לייזערן איז געווען סומנע צו בלײַבן אליין מיטן קערפּער אין דער פינצטער, און ער האָט ניט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט אים, האָט ער פאַרשלאָסן די שטוב און איז געגאַנגען רופן מענטשן.

טאַדרעס איז געקומען און אריע. בוניע האָט געבראַכט ליכט, אָנגעצונדן זיי, זיך גוט אויסגעוויינט און אוועק צו די קינדער. די מאַנצבלען האָבן געזאָגט עפּעס פון די סידורים, און זייערע שאָטנס האָבן זיך געשאָקלט אף דער וואַנט און אף דער נידעריקער סטעליע. דערנאָך זײַנען זיי אויך אוועק. לייזער איז געזעסן שטום, געקוקט מיט פוסטע אויגן, געדרעמלט מיט אן אראָפּגעפאַלענעם קאָפּ, זיך אופגעכאַפּט און ווידער געקוקט. די נאַכט האָט זיך געצויגן לאַנג. פאַרטאָג האָט ער אָפּגעפירט מאַלקען אין שטעטל אפן בעסוילעם.

ס׳האָט שוין אָנגעהויבן טונקל ווערן, ווען ער איז געקומען צוריק. אין דער טונקל האָט ער זיך צוגעזעצט אף א נידעריק בענקעלע. ער איז געווען הונגעריק, האָט ער ארויסגענומען פון דער טאָרבע א שטיק פאַרלעגערט ברויט און עס געקײַט. ווידער האָט געמוקעט די בעהיימע, זיך ניט געקאָנט באַרויקן. ער איז ארויס אין שטאַל און דאָרטן אין דער פינצטער דערלאַנגט איר א זעץ מיטן שטיוול אונטערן בויך. זי האָט א זיפץ געטאָן און איבערגעשטעלט די פיס. זי האָט ניט אופגעהערט צו רעווען. לייזער האָט זיך געלייגט שלאָפן, האָט ער פון שלאָף געהערט, ווי זי רעוועט.

אינדערפרי האָט ער אײַנגעשפּאַנט דאָס פערד, צוגעבונדן די בעהיימע צום וואָגן, דעם טויער פון דער שטאַל פאַרלייגט פון אינווייניק מיט דער זאַוואָלע, אף דער דרויסן־טיר אופגע־האַנגען א גרויסן שלאָס. טיאַפּקענדיק מיט די שטיוול אין דער בלאָטע לעבן דער פור, האָט ער זיך ווידער אוועקגעלאָזט אין שטעטל ארײַן, קעדיי פאַרקויפן די בעהיימע דעם קאַצעוו אף פלייש, ווײַל אף קײן מילך איז שוין פון איר ניט געווען וואָס צו וואַרטן — איבערגעברענט.

ווי פריִער, האָט לייזער געשלעפּט קאָרטשעס צו די סמאָליאַרניעס, קלעצער צום ברעג, שפּאַלן צו דער סטאַנציע. ער האָט גענעכטיקט, ווו ס׳האָט זיך געמאַכט. ס׳האָט אים ניט געצויגן צו זײַן שטוב. אמאָל פלעגט טרעפן: ער שלאָפט אײַן אין וואָגן, און דאָס פערד פאַרפירט אים אליין מיטן געוווינטן וועג אהיים. לייזער כאַפּט זיך אוף און זעט, אז ער שטייט פאַרן טויער פון זײַן שטאַל. שטעלט ער אראָפּ די פיס אף דער ערד, שפּאַנט אויס און גייט ארײַן. א פּאָר הינער, וואָס האָבן אין צעגראַבלטער שטרוי געזוכט וואָרעמקײַט און פאַרוואַלגערטע קערנער, צעפּאָר־פלען זיך בא זײַן ארײַנקומען און צעפליִען זיך מיט דערשראָקענע גוואַלדן. אין וויסטן שטיבל איז קאַלט און פײַכט. לייזער מאַכט זיך ניט קײן עסן, צינדט ניט אָן קײן לאָמפּ. ער פאַלט אנידער, דעקט זיך איבער מיטן פּעלץ און שלאָפט.

דער הארבסט איז אריבער, ס׳איז אָנגעקומען דער ווינטער, און פון דאָדיקן איז אַלץ נישט געווען ניט קײן בריוו, ניט קײן גרוס. קעגן פייסעך האָט מיטן פרילינג זיך אומגעקערט אין

לייזערס האַרץ די האָפענונג. ער האָט געקויפט מאַצע און לֿיכט און איז געקומען ערעוו יאָמטעוו אַהיים. פאַרנאַכט איז בוניע אַרײַן אים פאַרבעטן צום סיידער. האָט ער זיך אָפּגעזאָגט:

— אָט דאָ וועלֿ איך זיצן איינינעם מיט מײַן זון, — האָט ער געענטפערט, אָנווײַזנדיק אָף דאָדיקס פאָטאָגראַפיע, וואָס איז שוין געשטאַנען אָפן טיש צווישן די פאָר מעשענע לײַכטערלֿעך און די צוגעדעקטע מאַצעס.

ער האָט אָנגעצונדן די לֿיכט, אָפּגעדאַוונט, ווי ער האָט געקענט, און זיך געזעצט צום סיידער.

— וואָס זשע פרעגסטו ניט, מײַן זון, די פיר קאַשעס, ווי אַלֿע יאָר? — האָט ער געזאָגט, קוקנדיק אָף דער קאַרטע. — ווו זשע ביסטו, וואָס שווײַגסטו, פאַרוואָס שרײַבסטו ניט דעם טאַטן קיין בריוולֿ? — נאָר דאָדזשע האָט געשוויגן, בלֿויז די מילֿדע אויגן האָבן געשמייכלֿט, ווי לֿעבעדיקע.

ער האָט געקוקט אָף דער פאָטאָגראַפיע לֿאַנג, ביז אַ מידקײַט איז אים באַפאַלֿן. ס'האָט אַ צי געטאָן אין האַרצן, האָט ער אומגעוואַשן אָפּגעבראָכן אַ שטיקלֿ מאַצע און גענומען קײַען. קײַענדיק האָט ער אײַנגעדרעמלֿט. ער האָט געעפנט די אויגן, זײַנען שוין די לֿיכט אויסגעגאַנגען, האָט ער אין דער פינצטער אָנגעטאָפּט דאָס גלֿעזגער און זיך אָנידערגעוואַלֿגערט.

באַלֿד נאָך די ערשטע טעג פייסעך האָט ער איבערגעלֿאָזט דאָס פערד בײַ אַ באַקאַנטן וואָ־זאַק און צופוס אָנגעהויבן אַרומגיין פון דאָרף צו דאָרף, פון שטוב צו שטוב זיך נאָכפרעגן בײַ די פויערים, עפשער האָט עמעצער פון זיי אין סאָלֿדאַטן אַ זון אין דעם און דעם פאָלֿק. עפשער האָט עמעצער געהערט פון אַזעלֿכן — דאָדזשע, דאָווידקע. וואָס איז מיט אים?.. אַ סאַך פויערים האָבן געהאַט זין אין סאָלֿדאַטן, נאָר ניט אין דעם פאָלֿק. אייניקע האָבן יאָ געדינט אין דעם פאָלֿק, נאָר זיי שרײַבן זעלֿטן־ווען, און פון קיין דאָווידקען האָבן זיי אין די בריוו זייערע ניט דערמאָנט.

ענדלֿעך האָט מען לֿייזערן אָנגעוויזן אָף אַן אָרט, ווו ער וועט געוויר ווערן, וואָס ער דאַרף. דאָרט איז געקומען אין אורלֿויב אַ סאָלֿדאַט, דוקט זיך, פונקט פון דעם פאָלֿק, וואָס ער זאָגט. לֿייזער האָט געזען דעם סאָלֿדאַט און באַקומען פון אים אַ קלֿאָרן גרוס. ער האָט געקענט דאָ־ווידקען, געדינט מיט אים אין איין ראָטע, אַ ווײַלֿער געווען, וועסט ניט זאָגן וועגן אים קיין שלֿעכט וואָרט. נאָר דער נײַער אָפיצער, וואָס איז אָנגעקומען אין דער ראָטע, האָט ניט לֿיב געהאַט קיין יידן. דאָווידקע איז געווען אַ ספּריטנער סאָלֿדאַט. צו וואָס וועסטו זיך צוטשעפּען? האָט ער אים גלֿאַט געפאַטשט איבער דער מאָרדע. איינמאָלֿ טרעפט ער אים אָפן שאָסיי. „אָן אַוואָלֿניטעלֿנע האָסטו?" — „טאַק טאָטשנאָ, וואַשע בלֿאַגאָראָדיע". רײַסט ער אַרויס, דער ראָטנער, הייסט עס, בײַ דאָווידקען די אַוואָלֿניטעלֿנע און נעמט אים שלֿאָגן. דאָווידקע זעט, קיינער איז מער ניטאָ, נאָר זיי אינצווייען, האָט ער אים דערלֿאַנגט אויסגאָב. אָבער גוט פאַר־פאָרן, דערציילֿט מען, ער וועט האָבן צו געדענקען. נו, אַ קלֿאָרע זאַך. דאָ האָט ער אַרויסגעכאַפּט די שאַשקע און אים צעהאַקט, דער ראָטנער, דאָווידקען, הייסט עס. דאָס איז געווען זומער נאָך אין פאָריקן יאָר.

לֿייזער איז געשטאַנען און געהערט גראָד, אויסגעגלֿײַכט, ווי שטענדיק. זײַן געשפרענקלֿט פּאָנעם איז געווען בלֿייך־געלֿ, ווי נאָך אַ שווערער קרענק, די אויגן — פאַרטראָגן.

„זיי האָבן אים געהאַרגעט, די קאַטן!" — האָט ער איינס נאָר באַנומען פון דער מײַסע. ער האָט קיין „גוטן־טאָג" ניט געווונטשן, אָף קיינעם קיין בלֿיק ניט געטאָן צום געזעגענען און איז אַוועק.

ס'איז געווען פרילֿינג. בײַ ביידע זײַטן וועג גרינע פעלֿדער, אָנגעטרונקען מיט שײַנענדיקער פרישקײַט און זון.

און דאָרט אין דער נידער בײַ דער אָזערע לֿיגט די מילֿ. בערעס באָנים, געזונטע, ווי די דעמבעס, זיצן אין דער היים. קיינער פון זיי האָט ניט געדינט. אָט הייבט זיך אָן דער וואַלֿד. טיפער אין וואַלֿד איז וועלֿוולֿ זאַרעצקיס סמאָלֿיאַרניע מיט די צוויי טערפּענטין־אויוונס. וועלֿוולֿס זון זיצט אין דער היים. נאָר זײַן דאָדזשען, זײַן איין־און־איינציקן, האָט מען צוגענומען, צוגע־נומען און דערהאַרגעט, צעהאַקט אים מיט אַ שאַשקע דאָרט אין דער פרעמדער שטאָט...

די לֿופט האָט געשמעקט מיט טערפּענטין, ס'האָט אַזש אין האַלֿדז געדראַפּעט. לֿייזער איז געגאַנגען דורך וועלֿוולֿ זאַרעצקיס סמאָלֿיאַרניע. אָפן אויסגעגלֿעטן פּלאַץ לֿעם דער דיסטי־לֿיאַציע האָבן זיך געקלֿאָרט קעגן דער זון גרויסע גלֿעזערנע בוטלֿען מיט ברוינלֿעכן און גרינ־בלֿעכן טערפּענטין. פון דעם סמאָלֿיאַרניקס שטוב האָט מען געהערט קלֿאַנגען פון אַ פידלֿ. אַלֿעמאָלֿ הערט מען פון דאָרטן אָדער אַ פידלֿ שפּילֿן, אָדער אַ ציקלֿען זיך פון דעם אַלֿטנס האָניקדיקן קאָלֿ. דעם וואָזאַק האָט דאָס האַרץ אַ טראָג געטאָן — אַרײַנרײַסן זיך אַהין אין שטוב מיט אַן אויסגעבראָכענער האָלֿאָבלֿיע, מיט אַ האַק, און שטום זאָלֿ דאָרט ווערן... לֿייזער האָט

א זעץ געטאָן מיטן שטיוול אין איינעם פון די בוטלען, וואָס איז געשטאַנען באַם וועג, און פּור־נעם בראַך האָט זיך א גאָס געטאָן די פּליסיקייט, שטראָמענדיק אראָפּ צו דער נידער, ווו די הרובע האָט זיך געהייצט. ער איז, ניט אומקוקנדיק זיך, אוועק ווײַטער זײַן וועג.

שוין טיפלעך אין וואַלד האָט ער זיך אויסגעקערעוועט און דערזען איבער דער סמאָליאַר־ניע א זײַל פּײַער מיט רויך. ער איז געווען ניט ווײַט פון דער היים, נאָר ניט געהאַט נאָך וואָס אהין צו גיין. ער האָט זיך דערמאָנט אין דער שקאַפע, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט בא א שאָכן, א קלער געטאָן, עפּשער זאָל ער זיך איצט אוועקלאָזן אהין, נאָר ער האָט עס ניט געײַלט צו טאָן. ער האָט זיך ארומגעדרייט איבערן וואַלד און, ווי א פּאַרשטויסענער פון מענטשן, אויס־געמיטן זיך צו דערנענטערן צו א יישעוו. ער האָט זיך ווידער און ווידער אומגעקוקט אף די קנוילן רויך איבער דער סמאָליאַרניע. זיי זײַנען שטורעמדיק אָנגעוואַקסן, זיך פּאַרנומען אלץ ברייטער און העכער, מיט קאָך און געדריי, געדיכט און שוואַרץ, מיט פּײַער־צונגען אין דער שוואַרצקייט. לייזער האָט ניט געקאָנט די אויגן אָפּרײַסן פון יענעם ווינקל, דאָס הארץ האָט געקלאַפּט, ווי עס וואָלט זיך גרייטן א גרויס געשלעג.

מיטן וועג איז אָנגעקומען א קלאַפּערײַ פון רעדער, אײַנגעהאַלטן און שפּילעוודיק, ווי פון א לײַכטן רעסאָרנדיקן גאַנג. לייזער האָט זיך צוגעהערט א ווײַלע, דערקענט לויטן קלאַנג, ווער עס פאָרט, און א בייז־אָנגעכמורעטער זיך געלאָזט גיין. אינגיכן האָט ער באַגעגנט די פור. ס'איז געווען דעם אוריאַדניקס קאַליאַסקע מיט זײַן שיינער ווײַס־גרוי געפּלעקטער שקאַפע. ניט קוקנ־דיק דעם אוריאַדניק אין די אויגן און אָן א גוטמאָרגן, האָט לייזער מיט א שמיר פון דער דלאָניע הינטן־ארום איבערגערוקט דאָס היטל אפן קאָפּ און געמיינט דערמיט יוצא זײַן, ווי זײַן שטייגער. נאָר דאָס מאָל האָט דער אוריאַדניק אָפּגעשטעלט די שקאַפע און א ווונק געטאָן מיט א פינגער:

— קום אהער.

וואָלפיש, מיט א קארגער באַוועגונג פונעם האַלדז האָט זיך לייזער אומגעקוקט און זיך ניט גערירט פון אָרט.

— קום, קום אהער, — האָט אים דער אוריאַדניק אונטערגעמונטערט.

לייזער האָט געמאַכט א פּאָר טריט.

— נעענטער!

לייזער איז צוגעגאַנגען.

— וואָס איז עס? — האָט דער אוריאַדניק אָנגעוויזן אף דער קאָכנדיקער כמאַרע איבער דער סמאָליאַרניע.

— וואָס זאָל עס זײַן? עס ברענט.

— פאַרוואָס זשע גייסטו ניט לעשן? — האָט דער אוריאַדניק געפרעגט מיט אלץ וואַקסנ־דיקן פּאַרדאַכט. — וואָס דרייסטו זיך דאָ ארום?

דער וואָזאַק האָט אים אָנגעקוקט פרעמד און פאַרוואָלקנט און געשוויגן.

— ענטפער, אז איך פרעג! — האָט דער אוריאַדניק אויסגעשריִען אָן אָנגעצונדענער.

נאָר לייזער איז אלץ געשטאַנען א פאַרכמורעטער און האָט קיין וואָרט ניט גזאָגט. דער אוריאַדניק האָט אים א שניט געטאָן מיטן געפלאָכטענעם רימענעם אראַפּניק, אז די שקאַפע האָט זיך דערשראָקן און א צאַפּל געטאָן. ער האָט זי אָפּגעזעצט און אויסגעשאָטן אפן וואָזאַק א מעסטל קויטיקע זידלערײַען.

— ארײַן אין דער בריטשקע! הונט דו פּאַרשיווער, וועסט שוין בא מיר ריידן!

לייזער האָט זיך טיפער צעטאָטעמט. זײַנע אָפּגעבליאַקעוועטע גרויע אויגן האָבן זיך אָנגע־שטעלט אפן אוריאַדניק, ווי זיי וואָלטן אים ערשט איצט רעכט דערזען.

— ארײַן! — האָט דער אוריאַדניק איבערגעכאַזערט דעם באַפעל.

נאָר לייזער האָט זיך אלץ ניט גערירט. א פלעם פונעם אראַפּניק האָט אים פאַרגאָסן מיט בלוט א האַלבן שטערן. אלץ נאָך פאַרטונקלט, ווי פון שלאָף, האָט ער אויסגעשטרעקט זײַנע קלײַענדיקע, מיט געלע האָר באַוואַקסענע הענט און א נעם געטאָן דעם אוריאַדניק פאַרן האַלדז. דעם אוריאַדניקס שלאַנקער גוף איז באַלד אָפּגעפאַלן, ווי א שמאַטע, נאָר לייזער האָט אים אלץ ניט אָפּגעלאָזט, געזעצט מיטן אָפּגעשוואַכטן קאָפּ אין די געקאָוועטע ברעגעס פון דער קאַליאַסקע, אראָפּגעשלעפּט דעם אוריאַדניק אף דער ערד און לאַנג אים געטראָטן, געטאָפּ־טשעט מיט די שטיוול. די שקאַפּע האָט אויסגעקערעוועט איר שיינעם האַלדז צו די פּאַרשווי־נען, ווי פרעגנדיק, צי מע מעג פאָרן ווײַטער. באַשלאָסן, ווײַזט אויס, אז מע מעג, און איז פּאַמעלעך מיט דער ליידיקער קאַליאַסקע אוועק פּאַרויס.

לייזער האָט נאָכגעקוקט דער פאַרשווינדנדיקער פור, געכאַפּט א בליק אפן אוריאַדניק, ווי ער ליגט מיטן פּאָנעם אין דער קאַלייע, און זיך דערפילט זייער מיד. ער האָט זיך געלאָזט

גיין, כאָטש ס'האָט געצויגן זיך לייגן דאָ באַלד באַם וועג. ער האָט שווער איבערגעשטעלט די פיס. ס'האָט זיך נישט געוואָלט ניט אהיים, ניט ערגעץ־ווו צו א יישעווו. ער האָט פאַרקערעוועט אין וואַלד אַרײַן. צווישן דיביימער זיך אַנידערגעוואָלגערט מיטן פּאַנעם אין עלנבויגן. אַזוי איז ער געלעגן לאַנג. ס'איז געווען סאָף טאָג. א קילקייט האָט גענומען צופאַלן. לייזער האָט זיך אופגעהויבן, זיך א קאַרטשע געטאָן, זײַנע אויגן זײַנען געווען שלעפעריק און גלײַכגילטיק.

פונדערוויײַטנס איז אָנגעקומען א בילן פון הינט. זייערע האווקענדיקע קוילעס האָבן זיך איבערגעוואָרפן איבערן וואַלד. ס'האָט זיך געהערט, ווי עטלעכע הינט נישטערן היציק אַרום, דערנעענטערן זיך, לאָזן זיך הערן אַלץ דײַטלעכער. לייזער האָט באַלד פאַרשטאַנען — ס'איז עמעצער פון הויף. ס'איז נאָך אים. די ליידיקע קאַליאַסקע האָט אָנגעמאַכט א טומל.

לייזער איז צוריק אַרויס אפן וועג. דאָ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, צוגענייגט אַן אויער צו דער אַנלויפנדיקער אַלץ מער אופגערעגטער בילערײַ. נאָך דער מידקייַט און גליווער, וואָס האָט אים פריִער אָנגעפילט, האָט איצט ווידער עפּעס א וואַרעמקײַט פאַרפלייצט זײַן האַרץ, א הייסער אויסברוך פון ווידערשטאַנד צו אָט דעם געיעג נאָך אים מיט הינט, ווי נאָך א כײַע. ער האָט גאָרניט געקאָנט טאָן, ניט שטעלן זיך אנטקעגן, ניט ערגעץ אנטלויפן, איז ער געשטאַנען כמורנע און גרייט.

ס'איז געווען דער פריצישער אַביעזדטשיק מיט צוויי לעסניקעס. לייזער האָט דערקענט פונדערוויײַטנס אי זיי, אי די הינט. זיי זײַנען אָנגעקומען מיט ביקסן אף די רוקנס. לייזער האָט געוואָרט באַם וועג, זיך ניט גערירט פון אָרט. ער איז שוין סײַווי געווען גרייט צו אַלצדינג, וואָס עס זאָל ניט זײַן, נאָר אָט דאָס געיעג אף אים מיט הינט האָט אים גערייצט. זײַן פּאַנעם אין די רויטע האָר זײַנען געווען געל־בלייך. צוגעשפּאַרט מיטן רוקן צו א סאָסנע, איז ער געשטאַנען ביז דער לעצטער רעגע, ניט אופגעהערט זיך אײַנקוקן אין די פאַרפאָלגער, אין יעדער באַוועגונג זייערער. ער האָט טיף געאָטעמט.

## „שלאָג"

דעם אוריאַדניקס טויט האָט, אַפּאַנעם, געמאַכט א גרויסן רוישעם אין אויעזד. אפן יישעוו איז אַראָפּגעקומען אַן אויספאָרשער, געווען בא ראַבערטן און באַם סמאָליאַרניק אין שטוב, זיך אַלץ נאָכגעפרעגט אף דעם מעשטשאַנין לייזער הערשקאָוויטש טראַבון, ווי ער האָט דעם וואָזאַק אָנגערופן, — וואָס איז ער פאַר א מענטש, צי האָבן זיי ניט באַמערקט עפּעס אַזוינס אין זײַנע רייד, אין זײַנע געדאַנקען. צי האָט ער ניט גע־האָט קיין באַציִונגען מיט פאַרדעכטיקע פאַרשוינען. אין שטיבל בא לייזערן האָט מען געזוכט געווער, אַלץ דאָרטן איבערגעוואָרפן און איבערגעקערט, דערנאָך עס פאַרשלאָסן און פאַרכאַס־מעט מיט טריוואַקס. אַזוי איז עס געשטאַנען א לאַנגע צײַט.

קיינער האָט ניט געוווּסט, וויאַזוי די מײַסע איז געשען. מע האָט געבויט האַשאַרעס, דער־ציילט איינער דעם אַנדערן די קלאַנגען פון דער אויספאָרשונג. לייזער האָט זיך באַלד מוידע געווען, האָט מען גערעדט, נאָר פאַרוואָס און וויאַזוי עס איז געקומען דערצו, דאָס האָט ער ניט געקאָנט געבן צו פאַרשטיין. מע האָט געשמועסט, אַז די מײַסע וועט גלאַט ניט פאַרלויפן. פּאָליציי וועט זיך נויקעם זײַן דערפאַר אין אַלע יידישע יישוווניקעס, אָנהייבן דרייען א קאָפּ מיט וווינ־רעכט, און מע מעג זיך גרייטן אין וועג אַרײַן.

ווי שטיל ס'איז ניט געווען שטענדיק אַרום דעם סמאָליאַרניקס שטוב, איז איצט נאָך שטי־לער געוואָרן. בוניע גייט אַרויס פאַר דער טיר, זעט זי, ווי אַלעמאָל, דעם הויכן גרויען קאָנוס־אַרטיקן טערפּענטין־אויוון אפן סמאָליאַרניע־פּלאַץ, דעם רויך פונעם שוואַרצן בלעכנעם קוי־מענדל לעבן אים נידעריקער. דער שווער דרייט זיך אַרום דאָרטן צווישן די העל־ברוינע קאַר־טשעס. ערגעץ באַם ריטשקעלע אונטן צי אף די זאַמד־קאַריערן שפּילן זיך אירע קלענערע קינדער. די עלטערע צוויי לערנען אין כיידער. א פּיקהאָלץ קלאַפּט געשמײַדיק אף א נאָענטן בוים. די זון האָט זיך אַראָפּגערוקט, און איר זײַטיקע שײַן פאַלט אפן אנטקעגנדיקן בערגל. פון צווישן די בערעזעס און יונגע יעלן דאָרטן טיילט זיך איצט אויס דער ראָזלעך־געלער מעכטיקער שטאַם פון א סאָסנע. ביז נאָך האַלבן טאָג שטייט זי וויניק פאַרענדערט פון אַלע איבעריקע ביימער, נאָר ווי די זון רוקט זיך אַראָפּ און שטעלט זיך אנטקעגן, אַזוי צינדט זי זיך אָן און ברענט העל ביז פאַרגאַנג, שײַנענדיק מיט די געבויגענע צווײַגן, ווי א געפּלאָכטענע גאָלדענע טיר אין דער טונקלקײַט פונעם גרינס. איצט, ווי אָפט אין די נאָכמיטיק־שאָען, האָט זיך בוניע פאַרקוקט אף אָט דער סאָסנע, ניט געקאָנט די אויגן פון איר אָפּרײַסן. וואָס מער די פרוי האָט זיך געשראָקן פאַר דער נאַכט און פאַר איר פינצטערניש, אַלץ מער האָט זי זיך געפרייט אנטקעגן יעדער זאַך, וואָס האָט פאַרמאָגט אין זיך א ליכטיקן שטראַל, א וואַרעמע פאַרב, און זיך געצויגן

דערצו אומווילנדיק, ווי א סאָנישניק צו דער זון. נאָר זעענדיק און באַנעמענדיק די אַלע באַ־קאַנטע און ליבע זאַכן, האָט זי איצט קעסיידער געשפּירט די פּוסטקייט פונעם יישעוו, די צוויי פאַרלאָזטע שכײנישע הײַזער העכער הינטערן װעלדל: אײנס אָן שויבן און צעעפנט, ווי נאָך א גאַזלאָנישן אָנפאַל, דאָס צווייטע — פינצטער און פאַרשפּאַרט, שטיקנדיק אין זיך זײַן עלנט.

א פויער ווײַזט זיך אַפּן װעג צופוס אָדער אַף אַן אָרעמער פור, נעמט, ווי שטענדיק, אַראָפּ דאָס היטל פאַר דעם סמאָליאַרניקס ווײַב, נאָר זײַן בליק איז אומצוטרוילעך און פרעמד. ביז צום האַרצן דערגייט דער פרוי די פרעמדקייט פון אָט דעם בליק, און א שרעק כאַפּט זי אָן פאַר אירע זאָרגלאָז אַרומלויפנדיקע קינדער, פאַר איר אומבאַשיצטער נעסט.

טאָדרעס דער דערעטשינער, וואָס האָט אַף זײַן טאַלמיד קיינמאָל קיין שלעכט וואָרט ניט געזאָגט, האָט איצט אַליין געקלאָגט זיך אַף אים פאַר שויעלן, צוגעגאַנגען און מעיושעוודיק, ווייך, ווי זײַן שטייגער, אָנגעהויבן:

— וועגן דאַניען. ער האָט א גוטן קאָפּ, און ביכלאַל... נאָר די לעצטע צײַט... עפּעס איז ער צעטראָגן, צי ס'איז אים אומעטיק אָן כאַוויירים, — דאָס קאָן אויך זײַן. איך האָב צו אים ניט. אַדראַבע, נאָר, איר פאַרשטייט, ער האָט אופגעהערט לערנען! ס'הייסט, קימאַט... עפּשער טויג איך ניט און מע דאַרף צו אים אַן אַנדערן. דאָס האָב איך אײַך געוואָלט זאָגן...

שויעל האָט געלייגט האָפענונגען אַפּן עלטערן זון, געטרוימט, אַז ער וועט אויסוואַקסן אַן אילוי, א שײַנדל פאַר ייִסראָעל. לאָזט זיך אויס, אַז ער האָט גאָר קיין כיישעק ניט צום לערנען. וואָס זשע וועט עס זײַן?.. שויעל איז געווען אַזוי טיף צערודערט פון דער נײַעס, אַז ער האָט זיך אין דער ערשטער מינוט ניט אײַנגעשטעלט ריידן מיט דאַניען, מוירע געהאַט, ער זאָל פון זײַן מויל ניט געוווּיר ווערן נאָך עפּעס ערגערס. א גאַנצן שאַבעס האָט ער אײפּערזיכטיק נאָכגעקוקט דעם זון, געטײַטשט און געשאַצט זײַן יעדן קער און ווענד. באַנאַכט האָט מאַן און ווײַב, ליגנדיק צוזאַמען אין בעט, גערעדט. שויעל האָט געזאָגט:

— ער איז אַן איבערגעביטענער. ס'איז גאָר ניט דאָס ייִנגל, וואָס געווען.

— ס'מאַכט זיך בא א קינד א שווערע צײַט, ער וועט עס איבערוואַקסן, — האָט בוניע באַרויִקט.

— געדענקסט, סאַרא ריינע, לויטערע אויגן ער האָט געהאַט. און איצט, האָסט זיך צוגע־קוקט צו זיי?..

— געוויס. עפּעס יוירט שוין אין אים. א ביסל צו פרי.

— ער איז דאָך נאָך קיין דרײַצן יאָר ניט אַלט.

— טשערנע. מע האָט זי באַלד געדאַרפט אָפּשיקן.

— מיינסט, ס'איז צווישן זיי עפּעס געווען?

— ניין, פאַרשטייט זיך. וואָס האָט געקאָנט זײַן? נאָר אַזוי. קיין גוטס האָט ער זיך פון איר ניט אָנגעלערנט.

דאַניע האָט לויט אַלע סימאָנים געזען, אַז דער טאַטע קלײַבט זיך האָבן מיט אים אַן ערנסטן שמועס. ער האָט אַן ערעך זיך פאָרגעשטעלט די טײַנעס, וואָס מע וועט צו אים האָבן, געוווּסט, אַז ער האָט ניט וואָס צו ענטפערן, און איז דעריבער שוין אַפריִער געווען אופגערייצט און גרייט צו ווידערשטאַנד. אַלעמאָל האָט ער זיך געריכט — אָט באַלד הייבט זיך עס אָן... נאָר ס'האָט זיך אַלץ ניט אָנגעהויבן. ערשט נאָך דער באַטאָגיקער טיי, ווען די איבעריקע קינדער זײַנען זיך צעגאַנגען, האָט שויעל ווייך און ציטעריק, גאָר ניט ווי זײַן שטייגער, זיך צערעדט מיטן זון.

— דער רעבע זאָגט, אַז דו לערנסט שוואַך די לעצטע צײַט. ס'איז עמעס?

— עמעס.

— פאַרוואָס?

— איך ווייס ניט.

— ס'איז דיר עפּעס געשען? ביסט, כאָלילע, ניט געזונט אָדער מיט עפּעס ניט צופרידן?

— גאָרניט. אַזוי. איך ווייס אַליין ניט...

אָט די אומבאַשטימטע ענטפערס זײַנען שויעלן געווען ערגער פון אַלץ. ער האָט זיי ניט געקאָנט פאַרטראָגן.

— און ווי איז, אַז איך וועל דיר געבן עטלעכע גוטע קלעפּ, וועסטו עפּשער אָנהייבן וויסן, וואָס עס טוט זיך מיט דיר? — האָט ער פּלוצעם מיט א געהעכערט קאָל דראָענדיק זיך אָנגערופן. דאַניע האָט געשוויגן.

— איז ווי מיינסטו? — האָט שויעל ניט אָפּגעלאָזט, געוואָלט אַרויסבאַקומען א קלאָר וואָרט.

— שלאָג, — האָט דאָס ייִנגל טרוקן, מיט פאַרביסענער אײַנגעשפּאַרטקײַט געענטפערט.

— איך פאַרשטיי ניט, וואָס עס טוט זיך מיט דיר, — האָט שויעל געזאָגט מיט א זיפץ.
דאַניע האָט אינגיכן געדאַרפט ווערן בארמיצווע. שויעל האָט אים שוין געבראַכט פון שטאָט א פּאָר קליינינקע טפילין. בוניע האָט אליין אויסגענייט פאַר זיי א זעקעלע — אַף שווארצן סאַמעט זיַידענע גרינע בלעטלעך און גאָלדענע קוויטעלעך. מע האָט זיך געגרייט מאַכן א גרויסע סודע און פאַרבעטן געסט. אין וועג האָט שויעל קעסיידער גערעדט וועגן דער פאַרשטייענדיקער געשעעניש, דערציילט וועגן זיַין זון און מיט אים זיך איבערגענומען. און מיטאַמאָל אזא האַרצווייטעק. שויעלן איז שוין ניט איַינגעגאַנגען די גאַנצע סימכע.
א סודע האָט מען פונדעסטוועגן געמאַכט, כאָטש ערגער, ווי מע האָט לעכאַטכילע גערעכנט. וועלוול זאַרעצקי איז אַראָפּגעקומען מיט א העלפט פון זיַין מישפּאָכע אין א ברייטן שליטן. דער נייער אײדעם זיַינער, א נידעריטשקער יונגערמאַן מיט א שטענדיק שפּאָט-שמייכעלע אַף די ליפּן, האָט פאַרפאַסט צו דער געשעעניש א פרייליכע ליד אַף העברעיִש, ווו יעדע סטראָפע האָט זיך אויסגעלאָזט צום גראַם מיטן וואָרט „מעברת"[1], וואָס איז דער טיַיטש — פאַראָם. אויב אין די ערשטע סטראָפעס איז דער קליינער יובילייאַר פאַרגליכן געוואָרן צו איינעם, וואָס שטייט פאַרן פאַראָם, האָט ער אין די מיטלסטע זיך שוין געפונען אפן פאַראָם און אין די לעצטע — אַף יענער זיַיט פאַראָם.
דאַניע האָט די לעצטע טעג שוין עטלעכע מאָל אָנגעמאָסטן די קליינע גלאַנציקע טפילין, ארומגעוויקלט די לינקע האַנט מיט דער רעצוע, ער האָט אפילע געכאַפּט א קוק אין שפּיגל, און ס'איז אים געפעלן געווען, וואָס ער זעט שוין אויס אזוי גוט, ווי א גרויסער.
איצט, באַם טיש, האָט ער געגומען א פּאָר גלעזלעך בראַנפן. די באַקן האָבן געפלאַמט. אין קאָפּ האָט גערוישט. אלע האָבן אים געווינטשעוועט. דער זיידע אריע האָט אים געזאָגט: „דער איקער, זאָלסט זיַין א מענטש"... עמעצער האָט פאַרבעסערט: „דער איקער, זאָלסט זיַין א ייִד"... וועלוול זאַרעצקי האָט זיך אָפּגעוואָרפן אפן וועגטל פונעם שטול, אָנגעצויגן מיט די פינגער דאָס גראָווע בערדל און אופגעזונגען א זיס שטיקעלע זמירעס. דאַניע האָט אים אונטערגעהאַלטן מיט אַן אומגעריכט הויך-קלינגענדיק קעלכל. אלץ איז געגאַנגען גלאַט. נאָר שויעל, וואָס האָט געטרונקען מער, ווי מע דאַרף, איז געווען אומרויִק. פלוצעם האָט ער א זעץ געטאָן מיט דער פויסט אין טיש, אז דאָס געפעס איז אונטערגעשפּרונגען.
— צוליב וועמען לעבן מיר? — האָט ער אויסגעשריִען. — צוליב וועמען האָרעווען מיר — צוליב די קינדער!..
און ער האָט זיך צעוויינט.
בוניע איז צוגעגאַנגען צו שויעלן און געגומען אים בארויִקן:
— זיַי ניט אזוי צעטראָגן. ער וועט זיך, אימירצעהאַשעם, אויסגלייַכן...
דאַניע האָט עס געהערט, געוווּסט, אז דאָס אלץ איז וועגן אים. א הייסע ליבשאַפט צום פאָטער האָט אים א ברי געטאָן דאָס האַרץ. ער וואָלט איצט כ'וויס-ניט-וואָס געטאָן, דער פאָטער זאָל ניט זיַין אזוי צעקלעמט. ער איז גרייט געווען ארומנעמען זיַין קאָפּ און קושן. „ווּעסט זען, אלץ וועט זיַין גוט", — האָט זיך געוואָלט צוזאָגן. די ווערטער זיַינען שוין קימאַט געווען אַף דעם ייִנגלס ליפּן, נאָר ער האָט זיי ניט געקאָנט ארויסברענגען. ער האָט געפילט, אז ער קאָן עס ניט צוזאָגן. ס'וועט ניט זיַין אזוי, ווי דעם טאַטן וואָלט זיך וועלן, כאָטש ער ווייסט נאָך אליין אויך ניט, ווי עס וועט זיַין...

## אין שטעטל

אין איינעם פון די ערשטע זוניקע טעג, באַלד נאָך פּייסעך, האָט דאָס היימישע פערדל געפירט מיטן וואַלד-וועג א גאַנץ בינטל פאַרשוינען פון דער סמאָליאַרניע: שויעלן מיט בוניען, אריען און איינעם מיט זיי — דאַניען, וואָס צוליב אים איז פירגענומען געוואָרן די גאַנצע נעסיִע. מ'איז געפאָרן צו דער סטאַנציע. פון דאָרטן האָט שויעל מיט דער באַן געדאַרפט אָפּפירן דעם זון אין מ., ווו ס'איז צו יענער ציַיט געווען א באַרימטע יעשיווע. אין דער יעשיווע אונטער דער געהעריקער אופזיכט, אין קאָמפּאַניע פון כאַוויירים ווילנער, האָט דאָס ייִנגל געזאָלט צוריק באַקומען דעם פאַרלוירענעם ברען צו דער טוירע.
דאָס פערדל איז געגאַנגען פּוסטריט. דער וועג איז נאָך געווען שטאַרק צעוויִקט, ערטערווייַז פאַרגאָסן. אלע אַף דער פור האָבן געשוויגן. נאָר דער וואַלד האָט געקלונגען מיט לעבן. צווישן דיביימער איז געגאַנגען א פליִעניש, א האָוועניש, א קריגן זיך, א ליבן זיך. מע האָט זיך איבערגערופן, מ'האָט געזונגען, געקראַקעט, געפּיַיפּט. דאַניע האָט געהערט, געהערט און פלוצעם א

[1] מאַבוירעס.

צוויטשער געטאָן איין מאָל און נאָך א מאָל, געפּרוווט נאָכמאַכן עפּעס א פויגל. טאַטע־מאַמע האָבן זיך איבערגעוווּנקען, — וואָס דעם באָכער קריכט אין קאָפּ! נאָר דער זיידע האָט צופרידן געשמייכלט.

— זיי האָבן זיך זייער פויגלש לאָשן, — האָט ער געזאָגט. — די אַמאָליקע — שלוימע־האמעלעך, צום בײַשפּיל, און אַלעקסאַנדער מוקדן — האָבן דאָס לאָשן פאַרשטאַנען. הײַנט הערט מען עפּעס ניט פון אַזעלכע מענטשן...

צום וואָקזאַל איז מען צוגעפאָרן אײַנצײַטיק מיטן קלונג, וואָס האָט געגעבן צו וויסן, אַז דער צוג איז אַרויס פונעם נאָענטסטן פּאָלוסטאַנאָק. אָט דער קלונג האָט דאַניען צערודערט מער, ווי אַלע שמועסן וועגן דער נעסיע. ער האָט זיך געהאַלטן קעסיידער לעבן דער מוטער, אָפּט זיך אָפּגעטיילט מיט איר פון די איבעריקע אף א מינוט, ווי ער וואָלט איר האָבן עפּעס צו פאַרטרויען. א וווּקסיקער, א פּריש־פאַרברווינטער, אַן ערנסטער געגאַנגען מיט איר אַקסל צו אַקסל און געשוויגן, כאָטש דאָס האַרץ איז געווען פול.

פון וואַלד איז אַרויס מיט א פײַף דער אָנקומענדיקער צוג. מיט האַסט און ראַש צוגעפלויגן און זיך אָפּגעשטעלט. דער שוואַרצער לאָקאָמאָטיוו, זײַנע מעכטיקע רעדער, דער לאַנגער קערפּער פונעם קעסל — אַלץ האָט דאַניען אויסגעוויזן ווונדערלעך. ער האָט זיך דערמאָנט דעם הויכן בליאַסקענדיקן רעלסן־וועג דורכן וואַלד, וואָס ער האָט געזען מיט עטלעכע יאָר צוריק. מיט דעם וועג וועט ער באַלד פאָרן...

ס׳איז צוגעגאַנגען, ווי אין א כאָלעם. די מאַמע האָט אים געקושט, דער זיידע האָט, שמייכלענדיק פאַרן אָפענעם פענצטער און דראָענדיק מיט א פינגער, אָנגעזאָגט: „דאַניע, זײַ א מענטש!..“ אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן באַוועגן, אַוועקגיין אף צוריק: די ביניאָנים, די ביימער, דער דעזשורנער מיטן רויטן היטל, דער מאַמעס בליק... און שוין, מער האָט מען זי ניט געזען.

א גרין פעלד, א באַשײַנטס מיט זון, האָט פאַרקערעוועט צום פענצטער פון וואַגאָן, זיך אויסגעדרייט און אַוועקגעשווומען. דאָס פעלד איז פאַרשוווּנדן, איז אָנגעקומען א וואַלד אף א באַרג. דער וואַלד איז פאַרבײַ, האָט זיך געעפנט א פאַרגאָסענע לאָנקע מיט גאָלד־געלע בלומען. א גרוי כוטאָרל, א שוואַרצע בעהיימע מיט א ווײַסן קאָפּ, ווידער וואַלד... די פרילינגדיקע ערד האָט זיך אַליין פאַנאַנדערגעוויקלט פאַר די אויגן, איינס צוגענומען, דאָס צווייטע דערלאַנגט, פרײַנטלעך זיך פאָרגעשטעלט פאַרן קליינעם רײַזנדער, וואָס איז צום ערשטן מאָל אַרויס אף אירע ברייטע שטעכן... דאַניע איז ניט אָפּגעטראָטן פון פענצטער ביז טיף אין אָוונט. אויך אין דער פינצטער האָבן זײַנע דאָרשטיקע אויגן ניט אויפגעהערט זיך אײַנקוקן אין די פאַרבײַשווינדלענדיקע שאָטנס. דאָרט אין דער פינצטער האָט געאָטעמט, געלעבט א גרויסע אומבאַקאַנטע וועלט: עס האָבן זיך געשפּרייט וועגן, אף וועלכע ער איז ניט געגאַנגען, טײַכן, בא וועלכע ער איז ניט געשטאַנען. פײַערלעך האָבן זיך געוויזן...

א מידער איז ער אײַנגעשלאָפן. עטלעכע מאָל, וועקנדיק זיך פון שלאָף, צוגעהערט זיך מיט פאַרמאַכטע אויגן צום ריטמישן געוויג, צו דער קלאַפּערײַ און הודענדיקן גערודער, געפילט: ערגעץ טראָגט עס אים דורך דער נאַכט, און זיך ניט געקאָנט דערמאָנען, פונוואַנען און וווהין.

פאַרטאָג, אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער קעגן פענצטער דערזען א באַפאַרבטן שטיק וואָלקן, ענלעך אף א גייענדיקן מענטשן. וואָס מער ער האָט זיך צוגעקוקט, אַלץ גרעסער איז געוואָרן די ענלעכקײַט. דאָס איז געווען א ריז מיט א מעכטיקן רוקן, מיט א פּאַטלאַטן עטוואָס אָנגעבויגענעם קאָפּ. לאַוורין!.. ער איז דאָרט געגאַנגען אין דער הייך מיט זײַן שווערן רויִקן טראָט. די האָר אפן קאָפּ זײַנען וואָס א רעגע געוואָרן אַלץ פײַערדיקער און שײַנענדיקער, ביז די שײַן האָט פאַרכאַפּט און דורכגעלויכטן דאָס גאַנצע פּאָנעם. דאַן איז עס צעגאַנגען.

פון דער באַן האָט מען נאָך געמוזט צופאָרן עטלעכע ווערסט מיט א באַלעגאָלע, ביז מ׳איז אָנגעקומען אפן אָרט.

דאָס איז געווען א קליין בלאָטיק שטעטל, הויל און גרוי אָרום און אָרום, אָן א טײַכל, אָן א וועלדל אין דער נאָענט, נאָר אפן ראַבאָנישן שטול איז דאָ געזעסן רעב אַרעלע — דעם ווילנער גאָענס אַן אוריינִיקל. און צוליב אים, צוליב זײַן נאָמען, זײַנען זיך אַהער צונויפגעפאָרן ייִדישע ייִנגלעך און באָכערים פון אַלע עקן.

שויעל מיטן זון האָבן זיך באַוויזן פאַר רעב אַרעלען דעם זעלבן פרימאָרגן נאָך זייער קומען צו פאָרן. זיי זײַנען אַרײַן אין א גרויס, קימאַט ליידיק צימער. א טיש מיט שטולן, א געגלאָזטע שאַפע מיט ספאָרים בא דער וואַנט — דאָס גאַנצע מעבל. לעבן טיש זײַנען געשטאַנען עטלעכע מענטשן, און איבערן צימער איז מיט א מונטערן טראָט אַרומגעגאַנגען א הויקער אין א שוואַרץ־זײַדענער קאַפּאָטע און א קליין סאַמעטן יאַרמלקעלע אפן שפּיץ קאָפּ. ערשט ווען דער הויקער איז דערגאַנגען ביז דער וואַנט און זיך אויסגעקערעוועט צוריק, האָבן די אָנגעקומענע דערזען

זײַן פּאָנעם, אן אויסדריקלעך, אייגנארטיק שיין פּאָנעם, וואָס האָט באזונדערס פארכידעשט בא דעם קריפלדיקן גוף. זײַנע האָר, זײַן באָרד זײַנען געווען נאָך ניט אינגאנצן גראָוו. דאָ און דאָרט איז ארויסגעטראָטן די געוועזענע טונקעלע פארב. דער הויכער פראכטפול געבויטער שטערן איז געווען דין גערונצלט פון א סאך קורצע שטריכעלעך, וואָס זײַנען מיינסטנס געבליבן רויִק און נאָר זעלטן זיך עטוואָס צונויפגעצויגן. די גרויסע בלויע אויגן האָבן געקוקט פארטרוימט און דאָך זייער קלאָר. דאָס ברייטלעכע מויל מיט די פולע, נאָך גאנץ שטײַפע ראָזע ליפן איז געווען גוט געשניצט. ער אינגאנצן, זײַנע הענט, זײַנע קליידער האָבן זיך געלויכטן פאר זויבערקייַט. לעבן די נײַע געסט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, ליבלעך זיי צוגעשמייכלט, אָפּגעגעבן שאָלעם־אליכעם, געבעטן זיצן, נאָר די באקאָשע ניט איבערגעכאזוערט. שטייענדיק געשמועסט א ווײַל. געוויר געוואָרן, אז די עלטערן ווילן דעם זון אליין אויסהאלטן, האָט ער זיי געלויבט: „פײַן, זייער פײַן, ווען מע קאָן, איז אוואדע"... לײַכט אָנגערירט מיט די פינגער דעם יִנגלס אקסל, ווידער א שמייכל געטאָן און אוועק שפּאצירן איבערן צימער.

שויעל האָט נאָך געוואָלט ריידן עטלעכע ווערטער וועגן דעם זון, אז ער איז יונג זייער און נייטיקט זיך אין האזשגאָכע, נאָר רעב ארעלע האָט זיך שוין מער ניט אָפּגעשטעלט, געשפּאנט הין און צוריק און קימאט ניט געקוקט אף די געסט. א ייִד מיט א גראָבער נאָז און א בליק פון א וווכערניק, וואָס מאכט צו קליינגעלט אײַער מאשקן, נאָך איידער איר האָט אים ארויסגעלייגט, איז ארײַן פון דרויסן, ווי א באלעבאָס, און טייקעף גענומען אויספרעגן איטלעכן, וואָס ער דארף. דאָס איז געווען רעב אויזער, דער מאזשגיִעך און שאפער איבער אלע איניאָנים פון דער יעשיווע. ער האָט שויעלן אָנגעוויזן א שטוב, ווו מע קאָן האָבן ניט טײַער סטאנציע מיט קעסט, דערבײַ גענומען בא אים אף דער יעשיווע עטלעכע רובל, וואָרענענדיק, אז דאָס איז נאָר אן אדערוף.

פארנאכט איז שויעל אוועקגעפאָרן. מיטאמאָל האָט זיך דאניע ארומגעזען, אז ער איז איינער אליין אין א פרעמד אָרט, צווישן פרעמדע מענטשן. דאָס האָט אים אזוי פארקלעמט, אז עס האָט זיך געוואָלט וויינען און רופן: „מאמע!", ווי א קליינינקער. ס'איז אים ניט אײַנגעגאנגען דאָס אָוונט־עסן. ער איז ארויס אין גאס, נאָר ניט געוווסט, ווּהין זיך צו קערן אין דער פינצטער צווישן די בלאָטעס און קאליוזשעס, איז ער צוריק ארײַן אין שטוב און אין די זאכן זיך אנידערגעוואלגערט אפן געלעגער.

אינדערפרי איז ער אוועק אין דער יעשיווע. אינעם גאנץ גרויסן בעסמעדרעש זײַנען פארזאמלט געווען א פופציק באָכערים, אנדערע פון זיי — שוין מיט היפּשע בערד. אייגנטלעך, איז עס געווען ניט קיין געוויינלעכע יעשיווע, נאָר א קיבעץ פון א העכערער מאדרייגע, ווּהין ס'זײַנען אָנגענומען געוואָרן מיינסטנס אָפּגעקליבענע ווילקענער, און איטלעכער האָט געלערנט פאר זיך דאָס, וואָס אים האָט געפּאסט. ייִנגלעך אזעלכע, ווי דאניע, זײַנען דאָ געווען געציילטע, און מיט זיי האָט באזונדער אָנגעפירט איינער פון די עלטערע באָכערים.

דער בעסמעדרעש איז פול געווען מיט גערויש און באוועגונג. אלע האָבן זיך געשאָקלט. איטלעכנס פּאָנעם איז פארענדערט געווען פון עפּעס א האווײַע. איינער האָט אקשאָנעסדיק געטוקט די נאָז אין דער געמאָרע ארײַן, ווי ער וואָלט מיט איר געגראָבן א הארטן גרונט. אן אנדערער האָט געקלאפּט אין שטענדער מיט דער פויסט, ווי מיט א האמער. עמעצער האָט געארבעט מיט דער האנט אינדערלופטן, אויסמאָלנדיק דעם היציקן גאנג פון דער קאָנטראָווערסע. הינטער דער בימע זײַנען אומגעגאנגען צוויי פּאָרלעך און געשמועסט אין טוירע, געפירט וויקוכים, געוואָרפן מיט די הענט און מיטן גאנצן קערפּער, געכויזעקט איינער פון דעם אנדערנס סוואָרעס, אויסגעשריִען זידלערײַען. קוילעס און געזאנגען האָבן פארקלונגען דעם רוים. זיי אלע האָט געדעקט אן איינציקע שטים מיט א מעכטיק מעטאלן געברום, ווי פון א ריזיקן גלאָק. די שטים האָט געהערט צו א קורץ פארשווינדל מיט א בלאס דיקלעך פּאָנעם אין א רעמל פון בלוי־שווארצע האָר. ס'איז קענטיק געווען, אז זי פארשאפט אים פארגעניגן, ער לאָזט זי גערן קלינגען הויך, נידעריק, נאָך נידעריקער, פּרוּווט זי אף אלערליי אויפאנים, מיט א פארמאכט און מיט אן אָפן מויל. איר געדיכטער און ריינער שטראָם האָט זיך ניט אויסגעמישט מיטן אלגעמיינעם גערויש.

א צעטומלטער איז דאניע געזעסן אף זײַן אָרט, געקוקט, געהערט און בעשום־אויפן ניט געקאָנט זיך ארײַנטאָן אין דעם בלאט געמאָרע, וואָס איז געלעגן פאר אים.

שפּעטער איז ארײַן רעב ארעלע. הינטער דער בימע איז גלײַך פּוסט געוואָרן. ער אליין האָט איצט דאָרט אומגעשפּאצירט הין און צוריק איבער דער גאנצער ברייט פונעם בעסמעדרעש, אמאָל געוואָרפן א בליק אף דעם און יענעם פון די לערנער און ווײַטער שפּאצירט. אזוי שפּאצירנדיק איז ער צוגעגאנגען צום סמאָלעוויטשער, א שיין שעמעוודיק יִנגל, גערעדט מיט אים עטלעכע ווערטער. די צארט־ראָזע בעקלעך פונעם יִנגל זײַנען פון צופרידנקייַט רויטער געוואָרן, זיך צעשמייכלט, און רעב ארעלע איז אוועק. מער האָט ער זיך דעם טאָג ניט געוויזן.

אין דעם טאַקע איז, ווי דאַניע איז שפּעטער געוווּר געוואָרן, באַשטאַנען רעב אַרעלעס אַרבעט אין דער יעשיווע. א שיעור האָט ער געלייענט איין מאָל אין א האַלב יאָר און אַמאָל דאָס אויך ניט. נאָר אַלע טאָג פלעגט ער קומען אין בעסמעדרעש אַף א האַלבער שאָ, אַרומ־שפּאַצירן הינטער דער בימע און צום אָפּשייד צוגיין אַף א ווײַל צו עמעצן פון זײַנע ליבלינגען, פרעגן אָדער זאָגן עפּעס פרײַנטלעכס.

מער האָט ער, אייגנטלעך, גאָרניט געטאָן. זעלטן־ווען מע האָט אים געטראָפן זיצן איבער א סייפער. זײַן אוודע איז געווען אַרומגיין און טראַכטן אָדער אויסהערן מײַסעס וועגן פאַר־שיידענע באַגעגענישן און געשעענישן, וואָס די מעשולאָכים פלעגן דערציילן, זיך אומקערנדיק פון זייערע רײַזעס. דאָס דאַוונען האָט ער אָפּגעזופט גיך און שטיל, שטענדיק דער ערשטער אויסגעשטאַנען שמוינעעסרע, קיינמאָל ניט געהעכערט דאָס קאָל, זיך קיין שאָקל ניט געטאָן. ער האָט ביכלאַל ניט ליב געהאַט די צופיל זשעסטיקולירנדיקע און שרײַענדיקע, זיך אָפּגערוקט פון זיי מיט א לײַכטער גרימאַסע פון אומצופרידנקײַט.

שאַבעס פאַרנאַכט פלעגן זיך בא אים צונויפנעמען זײַנע באַליבטע טאַלמידים. דאָס זײַנען געווען ניט דאַפקע די גרעסטע מאַסמידים און די שאַרפסטע קעפּ. דער אָפּקלײַב איז געווען זייער אַן אייגנאַרטיקער. דאָ האָט איטלעכער פריִער פאַר אַלץ געדאַרפט מיט עפּעס פאַרשאַפן האַנאָע דעם באַלעבאָס. דער יונגיטשקער סמאָלעוויטשער איז דאָ געווען פאַר זײַן ליב ראָז פּענעמל מיטן שעמעוודיקן שמייכל. דער וואָלינער — פאַר זײַנע מינאָרע ניגונים, וועלכע ער האָט געזונגען מיט עפּעס א שיינער האַרצפאַנגענדיקער שטילקײַט. דער גראָדנער ווידער האָט צוגעטראָפן מיט זײַן ציכטיקן אָנטאָן, מיט די אײַנגעהאַלטענע מאַנירן און מיט דער דינער האַלב־צוגעדעקטער כניפע, אַף וועלכער ער איז געווען א קונציקער מײַסטער. נאָר מער, ווי אַלע, איז בא רעב אַרעלען געווען אָנגעלייגט דער מייטשעטער — אַן עלטערער באָכער, וואָס איז שוין אויסגעווען אין עטלעכע יעשיוועס און האָט געוווּסט א סאַך צו דערציילן וועגן די דאָרטיקע פירעכצן און אָנ־פירער. ווײַל דער גרעסטער פאַרגעניגן רעב אַרעלעס און זײַן האַרציקסטע לײַדנשאַפט איז געווען רעכילעס הערן. רעכילעס וועגן אַלעמען און אַלצדינג, אפילע וועגן זאַכן, וועגן וועלכע ס'איז ניט אָנגענומען צו ריידן, אַבי אין דער מאָס פאַרשטעלט און איידל דערלאַנגט.

טאַקע צו פאַרשאַפן זיך אָט דעם פאַרגעניגן פלעגט רעב אַרעלע פירנעמען איין מאָל אין יאָר א נעסיִע צו עמעצן פון די באַרימטע ראַבאָנים אין דער סוויווע, מיט וועלכע ער האָט זיך געקאָנט זאַט אָנשמועסן וועגן באַקאַנטע און וועגן געוווּר ווערן נײַס. אַפן וועג פלעגט ער זיך אומיסטן אָנטאָן אין א פּראָסטער קאַפּאָטע און א געוויינלעכן קאַשקעט, מע זאָל אים ניט דערקענען, נאָר דער שאַמעס, וואָס האָט אים באַגלייט, פלעגט איטלעכן באַזונדער אַפן אויער זאָגן, ווער דאָס פאָרט אין וואַגאָן, וואָרענענדיק, מע זאָל אים בעשום־אויפן ניט באַאומרויִקן, ניט ווײַזן, אַז מע ווייסט, ווער ער איז, און ניט אָפּגעבן עפנטלעך קיין קאָוועד, ווײַל ער קאָן עס ניט פאַרטראָגן. דעמלט פלעגט זיך אָנהייבן א גיין הין און צוריק פאַרבײַ דער קופּע, א וואַרפן אַהין בליקן, א שושקערײַ, און אָט די געצוימטע און גענוג דײַטלעכע סימאָנים פון ערפורכט זײַנען רעב אַרע־לען געווען באַטאַמטער פון ווײַן.

ווי ווייניק רעב אַרעלע האָט ניט געזאָרגט וועגן די טאָגטעגלעכע נויטן פון די יעשיוועבאָ־כערים, ווי קאַרג און זעלטן זיי האָבן ניט געגאָסן פון זײַן טוירע, האָט זיי דאָך צו אים עפּעס געצויגן. זײַנס א וואָרט, זײַנער א בליק, א שמייכל איז בא איטלעכן פון זיי געווען א געשעעניש. זיי האָבן זיך איבערגענומען דערמיט, דערציילט און געטײַטשט איינער פאַר דעם אַנדערן, זיך אַרומגעטראָגן דערמיט, ווי מיט כ'וויס־וואָס פאַר א געווינס. אויך דאַניען האָט פאַרכאַפּט די קוואַליע פון אָט דער אַלגעמיינער פאַרליבטקײַט. אויך ער האָט, ווי אַלע, יעדן טאָג אַרויסגעקוקט אַף דער מינוט, ווען רעב אַרעלע וועט זיך ווײַזן אין בעסמעדרעש, געזוכט זײַן בליק, געוואַרט מיט א קלאַפּנדיק האַרץ, אַז אָט הײַנט, באַלד וועט ער צו אים צוגיין. און ווען ס'איז ענדלעך איינמאָל געשען, און רעב אַרעלע איז צו און געפרעגט, צי ער בענקט ניט אַהיים, איז דאַניע געווען שיכּער פון גליק, און ער האָט גענומען אַף זיך אָנצוהייבן לערנען גאָר מיט אַן אַנדער פלײַס.

גרויס האַרצווייטעק האָט דאַניען פאַרשאַפט זײַן נידעריק־פאַרוואַקסענער שטערן, וואָס האָט אים אויסגעוויזן העסלעך און אפילע ניט אָנשטענדיק, מאַמעש א ביזאָיען זיך מיט אים צו ווײַזן, זינט ער האָט געהאַט פאַר זיך דעם בײַשפּיל פון רעב אַרעלען, וואָס זײַן שטערן איז געווען דער שטאָלץ פון די יעשיוועבאָכערים און דער שפּיגל פון געווינישקײַט אין זייערע אויגן. קעדיי אופצוהייבן זיך דעם שטערן א ביסל, האָט דאַניע אָנגעהויבן פאַרקעמען די האָר אַף אַרויף. די ערשטע צײַט איז עס אָנגעקומען שווער. זיי זײַנען געווען האַרט און געדיכט, און דעריקער ניט צוגעוווינט צו אַזא אָרדענונג. ער האָט געמוזט אָפּט אַרונטערקריכן מיט א האַנט אונטערן היטל און זיי דאָרט גוט צוקוועטשן, זיי זאָלן אײַנליגן. נאָר דאָס האָט דעם יינגל ניט צופרידנ־

געשטעלט. ער האָט גענומען אויסשערן זיך ווינקלען בא ביידע זײַטן שטערן, מיט דער האָפע־נונג, אז נאָך עטלעכע מאָל איבערכאַזערן די אָפּעראַציע וועט אַף די ערטער מער קיין האָר ניט וואקסן.

מייל׳עך דער קאַברינער האָט אים אין די טעג א פרעג געטאָן:

— קלײַבסט זיך אָנקומען צו עמעצן פאר אן איידעם אן אילוי, וואָס דו פוצסט זיך די ווינקלען?

דאניע איז רויט געוואָרן און פאר בושע ניט געפונען וואָס צו ענטפערן.

דער קאַברינער האָט אָפּט געכויזעקט פון דאניען, ווי פון אלעמען, מיט וועמען און וועגן וועמען ער האָט גערעדט, און דאָך האָט דאָס ייִנגל געצויגן צו אים. דאָס איז געווען א באָכער פון א יאָר עטלעכע און צוואנציק מיט א טונקל ווייך־געקרײַזלט בערדל און דינע טיף שווארצע ברעמען, וואָס האָבן זיך שארף געצייכנט אפן בלאסן אויסגעמוטשעטן פּאָנעם. ער האָט געהאט א שווערע פארלאָזטע האלדז־כאלאס און מאכמעס דעם גערעדט ווייניק און זייער שטיל. ווען זײַן מויל פלעגט זיך שוין עפענען עפּעס צו זאָגן, האָט מען געוווּסט — מיסטאמע וועט באלד קומען עפּעס א שטעכעדיקס. א זון פון יענער פינצטערער ייִדישער אָרעמשאפט, וואָס געפינט זיך שוין אַף דער לעצטער מאדרייגע פון מענטשלעכן זײַן, האָט ער פון די קינדער־יאָרן אָן זיך געוואלגערט אין די יעשיוועס, געוואָגלט פון איינער צו דער אנדערער, קיין אנדער היים ניט געקענט, דאָרט אויסגעוואקסן, דאָרט פארלוירן דאָס געזונט און ווײַטער ניט געהאט וווּהין זיך צו קערן. נאָר א מעשונעדיקע זאך: וואָס האָפענונגסלאָזער די לאגע זײַנע איז געוואָרן, אלץ ווידערשפּעניקער איז געוואָרן זײַן גײַסט. אלע אין דער יעשיווע האָבן דערכעררעץ געהאט פאר זײַן שארפן קאָפּ און וווּנדערלעכן זיקאָרן. דאָך האָט די מערהײַט באָכערים געוויַיכט פון אים, געזוכט צו האלטן זיך וואָס ווײַטער פון זײַן בייזער צונג. עס זײַנען אָבער געווען אויך אזעלכע, וואָס האָבן געזוכט זײַן נאָענטקײַט און געקלעפּט זיך צו אים מיט א באזונדערער איבערגעגעבנ־קײַט. צו דער צאָל האָט געהערט אויך דאניע, ווי גרויס ס׳איז ניט געווען דער אונטערשייד אין עלטער צווישן די צוויי.

שפּעט אין אָוונט, ווען קיינער פון די מאזשגיכים איז אין דער יעשיווע ניטאָ, קלײַבן זיך צונויף הינטער דער בימע די, וועמען ס׳איז נימעס געוואָרן צו שאָקלען זיך איבער דער געמאָרע. עס גייט צו מייל׳עך דער קאַברינער און טוט א פרעג:

— וועגן וואָס שמועסן מערידאלניקעס?

— און דו ווער ביסט? — ענטפערט אָפּ א באלײדיקטער.

— אַף מיר מיט רעב ארעלען פרעגט מען קיין קאשעס ניט, — זאָגט מייל׳עך. — מיר זײַנען ביידע קאליקעס און האָבן קיין ברייערע ניט.

און עס הייבט זיך אָן א רייד, איבערהויפּט פון די ייִנגערע: וואָס וועט עס טאקע זײַן דער טאכלעס, וואָס וועט מען טאָן, וואָס וועט מען ווערן — מעלאמדים, ראבאָנים? קנאָפּ איז דאָ פון דעם ארטיקל?

— ווערט קוימענקערערס, א רועך אין אײַערע ביינער ארײַן, — רופט אויס דער קאַברי־נער מיט הארץ. — ווען איך האָב אײַער געזונט, וואָלט איך באַדײַ געוואָרן א גאַלדראמער און די באנק ניט געקוועטשט.

אונטער די בלייצלאָמפּן זיצן עטלעכע מאסמידים און לערנען. אַף זייערע באלויכטענע פּענע־מער ליגט אן אָפּגעשיידטקײַט און מוירעדיקע אלטקײַט. ס׳דוכט זיך, זיי זיצן שוין אזוי טויזנט יאָר פאר די פּאלײאָנטן, פארטיפטע און פארגעסענע. זיי קומען צו שווימען מיט זייערע שטענ־דערס פון ערגעץ ווײַט — פון באָוול, פון ערעץ־ייִסראָעל — דורך לענדער און דורך צײַטן... דער אמדורער קלינגט, ווי א גרויסער גלאָק. איצט, אינעם פּוסטלעכן בעסמעדרעש, געוועל־טיקט זײַן קאָל אומגעשטערט, ארבעט מײַסים, קוויקט זיך מיט זײַן אייגענער קראפט. א מעכ־טיקע בענקשאפט גיסט זיך אויס אין דעם קאָל און א האָניקדיקע זיסקײַט, וואָס קאָן זיך גאָר ניט אויסשעפּן. ווי א פארוווּנדעטער בוים, וואָס גייט אָפּ מיט סמאָלע־זאפט, אזוי איז דעם באָכערס קויעך אָפּגעגאנגען מיט דער זיסקײַט פון זײַן קאָל. די באָכערים פון הינטער דער בימע, פארטאָנענע אין זייער שמועס, באמערקן ניט, ווי דאָס קאָל וועקט זייערע הערצער. צערו־דערטע, אומגעלומפּערטע, ווי זיי וואָלטן דורך וועגט און מעהאלעך געהערט דאָס געשאל, דעם רוף פון א גרויס וווּנדערלעך לעבן, האָבן זיי געפרעגט איינער בא דעם אנדערן: וווּהין זשע דארף מען גיין, וווּהין, ווען, וויאזוי?.. און דער קאַברינער האָט געשניטן, ווי מיט א מעסער:

— ביז איר וועט זיך באטראכטן, וועט איר פארשימלט ווערן.

— וואָס זשע זאָל מען טאָן?

— אנטלויפט. הײַנט באנאכט.

— וווּהין? וואָס האָט מען פאר אונדז אָנגעגרייט?

— מענטשן וווינען אין דער מידבער און ווערן ניט פאַרפאַלן, און איר וואַרט ביז מע וועט פאַר אײַך אַנגרייטן.

— נו, און דאָס, וואָס מיר טוען, — טוט זיך א ריס פונעם אָרט א היציק באַכערל מיט רויטע בעקלעך און שוואַרצע פּייעלעך, — דאָס, וואָס יִידן האָבן אין אַלע צײַטן געהאַלטן פאַר גרויס און הייליק, דאָס איז, לויט דײַן מיינונג, שוין גאָרניט?

— אָפּגעשלאָגענע הוישײַנעס.

— און גאָט? וואָס וועסטו זאָגן וועגן גאָט?

— איך ווייס ניט, וואָס דאָס איז.

— וואָס זשע דאַוונסטו?

— איך האָב אײַך שוין געזאָגט, אַז אַף מיר מיט רעב אַרעלען זאָלט איר קיין קאַשעס ניט פרעגן. מיר האָבן קיין ברירע ניט.

— און אין וואָס גלייבסטו? אין עפּעס גלייבסטו, צי ניין?

— אין דעם מענטשן, — ענטפערט דער קאַברינער.

— הייסט עס, דער מענטש זאָל גלייבן אין זיך אַליין? א שיין פּאָנעם וועט ער האָבן, — שפּרינגט דאָס באַכערל אַזש אונטער פאַר כויזעק און דרינגט אויס זײַן געדאַנק מיטן גראָבן פינגער אינדערלופטן.

— און פאַרוואָס ניט? — זאָגט מײלעך געלאַסן. — די נאַטור האָט דעם מענטשן געגעבן קויכעס מער ווי אַלע באַשעפענישן אַף דער ערד. איז דאָך עס, מיסטאָמע, ניט אומזיסט, נאָר צוליב עפּעס.

— אהא, — ווערט יענער אָנגעצונדן, — זאָגסט אַליין, אַז צוליב עפּעס, צוליב וואָס זשע, צוליב וואָס?..

דאַניע הערט און שווײַגט. ס'איז אים פון דעם אַלעמען ענג אין מויעך. דאָס באַכערל היצט זיך אַלץ מער.

— דער מענטש צוליב זיך אַליין — א געלעכטער פּאַשעט. מיט וואָס קאָן ער זיך איבערנעמען? מיט זײַנע אײדעלע זיטן? מיט זײַן יושער, מיט זײַנע מילכאָמעס, אינקוויזיציעס, מיט זײַן קינע און סינע? אין וואָס זעסטו דעם מענטשנס גרויסקײַט, אין וואָס?

— דו עסט ברויט און טרינקסט וואַסער, האָט דאָך, מיסטאָמע, עמעצער געאַקערט דאָס פעלד און אויסגעגראָבן דעם ברונעם. זאָג כאָטש א דאַנק, א רועך אין דײַנעביינער.

אָט די ווערטער זײַנען דאַניען פאַרשטענדלעך און נאָענט. דערפון ווערט א קאַפּעלע לויטערער אין קאָפּ.

דער קאַברינער גייט אַרויס פון בעסמעדרעש, און דאַניע גייט אים נאָך, באַגלייט אים שווײַגנדיק, א גליקלעכער, וואָס מײלעך שטויסט אים ניט אָפּ און איז, ווײַזט אויס, אפילע צופרידן פון זײַן געזעלשאַפט, אײַלט ניט זיך געזעגענען. זיי שפּאַנען לענגויס דער גאַס, אָט זײַנען שוין די לעצטע שטיבלעך. א פינצטערניש וויקלט אײַן דאָס פעלד. ס'איז א שטילע אָנלעוואָנעדיקע נאַכט. פון פעלד טוט א צי מיט א רייעך פון פרישן שניי.

אויך אהער אין פעלד דערגרייכט דעם אַמדורערס קאָל, וואָס שטראָמט דורכן אָפענעם בעסמעדרעש־פענצטער. זײַן שטאַרקער און ריינער קלאַנג מאַכט זיך א וועג אין דער ווײַט.

— פונוואַנען נעמט זיך די מעסיקעס פון אָט דעם געזאַנג? — רעדט מײלעך ווי צו זיך אַליין. — פון אונדזערע קויכעס, וואָס גייען לעיִבעד, פון אונדזער יוגנט, וואָס האָט ניט געוווּסט פון קיין פרייד.

נאָכדעם שפּאַנט מען ווידער שווײַגנדיק. מע קערט זיך אום. דאַניע פירט צו דעם קאַברינער ביז צו דער טיר, ווינטשט א גוטע נאַכט און גייט צו זיך.

דאַניע האָט זיך גוט צוגעהערט צו דעם קאַברינערס רייד און אָן ערעך זיך פאַרגעשטעלט, וואָס ער מיינט. נאָר פאַר זיך האָט ער גאָר אַנדערש אופגענומען די יעשיווע, איבערהויפּט אין די ערשטע כאָדאָשים, ווען ער איז גלײַך פון דער וואַלדישער שטילקײַט און פאַרוואָרפנקײַט אַרײַנגעפאַלן אין דעם רוישיקן קיבעץ. אַזויפיל נײַע פּענעמער מיטאַמאָל, אַזויפיל אומבאַקאַנטע נעמען פון שטעטלעך און שטעט, אַזויפיל באַגעגענישן און שמועסן אַלע טאָג! דאַניע האָט געקוקט, געהערט, געשלונגען איטלעכס וואָרט. אַלץ האָט געגעבן שפּײַז דעם געדאַנק זײַנעם. און די ערשטע צײַט האָט ער ניט נאָר ניט געפילט אין דער יעשיווע קיין אומעט און קיין דרוק, — פאַרקערט, ס'איז אים געווען ווי ס'וואָלט זיך געעפנט פאַר אים עפּעס א גרויסע טשיקאַווע וועלט. וועגן וואָס האָט מען ניט איבערגערעדט אין די שאָען צווישן מינכע און מײַרעוו, אין די שפּעטע אָוונט־שאָען!

מע האָט גערעדט וועגן מיידלעך — ווער מיט גראָבקייט און מיִעסע אָנצוהערענישן, ווער מיט בענקשאַפט און געזאַנג, ווער מיט ווייטעק און פאַרדראָס. אייניקע האָבן געהאַט געליבטע צווישן די שטעטלדיקע טעכטער. ערגעץ פלעגן זיי זיך באַגעגענען געהיים אין די פינצטערע נעכט. א נאָענטער כאַווער פון אַזאַ פאַרליבטן פאַרטרויט דאַניען דעם סאָד, פאַרשווערנדיק, ער זאָל זיך, כאָלילע, פאַר קיינעם ניט אַרויסכאַפּן מיט א וואָרט. אין גאַס ווײַזט ער אים מיט א ווונק אָף דעם מיידל — אָט דאָס איז זי!.. און דאַניען קלאַפּט דאָס האַרץ, ווי ער וואָלט דאָ געווויר געוואָרן כ׳וויס וואָס פאַר א כידעש. ער אַליין פאַרקוקט זיך שוין אָף מיידלעך, זייערע בליקן, דאָס געַנגל, אַלע גוטע גאָבן זייערע באַמערקט ער שאַרף, און עס רעגט אים, מאַכט אים אומרויִק. נאָר ליבע — דאָס, שטעלט ער זיך פאָר, איז גאָר עפּעס אַנדערש. דאָס איז א ווונדער, א ווונדערלעך פײַער, וואָס גייט אוף אין האַרצן, ווי א זון, ווי דער פרילינג נאָכן ווינטער. דאָס דאַרף ערשט אַמאָל מיט אים געשען.

מע האָט גערעדט וועגן גאָט, געכקירעט וועגן די איקרים, דערמאָנט די נעמען פון ראַמבאַם און באָרוך שפּינאָזע. דאַניען זײַנען די שמועסן אָנגעגאַנגען ביז גאָר. ער האָט ניט אופגעהערט צו טראַכטן וועגן די זאַכן. פון איין זײַט, האָט ער ניט געקאָנט דענקען די וועלט אָן אָן אָנהייב. נאָר ווער איז דער, וואָס האָט זי באַשאַפן? ווי זעט ער אויס? אָט דאָס טאַקע — ווי זעט ער אויס, דער באַשעפער, — איז אים געווען וויכטיקער פון אַלץ. א גאָט אָן א געשטאַלט — דאָס האָט ער זיך בעשום־אויפן ניט געקאָנט אויסמאָלן. ווען ער האָט צום ערשטן מאָל דערהערט, אַז גאָט איז אין דער נאַטור, און די נאַטור איז גאָט, ווי עמעצער האָט איבערגעגעבן שפּינאָזעס געדאַנק, איז דעם ייִנגל אָף א שטיקל צײַט ליכטיק געוואָרן אין מויעך. ער האָט געקוקט אָף דעם שיין־פאַרצווײַגטן טאָפּאָל, וואָס איז געוואַקסן פאַר דער פאָטשט־געבײַדע, לאַנג פאַר אים געשטאַנען, באַטראַכט זײַן בוי, זײַנע קאָלירן, דעם לעבעדיקן פלאַטער פון די בלעטעלעך, און געפונען, אַז טאַקע, ס׳איז אין דעם פאַראַן עפּעס אַזוינס... ער האָט זיך צוגעקוקט צום פלי פון דער שוואַלב, צו די קונציקע פיגורן, וואָס זי אַרבעט אויס מיט אַזאַ לײַכטקײַט אינדערלופטן, און אין דעם געוואָלט אײַנזען גאָט. באַנאַכט, ליגנדיק אָף דער לינקער זײַט און הערנדיק דאָס קלאַפּן פון אייגענעם האַרצן, האָט ער זיך געזאָגט, אַז דאָרטן אינווייניק, אינעם קלאַפּן פון זײַן האַרצן, איז געוויס אויך פאַראַן עפּעס פון גאָט. אָט די אַנטפּלעקונג האָט אים אויסגעוויזן באַזונדערס ערנסט. א גאַנצן טאָג נאָכדעם איז ער אַרומגעגאַנגען מיט אַזאַ געפיל, ווי מע וואָלט אים געגעבן צו טראָגן א הייליקע זאַך, און ער קאָן זי ניט ווילנדיק אַראָפּוואַרפן. נאָר דאָך — וואָס איז גאָט און וואָס איז ניט גאָט? וויִאַזוי דאַרף מען זיך אים פאָרשטעלן, אויב ער איז אַלצדינג און אומעטום?

דאָס באָכערל, וואָס האָט זיך אַזוי היציק נאָכגעפרעגט בא מיילעכן, אין וואָס ער גלייבט, איז געווען דער סמאָלעוויטשער. די ווײַסע אייבערשטע ליפּ האָט זיך אים ערשט ניט לאַנג באַדעקט מיט שוואַרצע העריעלעך, די רויטע בעקלעך האָבן געשײַנט, ווי עפּעלעך. נאָר ווי ייִנגלש ער האָט ניט אויסגעזען, אַזוי האָט ער שוין אינגאַנצן געפלאַמט, געצאַפּלט מיט קאַנאָיִשער[1] לײַדנשאַפט. ער האָט מיילעכן ניט אָפּגעלאָזט, אָוונט אין אָוונט באַנײַט די וויקוכים מיט אים.

— הייסט עס, גאָט ניט, די טוירע אויך ניט, — הייבט ער אָן גלײַך, ווי ער דערזעט אים, פונקט ווי ס׳וואָלט גאָר קיין איבערשלאָג ניט געווען אינעם שמועס, — וואָס זשע בלײַבט פון ייִדישקײַט?

— זאָלן די ראַבאָנים זאָרגן, זיי באַקומען דערפאַר סכירעס.

— הייסט עס, העפקער. טו, וואָס דו ווילסט. לית דין ולית דין?[2] — קאָן זיך דער סמאָלעוויטשער ניט שטילן.

פלוצעם האָבן די וויקוכים אופגעהערט. אין איינעם אָן אָוונט איז דער סמאָלעוויטשער דורכגעגאַנגען פאַרבײַ דער קאָמפּאַניע, מיט וועלכער ער פלעגט פריִער אָפּשטיין הינטער דער בימע שאָענווײַז, און אַפילע זיך ניט אומגעקוקט אין איר זײַט. ער האָט אָנגעהויבן לערנען ביז שפּעט אין דער נאַכט, אָנגעהויבן צומאַכן די אויגן און שטאַרק שאָקלען זיך באַם דאַווענען, שלאָגן זיך אין האַרצן. אין איינע עטלעכע טעג איז אים די רויטקײַט פון די בעקלעך אָפּגעפאַלן, ווי נאָך א קרענק. מיילעך האָט געלאַכט:

— ער ראַנגלט זיך, אַפּאָנעם, גאַנצע נעכט מיטן סאָטן, וואָס צו אינדערפרי זעט ער אַלע־מאָל אויס אַזוי פאַרמאַטערט.

אויך די איבעריקע פון דער קאָמפּאַניע האָבן זיך לוסטיק געמאַכט וועגן דעם סמאָלעוויטשער, ווי זיי האָבן געקאָנט. נאָר גאָר אינגיכן איז מען געוווויר געוואָרן אַזוינס, וואָס האָט

---

[1] פונעם העברעישן וואָרט קאַנאַי (קנאי) — א פאַנאַטיש שטרענגער.

[2] לעס דין וועלעס דאיאָן — ניטאָ קיין געזעץ און ניטאָ קיין ריכטער.

אָפגעשלאָגן דעם כיישעק צו שפּאסן, און מע האָט זיך ביכלאל אָנגעהויבן היטן פון צו ברייטע שמועסן הינטער דער בימע.

דער מאזשגיַעך האָט ארויסגערופן צו זיך די יעשיוועבאָכערים, וואָס פלעגן אָנטיילנעמען אין די שמועסן, שטרענג אויסגעפרעגט איטלעכן באזונדער, ווענן וואָס און וויאזוי איז דאָרטן גערעדט געוואָרן. פאָרגעקומען איז דער פארהער באם ראָוו אין שטוב. רעב ארעלע אליין האָט בעשאס־מייַסע זיך געפונען אין שכיינישן צימער. די טיר איז געשטאנען אָפן, מע האָט אים געזען, און שפּאצירנדיק איז ער אָפט אריַינגעגאנגען, דערגאנגען ביזן טיש, שוויַיגנדיק זיך צוגעהערט א וויַיל און אוועק צוריק. מיט מיילעכן האָט דער מאזשגיַעך נאָך ניט גערעדט, נאָר בא איטלעכן ווענן אים געפאָרשט און דעריקער זיך נאָכגעפרעגט, צי איז עמעס, אז ער האָט געזאָגט די ווערטער: „מיר מיט רעב ארעלען זייַנען ביידע קאליקעס". די פראגע פלעגט ער פארגעבן זייער שטיל, וויסנדיק, אז רעב ארעלעס אויסערגעוויינלעך שארף געהער איז וואך און כאפּט אוף אפילע פון צווייטן צימער דאָס מינדסטע, וואָס קאָן אים נאָר אָנגיין.

דאניען איז געווען שווער דעם מאזשגיַעכס בויערנדיקער אומצוטרוילעכער בליק, איז ער געשטאנען פאר אים אראָפגעלאָזט די אויגן. רעב אויזער האָט גערעדט גראָד זייער ווייך:

— מיר האָבן צו דיר גאָרניט, אדערעבע, רעב ארעלע אליין האָט מיר געזאָגט: דוכט זיך, א וווילער יינגל, מע דארף אים מעקארעוו זיַין... נאָר די קאָמפּאניע. האָסט זיך אויסגעקליבן א שלעכטע קאָמפּאניע. דער קאָברינער, דערציילט מען, איז פּאָשעט א קויפער־בעיִקערי[1], רופט שיר ניט צו שמאד, ראכמאָנע־ליצלאָן, מאכט אלץ און אלעמען צונישט. ע־ע... מע שמועסט... — דאָ האָט רעב אויזער געכאפּט א קוק צום צווייטן צימער און זיך אָנגעבויגן צום יינגלס אויער. — מע שמועסט, אז אפן ראָוו שיט ער פייַער, רעדט מיט אזעלכע ווערטער, וואָס איך קאָן זיי פאַשעט פון מייַן מויל ניט ברענגען. ע־ע־ע...

דאניע איז געשטאנען פארן מאזשגיַעך א צערודערטער, די געדיכטע ברעמען צונויפגערוקט, און געשוויגן.

— נו, וואָס זשע ענטפערסטו ניט? — האָט רעב אויזער אומגעדולדיק אויסגעשריִען.

רעב ארעלע איז אריַין פון צווייטן צימער, זיך אָפגעשטעלט עטלעכע טריט פון טיש און פונווייַטן זיך צוגעהערט צום שמועס. דאניע האָט אופגעהויבן די אויגן און באגעגנט זיַין עטוואָס פארטרוימטן און דאָך זייער קלאָרן בליק. א רעגע האָבן זיי זיך אָנגעקוקט, באלד האָט דער ראָוו זיך אויסגעקערעוועט און אוועק.

— וואָס איז מיט דיר? — איז דער מאזשגיַעך אלץ מער אופגערעגט געוואָרן. — האָסט געגעבן א נייִדער צו שוויַיגן?

— לאָזט מיך אָפּ, — האָט דאניע אויסגערעדט מיט א פארשטיקטער שטים.

— ביסט מעכויעוו צו ענטפערן, אז איך פרעג.

— איך וויל דאָ מער ניט זיַין!

די ווערטער זייַנען ארויסגעשפּרונגען אזוי אומגעריכט, אז דאָס יינגל האָט זיך אליין דערשראָקן פאר זיי. רעב אויזער האָט ניט פארשטאנען:

— ווו ווילסטו ניט זיַין?

נאָר דאניע האָט שוין מער גאָרניט געזאָגט. און דער שמועס האָט זיך פארענדיקט מיט גאָרניט.

אז דער מאזשגיַעך האָט, סאָפקאָלסאָף, געוואָלט ארויסרופן דעם קאָברינער, האָט רעב ארעלע אים אָפגעהאלטן דערפון:

— צו וואָס זאָלן מיר אים ברענגען צו אן איבעריקער אווירע, ער זאָל פון מוירע פארן פּסאק נאָך מוזן זאָגן א ליגן? מע דארף ניט. אלץ איז שוין קלאָר.

מיטאמאָל איז מען געוווּיר געוואָרן, אז מיילעכן האָט מען אראָפגענומען פון קיצווע און פארווערט אריַינקומען אין דער יעשיווע. אלס שטראָף דעם גאנצן קיבעץ, אין וועלכן ס'איז מעגלעך געווען אזא פאל, האָט רעב ארעלע אָפּגעשטעלט אף א צייַט זייַנע האלבשאָעדיקע באַזוכן, און העכער צוויי וואָכן האָט קיינער ניט געזען זיַין פּאָנעם, אכוץ די מעקוראָווים. זיי האָבן, ווי פריִער, אלע שאבעס פארנאכט זיך צונויפגענומען בא דעם ראָווס טיש און אים מעהאנע געווען איטלעכער, מיט וואָס ער האָט געקאָנט.

אף די יעשיוועבאָכערים איז געפאלן א גרויסער פּאכעד. מיט מיילעכן האָט זיך איצט קיינער פון זיי עפנטלעך ניט באגעגנט, אפילע די נאָענטסטע כאווירים האָבן עס געטאָן שטילערהייט אוונט־צייַט און איינציקווייַז.

---

[1] אן אפיקוירעס.

דער מאזשגיַח האָט געשיקט רופן דעם באַלעבאָס פון דער דירע, ווו דער קאַברינער איז איַינגעשטאַנען, און אין רעב ארעלעס נאָמען געפאָדערט, ער זאָל אָפּזאָגן דעם אפּיקורעס פון קוואַרטיר.

— מיר האָבן צו איַיך גאָרניט, — האָבן זיך די באַלעבאַטים פאַרענטפערט פאַר מיילעכן, — נאָר פּאַשעט, מיר האָבן מוירע. מע קאָן אונדז רוידעפן.

ס'איז געווען אָנהייב אָסיען. פון די אָפּטע רעגנס האָבן די עטלעכע שטעטלדיקע גאַסן זיך באַדעקט מיט א דורכויסיקער קלעפּיקער ראָשטשינע. אין די ענג באַפּלעקרטע שטיבלעך איז געווען טונקל און דושנע און פיַיכט. אפן שטעטל איז געלעגן אויסגעגאָסן א וויסטער האָפענונגס־לאָזער אומעט פון א געשטראָפט אָרט, אָן אָפּטיילונג פון גענעם, ווו די זינדיקע זיַינען פאַר־מישפּעט צו טיאָפּקען אין אייביקער בלאָטע, קיינמאָל ניט זען קיין העלן שטראַל, קיין אופמונ־טערנדיקע ליניע, קיין פרישע פאַרב, קיין שפּור דערפון, וואָס קאָן דערפרייען דאָס האַרץ. און ווי דאָס פיַין־געיאָמער פון אָט די פאַרמישפּעטע, האָבן זיך געשפּרייט אינדערלופטן די קוילעס פון די לערנער. די נעכט זיַינען געווען פינצטערע און אָפּגעשלאָסענע, און נאָר דער פיַיף פון א דורכגייענדיקן צוג פלעגט אמאָל דערמאָנען, אז ערגעץ איז דאָ א וועלט און א וועג אין דער וועלט.

אין איינעם אַן אָוונט זיַינען מיילעך מיט דאַניען ארויס אין פעלד. דאָרט איז געווען טרי־קענער און מע האָט געקאָנט שפּאַצירן. דאַניע האָט מיט פאַרגעניגן איַינגעאָטעמט דעם אַנט־קעגנדיקן ווינט. אין ווינט, אין פעלד איז געווען עפּעס באַקאַנטס און אייגנס. א רייעך פון פריש־קייט און פריַיהיַיט, וואָס האָט אזוי ווי דערנענטערט צו דער היים. מיילעך האָט זיך געקוטעט אין זיַין אויסגעריבענעם מאַנטל, פאַרדעקט זיך דעם האַלדז מיט די אופגעשטעלטע לאַצן, גע־ציטערט.

— וואָס איז איַיך? — האָט דאַניע געפרעגט.

— גאָרניט. ס'טרייסלט א ביסל. אַלע אָוונט אזוי.

— עפּשער גיין צוריק?

— איך ווייס ניט, ווו ס'איז פאַר מיר ערגער. קום, פונדעסטוועגן.

זיי האָבן פאַרקערעוועט. פאַר זייערע אויגן זיַינען איצט געווען די שטעטלדיקע פיַיערלעך, אָרעמע און נידעריקע, ווי באַם אריַינגאַנג אין א הייל. מיילעך האָט גערעדט:

— ס'ווילט זיך ניט שטאַרבן. ס'ווילט זיך ניט אזוי, אז כאַטש ווייַן, קוש עמעצן הענט און פיס, מע זאָל דיך ראַטעווען. און וואָס איז, אייגנטלעך, דער ראַש? די טיַינוגים, וואָס איך האָב געהאַט פון לעבן, צי די גליקן, אף וועלכע איך קאָן זיך ריכטן? נאָר עס ציט. עס דוכט זיך — נאָך א יאָר, נאָך א טאָג. פונקט אף מאָרגן נאָך דעם, ווי דו וועסט ניט זיַין, וועט קומען אָט דאָס, אף וואָס דו האָסט געוואַרט און זיך ניט דערוואַרט...

מיילעך האָט איצט געוווינט קימאַט עק שטעטל בא א בעקערן אַן אַלמאָנע, בא וועלכער עס זיַינען קיינמאָל ניט געווען קיין קוואַרטיראַנטן, און זי איז איצט געווען צופרידן צו האָבן איבעריקע עטלעכע גילדן א כוידעש. אהער אין דעם ענגן שטיבל, ווו ס'האָט שטענדיק גע־שמעקט מיט וואַרעמער בולקע, איז אין די אָוונטן אָפּט אריַינגעקומען דאַניע, אמאָל נאָך עמע־צער פון די נעענטערע כאַווירים. זיי האָבן געשטיצט מיילעכן, וויפל זיי האָבן געקאָנט, אַליין אָפּגעשפּאָרט איטלעכער פון זיַין קעשענע און געהיים צונויפגענומען גראָשנוויַיז בא נאָך יעשי־וועבאָכערים, וואָס האָבן מיטגעפילט דעם קאַברינער. אַלץ איינעם האָט קוים געסטיַיעט אף אונטערהאַלטן די נעשאָמע. דעם טאָג איז מיילעך איבערגעקומען אבי־ווי, נאָר אַלע אינדערפרי האָט ער, לויט דער באַלעבאָסטעס אייצע, אויסגעטרונקען א גלאָז ציגענע מילך, איַינגענומען די רעפּוע איינציקע זופנוויַיז און געשפּירט, ווי מיט יעדן שלונג גייט אין אים אריַין געזונט, צעגייט זיך איבערן ליַיב און פאַרטריַיבט פון דאָרטן די קרענק, וואָס טאָטשעט אים. נאָר צו אָוונט איז אַלעמאָל ווידער געוואָרן ערגער. ער האָט געברענט, געפיבערט, זיך געלייגט, אופגעשטאַנען, קיין אָרט זיך ניט געקאָנט געפינען. די שטענדיק מאָגערע באַקן זיַינען נאָך טיפער איַינגעפאַלן. אפן בלייכן פּאָנעם האָט זיך אזוי ווי אָפּגעזעצט א בליַיענער שטויב. די אויגן האָבן פאַרלוירן זייער קלוגן לעבעדיקן גלאַנץ, געקוקט מוטנע און פאַרמוטשעט. נאָר אין די דינע טיף־שוואַרצע ברעמען האָט זיך נאָך אופגעהאַלטן עפּעס פונעם פריִערדיקן אָפּשפּעטער, פון זיַין שאַרפן ווידערשפּעניקן שניט.

— אז איך וועל געזונט ווערן, — פלעגט ער זיך פלוצעם צערייַדן מיט האָפענונג, — וועל איך אוועקפאָרן אין אַן אָרט, ווו מע קען מיך ניט, און ווערן א האַלצהעקער. סאַרא כיַעס דאָס דאַרף זיַין ארומגיין מיט דער האַק פון הויף צו הויף, קויפן ברויט פאַר דיַין אייגענעם פאַר־האָרעוועטן גראָשן און ניט האָבן אף זיך קיין אַל פון קיין מאַזשגיַח און קיין ראָוו.

אַמאָל ווידער זײַנען די רייד זײַנע געווען פֿול מיט פֿאַרצווייפֿלונג און גאַל, און ער האָט ניט אופֿגעהערט איבערצוכאַזערן און אײַנטײַנען מיט די כאַווײרים, וואָס זײַנען געזעסן לעבן זײַן געלעגער.

— אַנטלויפֿט פֿונדאַנען, זאָג איך אײַך, ראַטעוועט זיך, ווער עס קאָן. ס'איז אַ פּאָסטקע, זאָג איך אײַך, און שיידים טאַנצן אין איר. דער רויעך־האַקוידעש האָט זיך שוין לאַנג אָפּגעטאָן פֿון דעם אָרט. אַ פּאָסטקע... מײַלע, איך בין שוין אַ פֿאַרפֿאַלענער, איך וועל שוין דאָ אויסגיין, ווי אַ הונט, אָבער ווער עס האָט קויעך, אַנטלויפֿט, אַנטלויפֿט...

גערעדט האָט ער שווער, מיט אַ שטיל כריפּענדיק קאָל. די כאַווײרים האָבן געהערט זײַנע רייד, געזען, ווי ער ענדערט זיך, דער טויט האָט שוין געשטעמפּלט זײַן פּאָנעם, אָפּגעצייכנט, ווי זײַנעם אַ קאָרבן, און זיי האָבן ניט געקאָנט העלפֿן.

אין אַ נאָכסוקעסדיקן טאָג האָט דער מאַזשגיעך געשיקט רופֿן די אַלמאָנע.

דאָס איז געווען אַ קליינע באַוועגלעכע בערייִשע ייִדענע, אַזוי פּאַרנומען מיט איר בעקערײַ און מיט דער אַרבעט אַרום שטוב, אַז זי האָט גאָר קיין צײַט ניט געהאַט צו גיין, קוים זיך אויס־געריסן. זי האָט אָנגעטאָן דעם מאַנס שטיוול, אַרופֿגעכאַפּט אַ טוך אופֿן קאָפּ און אַוועק.

צי ווייסט זי, האָט רעב אויזער געפּרעגט, וועמען זי האָט אַרײַנגענומען, וועמען זי האַלט בא זיך אין שטוב? אַן אַפּיקוירעס, אַן אויסוואורף. רעב אַרעלע האָט אים אַרויסגעטריבן פֿון דער יעשיווע און וויל אַפֿילע ניט לײַדן, וואָס ער געפֿינט זיך אין שטאָט.

די ייִדענע האָט זיך פֿאַרענטפֿערט: זי האָט גאָרניט געוווּסט. און איצט וואָס טוט מען? דער באָכער איז קראַנק. ער קאָן דאָך ניט נעכטיקן אין דרויסן. רעב אויזער האָט זיך צעלאַכט:

— ער איז שוין אַזוי קראַנק, זינט איך געדענק אים, און דער שוואַרציאָר כאַפּט אים ניט. און אויב ראַכמאָנעס האָבן, איז האָט בעסער ראַכמאָנעס אויף זיך אַליין און אויף אײַערע קינדער, ווײַל איר וועט געוויס האָבן צאָרעס פֿון דער מײַסע, אויב איר וועט אים ניט אַרויסוואַרפֿן, דעם מענוווול, טאַקע באַלד, ווי איר קומט אַהיים.

— זיי סטראַשען, אַז איך וועל פֿון זיי האָבן צאָרעס, — האָט די אַלמאָנע נאָכדעם פֿאַר מײַלעכן דערציילט. — און ווען האָב איך פֿון זיי געהאַט גוטס? אַז דער מאַן, אָלעוואַהאַשאָלעם, איז געשטאָרבן און מיך איבערגעלאָזט מיט דרײַ פּיצלעך קינדער, איז וואָס האָבן זיי פֿאַר־מײַנטוועגן געטאָן? מיט וואָס האָבן זיי מיר געהאָלפֿן? איצט ווילן זיי, איך זאָל אײַך, אַ קראַנקן, אַרויסוואַרפֿן אין דרויסן. אַ, ניט דערלעבן וועלן זיי עס בא מיר! נאַט, טרינקט אויס אַ גלאָז ציגענע מילך. איך בין אַוועק פֿון שטוב, האָט קיינער ניט דערלאַנגט, טרינקט, זאָל אײַך זײַן צו רעפֿוע.

נאָר די ציגענע מילך האָט שוין מײַלעכן ניט געקאָנט העלפֿן. דאָס זײַנען שוין געווען זײַנע לעצטע טעג. נאָך וואָכן רעגנס און האַרבסטיקער גרויקייט האָט זיך אַ ווײַז געטאָן די זון, דורכן פֿענצטער האָט אַרײַנגעקוקט אין צימער, ווו דער קראַנקער איז געלעגן, אַ ברייטער זײַל שײַן, אין וועלכן ס'האָבן זיך געוויגט, געטאַנצט אָן אַ שיר דורכגעשטראַלטע פֿעדעמלעך, פֿינטעלעך.

— זון, אָט וואָס איך דאַרף, — האָט מײַלעך גערעדט. — אַז נאָר פֿון אַ קוק אויף איר שײַן ווערט מיר גרינגער. איך פֿיל... באַלד ווי איך שטעל זיך אויף די פֿיס, גיי איך אַוועק פֿונדאַנען — אויף אוקראַיִנע, קיין אָדעס, דאָרט איז קימאַט אַ גאַנץ יאָר זון, דערציילט מען. דאָרט וועל איך געזונט ווערן... באַם יאַם, דערציילט מען, אין פּאָרט קריגט איטלעכער אַרבעט. איך וועל ווערן אַ טרעגער. פֿאַרוואָס ניט? פֿאַרדינסט דײַן ברויט, ביסט פֿרײַ... ברויט, פֿרײַהײַט, זון — מער דאַרף איך ניט גאָרנישט. שוין פֿון דעם געדאַנק אַליין, אַז דאָס וועט אַמאָל זײַן, ווערט מיר גרינגער...

פֿאַרנאַכט איז ער אויסגעגאַנגען.

די לעצטע טעג איז דאַניע ניט אָפּגעטראָטן פֿון מײַלעכס געלעגער, אײַנגאַנצן פֿאַרוואָרפֿן דאָס לערנען, אַפֿילע ניט געוויזן זיך אין בעסמעדרעש. אויף דער לעוויִע, נאָך וועלכער קיינער פֿון די יעשיוועבאָכערים האָט זיך ניט דערוועגט צו גיין, איז ער געווען, און ווען מע האָט דעם קערפּער אַראָפּגעלאָזט אין גרוב, האָט ער זיך אַזוי צעוויינט, אַז די בעקערן האָט אים קוים אײַנגענומען, געגלעט, געטרייסט אים, ווי אַ מאַמע.

וועגן די אַלע זאַכן האָט, קענטיק, דער מאַזשגיעך צו וויסן געגעבן די עלטערן, ווײַל פֿון שוועלן איז אָנגעקומען צום זון אַ בריוו פֿול מיט פֿאַרדראָס און פֿאַרוואָרפֿן. דאַניע האָט געענט־פֿערט. אויף דער שפּראַך פֿון די נעוויִים האָט ער אויסגעגאָסן זײַן אָנגעלאָדן געמיט אויף יענע גדוילים און מאַנהיגים, וואָס מאַלאָכים זײַנען אויף זייער פּאָנעם און מעכאַבלים אין זייער האַרצן, וואָס זאָגן אויף שלעכטס, אַז עס איז גוט, און אויף גוטס — שלעכט, אויף פֿינצטערניש — ליכט, און אויף ליכטיקײַט — פֿינצטער, אויף ביטערקײַט — זיס, און אויף זיסקײַט — ביטער... פֿאַר אײַן

גאַנג האָט ער אַ רעד געטאָן וועגן זײַנע יונגע יאָרן, וואָס ער האָט געפּאַטערט אַף גאָרניט, אַף אַלטע שיימעס, וועלכע קערן זיך שוין לאַנג ניט אָן מיט דעם, וואָס הייסט מענטש און לעבן.

מיט כּידעש און אומרו האָבן די עלטערן געלייענט דעם בריוו, וואָס האָט אײדעס געזאָגט וועגן אַ נײַעם קער אין דעם זונס געדאַנקען, דערווײַל נאָך אויסגעדריקט פאַרפּלאָנטערט, ניט קלאָר, נאָר מיט געוואַלדיקן פײַער. זיי האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט, ס'זאָל שוין אַריבער דער ווינטער און דאַניע זאָל קומען אַף פּייסעך אַהיים (אַף די האַרבסטיקע יאָמטויווים איז ער ניט געווען), און מע זאָל שוין זען מיט די אויגן, וואָס איז עס מיטן ייִנגל געוואָרן.

אין איינעם פון די שווערע טעג האָט מיילעך אוועקגעשענקט דאַניען אַלע זײַנע ביכער. „נעם, — האָט ער געזאָגט, — איך וועל זיי שוין, מיסטאָמע, ניט דאַרפן“... דאָ זײַנען געווען מאַפּו, סמאָלענסקין, נאָר דעם גרעסטן רוישעם האָט אַפן ייִנגל געמאַכט עפּעס אַ בוך פון קול־טור־געשיכטע, ווו ס'איז באַשריבן געווען דאָס לעבן פונעם אוראַלטן מענטשן — זײַנע וווינונגען און געצײַגן, זײַנע זיטן און גלויבונגען. דאָס איז פאַר דאַניען געווען אַזאַ גרויסע נײַס, אַז ס'האָט אים דעם אָטעם פאַרכאַפּט. מיטאַמאָל האָט זיך פאַר אים אופגעדעקט דער אָנהייב פון אַזעלכע זאַכן, וועגן וועלכע ס'איז אים ביז אַהער גאָר ניט אײַנגעפאַלן צו טראַכטן, פונוואַנען, וויאַזוי זיי זײַנען געקומען. דעם אוראַלטן מענטשן האָט ער זיך זייער לעבעדיק פאָרגעשטעלט, געוווּסט, אַז ער ליגט ערגעץ ווײַט אין דער פאַרגאַנגענער צײַט, און דורך אָט דער ווײַטער צײַט, ווי דורך אַ רוים, געזען אים וווּנדערלעך־קלאָר — זײַנע געיעגן, זײַנע געשלעגן, זײַן פײַער אין וואַלד. עפּעס איז ער געווען, אָט דער ווילדער פאַרצײַטיקער קאָרעוו, אי מאָדנע פרעמד, אי אינטריגירנדיק טשיקאַווע.

אָבער מער נאָך, ווי אַלע ביכער, האָט דאַניען צערודערט איינע אַ זאַך, וואָס ער האָט אַליין געזען מיט די אויגן אין וואַרטצימער באַם דאָקטער, צו וועלכן ער איז אַרײַן מיט אַ קראַנקן כאַווער. אַפן פענצטער זײַנען אין דער ברייט געווען אויסגעשטעלט גלעזערנע סלויען, און אין אַ דורכזיכטיקער פליסיקײַט זײַנען דאָרטן געלעגן עפּעס העסלעכקײַטן, וואָס האָבן באַ זייער גאַנצער מעשונעדיקײַט דאָך דערמאָנט באַקאַנטע באַשעפענישן — אַ פראָש, אַ הויל הינדעלע, אַ נײַגעבוירן קינד. דער דאָקטער האָט, אַרויסלאָזנדיק דעם פּאַציענט, דערקלערט דעם פאַר־גאַפטן דאַניען, וואָס דאָס איז — דער עמבריאָן פונעם מענטשלעכן וולאַד אין פאַרשיידענע סטאַדיעס פון זײַן אַנטוויקלונג אין דער מוטערס בויך. ווי עקלדיק־דערווידער ס'איז ניט געווען דאָס אויסזען פון די קאָנסערוון, האָט דאַניע דאָך אַ צײַט זיך ניט געקאָנט פון זיי אָפּרײַסן, אַזוי פלעטנדיק־אומגעריכט איז פאַר אים געווען דאָס, וואָס ער האָט אין זיי דערזען. ער האָט געפילט, אַז עס קערט אים איבער אַלע זײַנע געדאַנקען, אַז אין אָט דער העסלעכקײַט איז אויסגעדריקט עפּעס אַ מוירעדיקער און וווּנדערלעכער סאָד, און דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט פאַר שרעק און דערוואַרטונג, אַז אָט־אָט וועט זיך דער סאָד פאַר אים אַנטפּלעקן.

# דאָס קאָן זיך שוין ניט אומקערן

אַף פּייסעך איז דאַניע געקומען אַהיים. דער זיידע האָט אים אָפּגעוואַרט אַף דער סטאַנציע מיט אַ פור.

— יוי, ביסטו אַ וואַקס געטאָן, קיין אײַנ־האָרע! — האָט ער אויסגערופן, אָנקוקנדיק דאָס אייניקל. — אַ שווערער וועג, — האָט ער צוגעגעבן, — ניט מיט רעדער, ניט מיט שליטן. מע דאַרף אָנהייבן פאָרן.

ריידנדיק און פאָרענדיק זיך אַרום פערד־און־וואָגן, האָט ער אַלץ געשמייכלט, קאָנטיק שטאַרק צופרידן.

די זון האָט געשײַנט. ערשט אָנגעפלויגענע גראַקן האָבן געגוואַלדעוועט, זיך געייסעקט אין די טאָפּאָלן. דער היימישער הימל האָט אויסגעזען ליכטיקער, העכער, ווי אין דער פרעמד. פון אָט דעם פרילינגדיקן הימל, פון דעם זיידנס ניט גענײַלטע ליבע רייד, פונעם רויטן פערדל, וואָס האָט, ווי דערקענענדיק, אַ בליק געטאָן אַפן גאַסט מיט זײַן שיינעם אויג, — פון אַלץ איז געגאַנ־גען אַ טיפע רו און לויטערקײַט. דאַניע האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט אָט דער רו, ניט צוגעלאָזט זי צום האַרצן. ער איז געפאָרן אַהיים אָנגעלאָדן מיט גרייטקײַט צו שטרײַט און וויכטיקע באַ־שלוסן, ער האָט אין קאָפּ שוין ניט איין מאָל צוגעקליבן און אויסגעשטעלט די ווערטער, וואָס ער וועט זאָגן דעם טאַטן, אַז ער איז שוין ניט קיין קליינינקער, ער ווייסט, וואָס ער רעדט. איצט איז ער געזעסן אַפן וואָגן אַ כמורנער, זיך אָפּגעהאַלטן פון אַ שמייכל, פון אַ ניט גענוג וואָגיק וואָרט און דערבײַ מיט שרעק באַמערקט, ווי אַלע זײַנע ערנסטע געדאַנקען זײַנען ערגעץ ניט געוואָרן, און טראַכטן טראַכט ער סאַכאַקל וועגן אַ שעדלעך־פּוסטער זאַך — וועגן אַ שטיקל צוגע־

ברענטער מאצע, וואָס ער וועט צום אַלעמערשטן פּאַרזוכן באַלד, ווי ער קומט אין שטוב, מאַמעש געשפּירט אין מויל דעם טאַם.

דער טאַטע איז ניט געווען. די מאַמע האָט אים אויפגענומען מיט גוטסקייט און ליבשאַפט, אָן שום אויספרעגענישן. פריִער פאַר אַלץ געשטעלט אים פאַר אַ באַליע מיט הייס וואַסער, ער זאָל זיך ווי געהעריק אַרומוואַשן. דערנאָך געגעבן עסן און צום עסן טאַקע דערלאַנגט עטלעכע שטיקלעך פרישע מאַצע פון די דינערע און צוגעברוינטע, ניט פאַרגעסן, וואָס ער האָט ליב. אַלץ האָט זיך ווי אונטערגענומען ווייך צו מאַכן זיַין האַרץ, נאָר ער האָט זיך ניט אונטערגעגעבן, ניט אופגעהערט צו שטאַרקן זיך אין די געדאַנקען, מיט וועלכע ער איז אַהער געקומען, צו דערמאָנען און אָנזאָגן זיך, וואָס ער האָט צו טאָן. עס שטייט פאַר אַ באַגעגעניש מיטן פאָטער, און דאָס איז ניט קיין קלייניקייט.

שויעל איז געקומען אַ פאַרהאַרעוועטער, אַן אָנגעשטערענגטער, ווי שטענדיק. ער איז אַריַין, זיך צעקושט מיטן זון, שאַרף און אומרויִק אים אָנגעקוקט און נישט געזאָגט ניט גוט, ניט שלעכט. טעג זיַינען אַריבער, און ער האָט ניט גערעדט. נאָר פון דער זיַיט נאָכגעפאַרשט דעם זונס יעדע באַוועגונג, שאָענוויַיז ניט אַראָפּגענומען פון אים דאָס אויג און געשוויגן. מוירע געהאַט פאַר דעם, וואָס ער קאָן זיך דערוויסן.

אויך דאַניע האָט אויסגעמיטן אַן אָפענעם שמועס: כאָטש דאָס שוויַיגן האָט אים געדריקט אָן אַ שיר, נאָר ס'האָט זיך ניט געוואָלט פאַרשטערן די עלטערן דעם יאָמטעוו. באַלד נאָך פּייסעך וועט ער אַלץ זאָגן. דערוויַיל דאַרף מען ניט. באַם סיידער איז ער געזעסן, ווי אַ זיַיטיקער: ניט געזונגען איניינעם מיט אַלע קינדער די האַגאָדע, קוים־קוים אָפּגעזופּט פון די פיר קויסעס, קוים אַ שמייכל געטאָן, ווען מע האָט געעפנט די טיר פאַר עליִיאָהו־האַנאָווי און עמעצער פונעם קליינוואַרג האָט באַמערקט, אַז איַנעם גרויסן קאָס איז טאַקע ווייניקער געוואָרן.

געשען איז עס דעם ערשטן טאָג כאַלעמויעד, מיטיק־ציַיט, ווען אַלע זיַינען געזעסן באַם טיש. שויעל האָט פּלוצעם אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז מיט דיר? טראָגסט עפּעס אָפן האַרצן און רעדסט ניט. האָסט געשריבן, נאָר מיר האָבן ניט פאַרשטאַנען.

דאַניען האָט דער אָטעם פאַרכאַפּט — אָט איצט דאַרף ער אַלץ זאָגן! נאָר וואָס איז דאָס? ער האָט פאַרלוירן אַלע צוגעגרייטע ווערטער...

— וואָס זשע שוויַיגסטו? — האָט שויעל פאַרלאַנגט ענטפער. — האָסט, ווי איך פאַרשטיי, טיַינעס צו אונדז, צו דער יעשיווע. לאָמיר הערן. מיר זיַינען דאָך עלטערן.

ער האָט גערעדט איַינגעהאַלטן, פילנדיק דעם גרויסן ערנסט פון דער מינוט.

דאָס יינגל האָט זיך אופגעשטעלט. די נאָז איז אים געווען בלייך, די אויגן — אין פלאַמען.

— איך... — האָט ער אָנגעהויבן און זיך פאַרהאַקט, דאָס קאָל האָט ניט געדינט. — איך האָב אופגעהערט גלייבן אין גאָט...

דערשראָקן און שטום האָבן אַלע אָנגעקוקט דאָס יינגל, מוירע געהאַט זיך אַ ריר צו טאָן. אַפילע דער זיידע, וואָס האָט געלאָסן געטרונקען טיי, האָט אַ געפּלעפטער אָפּגערוקט די גלאָז. בוניען האָבן זיך טרערן געוויזן אין די אויגן. דאַניע איז נאָך אַלץ געשטאַנען פול מיט פאַרכט און פיַיערלעכקיַיט. שויעל האָט ענדלעך איבערגעשלאָגן די שטילקיַיט.

— דו פאַרשטייסט, וואָס דו האָסט געזאָגט? — האָט ער שטרענג אַ פרעג געטאָן.

ער האָט זיך אופגעהויבן פונעם שטול און גענומען אומשפּאַנען איבערן צימער. אַלע האָבן געוואַרט — אָט באַלד וועט ער אַרויס מיט אַ געוויטער. נאָר ער איז געווען מער צערודערט און פאַרלוירן, ווי אופגעבראַכט.

— דו פאַרשטייסט, וואָס דיַין מויל האָט אויסגערעדט, — האָט ער נאָך אַ שוויַיגן ווידער זיך געווענדט צום זון. — ווי קאָן עס אַ ייִד ניט גלייבן אין גאָט? ס'איז אַלציינס... נו, ווי דו זאָלסט אונטערזעגן אַ בוים און הייסן אים וויַיטער שטיין און וואַקסן. וויאַזוי קאָן ער שטיין, וויאַזוי קאָן ער וואַקסן, אַז דו האָסט אים אונטערגעזעגט? כ'וויס, עפּשער אַ גרויסער מאַגנאַט דאַרטן צי אַ מיליאָנער — אַזוינעם קאָן זיך עפּשער אַמאָל אויסדאַכטן, אַז ער דאַרף ניט קיין גאָט, ער וועט זיך באַגיין אָן אים. אָבער אַ ייִד? ווי קאָן אַ ייִד אויסקומען אָן גאָט, אַפילע איין טאָג? ס'איז אַלציינס... נו, ווי דו זאָלסט מיר אַרויסנעמען די אויגן און זאָגן: לעב אָף דער וועלט! וואָס איז עס פאַר אַ לעבן אָן אויגן?

דאָ האָט זיך בוניע צעוויינט, און אַלע קינדער האָבן, אָף איר קוקנדיק, זיך צערעוועט אָפן קאָל. דאָס איז געווען אַ יעלאָלע, ווי אָף אַ געשטאָרבענעם, וואָס מע האָט אים אָקאָרשט צוגעלייגט אַ פּעדער צו דער נאָז, און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער אָטעמט ניט. אַפילע באַם אַלטן אַריען, וואָס איז די גאַנצע ציַיט געזעסן שטיל מיט דער פאַרגעסענער גלאָז טיי אין דער האַנט, האָבן זיך טרערן געקיַיקלט איבער די באַקן. דאַניע האָט ניט אויסגעהאַלטן און אויך זיך צעוויינט, צעיאָ־

מערט זיך, ווי גאָר א קליינינקער: ביטער און הייס, פון גאַנצן קינדערשן הארצן. נאָר שויעל איז צווישן דעם געיאָמער אומגעגאנגען שוויַיגנדיק הין און צוריק איבערן צימער, ווי א כיַיע אין א שטיַיג. דאניע האָט זיך אָפּגעקערט פון אלעמען, אוועק אין א ווינקל, דאָרט צוגעשפּאַרט זיך מיטן עלנבויגן און באהאלטן דאָס פּאָנעם. די אקסלען האָבן זיך געטרייסלט. די מוטער איז צוגעגאנגען צו אים, א גלעט געטאָן איבערן קאָפּ:

— אָט זעסטו, מיַין זון, — האָט זי געזאָגט, — דו אליין וויינסט. ווו זשע איז דאָס גליק פונעם ניט גלייבן? איז ניט גליַיכער, דו זאָלסט צוריק ווערן אזא, ווי דו ביסט געווען?

— ניין, מאמע, — האָט ער געענטפערט כליפּענדיק, אלץ נאָך מיטן פּאָנעם אין עלנבויגן, — דאָס איז שוין פארפאלן, דאָס קאָן זיך שוין ניט אומקערן.

די יאָמטעוודיקע טעג נאָכדעם זיַינען פארגאנגען אין א שווערער כמארע. שויעל האָט זיך אָפּגעטיילט פון אלעמען — פון די קינדער, פונעם וויַיב, מיט קיינעם ניט גערעדט, געגעסן באזונ־דער, ניט געזאָגט, וווהין ער גייט, ווען ער וועט קומען, שאָענוויַיז געלעגן אף דער קאנאפּע מיט אָפענע אויגן, גערייכערט און געשוויגן. דעם דריטן טאָג כאלעמויעד אינדערפרי האָט ער איַינגע־שפּאנט דאָס פערד. קלאָר, אז ער האָט געדארפט ערגעץ צופאָרן, נאָר ווידעראמאָל ניט געזאָגט וווהין, אף ווי לאַנג. ס'איז ניט אריבער קיין שאָ, איז ער געקומען צוריק. אפּאָנעם, זיך אומגע־קערט פון מיטן וועג. ער האָט אויסגעזען שטארק אופגערודערט, די אויגן — אָנגעשטרענגט, רויטלעך. בוניע האָט אים אָנגעקוקט מיט ווײ, נאָר גאָרניט געפרעגט, ניט געוואָלט אים אופרייצן. ער איז אומגעגאנגען הין און צוריק. מיטאמאָל האָט ער זיך צערעדט ליַידנשאפטלעך:

— ארומפאָרן, האווען, ניט וויסן פון קיין רו. פאר וועמען — פאר די קינדער? און נאָכדעם זאָל איטלעכער אונטערוואקסן, דיר אָפּדאנקען מיט א שטיין אין קאָפּ, ווי ער, דער בכאָר דיַינער... איך וויל ניט! זאָלן זיי גיין. זאָלן זיי זיך שטעלן דינען, זאָלן זיי בעטן נעדאָוועס, איך וויל ניט ארבעטן פאר זיי!

בוניע האָט שטיל געזאָגט:

— און וואָס איז טאקע די ארומלויפעניש? ס'איז דאָך יאָמטעוו, און דו ביסט אויסגעמאטערט. רו אָפּ עטלעכע טעג.

— איך בין גאָרניט אויסגעמאטערט, — האָט ער זיך צעשריִען, — איך האָב נאָך אפילע ניט געהאט בא וואָס צו באוויַיזן מיַינע קויכעס. אלץ קליינינקיַיטן, גראָשנדיקע געשעפטן, קיַי און שפּיַי. איך קאָן איבערקערן בערג. נאָר צוליב וואָס? צוליב וועמען?.. איך האָב אזוי געגלייבט אין אים, און ער האָט אָפּגענארט. מיינסט, אז די איבעריקע קינדער וועלן זיַין בעסער?

— ער וועט זיך נאָך אויסגליַיכן. אין דער נאטור איז ער ניט קיין שלעכטער. ס'אָן איבערגאנג.

— ניין, בוניע, — האָט זיך שויעל ניט געלאָזט טרייסטן, — ער איז שוין אן אָפּגעהאקטע צוויַיג. פארפאלן.

באנאכט האָט שויעל, א געבראָכענער, א צעקלעמטער, געטוליעט דאָס פּאָנעם צו דעם וויַיבס הארצן און געשעפּטשעט:

— וואָס טוט מען, וואָס טוט מען? איך קאָן ניט שלאָפן, איך ווייס ניט, צוליב וואָס אופשטיין. איך זע ניט קיין טאכלעס אין לעבן...

און זי האָט, פילנדיק אָט דעם שטארקן מאנצבל בא איר ברוסט, ווי א קינד, אים געגלעט און געשטילט, איַינגענומען מיט גוטע ניכטערע רייד. זי האָט זיך ווידער אומגעקערט צו איר אנומלטיקן געדאנק: מע דארף אריבער אין שטאָט, אנדערש לערנען די קינדער. מע קאָן ניט גיין קעגן דער ציַיט.

— קיין קאַליקעס, קיין אויסוווּרפן זיַינען זיי, כאָלילע, ניט. וואָס זשע, ס'וועלן פון זיי ניט אויסוואקסן קיין לאָמדים און ראבאָנים? מיילע, אבי זיי זאָלן זיַין געזונטע און ערלעכע, און דאָס מאזל זייערס זאָל שיַינען.

אזוי איז געבליבן: דורכן זומער צוזוכן א באלן אף דער סמאָליארניע, קריגן אין שטאָט א דירע און צו די הארבסטיקע יאָמטויוים אריבערפאָרן.

# פארהאקטע לאָדן

ס'איז געווען א זוניקער טאָג אָנהייב הארבסט. דער וואלד האָט שטיל גערוישט, פון די בערע־זעס, פון די אָסיקעס האָבן זיך איינציקוויַיז אָפּגעטיילט געלע בלעטער, געפינקלט שוועבנדיק אין דער בלויער לופט און זיך געלייגט אפן מאָך, שיפּרע איז געגאנגען מיטן וועג דורכן וואלד. עטוואָס איַינגעבויגן, מיטן קלומעקל אף דער פּלייצע, מיטן שטעקן אין דער האנט, האָט זי בעריִיש געשטעלט טריט, ניט געוואָלט זיך אונטערגעבן דער עלטער, נאָר דאָס הארץ האָט שוין, אפּאָנעם, שלעכט געדינט. זי האָט רוּישיק געסאָפּעט,

ווי נעמענדיק א שווערן בארג־ארוף. פון מאָל צו מאָל געמוזט זיך אָפּשטעלן אַף א רעגע איבער־צוכאַפּן דעם אָטעם.

— ע, שיפרע, דו טויגסט שוין ניט, ביסט שוין א קאַליקע, — האָט זי געזאָגט צו זיך אַליין אפן קאָל.

זי האָט זיך צוגעזעצט אַף א גלאַט אָפּגעזעגטן קאָרטש און אַראָפּגענומען דאָס טיכל פונעם גראָוון קאָפּ. אָפּגערוט א ביסל, האָט זי זיך ווידער צערעדט:

— וואָס זשע וועט עס זײַן מיט דיר, שיפרע, הא? וועסט נאָך אמאָל אזוי בלײַבן אינמיטן וועג, אויסגיין אונטער א קוסט... נו, איז וואָס? וואָס איז דיר ניט אַלצײנס? פורן פאָרן פאַרבײַ, וועט דיך שוין, מיסטאמע, עמעצער נעמען אפן וואָגן און ברענגען וווהין מע דאַרף. מע לאָזט ניט וואַלגערן זיך א מעס אָן קווורע. אַף א טויטן קוקט מען זיך אום גיכער, איידער אַף א לע־בעדיקן, און אין דער ערד איז קריגן אָן אָרט גרינגער, ווי אַף דער ערד... איַי, שיפרע, שיפרע! אז איך דערמאָן זיך דײַן לעבן — אפילע א פויגל האָט זײַן נעסט, א הונט זײַן קאָנורע. און דו? ווו שטייט דײַן בעט, ווו איז דײַן דאַך?.. וואַלסט עפשער אויך געקאָנט האָבן עפּעס א לאָך, א פינצטער ווינקל און ליגן דאָרט אין געהאקטע ווונדן. נאָר עס האָט זיך עפּעס ניט געוואָלט, הא? ס׳איז עפּעס קיין כיישעק ניט געווען צו אזא היים. עפּעס האָט געטריבן פון אָרט צו אָרט. ביסט שוין לאַנג ניט געווען אין דער סמאָליאַרניע — מע וואַרט אַף דיר. ביסט שוין לאַנג ניט געווען באַם ציגעלניק — זיי ווייסן שוין ניט, וואָס איבערצוקלערן... איַי, שיפרע, שיפרע! ביסט שוין אַן אַלטע יידענע און האָסט נאָך אַלץ קיין סייכל ניט. אַלץ דאַכט זיך דיר עפּעס, אַלץ לעבסטו נאָך אין כאַלעם — מיינסט, מענטשן קאָנען ניט אויסקומען אָן דיר, ווי דו אָן זיי. ווי דו האָסט זיי ליב, ווי דיך ציט צו זיי, אזוי קוקן זיי אויס אַף דיר...

און וואָס ציט דיך צו זיי, וואָס? קענסט דאָך שוין זיי אַלעמען אויסגעבונדן. ווייסט דאָך שוין אַפריִער, ווער וואָס עס וועט זאָגן, וויאזוי ווו מע וועט דיך באַגעגענען. און פונדעסטוועגן — ניין. עפשער זײַנען זיי פאָר דער צײַט אנדערש געוואָרן? נײַע מענטשן געוואָרן, מיט נײַע הערצער. וועסט עפענען א טיר און דערזען — די עלטערע זײַנען אזוי ווי יינגער געוואָרן און די קינדער אויסגעוואַקסן. אנדערע, נײַע מענטשן, די זעלביקע און אנדערע — ליכטיקע און האַרציקע. „פאַרוואָס זײַט איר אזוי לאַנג ניט געווען, שיפרע, מיר בענקען נאָך אײַך...״ — באַגעגנט מען, ווו דו קומסט. ניט מיט פאַלשקײַט, ניט מיט כויזעק, נאָר מיט אַן עמעס. איז וואָס נאָך דאַרף שיפרע? וואָס נאָך, אכוץ א גוט וואָרט און א קאַפּעלע נאַכעס אַף יעדן אָרט, ווו דו קומסט?..

זי האָט זיך אויסגעדרייט צו דער זון, אונטערגעשטעלט דאָס פּאָנעם און צוגעמאַכט די אויגן. עטלעכע מינוט געדרעמלט, א פּיק געטאָן מיט דער נאָז און ווידער אופגעהויבן דאָס פּאָנעם צו דער זון. א קײַלעכיקס, מיט א סאַך קנייטשן, איז עס אינגאַנצן פאַרוועבט געווען אין א שמייכל, ווי ס׳וואָלט מיט די פאַרמאַכטע אויגן געזען אויבן עפּעס זייער ליבס און דערפרייענדיקס, א ליכ־טיק, ליב קינד, וואָס קוקט אַראָפּ פון דער הייך.

ענדלעך איז זי אופגעשטאַנען. „מע דאַרף גיין, שיפרע, מע דאַרף גיין". זיך אונטערגעמונ־טערט. נאָר זי האָט נאָך מער, ווי פריִער, איידער זי האָט זיך צוגעזעצט, געפילט א געבונדנקײַט אין די פיס, א מידקײַט אין גאַנצן קערפער. זי האָט זיך פירגעהאַלטן: „האָסט» געדרעמלט א מינוט, ביסטו שוין גאָר צעקראָכן געוואָרן. מע טאָר ניט שלאָפן אין וועג״...

בא א בריקל איבער א שמאָל ריטשקעלע האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, אָפּגעוואַשן דאָס פּאָנעם, ארויסגענומען פון טאָרבע א גלעזערן סלאָיִקל מיט האָניק, געטאָן א פּאָר לעק און פאַרזופּט מיט וואַסער. דאָס האָט זי אָפּגעפרישט א ביסל. און זי איז אוועק ווײַטער. זי איז געגאַנגען צו בוניען אין דער סמאָליארניע און נאָך געהאַט צו מאַכן א וויאָרסט פינף.

ביז זי איז אָנגעקומען אפן אָרט, האָט זיך די זון אַראָפּגערוקט הינטער די ביימער... שיפרע האָט שוין ניט געאָטעמט, נאָר געכריפּעט, ווי א זעג. אָט, האָט זי זיך געטרייסט, אָט זײַנען די אַלכעס ארום דער קרענעצע, נאָך זיי גייט דאָס בערגל און — שוין, אָן עק. רו...

אפן בערגל האָט זי זיך געמוזט אָפּשטעלן. פאָר אירע אויגן איז געווען דער הויכער גרויער טערפּענטין־אויוון, נאָר ס׳האָט זיך ניט געזען קיין רויך. און אויך דער גאַנצער סמאָליאַרניע־פּלאַץ איז געווען אָפּגעשטאָרבן און הויל. קיין קאָרטש, קיין שטאַבעלן האָלץ. שיפרע איז צו דער שטוב. וואָס איז עס? טיר און פענצטער — פאַרשלאָגן מיט ברעטער. ניטאָ קיינער. פּוסט.

זײַנען די אײַנווינער, הייסט עס, ארויסגעפאָרן. בוניע האָט אנומלטן עפּעס גערעדט וועגן אריבערפאָרן אין שטאָט. די לעצטע יאָרן האָט זי ניט איין מאָל וועגן דעם גערעדט, און אָט איז עס געשען. ווו זשע טוט מען זיך איצט אהין קעגן נאַכט?

צום לעסניק זיך בעטן אַף קוואַרטיר האָט שיפרע קיין כיישעק ניט געהאַט, איז זי אוועק צו דער סמאָליאַרניע. דער קופּערנער קעסל פון דער דיסטיליאַציע, די רערן פונעם אויוון זײַנען געווען אַראָפּגענומען, נאָר דעם שוליאַרניקס בודע איז געשטאַנען אָפן, און זײַן ברעטערנער

געלעגער אינווייניק איז געווען ניט גערירט. אפילו די פאַרייכערטע הילצערנע איקאָנע צוקאָפּנס איז געווען אויף איר אָרט. אין אָט דער בודע האָט שיפרע באַשלאָסן פאַרבלײַבן ביז אינדערפרי.

זי וואָלט זיך באַדאַרפט אײַנוואַשן באַם ברונעם, נאָר זי האָט ניט געהאָפט, אַז זי וועט קאָנען אַראָפּציִען און אַרויסציִען דעם עמער. זי האָט געוואָלט אָנרײַסן פּאַלין און אָפּווישן דעם שטויב פון דער נאַרע, איז אין די פינגער קיין קויעך ניט געווען אויסצורײַסן דאָס גראָז. „שלעכט, שיפרע, שלעכט"... — האָט זי געזאָגט און זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ קלעצל פאַר דער טיר. אין טאָרבע באַ איר איז, ווי שטענדיק, געווען אַ ברויט, אַ צום ברויט, נאָר ס'האָט זיך ניט געגלוסט עסן אָט אַזוי, אָן אומגעוואַשענע, אַ שווייסיקע נאָכן וועג. פונדעסטוועגן האָט זי איבערגעכאַפּט אַ קלייניקײַט, קעדיי אונטערשפּאַרן זיך אַ ביסל דאָס האַרץ, וואָס האָט זייער ניט אָנגענעם געכאַלעשט פאַר שוואַכקײַט. אין דרויסן האָט גיך געטונקלט, אַ קילקײַט האָט גענעבן זיך צו פילן דעם אַלטן לײַב. נאָר ס'האָט זיך אַלץ ניט געוואָלט אַרײַן אין דער קויטיקער בודע.

דער וואַלד איז אָוונט־צו געוואָרן אומגעווײנלעך שטיל, קיין ריר, קיין רויש. איבער זײַנע שפּיצן האָבן זיך אָנגעצונדן די ערשטע שטערן. שיפרע האָט אַרופגעקוקט צו זיי. „לעבן זאָלט איר, — האָט זי געזאָגט. — קיין פײַער איז דאָ ניטאָ, קיין לעוואָנע וועט הײַנט אויך ניט זײַן. לײַכט כאָטש איר צו דער עלנטער שיפרע"... פּלוצעם האָט דאָס האַרץ קראַמפּהאַפטיק אַ צאַפּל געטאָן איין מאָל און נאָך אַ מאָל. אַ צאַפּל געטאָן און אָפּגעפאַלן, ווי אַן אונטערגעשאָסענער פויגל. די אַלטע האָט זיך צוגעהערט — וואָס וועט ווײַטער זײַן? מער האָט זיך עס דערווײַל ניט איבערגעכאַזערט, נאָר עפּעס אַ שרעק איז זי באַפאַלן, אַ מוירע, אַז אָט באַלד שטאַרבט זי. „ס'איז דער טויט, — האָט זי זיך געזאָגט אין געדאַנק, — זײַן קלאַפּ אין טיר"... אָפן קאָל עס אויסריידן זיך ניט אײַנגעשטעלט, מוירע געהאַט פאַר דער מינדסטער אָנשטרענגונג. זי האָט זיך פאַרזיכטיק אופגעהויבן, זייער לאַנגזאַם געמאַכט די עטלעכע טריט ביז דער נאַרע, פאַמעלעך זיך אויסגעצויגן, געהיט פון אַ צו האַסטיקער באַוועגונג. דאָס האַרץ האָט פאַרקלעמט ביז ווײ, ביז פּײַן, ניט אויסצוהאַלטן. כאָטש די נאַכט איבערלעבן, האָט זי געטראַכט, דערגיין ביז דער ציגעלניע, ביז דער מיל — צו מענטשן! צו מענטשן!..

איניינעם מיטן ווייטעק האָט אַ לײַדנשאַפטלעכע ליבשאַפט זי איבערפולט. זי האָט געשפּירט אָט די ליבשאַפט אין די דלאָניעס, אין די ליפּן, אין אַלע גלידער. זי וואָלט איצט אַזוי גערן צונויפגעדריקט עמעצנס האַנט און ניט אָפּגעלאָזט. זי וואָלט עמעצן איצט אַזוי הייס אַרומגענומען. בוניע, נעכעמיע, פאַרשיידענע באַקאַנטע האָבן זיך איר פאַרגעשטעלט. און אָן איטלעכן האָט זיך אָנגעכאַפּט איר געפיל, אַ באַגער, אַ טרוים, יעדערער פון זיי זאָל באַלד, ווי זי טוט אַ טראַכט וועגן אים, זײַן דאָ לעבן איר. טרערן האָבן זיך איר געקײַקלט איבער די באַקן.

— נו, וואָס, וואָס ווײנסטו? — האָט זי מיט זיך אײַנגעטײַנעט. — נו, וואָס איז דיר ניט אַלציינס, וווּ דו וועסט שטאַרבן?.. קום שוין, קום שוין, נימעסער טויט! קום און טו אָפּ דײַן פאַסקודנע אַרבעט. אָט ליג איך דאָך שוין פאַר דיר אָפן רוקן און ציטער אַ ריר טאָן מיט אַ גליד...

אַז שיפרע האָט זיך אופגעכאַפּט, איז נאָך געווען פינצטער. אַ צײַט איז זי געלעגן מיט אָפענע אויגן, זיך צוגעהערט. די שרעק אין האַרצן איז געמינערט געוואָרן, נאָר אַוועק ניט אינגאַנצן, ערגעץ זיך פאַרטײַעט אין דער טיף. שיפרע האָט זיך אופגעהויבן פונעם געלעגער, אַרויסגעקוקט אין דרויסן — ס'האָט געהאַלטן פאַר שאַריִען. זי האָט אָנגעטאַפּט אין ווינקל איר קלומעק, איר שטעקן.

— דאַרף מען צוביסלעך אָנהייבן גיין, — האָט זי געזאָגט און אויסגעוואַרט, וואָס פאַר אַן ענטפער וועט זײַן פון אינווייניק.

קיין באַשטימטער ענטפער איז ניט געווען, נאָר אַן ערעך אַזוי: גיי דערווײַל, אַז ס'וועט קומען צו עפּעס, וועט מען דיר שוין געבן צו וויסן...

— ביז דער מיל איז נעענטער, נאָר מיר וואָלט זיך וועלן בעסער אין דער ציגעלניע, — האָט שיפרע ווידעראַמאָל געזאָגט, ווי אָנפרעגנדיק, און געענטפערט זיך אַליין: — גיי, גיי, ביז דער ציגעלניע... נישקאָשע, וועסט דערגיין...

פאַמעלעך איז זי אַרויס אָפן וועג. זי איז געגאַנגען פאַרבײַ דעם סמאָליאַרניקס שטוב, פאַרבײַ די כורוועס פון דער הוטע, פאַרבײַ די שטיבלעך פון די געהילצפירער. אַלע זײַנען זיי שוין איצט געווען פּוסט, פינצטער און שטום, נאָר באַם לעסניק אין שטעלכל האָט געקרייעט אַ האָן.

# סימאָנים פון גליק

## שטיינער

איצט ווייסט מען: ס׳ליגט א שטיין אף דער לעוואָנע.
א שטיין — ער וואָלט זיך אײַנגעמאָסטעט אף מײַן דלאָניע.

ניט ווײַל ס׳איז גרויס מײַן האנט, עס איז מײַן האנט א קליינע,
כ׳פלעג אין מײַן קינדהײַט שפּילן מיט אזעלכע שטיינער.

צי עפּשער דער לעוואָנע־שטיין איז קלענער נאָך אפילע,
ווי יענע שטיינדלעך, וואָס פון זיי כ׳פלעג בויען מילן.

נאָר צום לעוואָנע־שטיין עס זוכט די וועלט א שליסל:
וואָס איז עס פאר א שטיין — עס ווילן מענטשן וויסן.

און איך — ווען ס׳קומען שענסטע מײַסעס אפן זינען —
קיין שענערס פון לעוואָנע־שטיין קאָן איך ניט געפינען.

אן אײנזאם שטיינדל און א גרויסער טונק׳לער שאָטן
לעם שטורעם־אָקעאן, וואָס איז מיט שטויב פארשאָטן.

(אוי מענטשן, לייגט ניט אָן קיין שטיינער איינס דעם צווייטן,
אפילע קליינע שטיינער ווארפן שאָטנס ברייטע...)

עס וואכן די געלערנטע אין נעכט אין לאנגע,
מע טראכט, ווי דאָס לעוואָנע־שטיינדל צו דערלאנגען.

און איך בין מער ווי זיכער, מע וועט טאקע קאָנען
אראָפּנעמען דעם שטיין, וואָס ליגט אף דער לעוואָנע.

בעשאַלעם דורכגיין מ׳וועט דעם וועג אין קרײַזן, רינגען.
אראָפּנעמען א שטיין פון הארץ איז אָפט ניט גרינגער.

• • •

כ׳בין אָפּטמאָל מעקאַנע מײַן אייגענער ליד:
זי שווימט, און זי פֿאָרט, און זי רײַט, און זי פליט.
אין הײַזקעס און מויערן גייט זי ארײַן.
וווּ זי איז געווען — וועל איך קיינמאָל ניט זײַן.
מיט וועמען די ליד מײַנע האָט זיך באקענט —
ניט קאָנען כ׳וועל דריקן די דאָזיקע הענט.
ניט זען כ׳וועל די אויגן, וואָס קוקן אף איר,
און יענע, אף וועלכע זי קוקט פון פאפּיר.
מיט עמעצן זיצט זי באם לעמפּל ניט לאנג,
מיט עמעצן זיצט זי אין סאָד אף א באנק.
ניט שטענדיק איז גרינג איר — זי האָט דאָך אן אָל.
און ס׳טרעפט, אז עס שטראָפט זי אן אופגערעגט קאָל:
— וואָס עפּעס אזוי, און ניט אנדערש פארוואָס?
האָסט, זע איך, פארלאָרן די וואָג און די מאָס...
ס׳איז עפּשער, ווײַל דו ביסט ניט יונג שוין און מיד.
איך פיל עס, כאָטש ס׳קלאָגט זיך פאר מיר ניט מײַן ליד.

און עפשער — כאָטש איך האָב דאָס קאָל ניט געהערט —
מע זאָגט איר: ווי דיר, איז מיר, טײַערע, שווער.
ווי דיר, איז מיר גרינג. און ווי דיר, איז מיר ליב...
איך ווייס ניט — ס'באַרימט זיך פאַר מיר, ניט מײַן ליד.

נאָר אויב עס דערמאָנט זי א מענטש דורך די נעכט
און זאָגט איר דערבײַ: ביסט אוודע גערעכט,
כ'וועל נאָך מער מעקאַנע מײַן אייגענער ליד —
זי שווימט, און זי פאָרט, און זי רײַט, און זי פליט.

• • •

א פרוי ניט קיין יונגע, אין יאָרן אין מײַנע,
האָט אָפּגעשטעלט מיך אף דער זוניקער גאַס:
— איך האָב צו דער איצטיקער יוגנט א טײַנע. —
און האָט אף א מיידל באַוויזן מיט קאַס.

כ'קוק אויך אפן מיידל: אף הויכע אָפּצאַסן.
ווי טײַערסטע זאָקן — די הויט אף די פיס.
איר קלייד איז אין רויזן — אין איידעלע, בלאַסע,
נאָר צופיל דאָס קלייד דעקאָלטירט איז געוויס.

עס וואָלט ניט געשעאַט עפשער לענגער עס נייען.
און נאָך: איר פריזור איז צו הויך און פאַרדרייט.
מיר ביידע אין קליידער באַשיידענע שטייען.
און שמייכלענדיק כ'זאָג צו דער פרוי שטילערהייט:

— כ'וואָלט עפשער א מייוון געווען אפן מיידל,
ווען איך זאָל, כ'געדענק, אין מײַן יוגנט, ווי זי,
פאַרדײַגעט ניט זאָרגן, עס זאָלן די קליידער
כאָלילע ניט אָנרירן שטאַרק מײַנע קני;

דער קאָלנער ניט זייער דעם האַלדז זאָל פאַרשטעלן,
אלציינס צי עס רעגנט, אלציינס צי עס שנייט.
געוויס פלעג איך עמעצן אויך ניט געפעלן,
און זאָגן פלעגט עמעץ: דו זע, ווי זי גייט!

כ'האָב נאָר צו מײַן אייגענער יוגנט א טײַנע:
געוועזן — און ניטאָ, — כ'טו א זאָג אין א שפּאַס.
צעלאַכט זיך די פרוי, וואָס אין יאָרן אין מײַנע,
און לאָזט מיך אליין אף דער זוניקער גאַס.

• • •

געוווּסט האָט מײַן מאַמע סימאָנים
א מענגע,
וואָס — גאָט זאָל נאָר וועלן — דאָס גליק
קאָנען ברענגען.

א פאָדקעווע, ס'מעג זײַן א קרומע, אן אלטע,
ניט איינע אזא האָט מײַן מאַמע באַהאַלטן.

איך ווייס גאָר ניט וויפל — זי האָט זיי
א סאַך
געפונען אף אונדזער טשערניגאָווער שליאַך.

א גראָשן געפונען — אף גליק די מאַטבייע.
זי הענגט אף א סטענגע — און ווערט א קאַמייע.

מײַן מאַמע געהאַט האָט סימאָנים
א מענגע.
פאַרמאָגט אָנשטאָט מאַזל — נאָך מאַזל דאָס
בענקען.

איך דאַרף זיי ניט האָבן, פון גליק די
סימאָנים —
איך וויל, אז מײַן גליק זאָל מיר קוקן אין
פּאָנעם.

---

מייער כאראץ

# בעסאראביע, די היים פון מײַנע קינדער־יאָרן

## זײַ מיר מויכל, מאמע

בעסאראביע, די היים פון מײַנע קינדער־יאָרן —
ווי זשע נעמט מען זי ארויס פונעם זיקאָרן
און מע שטעלט זי אפן טיש אנידער
מיט די גרויע דערפלעך, פעלדער, שאָף און רינדער,
ווי זשע שטעלט מען זי אנידער
פאר די אויגן פון די קינדער?

היימיש שטעטל פון די קינדער־יאָרן,
ווי זשע נעמט מען עס ארויס פונעם זיקאָרן
און מע שטעלט עס אף אספאלט אנידער
מיטן דאלעס, מיט די בלאָטעס טיף־געדיכטע,
ווי זשע שטעלט מען עס אנידער
פאר די קינדער, ווי געשיכטע?

מאמע, מאמע, מאמעניו געטרײַע,
ווי זשע קאָן מען דיך פון הארץ ארויסבאפרײַען;
ווי זשע קאָן מען נאָך דער שכיטע פון די שעכטער

זעצן דיך אָט דאָ, באם טיש מיט אלע,
אז דיך קענען זאָלן מײַנע טעכטער,
אז דיך קענען זאָל דײַן אייניקל, די קאלע?

ס'טרעפט, עס גייט אָן אלטיטשקע אין דרויסן
מיט א שאלעכל און מיט אן אלטן קוישל,
כ'טו א ציטער, וויל א שרײַ טאָן: מאמע!
וויפל ווערסטן איז צו דיר פונדאנען?
איך בין גרייט צען וועלטן דורכצושפאנען,
דורכצושווימען וואסערן און יאמען —

זײַ מיר מויכל, מאמע, פאר די גראמען!..

## אין וואלד

1

טיף אין וואלד, אין הארץ פון דער געדיכטעניש,
דאָרטן, ווו די שרעק איז מיינסטן וואך,
וואך צו יעדער שאָרך און אומגעריכטעניש,
ציטערט אוף מײַן הארץ אינמיטן נאכט.

יונגע הערצער, שאט ניט, מעגן ציטערן
און זיך שרעקן פאר א וואָלף, א בער
און זיך שרעקן פאר די וואלד־געוויטערן,
נאָר דאָס הארץ מײַנס איז ניט יונג שוין מער.

האָב איך זיך אין אנגסטן און אין ציטערניש
אײַנגעמאָסטעט אף דער קילער ערד,
אפן סאמע דנאָ פון גאָר דער פינצטערניש
פלוצעם עפּעס אומגעריכט דערהערט.

2

כ'בין אין וואלד דאָ מיט גוואלד פארבליבן
און פאר נויט דאָס שענסטע ליד געגנאָסן,
דאָס, וואָס לערמאָנטאָוו וואָלט אָנגעשריבן,
ווען מארטינאָוו וואָלט אים ניט געשאָסן.

כ'האָב אין וואלד דאָ מיט געוואלט גענעכטיקט
און דעם וואלד געהערט דערציילן, דאכט זיך,
דאָס, צו וואָס טאָלסטאָי וואָלט זיך געמעכטיקט,
ווען ער וואָלט געלעבט די צווייטע אכציק.

ס'איז צום שטוינען מאמעש, ס'איז צום גאפן,
ווי די שרעק פארשפּילט, פארוויגט איר קאָרבן.
כ'לייען די ווערק, וואָס טשעכאָוו וואָלט געשאפן,
ווען ער וואָלט ניט אזוי יונג געשטאָרבן.

3

א שפּראָץ אף טאָג, און אלץ איז פארגעסן,
קיין שורע, קיין וואָרט ניט פארגעדענקט,
כאָטש כ'בין א נאכט דאָ אָפּגעזעסן,
אין נאכטישער שרעק צום טאָג געבענקט.

דער טאָג פארשמעלט מיטאמאָל די רוימען
און נעמט עפּעס אייגנס פון מיר אוועק,
פאר פרעמדע ווערק, פאר אייגענע טרוימען
ווערט ענג אין מײַנע געמאָסטענע טעג.

איך נעם א האק, א זעג, אויך פײַער
און האק און לייג אוועק א בוים,
דעם לאנגן, רונדן שטאם באפרײַ איך
פון זײַן ארומגעהאקטער קרוין

און צינד אָן די צווײַגן, און צום שײַטער
איך ווארף אויך מײַנע זעונגען צו,
און מאָדנע — אָן רויך און אויסגעלײַטערט
זיי שטײַגן און טראָגן מיך ערגעץ־ווו.

## דער בוים

ניט אין בונטן רוים פון טרוים,
נאָר אין אונדזער וואָרן וועלטל
האָט צעוואַקסן זיך א בוים,
וואָס אין טרוים אויך זעט מען זעלטן.

ס'איז דער בוים געוואַקסן שיין,
וואָרע שיינקײַט, ניט קיין קישעף,
שטייט דער שיינער בוים אַליין
דאָ ניט ווײַט פון אונדזער יישוב.

ביזן בוים איז דאָ א וועג,
פונעם בוים דער וועג גייט ווײַטער,
ווײַטער בין איך ניט אוועק,
כ'האָב פון בוים זיך ניט דערווײַטערט.

ס'האָבן מיך גערופן פרײַנט
טיף אין לאַנד אַרײַן זיך לאָזן,
נאָר דער בוים האָט זיך צעשײַנט
און געשמעקט האָבן די גראָזן.

האָב איך זיך געזעצט אין גראָז
און באַטראַכט פון בוים די בלעטער,
און די פרײַנט אוועקגעלאָזט
און געזאָגט זיי: שפּעטער, שפּעטער.

פאָרט געזונט, געזאָגט צו זיי,
שרײַבט פון יענע ווײַטע ערטער.
שרײַבן זיי, און צאַפּן־שניי
שמעקט פון זייערע ווײַטע ווערטער.

צאַפּן־שניי און דאַרעם־טיי,
טיי און רויזן, טונדרע־גראָזן,
שמעקן בריוו מיט האַנט־געניי,
מיט די אויסגענייטע האָזן.

און מיט דעמב, מיט איידעלן בעז,
מיט בערעזע־וואַלד מיט ווײַסן,
אַף מײַן אַלטן בוים־אַדרעס
קומען אָן פאַרשיידענע נײַסן.

שרײַבן קרויווים, שרײַבן פרײַנט,
און מע רופט אין אַלדי ווײַטן,
נאָר, ווי נעכטן, קאָן איך הײַנט
ווידער ניט דעם בוים פאַרבײַטן.

צוגעטוליעט צו דעם בוים,
ווי מײַן מאַמע צו דעם אויוון,
שטיי איך און איך זע אין טרוים
מײַנע פרײַנט און מײַנע קרויווים.

## וועגן טויט

ס'האָט די זון אין הימל זיך באַוויזן,
איז געוואָרן ליכטיק אַף דער וועלט.
ס'איז די זון אויך פריִער דאָרט געוועזן,
זײַנען מיר פון איר געווען פאַרשטעלט.
נאָכדעם האָט די ערד אונדז צוגעטראָגן,
נאָכדעם האָט די ערד זיך אויסגעדרייט,
און אַף אונדז האָט אָנגעהויבן טאָגן
פון דער זון, וואָס אַף אָן אָרט זי שטייט.
זײַנען מיר אַרויס פון בעטן, שטיבער
דעם העלן טאָג מעקאַבל זײַן אַף זיך,
איז דער טאָג באַלד איבער אונדז אַריבער,
ווײַל די ערד — זי דרייט זיך שוין צו גיך.

האָבן מיר דעם כעזשבן שיר פאַרלאָרן
פון די גיכע טעג, וואָס דורכגעמאַכט,
זײַנען מיר געקומען אין די יאָרן
און דערנע'נטערט זיך צו יענער נאַכט,
ווען דער טאָג נאָך איר וועט אונדז ניט וועקן
און ניט שרעקן וועט אונדז מער די ערד,
ווען זי וועט מיט כוישעך אונדז פאַרדעקן,
וואָס איז אַלעמען, אונדז אַלעמען באַשערט.
ווען די ערד צום טאָג וועט ווידער קומען,
קומען ווידער צו דער אייביקער זון,
וועט בא אונדזער קיווער שטיין מיט בלומען
אונדזערע א טאָכטער צי א זון.

## לעבן שטעטל רינט א טײַכל

לעבן שטעטל רינט א טײַכל,
אין עס קליין צי גרויס?
אַלע יאָרן רינט עס, רינט עס,
און סע רינט ניט אויס.

ס'האָט דער טײַך א ברעג באַם שטעטל
און א צווייטן ברעג.
שטייט א שיפל צוגעבונדן,
שווימט עס ניט אוועק.

אַף דער לאָנקע שאָף און רינדער
דאָרט אַף יענער זײַט,
און אַף דער זײַט קינדער, קינדער
קוקן צו דער ווײַט.

פּיצלעך קי און ברעקלעך לעמער
מיטן אויג צו כאַפּן קוים,
און א דאָרף מיט שטיבלעך — קלענער
פון די בלעטער אַף א בוים.

און באם עק א רויט וואָקזאַלכל,
צוויי־דריי פינגער פון דער מיל.
מיט וואגאָנדעלעך, ווי שאכטלעך,
פליט א צוג — א קינדערשפיל.

שפיגלט זיך דער צוג אין טײַכל,
שפיגלט זיך דער צוג פארקערט:
מיט די רעדעלעך צום הימל,
מיט די דעכלעך צו דער ערד.

בין איך נאָך א קינד מיט קינדער,
כ'פאַר פון שטעטל ניט ארויס,
און דאָס טײַכל רינט דאָרט,
רינט דאָרט
און סע רינט ניט אויס.

## צי הערט איר ניט

צי הערט איר ניט, ווי אלצדינג רעדט
און איינס דעם צווייטן שרײַט ניט איבער?
עס רעדט אין שטוב דאָס בעט צום גרעט,
עס רעדן איינס צום צווייטן שטיבער.

עס רעדט דאָס פינטל אף דער וואנט
צום שטערן, וועלכער קומט אונדז וועקן
און קלינגט אין שויב, ווי גלײַך א האנט
וואָלט אים געטרייסלט ווי א גלעקל.

עס רעדט דער טראקטאָר גיך־גיך־גיך
און נעמט מיט רויש די גרעסטע שטאָכים,
און פון די פעלדער ביז דער קיך
זיך שפרייט זײַן רויש, זײַן רויך לויפט נאָך אים.

א שטומער רעדט מיטביידע הענט,
נאָר מיט דער רעכטער עטוואָס מערער,
און ס'הערן צו זיך טויבע ווענט,
ווי שילער, ווען סע רעדט דער לערער.

א בלינדער טאפט דעם וועג און גייט,
און ס'רעדט זײַן שטעקן צו די שטיינער.
ווער הערט דעם בלינדנס שטעקנס רייד?
צי בלויז די שטיינער? ווײַטער קיינער?

ווער הערט עס, ווען דער שטעקן שרײַט:
דאָ גיי, דאָ גיי און דאָרטן גיי ניט,
דער בלינדער נעמט זיך אין א זײַט,
דער איקער גיי, דער איקער שטיי ניט.

צי הערט איר ניט, ווי אלצדינג רעדט
און איינס דעם צווייטן שרײַט ניט איבער?
עס רעדט אין שטוב דאָס בעט צום גרעט,
עס רעדן איינס צום צווייטן שטיבער.

# 800 יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן שאָטא רוסטאַוועלי

בעסאַ זשגענטי

# א גאון פון דער וועלט־פּאָעזיע

מיט גרויס ענטוזיאַזם מערקט אָפּ דאָס גרוזינישע פֿאָלק זײַן ליכטיקן נאַציאָנאַלן יאָמטעוו — דעם 800־טן געבורטסטאָג פֿון שאָטא רוסטאַוועלי, דעם גאוניאַלן פּאָעט און דענקער, דעם שעפֿער פֿון דער אומשטערבלעכער פּאָעמע „דער העלד אין דער טיגער־פֿעל“. רוסטאַוועליס יובילײ איז א יאָמטעוו אויך פֿון אַלע ברידערלעכע סאָוועטישע פֿעלקער.

ס׳איז קיין צווייפֿל ניט, אז דער דאָזיקער גרויסער יאָמטעוו פֿון דער סאָוועטישער קולטור וועט ארויסרופֿן א וועלט־רעזאָנאַנס און וועט ווערן א געשעעניש אין דעם קולטור־לעבן פֿון דער גאַנצער ציוויליזירטער מענטשהײַט.

מיט אָנדערהאַלבן — צוויי יאָרהונדערטער פֿאַרן רענעסאַנס אין מײַרעוו האָט רוסטאַוועלי דער ערשטער צווישן די פּאָעטן פֿון מיטלאַלטער געגעבן אין זײַן ווערק א טיקן דעם העלעניסטישן פֿרײַהײַט־גײַסט און באַזונגען די ליכטיקע הומאַניסטישע אידעאַלן, וואָס זײַנען שפּעטער געוואָרן דער טאָך, דער יעסאָד, אויף וועלכן עס זײַנען אויסגעוואַקסן די קונסט און די ליטעראַטור פֿון דעם אייראָפּעישן רענעסאַנס.

רוסטאַוועלי, וועלכער האָט זיך געפֿונען ווי אויף דער גרענעץ פֿון צוויי וועלטן — דעם קריסטלעכן מײַרעוו און דעם מוסולמענישן מיזרעך, האָט געשעפּט גלײַכצײַטיק פֿון דער גײַסטיקער קולטור פֿון אָט די ביידע וועלטן, איז באַרײַכערט געוואָרן מיט די דערגרייכונגען פֿון ביידע ציוויליזאַציעס. ער האָט אָבער געפֿונען אין זיך קויעך צו צעשמעטערן די קייטן פֿון קריסטלעכער סכאָלאַסטיק און מאַכמעדאַנישן פֿאַנאַטיזם און איז אין דער עפּאָכע פֿון מיטלאַלטערלעכער קנעכטשאַפֿט און אָבסקוראַנטיזם ארויסגעטראָטן אַלס קעמפֿער פֿאַר דער פֿרײַהײַט פֿון מענטשלעכן געדאַנק און געפֿיל, פֿאַר די אידייען פֿון ליבע צום מענטשן, פֿאַרן טריומף פֿון גוטס איבער שלעכטס, ליכט איבער פֿינצטערניש, שיינקײַט איבער מיִעסקײַט, פֿאַרן זיג פֿון פֿרײַהײַט און גערעכטיקײַט איבער דער וועלט פֿון גוואַלדטאַט, טיראַניִע און אונטערדריקונג.

רוסטאַוועליס הומאַניזם, זײַן פּאַטריאָטיזם, זײַן פֿרידיקן פֿעלקער־פֿרײַנטשאַפֿט, גלײַכהײַט צווישן מאַן און פֿרוי, זײַן ליכטיקער אָפּטימיזם, די הויכע מאָראַלישע זײַטן פֿון זײַנע העלדן — דער דאָזיקער קאָלאָסאַלער אידייִשער אויצער, פֿון איין זײַט, און די גלענצנדיקע פֿולקומע פּאָעטישע פֿאָרם, פֿון דער אנדערער זײַט, — אָט דאָס זײַנען די קוואַלן, פֿונוואַנען עס שטאַמט די אומשטערבלעכקײַט פֿון דער פּאָעמע „דער העלד אין דער טיגער־פֿעל“, איר אַקטועלקײַט און קראַפֿט אויך אין אונדזער צײַט.

שאָטא רוסטאַוועלי האָט דערגרייכט די העכסטע הייכן פֿון דעם וויסנשאַפֿטלעך־פֿילאָסאָפֿישן און פּאָעטישן געדאַנק פֿון זײַן עפּאָכע. אײַ־

נער פון די פּראָגרעסיווסטע דענקער און ערודירטסטע מענטשן, אַן אָנגעזעענער מעלוכע־מאַן און געזעלשאַפטלעכער טוער, האָט דער פּאָעט, אָן שום צווייפל, געגומען א טעטיקן אָנטייל אין די אידעאָלאָגישע שטרייטן פון זײַן צײַט, האָט פאַרטיידיקט די אידיי פון א צענטראַליזירטער מעכטיקער מעלוכע, די הומאַניסטישע שטרעבונגען פון די פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכע שיכטן אין דער דעמאָלטיקער גרוזיע, האָט געקעמפט קעגן דעם פעאָדאַלן פּאַרטיקולאַריזם און דעם רעאַקציאָנערן קלער.

רוסטאַוועלי האָט באַהערשט גריכיש, אַראַביש, פּערסיש, ער האָט געוווּסט האָמערן און געווען באַקאַנט מיט דער אַנטיקער פילאָסאָפיע. אין זײַן פּאָעמע הערן מיר דעם ווײַטן עכאָ פון „איליאַדע" און „אָדיסייע", געפינען מיר די סימאָנים פון דעם אײַנפלוס, וואָס עס האָבן געהאַט אויף פּאָעט די אָנשווינגען פון די גריכישע פילאָסאָפן פּלאַטאָן און אַריסטאָטעל, פּראָקל און עמפּידאָקל.

רוסטאַוועלי איז אויך געווען ענג פאַרבונדן מיט דער אַראַבישער און פּערסישער פּאָעזיע. אין זײַן פּאָעמע ווערן דערמאָנט די העלדן פון פירדאָוסי, ניזאַמי, גורגאַן, וואָס זייער דיכטונג האָט דער גרוזינישער פּאָעט גוט געוווּסט און הויך געשאַצט. ס'איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז שאָטאַ רוסטאַוועלי זאָל האָבן פּערזענלעך זיך באַגעגנט מיטן גרויסן ניזאַמי אויף די פּאָעטישע טורנירן און פאַרמעסטונגען, וועלכע זײַנען אָפט פּאָרגעקומען באַם הויף פון דער קיניגין טאַמאַר. ניזאַמיס היימלאַנד שירוואַן איז דאַן דעמאָלט געווען א באַשטאַנדטייל פון דער גרוזינישער מעלוכע, ווו צו די מוסולמענישע פּאָעטן און דענקער האָט מען זיך באַצויגן מיט גרויס אַכטונג, אופמערקזאַמקייט און זאָרג, פּונקט ווי צו די טוער פון דער גרוזינישער קולטור.

דאָס, וואָס אין דער פּאָעמע „דער העלד אין דער טיגער־פעל" ווערן דערמאָנט אויך רוסן, איז ניט קיין צופעליקייט. גרוזיע איז אין יענער צײַט געווען ענג פאַרבונדן מיט רוסלאַנד. וועגן דעם זאָגט איידעס אַזא היסטאָרישער פאַקט: ווען די אָנפירער פון דער גרוזינישער מעלוכע האָבן באַהאַנדלט די פראַגע, ווער פאַרדינט דעם קאַוועד צו זײַן דער מאַן פון דער קיניגין טאַמאַר, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אויפן רוסישן פירשט אַנדריי באָגאָליובסקי. אַזוי, אַז שוין דעמאָלט האָט דאָס גרוזינישע פאָלק געשטרעבט צו פרײַנטשאַפט און ענגער פאַרבינדונג מיט רוסלאַנד. און כאָטש דער דאָזיקער שטרעבונג איז באַשערט געווען פאַרווירקלעכט צו ווערן פיל שפּעטער, שוין סאָף XVIII יאָרהונדערט, איז אָבער די אַנטשטייונג פון אַזא אָריענטאַציע אויף רוסלאַנד אין דער עפּאָכע פון דעם העכסטן אופבלי פון דער גרוזינישער מעלוכעשאַפט אַן און פאַר זיך א גאַנץ כאַראַקטעריסטישע און סימפּטאָמאַטישע דערשײַנונג.

אין דעם קרײַז גײַסטיקע אינטערעסן פון דעם גרויסן גרוזינישן פּאָעט איז אויך ארײַנגעגאַנגען די קולטור פון דעם ייִדישן פאָלק — די קולטור, וואָס איז לויט אירע טראַדיציעס איינע פון די עלטסטע און רײַכסטע אין דער וועלט. אַן אומבאַשטרײַטבאַרער באַווײַז דערפון איז דאָס אָרט אין רוסטאַוועליס פּאָעמע, ווו עס ווערט דערמאָנט דער גרויסער ייִדישער פּאָעט און פילאָסאָף פון XII יאָרהונדערט איבן־עזרע.

פאַרלאָזנדיק זײַן היימלאַנד לויטן באַפעל פון זײַן געליבטער קיניגין טינאַטין און אוועקלאָזנדיק זיך זוכן דעם העלד אין דער טיגער־פעל, זאָגט אווטאַנדיל:

ס'האָט דער גרויסער כאָכעם עזראָס דאָס געזאָגט שוין אונדז פון לאַנג:
„ווען א רויז עס ווערט פאַרפרוירן, טוט אונדז לייד, עס טוט אונדז באַנק",
מיטלײַד ווערט איז אויכעט יענער, ווער עס וואָגלט אין דער וועלט,
ווער פאַרלאָזט עס האָט זײַן היימלאַנד, אים באַשערט איז זײַן פאַרוועלקט.[1]

ערעוו זײַן אוועקלאָזן זיך אין ווײַטן וועג דערמאָנט זיך דער העלד פון רוסטאַוועליס פּאָעמע אין דעם דיוואַן (לידער־זאַמלונג) פון דעם גרויסן ייִדישן פּאָעט, ווײַל די געפילן און געדאַנקען, וועלכע עס דריקט אויס דאָס דאָזיקע פּאָעטישע ווערק, האַרמאָנירן מיט אווטאַנדילס איבערלעבונגען, ווען ער דאַרף, מיט ווייטעק אין האַרצן, פאַרלאָזן זײַן לאַנד. עס איז קעדײַ צו באַמערקן, אַז עזראָס — דאָס איז דער זעלבער איבן־עזראַ, וועלכן היינע האָט אַזוי הויך געשעצט. ער האָט אים געשטעלט אין איין ריי מיט אַזעלכע ייִדישע פּאָעטן און דענקער פון מיטלאַלטער, ווי יעהודע האַלייווי און שלוימע איבן־גווירל, און אָנגערופן זיי „די דרײַשטערנשאַפט פון דער ייִדיש־שפּאַנישער פּאָעזיע".

רוסטאַוועלי האָט, אַזויאַרום, אײַנגעזאַפּט אין זיך די דערגרייכונגען פון דער נאַציאָנאַלער און פון דער אַלוועלטלעכער קולטור סײַ פון די פריערדיקע עפּאָכעס, סײַ פון זײַן צײַט. דער דאָזיקער אויסערגעוויינלעך ברייטער קרײַז פון די גײַסטיקע אינטערעסן און די טיפע ערודיציע

---

[1] דאָ און ווײַטער ווערן די ציטירטע פערזן געבראַכט אין דער איבערזעצונג פון א. גאָנטאַר.

האָבן געגעבן דעם פּאָעט די מעגלעכקייט אופצוהייבן זיך איבער דער מיטלאַלטערלעכער גע־שמידטקייט און געפּענטעטקייט פון געדאַנק, איבער דער רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער באַגרע־נעצטקייט און לאָזן אין זיין ווערק קומען צום וואָרט די סאַמע אַקטועלע אַלמענטשלעכע געזעל־שאַפטלעך־פּאָליטישע, פילאָסאָפישע, מאָראַלישע און עסטעטישע פּראָבלעמען, באַהאַנדלענדיק און לייזנדיק זיי אין גייסט פון די סאַמע פּראָגרעסיווע אידייען פון זיין עפּאָכע.

די גרונט־אידיי פון דער פּאָעמע „דער העלד אין דער טיגער־פעל״, אַרום וועלכער עס אַנט־וויקלט זיך דער סוזשעט און וואָס איז פאַרקערפּערט מיט דער הילף פון אַ קאָמפּליצירטן קאָמ־פּלעקס מאָלערישע מיטלען, — די גרונט־אידיי פון דעם ווערק איז דער טריומף פון פרייהייט איבער קנעכטשאַפט און גוואַלדטאַט. דער איינס־אַף־איינס צווישן די טרעגער פון גייסט, ליכט, פרייהייט און שיינקייט, פון איין זייט, און פון די טרעגער פון בייז, פינצטערניש, גוואַלדטאַט און מיִעסקייט, פון דער אַנדערער זייט, — דאָס איז דער הויפּט־קאָנפליקט פון „דעם העלד אין דער טיגער־פעל״.

אין דער פּאָעמע ווערט דערציילט, וויאַזוי דריי גיבורים, באַפליגלטע פון די דערהויבנסטע מענטשלעכע געפילן — ליבע און פריינטשאַפט, מוט און דרייסטקייט, — דריי העלדן, טאַריעל, אווטאַנדיל און פרידאָן, האָבן איינגעבראָכן די אומצוטריטלעכע פעסטונג קאַדזשעטי און באַפרייט די געפאַנגענע שיינהייט נעסטאַן־דאַרעדזשאַן. די שטרענגע און פינצטערע קאַדזשעטיער פעסטונג איז אין דער פּאָעמע די פאַרקערפּערונג פון קנעכטשאַפט און טיראַניע, פון פינצטערקייט און פּיין. נעסטאַן־דאַרעדזשאַן דאַקעגן איז דער מאַיעסטעטישער סימבאָל פון גוטס און שיינקייט, נאָבלקייט און זיטלעכער ריינקייט, פרייהייטס־גייסט און יושער. אַלס זיגרייכע קעמפער פאַר אַט די דערהויבנסטע מענטשלעכע אידעאַלן און שטרעבונגען טרעטן אין דער פּאָעמע אַרויס די פאַרברידערטע דריי העלדן, וואָס זייערע לעבעדיקע פולבלוטיקע געשטאַלטן האָט געשאַפן די פען פון אַ גאוניאַלן מאָלער פון מענטשלעכע כאַראַקטערן.

דערציילנדיק וועגן דעם זיג פון די פאַרברידערטע העלדן אין אַט דעם געראַנגל, וועגן דעם כורבן פון קאַדזשעטי, זאָגט רוסטאַוועלי:

ס׳האָט די זון די ערד באַלויכטן, ס׳האָט אַרום געגומען בלענדן.
ס׳האָט די גוטסקייט ס׳שלעכטס דערמאָרדעט, ווייל די גוטסקייט האָט קיין ענד ניט.

אַט די טענדענץ, אין וועלכער עס גיסן זיך אַזוי אָרגאַניש צונויף רוסטאַוועליס מעטאַפאָרי־סטישער אַרט דענקען און זיין אַפאָריסטישע קונסט, דריקט אויס מיט דער פולסטער קלאָרקייט און לאָקאָנישקייט די אָפּטימיסטישע פילאָסאָפיע פון דעם גרויסן פּאָעט. מיט אַט די ווערטער האָט רוסטאַוועלי ווי פאָרויסגעזאָגט, אַז עס וועט קומען אַ צייט און די מענטשהייט וועט באַ־פרייט ווערן פון דעם פינצטערן קיניגרייך פון מיטלאַלטערלעכן אָבסקוראַנטיזם, אַז די זון וועט אופשטיין און דער מענטשלעכער געדאַנק און געפיל וועלן אַראָפּוואַרפן פון זיך די קייטן פון דאָגמאַטיזם און סכאָלאַסטיק, אַסקעטיזם און באַגרענעצטקייט, אַז דער מענטש וועט מאַכן אַ סאָף צו קנעכטשאַפט און אומרעכט. איבערצייגנדיק און וואָגיק האָט דער גרויסער פּאָעט געזאָגט דער מיטלאַלטערלעכער וועלט, אַז דער מענטש, באַגייסטערט פון דערהויבענע, נאָבעלע אידע־אַלן, קאָן באַזיגן די פינצטערע און בייזע קרעפטן, קאָן איינעמען די אומצוטריטלעכע פעסטונג קאַדזשעטי, וואָס אין איר האָט רוסטאַוועלי פאַרקערפּערט דעם גאַנצן מענטשנפּרעסערישן מעהוס פון דער מיטלאַלטערלעכער רעאַקציע. „דער העלד אין דער טיגער־פעל״ האָט גערופן צו באַ־פרייונג, צו פּראָגרעס און סאָציאַלער גערעכטיקייט, איז געווען אַן אָנזאָג פון רענעסאַנס.

אין דער עפּאָכע פון מיטלאַלטערלעכער כאַשכעס און אָבסקוראַנטיזם איז רוסטאַוועלי אַרויס־געטראָטן אַלס באַגייסטערטער זינגער פון ליכט און גוטס. זיין אייגנאַרטיקער פּאַנטעיזם, דאָס פאַרגעטערן די זון, די לעוואָנע, די שטערן, האָט אויסגעדריקט די שטרעבונג פונעם מענטשן צו ליכט, צו דער באַפרייונג פון דעם כוישעך און קעלט, וואָס האָבן דעמלט געהערשט אין דער וועלט.

שלעכטס פאַרשווינדט, די גוטסקייט — בלייבט —

איז איבערצייגט רוסטאַוועלי, און ער זעצט פאָר:

ס׳לערנט אונדז דער קלוגער דיוונאָס די געהיימניס, וואָס ער ווייסט,
אַז עס שיקט אונדז דער באַשעפער נאָר די גוטסקייט, ניט דאָס בייז,
אייביקייט דערוואַרט די גוטסקייט, און אַ ווײַלע לעבט דאָס בייז...

דער דאָזיקער הימן, פון וועלכן עס זינגט מאַמעש אַרויס דער אָפּטימיסטישער גלויבן, אַז דער מענטש קאָן דעראָבערן זיין פרייהייט און גליק אין מעסירעסנעפעשדיקן קאַמף, — דאָס איז

דער אינערלעכער טאָך פון דער פּאָעמע, איר אידייִש־פילאָסאָפישער פּאטאָס. פרײַ פון מיסטיק און פאנטאסטיק, וועלכע זײַנען אזוי כאראקטעריסטיש קימאט פאר אלע ליטעראַרישע דענק־מעלער פון דעם מיטלאלטער, באזינגט רוסטאוועליס ווערק אלס אידעאל א גליקלעך לעבן פאר דעם מענטשן אף דער־וועלט, די שיינקײַט פון אָט דעם לעבן. אין דער דאָזיקער שפּרודלדיקער לעבנס־פרייד לאָזט זיך אין דער ערשטער ריי פילן רוסטאוועליס הומאניסטישע וועלט־אַנשויונג.

יאָ, דעם מענטשנס לעבן אף דער־וועלט, דער רעאל עקזיסטירנדיקער וועלט, איז פאר רוסטאוועלין דער איינציקער קוואל פון באגײַסטערונג, דאָס איינציקע, וואָס ער איז גרייט בא־זינגען און באשרײַבן. ניט דער פאטום באשטימט דעם גורל פון די העלדן אין דער פּאָעמע „דער העלד אין דער טיגער־פעל" (ווי בא די פּאָעטן און דראמאטורגן פון דער אנטיקער וועלט), ניט גאָטס באראָט רעגולירט זייערע צווישנבאציִונגען און דעם רעזולטאט פון די קאָנפליקטן (ווי דאָס איז כאראקטעריסטיש פאר אנדערע שרײַבער פונעם קריסטלעכן מיטלאלטער). אין רוסטא־וועליס פּאָעמע שמידן די מענטשן אליין זייער גורל.

כאָטש אווטאנדיל זאָגט אין איין אָרט, אז „דאָס לעבן פונעם מענטשן קאָן ניט ווירקן אף דער האזשגאָכע", אז „פון דעם גורל אנטלויפן קאָן קיין שום לעבעדיקער נעפעש ניט", גיבן זיך רוסטאוועליס העלדן קיינמאָל ניט אונטער דעם גורל. געפירט פון זייערע איבערצײַגונגען, פון זייערע אידייִשע און מאָראלישע שטרעבונגען, בונטעווען זיי קעגן דעם ביטערן מאזל, קעגן דעם אומרעכט, וואָס הערשט אין דער וועלט, — קעמפן און זיגן. אין רוסטאוועליס פּאָעמע האָבן ניט דער פאטום, ניט גאָט קיין שליטע איבערן מענטשן. אָט דער גלויבן אין דער קראפט פון דעם מענטשן איז דער יעסאָד פון רוסטאוועליס הומאניזם און רעאליזם. יאָ, רעאליזם. אין דעם זעלבן זין, אין וועלכן די געשיכטע פון דער וועלט־ליטעראטור האלט דעם גרויסן שעקספּיר פארן ערשטן פּאָעט־רעאליסט. מיטן ענגלישן געני פאראייניקט דעם גרוזינישן פּאָעט די אויסערגעוויינ־לעכע מײַסטערשאפט אין מאָלן גרויסע מענטשלעכע געפילן און לײַדנשאפטן, לעבעדיקע מענטש־לעכע כאראקטערן.

אין איינעם פון די ערשטע קאפּיטלען פון רוסטאוועליס פּאָעמע ווערט דערציילט וועגן דעם, ווי בייס די פײַערונגען לעקאָוועד דעם קיניג ראָסטעוואנס יונגער טאָכטער, דער שיינהײַט טינא־טין, האָט דער קיניג דערזען אן אומבאקאנטן מענטשן אין א טיגער־פעל, וועלכער איז געזעסן באם ברעג טײַך און געוויינט מיט ביטערע טרערן. ראָסטעוואן האָט פארלאנגט צו וויסן, ווער איז דער יונג, פארוואָס וויינט ער. טאריִעל, ווידער, האָט ניט געוואָלט דערציילן אומבאקאנטע מענטשן וועגן זײַן צער און פּײַן. מיט א קנאק פון זײַן בײַטש ענטפערט דער העלד אף דעם פּרווו פון דעם קיניגס שליכים כאפּן אים און מיט גוואלד אוועקפירן צום קיניג.

און ווען דער קיניג אליין נעמט זיך יאָגן נאָך אים, ווערט טאריִעל פײַל־אויסן־בויגן אנ־טרונען אף זײַן ברענענדיק פערד. ראָסטעוואן ווייסט ניט פון קיין רו, דאָס גאנצע קיניגרײַך קאָכט, ווי א קעסל, און וועט זיך ניט בארויקן, ביז אווטאנדיל, דער געליבטער פון טינאטין, וועט נאָך דרײַ יאָר וואָגלען איבער דער וועלט געפינען דעם העלד אין דער טיגער־פעל, זיך דערוויסן וועגן דער סיבע פון זײַנע לײַדן און וועט דעם צו וויסן געבן די רעגירער פון זײַן לאנד. דער זין און די מאָראל פון דעם דאָזיקן עפּיזאָד באשטייען אין דעם, אז מענטשן דארפן ניט, טאָרן ניט גלײַכגילטיק צוזען פרעמדן פּײַן, פרעמדע טרערן.

די דאָזיקע הומאניסטישע אידיי פון מיטלײַד צום מענטשן, מיטלײַד און ליבע צו אים איז דער לייטמאָטיוו, וואָס איז אײַנגעפלאָכטן אין דעם גאנצן קינסטלערישן געוועב פון דער פּאָעמע.

רוסטאוועלי איז אין אָט דער הומאניסטישער וועלט־אַנשויונג דאנטעס א פּאָרגייער. אין זײַן באקאנטן בוך וועגן די סאָוועטישע ליטעראטורן שרײַבט לויִ אראגאָן: „גרוזיע האָט געגעבן איר דאנטע, בייס מיר האָבן זיך קוים דערקליבן צו קרעטיען דע־טרוא". פּונקט ווי דער געניִאלער איטאליענער, דער ערשטער פּאָעט פונעם אייראָפּעיִשן רענעסאנס, האָט שאָטא רוסטאוועלי אויס־געזונגען זײַן לויבגעזאנג דעם מענטשנס דערהויבענע ליבע, וואָס וועט קיינמאָל ניט פאר־געסן ווערן.

נעסטאן־דארעדזשאן און טאריִעל, טינאטין און אווטאנדיל האָבן ליב איינס דאָס אנדערע. זייער ליבע איז ריין און אופריכטיק, טיף און איבערגעגעבן. ס'איז ניט קיין דערנידעריקנדיקע כײַיִשע טײַווע, ס'איז אויך ניט קיין מיסטיש „פּלאָטאָניש" געפיל. זייער ליבע־קאָדעקס ווערט פּאָעטיש פאָרמולירט אין פּראָלאָג צו דער פּאָעמע „דער העלד אין דער טיגער־פעל":

...ס'איז די ליבע שטענדיק פּראכטפול, סוידעספול איז זי און טרײַ,<br>
אויסגעלאסנקײַט איז איין זאך. זיי פארגלײַכן ז'ניט קעדײַ.<br>
זנוס — איז איינס, א צווייטס איז ליבע, צווישן זיי עס שטייט א וואנט,<br>
פלאָנטערן די בײדע זאכן פאר דעם מענטשן איז א שאנד.

אָט אזא ליבע, א באשײַנטע מיטן גלאַנץ פון הויכער זיטלעכקײַט, „דעם הימלס גאָב", וואָס באוועגט דעם מענטשן צו העלדנטאטן און גרויסע אופטוען, ווערט באזונגען אין רוסטאוועליס פּאָעמע. פארלאָזנדיק זײַן היימלאַנד, קעדיי העלפן טאַריִעלן צו געפינען זײַן געליבטע נעסטאַן־דאַרעדזשאַן, וואָס שמאַכט אין געפאַנגענשאַפט בא די קאַדזשן, ווענדט זיך אווטאַנדיל אין זײַן צוואָוע צום קיניג ראָסטעוואַן:

דו געדענקסט געוויס די ווערטער פון אַפּאָסטאָלס וועגן ליבע,
ס'פלעגן צימבלען פאר איר שפּילן, און געווידמעט מ'האָט איר לידער.
שטענדיק האָבן זיי געטײַנעט: „בלויז די ליבע קאָן דערהייבן!"
פרײ'ר פון אלעמען באַדאַרפסטו די נעוויִים הייליק גלייבן.

רוסטאוועלי קעמפט פאר די רעכט פונעם מענטשן אײַנצואָרדענען זײַן לעבן אזוי, ווי זײַן אייגן הארץ זאָגט אים אונטער. ווען דער אינדישער קיניג פארסאַדאַן באשליסט כאַסענע מאכן זײַן באַסיעכידע נעסטאַן־דאַרעדזשאַן מיטן זון פונעם פערסישן שאַך, וועלכן דאָס מיידל האָט אפילו ניט געקענט, פּראָטעסטירט נעסטאַן־דאַרעדזשאַן קאַטעגאָריש קעגן אזא ווילקיר. לויט איר פאָדערונג דערמאָרדעט טאַריִעל דעם פרעמדלענדישן כאַסן און מעלדעט אָפן וועגן זײַן גרייטקײַט צו פארטיידיקן אין קאַמף זײַנע רעכט און זײַן ווירדע. נעסטאַן־דאַרעדזשאַן און טאַריִעל זאָגן זיך ניט אָפּ איינער פון דעם אַנדערן, ניט געקוקט אַף אלע ניסיוינעס, אַף אלע ליידן, וואָס זיי האָבן אויסצושטיין, און סאַפּקאָלסאַף זיגן זיי. נאָר אזוי, לערנט דער אווטאָר פון „דעם העלד אין דער טיגער־פעל", נאָר אזוי, אָפן וועג פון שרעקלאָזן און מוטיקן קאַמף, קאָן דער מענטש דעראָבערן זײַן גליק.

באגלײַך מיט דעם דערהויבענעם געפיל פון ריינער ליבע, באזינגט רוסטאוועלי די געפילן פון פרײַנטשאַפט און בּרידערלעכקײַט. די ספּעציאַליסטן, רוסטאוועלי־פאָרשער, שטרײַטן נאָך ביז איצט און קאָנען צו קיין אויסגלײַך ניט קומען: וואָס פאר א געפיל — פון ליבע צי פון פרײַנטשאַפט — פארנעמט דאָס דאָמינירנדיקע אָרט אין רוסטאוועליס פּאָעמע. די דרײַ העלדן פון דער פּאָעמע — טאַריִעל, אווטאַנדיל און פרידאָן — פארייניקט דאָס געפיל פון אופריכטיקער, עכטער פרײַנטשאַפט. ריזיקירנדיק מיטן לעבן, העלפן זיי איינער דעם אנדערן, האַלטן אונטער איינער דעם אנדערן אין אָן אייס־צאָרע. און גראָד מאַכמעס דער דאָזיקער טרײַשאַפט און איבער־געגעבנקײַט זיגן זיי אין זייער נאָבעלן געמיינזאַמען קאַמף קעגן אומרעכט, געוואַלט און טיראַניע.

ווען א פרײַנט עס אײַלט דיר העלפן, יאָגט די שרעק אים ניט צוריק,
גרייט איז ער דאָס הארץ אָפּגעבן, ווײַל די ליבע פירט צו גליק... —

זאָגט רוסטאוועלי, און זײַנע העלדן פאָלגן אָט דעם געבאָט.

נאָך לאַנגע יאָרן וואָגלעניִשן קערט זיך אום אהיים אווטאַנדיל.

בײַקומענדיק פארשיידענע שטרויכלונגען אָפן וועג, האָט ער געפונען טאַריִעלן און האָט זיך דערוווסט, וואָס יענעם פײַניקט. איצט קאָן ער דערציילן אַלץ ראָסטעוואַנען און זײַן געליבטער טינאַטין. דער וועג צום גליק איז פרײַ — ער קאָן כאַסענע האָבן מיט דער קיניגן טינאַטין, נאָר אווטאַנדיל זאָגט זיך אָפּ פון זײַן גליק. ער האָט צוגעזאָגט טאַריִעלן זיך אומקערן און צוזאַמען מיט אים זוכן נעסטאַן־דאַרעדזשאַן. ער מוז אויספילן זײַן צוזאָג. ער קאָן ניט בלײַבן גלײַכגיל־טיק צו זײַן פרײַנטס אומגליק.

אווטאַנדיל פאָרט צו טאַריִעלן. צוזאַמען מיט זײַנע פארברידערטע פרײַנט שטורעמט ער די פעסטונג קאַדזשעטי. און ערשט נאָך דעם, ווי ס'איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער זיג און די געפאַנ־גענע שיינהײַט איז באפרײַט געוואָרן, קערט ער זיך אום צו זײַן טינאַטין.

רוסטאוועלי האָט געשאַפן א גאַלעריי געשטאַלטן, וועלכע צייכענען זיך אויס מיט זייער גײַסטיקער און פיזישער שיינקײַט, מיט מוט און העלדישקײַט, זיי קעמפן מעסירעסנעפעשדיק און זיגרײַך פאר דעם גליק פון מענטשן, פאר אומברענגען דאָס בייז און דאָס אומרעכט אין לעבן. זייערע העלדנטאטן זײַנען א באגײַסטערנדיקער מוסטער פון שטאַנדהאַפטיקײַט, דרייסטקײַט און שרעקלאָזיקײַט.

רוסטאוועליס העלדן זײַנען מענטשן פון פארשיידענע נאַציאָנאַליטעטן און רעליגיעס. טאַריִעל און נעסטאַן־דאַרעדזשאַן זײַנען אינדיאַנער, טינאַטין און אווטאַנדיל — אַראַבער, פרידאָן שטאַמט פון מולגאַזאַר, נאָר דאָס שטערט זיי בעשום־אויפן ניט צו זײַן געטרײַע פרײַנט, וועלכע זײַנען גרייט אָפּצוגעבן דאָס לעבן איינער פארן אנדערן.

אזויאַרום האָט דער גרויסער פּאָעט אין דער עפּאָכע פון מיטלאַלטערלעכן נאַציאָנאַלן און רעליגיעזן אַנטאַגאָניזם באזונגען דאָס הייליקע געפיל פון פרײַנטשאַפט און בּרידערלעכקײַט

צווישן פעלקער, די אידיי פון אינטערנאַציאָנאַליזם. דערביַי בלײַבן די העלדן פון דער פּאָעמע „דער העלד אין דער טיגער־פעל" פלאַמיקע פּאַטריאָטן פון זייער היימלאַנד, וועלכע שטעלן העכער פון אַלץ זייַנע אינטערעסן.

נעסטאַן־דאַרעדזשאַן, וואָס שמאַכט אין דער פעסטונג, בעט אין איר בריוו צו טאַריעלן ניט ער זאָל קומען איר צוהילף, נאָר ער זאָל ראַטעווען דאָס היימלאַנד.

רוסטאַוועלי רופט צו גנאָד און מיטלייַד צום אָרעמען און אומגליקלעכן:

דו צעטייל דייַנע אַשירעס און די קנעכט די פרייַהייַט שענק.
זע, פאַרטייל ניט די יעסומימס, די אומגליקלעכע געדענק.

ווען דער קיניג ראָסטעוואַן גיט איבער די מאַכט זייַן טאָכטער טינאַטין, זאָגט ער איר אָן:

דעם בוריאַן, פּונקט ווי די רויזן, שייַנט די זון פון יאָר צו יאָר,
פאַר די קנעכט און פאַר די הערשער זייַן זאָלסטו דער זון אַ פּאָר.
מיט דער ברייטקייַט פון אַ קיניג מילד דאָס גאַנצע פאָלק באַגריס,
און געדענק — דער יאַם פאַרלירט ניט, ווען ער וואַסערן פאַרגיסט.
רום דעם מעלעך שאַפט וואַטראַנעס, וואָס פון כאַכמע איז דער גרונט,
דער ברייטהאַרציקער פאַרטיליקט אויך דעם בייזן שלעכטן הונט.
טרינקען, עסן דאַרפן אַלע, כ׳זע אין דעם קיין שלעכטס ניט אייַן,
וואָס באַהאַלטן — איז פאַרפאַלן, וואָס צעטיילט — איז שטענדיק דייַן.

זייַן הומאַניסטישן סאָציאַלן אידעאַל, זייַן טרוים וועגן סאָציאַלער גערעכטיקייַט, וועגן שאָלעם און פרייַנטשאַפט אויף דער ערד האָט רוסטאַוועלי אויסגעדריקט אין דעם אוטאָפּישן בילד פון דעם גליקלעכן לעבן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דעם, ווי די פרייַנט — די העלדן האָבן זיך אומגעקערט אין זייערע מעלוכעס:

ס׳האָט די גנאָד די זיך גלייַך צעשאָטן, ווי אַ פּאַסמע קלאָרער שניי,
פון אַלמאָנעס און יעסומימס הערט מען מער קיין וויי־געשריי.
ס׳זויגן שעפעלעך די מוטער, קיין פאַרברעכער אינעם לאַנד.
און עס פּאַשען זיך בעשאָלעם וועלף און ציגעלעך באַנאַנד.

דער אוטאָר פון דער פּאָעמע „דער העלד אין דער טיגער־פעל" איז אַרויסגעטראָטן אַלס אַדעפּט פון דער טיף פּראָגרעסיווער פאַר יענער צייַט אידיי פון גלייַכהייַט און גלייַכבאַרעכטי־קונג פון מענער און פרויען. ווי אַ מייַסטערהאַפטע פאַרקערפּערונג פון דער דאָזיקער אידיי, קלינגט דורך דוירעס רוסטאַוועליס געניאַלער אַפאָריזם:

גלייַך זייַנען פון לייב די קינדער, צי אַן „ער" ס׳איז, צי אַ „זי".

אין זייַן פּאָעמע האָט רוסטאַוועלי אָנגעמאָלט געשטאַלטן פון פרויען, באַשאָנקענע מיט שיינ־קייַט, הויכער זיטלעכקייַט, ווילנסקראַפט, כאָכמע, אויסדויער, מוט און דרייסטקייַט. נעסטאַן־דאַרעדזשאַן, טינאַטין און אַסמאַט שטייען ניט נידעריקער פון די העלדן פון דער פּאָעמע טאַריעל, אווטאַנדיל און פרידאָן, אין וועלכע עס זייַנען פאַרקערפּערט די בעסטע מענטשלעכע מידעס.

שאַפנדיק די פּראַכטפולע געשטאַלטן פון פרויען, וועלכע ווירקן אָפּן גאַנג פון די געשעענישן אין דער פּאָעמע, האָט רוסטאַוועלי פאָרגעזעצט און אויפגעהויבן נאָך העכער די טראַדיציע פון פאַרגעטערן די פרוי, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער דוירעס־לאַנגער געשיכטע פון גרוזיע און, נאַטירלעך, אויך פאַר דער גרוזינישער קולטור. דערמיט האָט דער פּאָעט זיך אויך אָפּגערופן אויף דער אַקטועלסטער געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער פּראָבלעם פון זייַן צייַט. ס׳איז באַוווּסט, אַז די פעאָדאַל־קלעריקאַלע רעאַקציע איז געווען קאַטעגאָריש קעגן דעם, אַז טאַמאַר זאָל ווערן די קיניגן פון גרוזיע. אין די באַדינגונגען פון פאַרביטערטן קאַמף אַרום דער דאָזיקער פראַגע האָט דער גרויסער פּאָעט געשאַפן אַ באַגייַסטערטן הימן דער פרוי — דער קיניגן. דאָס איז נאָך איין באַווייַז דערפון, ווי אַקטיוו רוסטאַוועלי האָט רעאַגירט אויף די דערשייַ־נונגען פון זייַן צייַט, אויף די אַקטועלסטע פראַגן אין לעבן פון גרוזיע, כאָטש, קעדיי צו פאַרווירק־לעכן דאָס, האָט ער צוליב פאַרשטענדלעכע סיבעס געמוזט אַריבערטראָגן די האַנדלונג אָט אין אַראַביע, אָט אין אינדיע, אָט אין כוואַראַזם, אָט אין כאַטייַ.

דער סוזשעט פון רוסטאַוועליס פּאָעמע וויקלט זיך פאַנאַנדער אויף די ראַכוועסן פון דער גאַנצער מיטלאַלטערלעכער וועלט. אויך אין דעם דריקט זיך אויס דער מאַסשטאַב און דער אוניווערסאַליזם פון זייַן דענקען, וואָס האָט אָבער ניט אָפּגעריסן זייַן פּאָעמע פון דער גרוזיני־שער ווירקלעכקייַט — דעם באָדן, וואָס האָט קעסיידער געשפּייַזט און גענערט רוסטאַוועלי׳ס שאַפונג.

די באַהויפּטונג פון אייניקע ליטעראַטור־פאָרשער, אַז דער מקור פון דער פאַבול פון „דעם העלד אין דער טיגער־פעל“ איז אַ פּערסישער, האָט ניט קיין גרונט. דאָס, וואָס אינעם פּראָלאָג פון דער פּאָעמע ווערט דערמאָנט אַ ליטעראַריש פּערסיש ווערק, איז, וואַרשיינלעך, אַ פּאָעטישער גאַנג, צו וועלכן רוסטאַוועלי איז אָנגעקומען, קעדיי צו פאַרמאַסקירן, וועמען ער האָט אינדער־עמעסן אין זינען. ניט אין דער פּערסישער, ניט אין קיין שום אַנדער ליטעראַטור איז ניט געפונען געוואָרן קיין פאַבול, וואָס זאָל כאָטש אין אַ געוויסער מאָס זיין ענלעך צו דער פאַבול פון „דעם העלד אין דער טיגער־פעל“. אָבער דער סאַמע זיכערער באַווייז דערפון, אַז דער סוזשעט פון דער פּאָעמע איז אָריגינעל, איז דער פאַקט, וואָס אין איר זיינען באַשריבן געשעענישן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין גרוזיע אין רוסטאַוועליס צייטן און האָבן זיך קיינמאָל מער ניט איבער־געכאַזערט. ס'איז אַבסאָליוט באַגרינדעט די באַהויפּטונג פון די רוסטאַוועלי־פאָרשער, וועלכע האַלטן, אַז די פּאָעמע שפּיגלט אָפּ רעאַלע געשעענישן אינעם היסטאָרישן לעבן פון גרוזיע, נאַטירלעך געזען דורך אַ פּאָעטישער פּריזמע און אויסגעדריקט אין אַ פּאָעטישער פאָרם. די געלערנטע ווייזן אָן אַפילע אויף רעאַלע פּראָטאָטיפּן פון די העלדן, וועלכע ווערן געמאָלט אין דער פּאָעמע.

מיט דער אידייִשער אשירעס און טיפקייט פון רוסטאַוועליס פּאָעמע „דער העלד אין דער טיגער־פעל“ האַרמאָנירט אויך איר פּרעכטיקע קינסטלערישע פאָרם. „דער העלד אין דער טיגער־פעל“ איז אַ ראָמאַן אין פערזן, וואָס פאַרמאָגט אַ שאַרף דראַמאַטישן סוזשעט און איז קאָמפּאָזיציאָנעל געבויט מיט דער גרעסטער מייסטערשאַפט. די העלדן פון דער פּאָעמע זיינען לעבעדיקע, פולבלוטיקע מענטשן מיט בוילעט אויסגעדריקטע אינדיווידועלע כאַראַקטער־שטריכן. רוסטאַוועליס העלדן באַרייכערן די גאַלעריי טיפּישע געשטאַלטן פון גרויסער פאַראַלגעמיינערונג־קראַפט, וועלכע עס האָט געשאַפן די וועלט־ליטעראַטור.

דער אויטאָר פון „דעם העלד אין דער טיגער־פעל“ איז אַ קאָלאָסאַלער מייסטער פון פּאָעטישע פאַרגלייכן און מעטאַפאָרעס. רוסטאַוועליס סטיל צייכנט זיך אויך אויס מיט גוואַלדיקער אַפאָריסטישקייט. די פּאָעמע איז פול און פיל מיט טרעפלעכע, טיפזיניקע אַפאָריזמען, אין וועלכע עס קומט צום אויסדרוק די פאָלקס־כאָכמע. די דאָזיקע אַפאָריזמען זיינען אַריין אין אומגאַנג פון דער לעבעדיקער שפּראַך און זיינען געוואָרן באַליבטע פאָלקס־ווערטלעך. ווען עס קומט צו פּאָעטישער קלאַנגען־שפּיל, צו מוזיקאַלישער אָרגאַניזאַציע פונעם פערז, צו זיין אָרקעסטרירונג, איז רוסטאַוועלי מאַמעש אַ קישעפמאַכער. רוסטאַוועלי האָט געשפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָליע אין באַנייען, דעמאָקראַטיזירן די גרוזינישע ליטעראַרישע שפּראַך, אין דערנעענטערן זי צו דער לעבעדיקער אומגאַנג־שפּראַך.

כאָטש די פרעמדלענדישע דעראָבערער און די אייגענע פעאָדאַל־קלעריקאַלע רעאַקציע האָבן געטאָן אַלץ, קעדיי רוסטאַוועליס פּאָעמע זאָל פאַרגעסן ווערן, דאָך האָבן זיי ניט געקאָנט פאַרמינערן איר פּאָפּולערקייט אין גרוזיע און די ליבע, מיט וועלכער דאָס פאָלק באַציט זיך צום ווערק און צו זיין באַשעפער. אין גליק און אין אומגליק איז די דאָזיקע פּאָעמע אַלעמאָל געווען אַ טרייער באַגלייטער פונעם גרוזינישן פאָלק. בייס זיין דויערסלאַנגן העלדישן קאַמף קעגן קאָלערליי פאַרכאַפּער, האָט דאָס פאָלק אָנגעשריבן אויף זיינע קאַמפס־פאָנען רוסטאַוועליס פלאַמיקע ווערטער:

אײדער אומווירדיק צו לעבן, בעסער שטאַרבן, ווי אַ העלד.

דאָס גרוזינישע פאָלק וועט אויף אייביק אויסהיטן דאָס הייליקע געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו רוסטאַוועלין פאַר דעם, וואָס ער האָט דערצויגן אין פאָלק דעם גייסט פון מוט און געוואַגטקייט, אַדאַנק וועלכע גרוזיע איז בייגעשטאַנען אַלע ניסיוינעס, האָט איינגעהיט איר נאַציאָנאַלן קיום און דערטראָגן איר קולטור און שפּראַך ביז אונדזער ליכטיקן היינט.

דער העלדישער גייסט פון רוסטאַוועליס פּאָעמע, זיין קריגערישער הומאַניזם, זיין דערהויבענער טרוים וועגן טריומף פון פרייהייט און גערעכטיקייט געפינען אַ לעבעדיקן אָפּקלאַנג אין דער היינטצייטיקער גרוזינישער ליטעראַטור, וואָס האַלט הייליק און טייער רוסטאַוועליס טראַדיציעס.

פאַר דער גאַנצער סאָוועטישער ליטעראַטור איז רוסטאַוועלי געווען און פאַרבלייבט אַ מוסטער פון הויכער אידייִשקייט, פון פאַרוואָרצלטקייט אין לעבן פון פאָלק און אין די פּראָגרעסיווע אידייען פון דער עפּאָכע, פון מייסטערשאַפט אין קינסטלערישן שאַפן.

■

שאָטא רוסטאַווע֜לי

# דער העלד אין דער טיגער=פעל

ארײַנפיר

פונעם כאַאָס האָט דײַן קויעך אופגעשטעלט די וועלט, דאָס לעבן.
פון דער בלויער הייך באַטעמט האָסטו וועזנס אָן א שיר.
ערד אין פילקאָלירטיק אָנטאָן דו די מענטשן האָסט געגעבן.
הויכע טראָגנען האָסט געשאָנקען הערשער ענלעכע צו דיר.

דו האָסט, שעפער, אויסגעקנאָטן דאָס געזיכט פון גאָר די וועזנס!
דו באַשיץ מיך, שענק די קראַפט מיר, איך זאָל בײַקומען דאָס בייז.
אַלע זינד פארגיב די שווערע, וואָס אין לעבן מײַנס געוועזן.
ביזן אָטעם ביזן לעצטן לאָז מײַן ליבשאַפט בלײַבן הייס!

פאַנצער פאַסט דעם לייב דעם הערשער, און די שפּיז, די שווערד די שאַרפע.
צעפּ־אַגאַט, רובין פון באַקן פאַסט דער קייסערן טאַמאַר.
כ'זאָל מיט ליד דעם קייסער לויבן? האָבן מוט און האָזע דאַרף מען!
מילך און האָניק מ'טוט געניסן, ווען עס שענקט א בליק דער האָר.

מירן זון — טאַמאַר באַזינגען, וואָס אף אייביק בלײַבט א יונגע.
פון די הויכע ווערטער פלעכטן איר דעם קראַנץ — איך ווער ניט מיד.
ס'האָבן אירע שוואַרצע אויגן מיר מײַן פעדער אָנגעטרונקען, —
ווי א שווערד אָן אָנגעשאַרפטע, זאָל דורך הערצער דורך מײַן ליד!

ס'איז באַשערט מיר שווערע שליכעס: מיט געזאַנג די מאַלקע רימען.
אירע ווִיעס, ברעמען, לאָקן דאַרף איך אויסמאָלן געטרײַ.
ציין, וואָס לויכטן ווי די פּערל. ליפּן — וווּנדערלעכער דימענט...
נאָר — אויך שטיינער דרויבט דער האַמער, אויב אפילע ר'איז פון בלײַ!

האָבן דאַרף איך: קראַפט פון ווערטער און א האַרץ מיט פלאַמיק־גלויבן,
ס'זאָל די רייד פון דיכטער הערן, ווי געזעצן, גאָר די ערד.
מירן טאַריִעלן לויבן, מירן אים אין וועלט דערהויבן, —
דרײַ גיבוירים, דרײַ כאַווײַרים, אַלע דרײַ — איין וועג באַשערט.

לאָמיר אינעם קרײַז באַווײַנען אַלדי פלאָג פון טאַריִעלן,
וואָס מיט פײַערדיקער ליבע און מיט פּײַנען איז באַרימט,
דורכגעשפּיזט דורך שפּיז פון טרויער, איך, דער זינגער רוסטאַוועלי,
האָב, ווי פּערל, אָנגעסילעט די לעגענדעס וועגן אים.

האָסטו ליב, איז דאַרף דײַן העלקײַט מיט דער זון־שײַן זיך פאַרגלײַכן!
דאַרפסטו מעכטיק, פלינק און דרייסט זײַן, שיין זײַן, קלוג זײַן, ווי די וועלט.
דאַרפסט דער ערשטער אין געווינט זײַן, מיט געדולד און מילדקײַט רײַך זײַן.
אויב דו האָסט ניט אָט די מײַלעס — וואָס זשע ביסטו פאַר א העלד?

סאָד פון ליבע, ליבע־כאַלעם, וועלכן גליקלעכע געניסן!
ניט דורך אופלאַם פון די גלוסטן האַרץ מיט האַרץ פאַרכאַוועט ווערט!
ס׳איז פאַראַנען זנוס און ליבע, אַ טעהאָם אַ טיפער — צווישן,
ס׳וועט דעם אונטערשייד באַנעמען, ווער די ווערטער מײַנע הערט.

האָסטו ליב, האָב ליב אַף שטענדיק, פרײַ פון נישטיקע באַגערן!
אין צעשיידונג ניט פאַרגייען זאָל דער קויעך דײַנער פוסט,
דאַרפסט דער איינציקער געטרײַ זײַן, האָב געדולד אין פײַנען שווערע!
ס׳איבלט מיך פון פאַלשע קושן און פון ליגנערישער גלוסט.

זאָל באַ אײַך דער הוילער אָנשטעל — צאַרטע ליבע־שפּיל ניט הייסן, —
איינע — הײַנט, אַ צווייטע — מאָרגן, און מיט דער — זיך אויך צעשיידט.
אָ, באַקאַנטע גענג פון יוגנט, אונדזער יוגנט שטורמיש־הייסער!
עמעסער פאַרערער — ד ע ר איז, וואָס די פאַלשקײַט האָט צעזייט!

האָסטו ליב, גיי דורך דורך ווייטעק, דאָס געזיכט היט אָפּ דײַן טײַערס,
ניט פאַרמאַך באַנאַכט די אויגן, טראָג עס דורך דורך בייזע טעג.
ווייַן, מעשוגע ווער אין שטילקײַט, ווי געטריבן צווישן פייער,
האָב קיין מוירע פאַר קיין הערשער, פאַר דער איינציקער זיך שרעק.

האָסטו ליב, האַלט אײַן די קרעכצן, צו קיין אויער ס׳זאָל דערגרייכן,
ס׳זאָל דער סאָד פון האַרץ פון דײַנעם — פאַר דער וועלט פאַרבאָרגן זײַן.
ס׳זאָל קיין מענטש זי ניט באַריידן, דו פאַרטײַע אירע צייכנס,
ווער פאַרברענט אין פלאַם פון ליבע און ווי פרייד נעם אויף די פײַן!

איך, רוסט׳וועלי, טיף־באַגײַסטערט, נאָכאַמאָל די מאַלקע לויב איך.
די, וואָס הערשט אַף די כאַיאָלעס, כ׳רוף אין פינצטער פון מײַן סאָף:
— כ׳בין פאַרשמאַכט שוין! דעם פאַרליבטן העלפט קיין שפּרעכן און קיין צויבער!
שענק דעם וווּנדער פון דער היילונג אָדער שענק דעם אייביק־שלאָף! —

די לעגענדע די איראַנער זאָל באַקאַנט גרוזינער ערד זײַן, —
דאָרעם־פּערל, וואָס אַף טויזנט הענט צעשפּרייט האָבן די שײַן,
כ׳האָב פאַרזאַמלט, אײַנגעפאַסט זיי אין געטאָקטע, שטײַפע פערזן,
ס׳זאָל די מאַלקע מיט איר מילדקײַט מיר פאַרלײַכטערן די פּײַן!

כ׳בין פאַרבלענדט פון אירע אויגן. כ׳גאַר נאָך בליק אירן דעם זיסן.
אַ פאַרפּײַניקטער פון ליבשאַפט, כ׳וואָגל אום פון סטעפּ צו סטעפּ.
זאָל צעאַשט ווערן דער קערפּער, נאָר דער גײַסט זאָל גליק געניסן!
לויב די דרײַ גיבוירים־קריגער אין דער ליד אין מײַנער לעבט.

האָט דער גוירל אונדז באַשערט עס, קלאָגן דאַרף מען ניט דעריבער.
ס׳גייט דער פּויער נאָכן אַקער, קריגער שענקט אין שלאַכט דאָס בלוט.
אין געפיל זײַנעם באַלוינונג זאָל געפינען דער פאַרליבטער.
שעצנדיק די פרעמדע ליבע, זאָל ער זײַנע היטן גוט!

אינעם לאַנד פון הויכער קלוגשאַפט איז אַ קאַנט — די גאָב פון קלאַנגען.
פול מיט וווּנדערלעכע סוידעס איז דעם דיכטערס טיף געזאַנג.
ריטמיש־קוועלנדיקע שטראָמען טוט דער וואַכער אויער פאַנגען.
אינעם פערז דעם סאַמע קירצסטן שײַנט די ראַכוועס פון געדאַנק.

ס׳איז אַ פּרוּוו פאַר פערד פאַר פײַנע — גרויסע, ווײַטע וועט־געלאָפן,
און דעם שפּילער שענקט ניצאָכן גוט באַטראַכטער פּלי פון באָל.
ווי די פערד, אָ, דיכטער־מײַסטער, דאַרפסטו אײַנצוימען די סטראָפעס,
אויב עס בלײַבט די ליד אָן קויכעס, שלעפּנדיק דעם פערזן־אָל.

ניט קיין דיקטעטער דער, וואָס ערגעץ זאָגט א פערז און זאָגט א צווייטן,
און ער מיינט, ער איז א גאָען און אף לויב־געשרייען ווארט,
קוים־קוים מיט גראם מיט שלעכטן צוויי פאַר שורעלעך פארנייט ער
און ער ברומט: „מײַן ליד די בעסטע!“, ווי אן אייזל אײַנגעשפּארט.

כ׳קען א צווייטע מאכנע דיקטער — לידער־זינגער ניט־געניטע.
זייער וואָרט צום הארץ פון מענטשן וועט ניט טרעפן ווי א פײַל,
כ׳וואָלט געזאָגט: א שנעק א יעגער שפּאנט אין וואלד מיט גאנעוו־טריטלעך,
שרעקט זיך נאָך פאר ווילדע כײַעס, שוואכע אויפעס פאנגען אײַלט.

צוליב לידער פאר די מיידלעך עמעצן די פערזן דינען,
פאר די פרײַנט אין שאַ פון מאָלצײַט, צוליב שפּיל און צוליב שפּאָט.
אויך אזעלכעס קאָן מען הערן, אויב פאראן א זין דערינען,
אָבער נאָר אין ליד אין שטאָלצער זיך אנטפּלעקט די דיכטונג־גנאָד.

בלויז צו דעם, וואָס ווייסט פון לײַדן, קומט די דיכטונג־קראפט די ריינע,
שענקענדיק דאָס הארץ דער איינער, היטנדיק דאָס גרויס געשאנק,
וועט ער שטאָלצע ווערק באשאפן פאר דער וואונדערלעכער שיינער,
צוליב איר די סטרונעס וועקן, זינגען א י ר א לויבגעזאנג.

הערט זיך צו! איך רים די איינע, וואָס געהער די אייביק־ספערן.
גרויסן העלדנטאט פון דיקטער — קיין רעכילעס ניט פארשטויבט.
עס געוועלטיקט אף מײַן לעבן די, וואָס גרויזאם, ווי פאנטער, איז.
כ׳האָב פארטראכט: אף אלע דוירעס זי באקרוינען מיט מײַן לויב.

כ׳לויב די ליבשאפט, וואָס צו גײַסטער איז זי נאָענט מיט איר זויבער.
ניט אנטפּלעקט זיך אין קיין ווערטער, אין מוזיק איז זי צעשטראלט.
ס׳גרעסטע גליק — דעם דיכטערס גורל, וואָס צו הייכן טוט דערהויבן
און אויך ביטערניש פון פײַנען, קלאָג און פלאָג אין זיך באהאלט.

ליבשאפט! בלויז די לײַט, וואָס ליבן, טיפער זין דײַנער באוווסט איז,
שטום סע ווערט פאר דיר דער קליגסטער, ס׳פאנגט אים, וויגט אים
וואונדער־צארטס.
דער אפילע, וואָס פארברענט ווערט פון די קערפּערלעכע גלוסטן,
פּעסטעט שטיל די ריינע ליבשאפט, ווי דעם בעסטן טרוים פון הארץ.

אינעם מיזרעך הייסט פארליבטער פונקט דאָס זעלבע, וואָס מעשוגע,
בלויז דער נארישער פארערער האס אין טרוימען זײַנע קלײַבט,
האָסטו ליב מיט גײַסט מיט הויכן, דו אף אייביק קריגסט די יוגנט.
אויב דער טײַווע שענקסט אוועק זיך, בלויז דער שטויב פון דיר פארבלײַבט.

יידיש — ע. פינינבערג

גרוזינישע סאָוועטישע שרײַבער
צוגאַסט אין „סאָוועטיש היימלאַנד“

קאָנסטאַנטין לאָרדקיפּאַנידזע

# צאַבוניע

1

טאָמער גייט אַ רעגן, — און אין אַפּרעל שמײַסט דער רעגן אין רײַנער טאָל אָן אופֿהער, ער איז אַ גראָדער, אַ האַרטער, ווי אַ שטאָלענער דראָט, רײַסט אַראָפּ דעם צווײַט פֿון די אַליטשאַ־ביימער, — טאָמער גייט אַ רעגן, נעמט דאָס מיידעלע אַרויס פֿון דעם אַלטן, סקריפּעדיקן קאָמאָד אַ גרוי שאַלעכל.

עס איז נאָך גאָר אַ נײַס, דאָס שאַלעכל, די סטאַרטשענדיקע וואָלענע הערעלעך צופּן נאָך דעם האַלדז און די אַקסלען. די מאַמע האָט עס געטראָגן סאַכאַקל אַ האַלבן ווינטער.

„אָט גייט אַבולאַדזעס טעכטערל“, — זאָגן די שכיינים, ווען זיי דערהערן, ווי עס פּאַטשן איבערן נאַסן אַספֿאַלט אירע גרויסע מאַנצבלשע קאַלאָשן.

און אַלע ווייסן, אַז די קליינע צאַבוניע גייט אַ בליאַסק אַף טאָג צום וואָקזאַל באַגעגענען דעם סאַניטאַר־וואַגאָן.

אין אַ גוטן וועטער לויפֿט זי אַ היפּש שטיקל וועג באָרוועס, און אין שנעלן לויף וואַרפֿן זיך אונטער איר קורץ ציצן קליידל דאַרינקע פּיסלעך, פֿאַרסאַרפּעטע באַ דער הייסער פּליטע. ערשט לעבן דער אַפּטייק, ווו עס הייבט זיך אָן די הויפּט־גאַס פֿונעם שטעטל, נעמט זי, אַפֿילע ניט צוזעצנדיק זיך, אָנטאָן די געלע סאַנדאַלן, שטייענדיק, ווי אַ בושעלע אַף איין פֿוס. אירע הענט זײַנען דין און לאַנג, מיט שאַרפֿע, שפּיצעכיקע עלנבויגנס, און אינגאַנצן איז זי אויך אַ דינע, אַ לאַנגע, ווי אַ שפּיזל.

געוויס, עס וועט קומען די צײַט, און צאַבוניע וועט ווערן אַ שטאָלצנע שיינהײַט, דערווײַל איז זי אָבער בעסאַכאַקל אַן עלפֿיאַריק אומגעלומפּערט מיידעלע. אַפֿן פּאָנעם זײַנען באַ איר צעזייט אַזויפֿיל גאָלדיק־געלע זומערשפּרענקלעך, אַקוראַט ווי עמעץ וואָלט אויסגעשאָטן אַף דעם אַ גאַנצע זיפּ מיט קלײַען.

אַף דער סטאַנציע האָט מען אַף צאַבוניען ראַכמאָנעס, און אַז עס מאַכט זיך, נאַטשאַלסטווע איז גראָד ניטאָ דערנעבן, לאָזט מען זי אַרײַן אין דעם סאַניטאַר־וואַגאָן. ער קומט מיטן ערשטן צוג פֿון פּאָטי, און געוויינלעך קייטלט מען אים אָפּ הינטער דער הויכער בריק פֿאַר פּוסגייער, וואָס הענגט איבער די אײַזנבאַן־וועגן, ווי אַ מין פֿאַרייכערטע אַרקע.

— איר האָט זיך געשלאָגן באַ קערטש, פּעטערל? — פֿרעגט זי און קוקט אַרײַן אין קופּע, ווו ס'איז דושנע אַף דערשטיקט צו ווערן.

עס איבעלט איר אַ ביסל פֿון דעם שאַרפֿן רייעך — עס שמעקט מיט מאַכאָרקע און רעפֿועס. און ביז דאָס לאָקאָמאָטיוול שלעפּט דעם וואַגאָן צו דער הילצערנער פּלאַטפֿאָרמע, באַווײַזט דאָס מיידעלע זיך דורכשמועסן מיט די פֿאַרוווּנדעטע.

— שוין פֿיר כאָדאָשים, אַז דער טאַטע שרײַבט ניט. אַבולאַדזע איז זײַן פֿאַמיליע. עפּשער האָט איר אים ווו באַגעגנט?

— און ווי רופֿט מען אים?

— וואַליקאָ.

— וואַליקאָ אַבולאַדזע? ניין, טאָכטערקע, ניט באַגעגנט.

זי פֿאַרמאַכט שטיל די טיר. לײַכט, אָן אַ שאַרך צו הערן, שלײַכט זי זיך איבערן לאַנגן, שמאָלן קאָרידאָר פֿונעם וואַגאָן, און אין אַ מינוט אַרום הערט מען שוין ווידער איר שטים, וואָס ציטערט פֿון אופֿרעגונג:

— איר האָט זיך געשלאָגן באַ קערטש, פּעטערל?

2

געלעבט האָבן זיי באַם אַלטן סאַמטרעדער טראַקט, אינעם יישעוו לעבן דער טיי־פֿאַבריק, ווו צאַבוניעס טאַטע האָט פֿון מײַ כוידעש ביז שפּעט אין האַרבסט געאַרבעט באַ דער וואָג. ווען אַף די פּלאַנטאַציעס פֿלעגט מען זיך אָפּפּאַרטיקן מיט אַראָפּנעמען די טיי־בלעטער, פֿלעגט דער

פּאָטער אוועקגיין אין שטעטל. דאָרט, אַף דער גרויסער פּראַכט־סטאַנציע, פֿלעגט מען אים גערן נעמען אין דער בריגאַדע טרעגער.

אין אָוונט פֿלעגט ער זיך אומקערן אַהיים. אַף דער פּלייצע — די אַלטע בורקע, אונטער דער פּאַכווע — אַ לעבל פּריש ברויט. ביזן יִשעוו איז געווען באַ די דרײַ קילאָמעטער. איז צאַבוניעס טאַטע געווען ניכטער, פֿלעגט ער דורכמאַכן דעם וועג פֿאַר אַ האַלב שעה, כאָטש ביכלאַל האָט ער, פּונקט ווי אַלע טרעגער, ניט ליב געהאַט זיך אײַלן.

טאָמער האָט זיך אָבער געטראָפֿן און ער האָט צוזאַמען מיט אַ גוטן־ברודער געמאַכט אַ קויסע אינעם בופֿעט אַף דער סטאַנציע, פֿלעגט ער שוין אַף די דרײַ קילאָמעטער פֿאַטערן אַ סאַך מער צײַט. ווײַל ער איז געווען בעגילופֿן, האָט ער זיך פֿאַרגונען טרוימען אַ ביסל און קוקן אין אַלע זײַטן. און ווער ווייסט דען ניט, אַז אונטערוועגס, ווען אַ מענטש כאָלעמט אַף דער וואָר און פֿאַר־קוקט זיך דער רועך ווייסט אַף וואָס, האָבן זיך די פֿיס אוואַדע ניט וואָס צו אײַלן.

געכאָלעמט האָט ער וועגן שטענדיקער אַרבעט אין דער טיי־פֿאַבריק: אי די שטוב איז נאָענט, אי דאָס פֿאַרדינסט איז אַ זיכערס. נאָך פֿון פֿאַראַיאָרן האָט ער אָנגעהויבן אָפּלייגן געלט אין דער שפּאָרקאַסע, די מישפּאָכע זאָל האָבן אַף כאַיונע, ווען ער וועט אוועקפֿאָרן אין קוטאַיִסי אַף קורסן פֿון מעכאַניקער. נאָר עס האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע.

צאַבוניע האָט אָפּט געשריבן דעם טאַטן. אין אָוונט פֿלעגט די קליינע אָנטאָן אָפֿן לאָמפּ אַ פּאַפּירן קאָלפּעקל, די שײַן זאָל ניט שטערן דעם ברודערל שלאָפֿן, פֿלעגט אוועקלייגן אָפֿן טיש אַ העפֿט און, נידעריק איבערגעבויגן איבער אים, פֿלעגט זי מיט אַ כימישן בלײַער מאַמעס טאָקן אָן אָס נאָך אָן אָס — פּעטע, פּונקט ווי געדרוקטע, בוכשטאַבן.

אינדערפֿרי האָט זי זיך אופֿגעכאַפּט מיט אַ פּיִאָלעט פּאַסיקל אַף דער אונטערשטער ליפּ, און דער קליינער אוטשע האָט זיך געפֿילט שטאַרק געקריוודעט:

— ווידער האָסטו דעם טאַטן אַף מיר געמאַסערט...

דער לעצטער בריוו פֿון דעם פֿאָטער איז אָנגעקומען פּונקט ערעוו נײַיאָר, פֿון דעם קרימער פֿראָנט. זינט דעמלט זײַנען שוין אוועק פֿיר כאָדאָשים און דער בריווטרעגער איז מער קיין איין מאָל ניט אַרײַן צו זיי אין שטוב.

די מאַמע איז געווען קראַנק. אונטער איר האָט זיך צעבראָכן דער לייטער, ווען זי האָט געקליבן בלעטער פֿאַר די זײַדשפּינער.

ערשט ניט לאַנג האָט מען זי געבראַכט פֿון שפּיטאָל. די מאַמע האָט געהייסן אוועקשטעלן איר בעט סאַמע באַם פֿענצטער. אום האַלבן טאָג, ווען דער בריווטרעגער פֿלעגט פֿאַרבײַגיין פֿאַרבײַ זייער שטוב, פֿלעגט זי צורופֿן צאַבוניען און איר זאָגן:

---

געאָרגי לעאָנידזע

## די ליד פֿון ערשטן שניי

דער שניי־זאַווײַ, צי גאָר דער שפּאַרבער־דריי,
פֿאַרטראָגט, פֿאַריאָגט די טויבן מײַנע, ווײַ!
דאָרטן אַזש אין שטערן־טורעמלעך אין סאַמע
אָנגעטאָנענע אין סאַמעט
דרעמלען זיי.

גיכער!
ס'הערט זיך שוין דער טומל פֿון געיעג.
גיט אַ פֿערד מיר, ווי אַ וויכער,
און אַ ביקס, וואָס שיסט אַף זיכער,
עפּשער וועל איך זיי פֿאַרלויפֿן נאָך דעם וועג.

אוי, אַ סטײַע נאָך אַ סטײַע
שווימען שוין אַריבער טײַך, אַריבער בלוי.
האַרץ, ניט הײַע,
ס'קאָן אַזוי זיך דאָך צעטײַען —
ס'קאָן פֿאַרפֿליִען דאָך מײַן יוגנט אָט אַזוי.

אָפּגעפֿלויגן, אָפּגעצויגן,
נו, וווּהין זײַט איר פֿאַרפֿלויגן,
ניט געשטויגענע כאַלוימעס,
יוגנט־טעג?
אָ, איר רופֿט זיך אָפּ פֿון ווײַטע רוימען,
ווי דאָס רעווען פֿון די הירשן אין די בערג.

ווײַ, מײַן ווײַסע טויב, ווּ ביסטו,
ווּ איז האַרץ? ווי קאָן איך דען אָן אײַך
צווינגען, ס'זאָל מײַן ליד זיך רוישנדיק
אַ גיס טון,
ווי מיט ברענענדיקע פֿונקעלעך פֿון פֿיש דער
טײַך?
און פּונקט אַזוי ווי ס'קאָן דאָ קיין קרעסילע
ניט אָנצינדן דאָס ווערעמל, וואָס גליט,
אַזוי בלײַבט אָן דער יוגנט דאָך אַפֿילע
אויך אַ נישטיקע און ניט דערהויבענע די ליד.

— כאַפּ זיך, טאָכטערקע, אַרײַן צו די שכנים. ווער געוווירע, ווער האָט באַקומען אַ בריוו. עפּשער שרײַבט עמעצער וועגן אונדזער טאַטן...

שפּעטער האָבן אין שטעטל געגומען אָנקומען פּאַרוווּנדעטע פון הינטער קערטש. צאַבוניע איז קימאַט יעדן פּרימאָרגן געלאָפן צום וואָקזאַל. נאָר אַלץ אומזיסט: דער טאַטע איז ווי אין וואַסער אַרײַן.

אַזוי איז אַוועק אַפּרעל, אַן אײַנגעטונקענער אין רעגנס.

איינמאָל האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז דאָס מיידעלע האָט פאַרשפּעטיקט צום צוג פון פּאָטי. דעם סאַניטאַר־וואַגאָן האָט מען שוין אָפּגעקייטלט, און לעבן אים זײַנען געשטאַנען, שטיל זיך טרייסלענדיק, צוויי אַלטינקע אווטאָבוסן מיט רויטע קרייצן.

צאַבוניע איז, ווי שטענדיק, אַרײַן אין וואַגאָן. פאַרוווּנדעטע איז געווען ניט קיין סאַך. זיי האָבן גערן געשמועסט מיטן מיידעלע, עמעצער האָט איר אַפילו געגעבן אַ מאַטאָנע — אַ פּליטקע שאָקאָלאַד, אָבער מער האָבן זיי ניט געהאַט, מיט וואָס זי צו דערפרייען. וואַליקאָ אַבולאַדזען האָבן זיי ניט געקענט.

צאַבוניע איז געשטאַנען אַ רעגע אין עק קאָרידאָר, זי האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט פּויעלן בא זיך אַרויסגיין פון וואַגאָן.

פּלוצעם האָט זי אַ רוף געטאָן איינער פון די פאַרוווּנדעטע. ער איז שוין געלעגן אַפן טראָג־בעטל, און די סאַניטאַרקעס האָבן צונויפגעשאַרט זײַן בידנע ביסל סאָלדאַטיש האָב־און־גוטס.

— מיידעלע, ווער איז ער, דער וואַליקאָ אַבולאַדזע?

צאַבוניע האָט דערזען דאָס בלייכע, אָפּגעצערטע פּאָנעם פונעם פאַרוווּנדעטן מיט אַזעלכע גינגאָלדענע וואָנצן, ווי זיי וואָלטן געווען געמאַכט פון זײַד־פּעדעמלעך.

— ס'איז מײַן טאַטע... — האָט אויסגעכליפּעט די קליינע. אָף קיין ניסים האָט זי ניט גע־וואַרט און האָט שוין געוואָלט פאַרבײַגיין פאַרבײַ דעם טראָגבעטל.

— דײַן טאַטע? — האָט ער איבערגעפרעגט. — וואָס זשע האָסטו מיר פריִער ניט געזאָגט? דײַן טאַטע לעבט און איז געזונט, כ'האָב אים ערשט ניט לאַנג געזען. ער האָט געהייסן, איר זאָלט זיך ניט באַאומרויִקן...

עפּעס האָט ער נאָך געזאָגט, נאָר צאַבוניע, אַן אויפגערודערטע, האָט שוין קיין זאַך ניט גע־הערט: דאָס בלוט האָט איר פאַרשפּאַרט די אויערן. אויסער זיך פאַר פרייד, האָט זי אַריבערגע־טאַנצט איבער פּעקלעך, זעקלעך מיט וועש, האָט שיִר ניט אומגעוואָרפן אַ סאַניטאַרקע און איז אַרויסגעשפּרונגען פון וואַגאָן.

„גיכער דערפרייען די מאַמע! גיכער!" — נאָר דאָס האָט זי אַצינד אין זינען געהאַט און איז

---

צי האָט מײַן האַרץ, צי גאָר מײַן טרער
האָט שוין
אַ וועק געטאָן די טײַבעלעך פון מײַנע פּערזן,
זיי האָבן דאָך געדרעמלט הויך אין רוים,
אין טורעמס, אויפגעמויערטע פון שטערן,
און דאָרט געוואַרעמט זייער האָפענונג און
טרוים...

צי עפּשער זינגען גאָר אַ ליד דער וועלט
די טעג מײַנע, וואָס כ'וועל שוין קיינמאָל ניט
געפינען,
צי דאָס איז גאָר מײַן האַרץ, צי גאָר אַ פעלד,
באַדעקט מיט גינענדיק־פרימאָרגנדיקע בינען.

אָ, ניין,
דאָס איז דער שניי,
וואָס איז באַדעקט מיט שטערן־שאָטן,
שטערן־שטויבן,

אָ, ניין, דאָס זײַנען דאָך עס מײַנע טויבן,
געיאָגטע פון אַ שפּאַרבער צו דעם וויי.

אַפּגיך!
כ'וועל לויערן אָף אים, וואָס איז סאַקאָנעסדיק,
אַ שאָס טון פון גוואַלד־שרײַענדיקער ביקס
אָף דעם פאַרשאָלטענעם.
גיט שנעל אַ שליטן מיר מיט גלעקעלעך
לעוואָניקע,
מיט פרענדזן־קוטעסלעך אָט יענע גאָלדענע.

אַ סטײַע נאָך אַ סטײַע פליט
אַריבער טײַכן־בלוי —
זיי ציִען,
אַפּגיך, אויב ניט,
עס קאָן אַזוי
מײַן אויצערדיקע יוגנט דאָך פאַרפליִען.

ייִדיש — ש. רויטמאַן

געלאָפן מיט א פארכאפטן אָטעם. איצט האָט זי שוין ניט געקוקט זיך אונטער די פיס, ניט גע־טראכט וועגן די סאנדאליקעס. זי איז געלאָפן אהיים איבער די פרילינגדיקע קאליוזשעס, און קליינע געלע ענטעלעך האָבן, דערשראָקענע, זיך געוואָרפן אין אלע זייַטן.

3

דער מיליטערישער שפיטאָל האָט פארנומען די געבייַדע פון דער געוועזענער אייַזנבאַן־סאנאטאָריע אפן ברעג פון דעם טייַך ריאָן, אין דער טיף פון א גרויסן אלטן פארק.

הינטערן טשוהוגענעם פארקן איז אף א באנק געזעסן אן אלטער שוימער מיט אראָפּהענגענ־דיקע ווייַסע וואָנצעס, אפן קאָפּ — א היטל פון אן אייַזנבאנער, מיט א צעבראָכענעם דאשעק. אף די קני בא אים איז געשטאנען א סאָלדאטיש קעסעלע מיט הייס געקעכטס. די האנט האָט בא אים געציטערט, און, קעדיי קיין איין טראָפּן געקעכטס זאָל ניט גיין אין ניוועץ, האָט דער זאָקן אונטערגעשפארט דעם לעפל מיט א פענעץ שווארץ ברויט.

צושטיין צו אן ארבעטס־מענטש, בייס ער עסט, איז ניט אָנשטענדיק, דעריבער איז צאבוניע א שטיקל צייַט שווייַגנדיק געשטאנען אין א זייַט, אין שאָטן פון א ווייַסער אקאציע. און ערשט, ווען דער שוימער האָט פארענדיקט זייַן זקיינישן מאָלצייַט, איז דאָס מיידעלע צוגעגאנגען צו דער פאָרטקע.

— זיידעניו, לאָז מיך ארייַן אין שפיטאָל.

דער אלטער האָט ניט געייַלט אופגעהאנגען אף א צווייַגל דאָס פוסטע קעסעלע.

— וועמען זוכסטו דאָ?

— איינעם א פארוואונדעטן.

— ווער איז ער?

— מייַן טאטנס א כאווער... און ווי ער הייסט, ווייס איך ניט.

און צאבוניע האָט, איבערהיפּערנדיק פון אופרעגונג ווערטער, גענומען דערציילן דעם אלטן, וואָס עס איז פאָרגעקומען נעכטן אין סאניטאר־וואגאָן.

— נאר וואָס דו ביסט! — האָט אומצופרידן געשאָקלט מיטן קאָפּ דער אלטער. — ווי פרעגט מען ניט בא א מענטשן דעם נאָמען?

צאבוניע האָט א שטילן זיפץ געטאָן:

— די מאמע האָט מיך אויך געזידלט. צוערשט האָט זי געוויינט פאר פרייד, און דערנאָך זאָגט זי: „ווי איז מיר, ווי וועלן מיר איצט געפינען דעם מענטשן?״ האָב איך געזאָגט: „עס זיך ניט אָפּ דאָס הארץ, מאמע, איך וועל אים געפינען...״

---

איראקלי אבאשידזע

## דאָס קאָל בא די ווענט פון קרייץ־מאָנאסטיר

(פון דעם בוך „פאלעסטינע, פאלעסטינע!..״)

פארוואָס טייַנעט מען,
אז כ׳בין א קויפער־בעיקער —
זיך פון דיר אָפּגעקערט?
אָ, גאָט געקרייציקטער,
הערשער פון העכסטע
שפיצן־בערג,
אָפּבילד פון פעלדזן־שפאלטן,
פון גייַסט דייַן צעזייטן.
גנעדיקער פאר גענעזיקטע,
מאָקעם־מיקלעט פאר
אונטערדריקטע,
האָפענונג פאר דערנידעריקטע,
קאנעץ ליכטיקער
אין פינצטערע נעכט.

אויצער פאר פארומערטע,
קילער שאָטן
אין דער סארפּענדיקער היץ.
מייַן גלויבן
נאָך אין וויגעלע דעראָבערט.
דייַן באל־עמונע
איך בלייַב, וואָס האָט קיינמאָל
פון איר ניט אָפּגעטראָטן,
דער וועכטער
פון דייַנע געבאָטן,
דיר געהערט מייַן הארץ,
מייַן סייכל,
מייַן קאָל!
פון מייַנע יוגנט־טעג

קיין אנדער אייַנקומעניש,
קיין אנדער וועג.
אלץ, וואָס הימלש־דערהויבן,
אלץ, וואָס לייַכט אין מיר,
אלץ איז פון דיר
און נאָר צוליב דיר.
פון טויזנט וועגן
אויסגעקליבן
איין וועג דעם ריכטיקן:
דייַן געבאָט,
דייַן פארהוילעניש,
וואָס האָבן מיך צו דיר
געריכטעט.
האָסט מיך אייַנגעשלעפערט,

— זע נאָר זע!.. — האָט זיך אָפּגערופן דער אַלטער און האָט געעפנט די פאָרטקע. — פון וועלכע אַבולאַדזעס ביסטו? פון הינטערן טײַך צי פון די יאַשטשערקעלעקער?

— פון די יאַשטשערקעלעקער, — האָט צאַבוניע אַ בורטשע געטאָן אומצופרידן. זי האָט ניט געקאָנט פאַרלײַדן די דאָזיקע שטעטלדיקע צונעמעניש פון דער מישפּאָכע אַבולאַדזע.

— אַ־אַ, נעסטאָרס אייניקל! כ׳האָב געקענט דײַן זיידן. אַוואַדע האָב איך אים געקענט! — דער אַלטער האָט פון האַנאַ אַזש אַ קרעכץ געטאָן. — אַ קאַרגוץ געווען, גאָט זאָל אויסהיטן! איבער דער קאַמצאָנעס זײַנער האָט ער אײַער פאַמיליע געמאַכט צו שאַנד און צו שפּאָט. האָסט געהערט?

אַ קאַשע! צאַבוניע האָט געהערט אַ וועלט מיט פאַרשיידענע באָבעמײַסעס וועגן דער קאַרג־שאַפט פונעם זיידן נעסטאָר. אָט, אַשטייגער, האָט מען דערציילט אַזאַ געשיכטע: איינמאָל, ווען ער האָט געאַרבעט בײַ זיך אין ווײַנגאָרטן, האָט מען אים געבראַכט מיטיק. דער זיידע האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף דער ערד. בייס ער האָט געשניטן דאָס ברויט, איז אין דער שיסל מיט לאָביאָ אַרײַנגעשפּרונגען אַ גרינע יאַשטשערקע. אַן אַנדער מענטשן וואָלט שוין דער מיטיק ניט אײַנגעגאַנגען, אָבער ניט נעסטאָרן.

„דײַנס דאַרף איך ניט, אָבער מײַנס איז מײַנס!“ — האָט ער אויסגערופן און, ניט לאַנג גע־טראַכט, געכאַפּט די יאַשטשערקע, אַ פאַרליאַפּעטע מיטן געדיכטן סאָוס, אַרומגעלעקט זי פון קאָפּ ביזן עק און אַרײַנגעשלײַדערט אין די קוסטעס.

צי די מײַסע איז אַ מײַסע, צי אַן אויסטראַכטעניש, נאָר פון יענער צײַט אָן האָט זיך צו דער מישפּאָכע אַבולאַדזע צוגעקלעפּט די מיִעסע צונעמעניש — יאַשטשערקעלעקער.

— אַ שוועבעלע אַף פיר כאַלאָקים געטיילט!

דער אַלטער האָט נאָך לאַנג געלאַכט, זיך אַלץ דערמאָנט אין דעם קאַרגן נעסטאָרס שמאַד־שטיק. דערנאָך האָט אים גענומען וואַרגן אַ יאַדעשליווער הוסט, ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, און ווען ער האָט ענדלעך איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, האָט ער געזאָגט צום קינד:

— קום אַרײַן, קום אַרײַן, נעסטאָרס אייניקל. ווי ווײַסטו אָבער דײַן פאַרוואונדעטן געפינען? אַ סאַך פאַרוואונדעטע בײַ אונדז...

— לויט די וואָנצעס, זיידעניו. זיי זײַנען בײַ אים אַזעלכע געלע, כ׳האָב נאָך אין לעבן אַזעלכע ניט געזען. איך וועל זיך ניט פאַרזאַמען. כ׳וועל זיך אַ ביסל דורכריידן מיט אים, און גלײַך לויף איך צוריק.

— ניין, טאָכטערקע, אַזוי טאָר מען ניט. דאָ איז דיר ניט דער וואָקזאַל, בײַ אונדז זײַנען אַנדערע פאָראָנדקעס. וואַרט אַף מיר צו דאָ, — האָט געזאָגט דער אַלטער, פאַרמאַכט די פאָרטקע און זיך האָפּערדיק געלאָזט איבערן שטעגל, אַ פאַרשאָטנס מיט צעדרויבלטן רויטן ציגל־שטויב.

---

אַז „גאָט איז אין מיר“.
און אויב געשטרויכלט
בין איך פונדעסטוועגן,
זינדיק קעגן דיר,
האָסטו, אַלוויסנדער,
געוווּסט בעזוש האָרעגע.
העכסטער ריכטער,
מײַן העכסטער איידעס,
בײַ דיר בעט איך
גרויסמוטיקײַט
און מעכילע.
מײַן העכסט פאַרמעגן,
געקלערט האָב איך, —
דאָס איז מײַן סייכל,
מײַן קלאָרער זין.
וואָס קאָן נאָך זײַן

טײַערער?
אַז פון אַלע אַף דער ערד
באַלעכאַיִם
האָסטו מיר געשענקט
באַוווּסטזײַן, געדאַנק,
און נאָר פונמײַנעטוועגן.
האָסט געפאָדערט זיך בוקן,
בלויז זיך בוקן,
בלינד זיך בוקן —
און איך
האָב זיך געבויגן דעריקער
נאָר פאַרן סייכל,
בלויז פאַרן סייכל.
און אויב דײַן ווערק
בין איך — דער מענטש,
און אויב אָפּגעמאָסטן האָסטו
מיך

מיט בליק
פון אַלמעכטיקן,
אויב מיט גוווּרע
מיך געבענטשט,
אַף צו פאַרזוכן די זיסקײַט
פון פרייד
און אויך פון צאַר, —
בעט איך בײַ דיר:
שענק מיר די פרייד
פון באַפרײַטן סייכל.
מיט אָט דעם ווילן,
מיט אָט דער טפילע
געווען פול בין איך
מיט אַלע נעשאָמע־געוועבן;
פאַר אָט דעם ווילן

אומגעקערט האָט ער זיך ערשט אין א שטיקל צײַט ארום, צוזאמען מיט א יונגער סאניטארקע.

— די נעכטיקע ליגן נאָך אין אופּנעם־צימער, — האָט ער געלאָזט וויסן צאבוניען. — וועסט גיין מיט איר. זי וועט דיר ווײַזן.

4

„כאוועה שעף פונעם שפּיטאָל! עס ווענדט זיך צו אײַך דער יינגערער סערזשאנט ארטשיל מעסכי, וועלכער ליגט אין דער פּאלאטע נומ. 2 פונעם כירורגישן קאָרפּוס. איך וואָלט אײַך ניט באומרויִקט, נאָר עס האָט זיך געשאפן אזא לאגע, אז כאָטש נעם און שטארב. און דעריבער בעט איך אײַך זייער אריבערפירן מיך אין אן אנדער שפּיטאָל, אלציינס וווהין, לויט אײַער אײַנזען.

עפשער וועט זיך אײַך אויסווײַזן, אז די סיבע איז קיין סיבע ניט. איר וועט זאָגן: „ער פּראַוועט שטיק, דער סאָלדאט“, בעט איך אײַך, דערלייענט דעם בריוו ביזן סאָף און באשליסט אליין.

איר האָט געוויס געהערט, אז צו מיר קומט א קליין מיידעלע, צאבוניע הייסט זי. זי מיינט (און אלע אין שפּיטאָל זײַנען זיכער דערין), אז איך בין איר פאָטערס א פרײַנט, א גוטער־ברודער זײַנער, נאָר, כאוועה נאטשאלניק, ס'איז א מיספארשטייעניש.

דער אומגליק איז, וואָס כ'האָב דעם מיידעלעס פאָטער קיינמאָל אין לעבן ניט געזען און זײַן פאמיליע האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט צוויי וואָכן צוריק טאקע פון צאבוניען אליין, ווען זי איז געקומען צו אונדז אין סאניטאר־וואגאָן.

איך זע: זי שטייט אין קאָרידאָר, א קליין צווײַגעלע, וואָס דער שטורעם האָט צעקאליעטשעט, און וויינט — ניט זי וויינט, נאָר זי שלינגט שווײַגנדיק ביטערע, גאָר ניט קיין קינדערשע טרערן.

האָט מײַן הארץ ניט אויסגעהאלטן, כאוועה פּאָדפּאָלקאָווניק! ניט לאנג געטראכט, האָב איך איר געזאָגט, אז איך קען וואליקאָ אבולאדזען, אז כ'האָב ערשט ניט לאנג אים געזען א לעבעדיקן און א געזונטן. ס'איז עפשער געווען אן אוילע פון מײַן זײַט, נאָר ס'האָט זיך מיר אזוי געוואָלט טרייסטן זי!.. געטראכט האָב איך, דעם עמעס געזאָגט, אז כ'וועל זאָגן, און אראָפּ פון מארק. און באקומען האָט זיך גאָר קאפּויר.

געבראכט האָט מען מיך צו אײַך שאבעס, און זונטיק ליג איך אזוי און רו אָפּ נאָך דעם, ווי מע האָט מיך איבערבאנדאזשירט, פּלוצעם גייט ארײַן צו אונדז אין פּאלאטע אָט די צאבוניע און — גלײַך צו מיר. איך בין מאמעש געבליבן ליגן א געפּלעפּטער.

— איר דערקענט מיך, פעטערל? — פרעגט זי בא מיר און דערלאנגט מיר, גאָר מײַסע דערוואקסענע, די האנט.

---

זאָל מיך ניט שטראָפן
דאָס לעבן.
נאָר אויב מײַן ווילן
דו האלטסט פאר א זינד
קעגן דײַן געבאָט,
טאָ זאָג מיר, גאָט:
ווו איז די גרענעץ
צווישן זינד
און ניט־זינד?
מיך ניט מישפּעט שווער,
וואָס אָט די ערד
האָב איך באטראָטן,
וואָס איך שטיי אָט דאָ,
ווו עס ווארעמט
דײַן הייסער אָטעם.

געקומען
א געבויגענער
אונטער דער לאסט
פון קראנקהײַטן פיל,
און די קרענק
פון עלטער
מיטאמאָל דערפילט.
געקומען ווידער,
מײַן געבעט
זאָלסט דערהערן
פאר מײַן ווײ,
פאר מײַנע באגערן.
פארוואָס באשולדיקט מען מיך,
אז כ'בין א קופּער־בעיִקער —
זיך פון דיר אָפּגעקערט?

אָ, גאָט געקרייציקטער,
הערשער פון העכסטע
שפּיצן־בערג,
אָפּבילד פון פעלדזן־שפּאלטן,
פון גײַסט דײַן צעזייטן,
אויצער פאר פארומערטע,
קילער שאָטן
אין דער סארפּענדיקער היץ.
קיין ציל קיין העכערן
האָב איך ניט,
ווי מײַן עמונע
די דערלאבערטע!

ייִדיש — מ. גרוביאן

●

„דערקענט האָב איך דיך דערקענט, אָבער וואָס זאָל איך דיר נאָך זאָגן, קינד מײַנס!" — האָב איך א טראַכט געטאָן.

— איר מעגט ריידן? איך בין געקומען זיך דערוויסן וועגן אונדזער טאַטן...

וואָס האָב איך געזאָלט טאָן? זיך מוידע זײַן, אז איך קען ניט איר טאַטן? איר וואָלט אָבער א קוק געטאָן אף אירע אויגן — זיי האָבן אזוי געלויכטן און אזוי געגאַרט נאָך פרייד, אז איך האָב זיך ניט דערוועגט איר זאָגן דעם עמעס.

— זעץ זיך, שרעטעלע, — האָב איך אַרויסגעשטאַמלט.

האָט זי זיך אוועקגעזעצט אפן ראַנד בעט און קוקט אף מיר, און איך פּאַרקע זיך, פּאַרדריי א ציגאַרעט, פאַרייכער, אָבער פילן פיל איך: מער שווײַגן טאָר מען ניט. האָב איך זיך געמאַכט הארץ און גענומען דערציילן דעם מיידעלע, וואָס פאַר א העלד א טאַטן זי האָט און ווי די פאַשיסטן ציטערן פאַר אים.

הערט זי מיך, הערט און טוט פּלוצעם א פרעג:

— טאָ פאַרוואָס שרײַבט ער ניט אזוי לאַנג, דער טאַטע?

שווער צו ענטפערן אף אזא פראַגע. נאָר א ברייִרע האָב איך. א סאָלדאַט, זאָג איך, קאָן מען ערגעץ שיקן מיט א ספּעציעלער אופגאַבע, און פון דאָרט שרײַבט מען ניט קיין בריוו. די פּאָטשט קאָן אונטערוועגס אַרײַנפאַלן אונטער א באָמבאַרדירונג. מאַלע וואָס עס מאַכט זיך. ס'איז דאָך מילכאָמע...

דערפון האָט זיך אָנגעהויבן. זי האָט זיך צוגעבונדן צו מיר, ווי צו אן אייגענעם. אָט קומט זי אליין, אָט מיטן קליינעם ברודערל, מיט אוטשען, און אייערנעכטן האָט זי גאָר געבראַכט צו פירן אירע שול-כאַווערטעס, איך זאָל זיי דערציילן וועגן איר פּאָטער.

איר מעגט מיר גלייבן, כאַווער פּאַדפּאָלקאָווניק, ווי נאָר איך כאַפּ זיך אוף, אזוי קאָן איך שוין מער וועגן קיין זאַך ניט קלערן, איך ווייס: צאַבוניע וועט קומען... ליג איך אזוי און איך טראַכט אויס פאַר-אירטוועגן פאַרשיידענע געשיכטעס: וואַליקאָ אַבולאַדזע איינער אליין קעגן א פאַשיסטישן טאַנק; וואַליקאָ אַבולאַדזע ראַטעוועט בייס דער שלאַכט א כאַווער; וואַליקאָ אַבולאַדזע ברענגט א „צונג"... כ'בין שוין מיד, כאַווער פּאַדפּאָלקאָווניק, כ'בין ניט קיין ספּעציאַליסט, ווײַזט אויס, אף אויסטראַכטענישן. און דעריקער — איך בין קעסיידער אין הוילע ציטערניש: טאָמער פאַרפּלאָנטער איך זיך, טאָמער רייד איך זיך אויס. דער עמעס מײַנער, ער גייט דאָך אף דינע פּיסלעך! א ראַכמאָנעס אפן קינד... בעסער, איך זאָל אוועקפאָרן פונדאַנען. און צאַבוניע וועט וואַרטן אף איר טאַטן... אף דער מילכאָמע, ווייסט איר דאָך אליין, טרעפט פאַרשיידנס. מע מיינט וועגן א מענטשן, אז ער איז שוין ניטאָ, ערשט ער יאָוועט זיך אראָפּ גאַנץ און געזונט".

---

ג ר י ג אָ ל   א ב א ש י ד ז ע

## אין שטענדיקן שלאַכט-געפּעכט

פון טאָטערישע האָרדעס אויסגעמאַטערט
און אונטער יאָך דעם פּערסישן געדריקט,
ער פלעגט אפילע שלאָפן אין די פאַנצער-לאַטעס,
אין העמד אין שטאָלענעם — אויך טרוימען
וועגן זיג.

ס'האָבן הונדערט מאָל די טערקישע אסקערן
מיט שאַרפער שווערד געהאַקט, געבראַקט זײַן
הויט.

און כאָטש ס'איז נאָך דער שלאַכט געוועזן
שווער אים,
האָט ער אין שאָ פון פרידן טורעמס גלײַך
געבויט.

געשפּאַנט פון שלאַכט צוריק מיט עכטער
ווירדע, —
דאָס פאַנצער-שטאָל געקילט האָט זײַן געזיכט.
און ווידער האָט ער וואַכזאַם נאָכגעשפּירט דאָ,
צי ס'וועט דער סוינע זיך ניט ווײַזן אומגעריכט.

און ווען ער האָט געפלאַנצט א סאָד, א בוים
אַרומגעגראָבן,
געהאָרעוועט, געפּראַוועט מאָלצײַטן, האָט ער
געהיט געטריײַ די אוראַלטע מינהאָגים
און ניט צעשיידט זיך מיט זײַן פאַנצער און
געווער.

א סאָך האָבן פאַרלוירן זייער שפּראַך און גלויבן,
נאָר ער געטרונקען האָט פון פאָלק דאָס זיס
געטראַנק
און טעמפּלען אים געבויט, באַוואָפנט און
דערהויבן,
געשאַפן וועגן טיגער דאָס געזאַנג.

פון טאָטערישע האָרדעס אויסגעמאַטערט
און אונטער יאָך דעם פּערסישן געדריקט,
ער פלעגט אפילע שלאָפן אין די פאַנצער-לאַטעס,
אין העמד אין שטאָלענעם — אויך טרוימען
וועגן זיג.

ייִדיש — כ. ווײַנערמאַן

# פון צוג ביז צוג

ווי נאָר כ'ביך אַלט געוואָרן זיבעצן יאָר, בין איך גלײַך געוואָרן א טוישעוו אין דער בודקע פון דעם לאָקאָמאָטיוו. מיר האָבן געוווינט לעבן דער אײַזנבאַן־סטאַנציע, און דעריבער איז גאָר קיין כידעש ניט, וואָס איך האָב אין דער קינדהייט אַף דער וואָר און אין כאָלעם געטרוימט צו ווערן א מאשיניסט.

אגעוו איז דאָס ניט שטאַרק וויכטיק, צי ס'איז געווען פונקט אזוי, צי ניט, דער איקער איז, וואָס גאָר אינגיכן בין איך שוין געווען א געהילף־מאשיניסט, און דער לאָקאָמאָטיוו איז געוואָרן מײַן צווייטע היים.

א לאָקאָמאָטיוו, ווייסט יעדער איינער, איז באשאפן געוואָרן צו פליִען, ווי א וויכער. אָט איז ער אין כאשורי, און אין א שאָ ארום טראָגט ער זיך, ווי א רועך, בארג־אראָפּ צו מאַליטי, קוים אײַנהאַלטנדיק זײַן דראַנג פאָרויס. דו מיינסט, אז ער האָט ערשט געמיטן זעסטאַפּאָני, און אינ־דערעמעסן אָקעקט ער און פּיכקעט שוין אין טונעל. אָט טראָגן מיר זיך ארוף און אראָפּ, אָט שטעלן מיר זיך אָפּ בא א סטאַנציע, אָט דערשרעקן מיר בא א וועג־אויסבייג א סטאַדע בעהיימעס מיט געפּלעקטע פעלן און גרויסע טמימעסדיקע אויגן, וואָס פּאשעט זיך לעבן דער אײַזנבאַן, אָט גיבן מיר זיך א רײַס ארײַן סאמע אין הארץ פון די בערג, און, ארויסרײַסנדיק זיך פון דאָרט, פליִען מיר איבער א טײַך.

איך קוק פאָרויס, און עס ווײַזט זיך מיר אויס, אז דאָס בין איך אַליין אײַנגעשפּאַנט אין די וואגאָנען און פלי מיטן גאנצן אימפּעט.

וואָס עפּעס נאָר די וואגאָנען? אויב איר ווילט וויסן, קאָן איך איצט ארופוואַלגערן אַף דער פּלייצע אָט די סטאַנציע, אָט יענעם בארג, כ'קאָן צווינגען דעם טײַך פליסן אַף צוריק, און וועט זיך מיר נאָר פארגלוסטן, וועל איך מיט איין האנט אײַנהאַלטן דעם הימל...

און דער לאָקאָמאָטיוו טראָגט זיך, רײַסט שטיקער. טוסטו איין צי דאָס העגטל, לאָזט זיך הערן אזא שנײַדנדיקער פײַף, אז די ביימער טוען זיך א צעשאָט אין אַלע זײַטן, די פויגלען דער־לאַנגען א פלי ארוף. כעוורע קונדייסים פארשטאָפּן מיט די הענט די אויערן. און דאָס ציגעלע, וואָס שטייט א צוגעבונדנס צו א קוסט, נעמט זיך, נעבעך, דערשראָקן ווארפן...

דער לאָקאָמאָטיוו דונערט אין די בערג, פויקט דריבנע איבער די בריקן — ער פליט פאָרויס.

דערפער, טײַכן, דעמבעס, טאָפּאָלן, ווײַנגערטנער, מענטשן, פעלדער... מײַן לאַנד!

איך פאָכע מיט דער האנט, קריך ארויס ביז העלפט פון פענצטער.

— זײַט געגריסט, בריקן!

— זײַט געגריסט, טײַכן!

— טאָפּאָלן און ווײַנגערטנער!

— בערג!

— מענטשן!

— זײַט געגריסט, זײַט געגריסט, זײַט געגריסט!

— א גרוס אויך דיר, דו קליין שטיבל אפן בארג־שיפּוי! איך האָב דיך באמערקט נאָך פונ־דערווײַטן, אפילע די שמאָלע טרעפּ אָן פארענטשעס האָב איך באמערקט. נאָר וואָס איז עס? עפּעס רויטס האָט זיך א ווײַז געטאָן אין פענצטער.

...פונקט אנטקעגן מיר איז אויסגעוואקסן א בארג. עס זײַנען פארשוווּנדן אי די טרעפּ, אי דאָס פענצטער, אי דאָס שטיבל... און אָט רויטלען זיך יאַגעדעס — מיט דער האנט צו דערלאַנגען.

— זײַט געגריסט, יאַגעדעס!

דער בארג איז געבליבן ערגעץ אין א זײַט. מע זעט ווײַטער דעם שיפּוי און דאָס שטיבל מיטן אָפענעם פענצטער, און אפן פענצטער זיצט א מיידל אין א רויט קליידל.

— זײַ געגריסט, מיידל!

איך פּאַכע מיט דער האַנט, איך לאַך. זי שמייכלט, בייגט זיך אַרויס פון פענצטער. דער צוג אײַלט. אָט־אָט, און דאָס מיידל וועט פאַרשווינדן פון מײַנע אויגן. נאָר ניין, זי לויפט אַרויס אויפן באַלקאָן, נעמט אַרום דעם סלופּ, וואָס שטייט דאָרט, און פּאַכעט צו מיר מיט דער האַנט, פּאַכעט און פּאַכעט.

דער צוג אײַלט. ער טראָגט זיך ווײַטער.

— אף ווידערזען, מיידל!

ערגעץ פון הינטן בלײַבן דער הויף, דער באַרג־שיפּוי. איך שטעל זיך אויף די שפּיץ פינ־גער — עס ווילט זיך מיר כאָטש נאָך איין מאָל דערזען דאָס מיידל. און דער צוג לויפט ווײַטער, דונערט, שלינגט די מײַלן. און ווידער — הײַזער, קעלבלעך, בריקן, ווײַנגאָרטנער... ווײַנגאָרט־נער... שנעלער, שנעלער...

אין אָוונט, אויף צוריקוועגס, פיר איך אַ לאַנגן־לאַנגן צוג מיט ציסטערנעס: שוואַרצע, ברוינע, געלע. די זון איז פאַרשווונדן הינטער די בערג. צווישן די ביימער זײַנען צערונען געוואָרן די שאָטנס. אונטער די בריקן איז די פינצטערניש געוואָרן נאָך געדיכטער. איך אײַל זיך... עפּעס נאָגט דאָס האַרץ, עפּעס טרײַבט מיך אונטער — איך ווייס ניט וואָס, נאָר מיר ווילט זיך פאָרן שנעלער. אינגיכן וועט אײַנגאַנצן פינצטער ווערן. איך קוק פאָרויס... באַלד וועלן זיך ענדיקן די פעלדזן, די דאָזיקע שווײַגנדיקע ריזן, און עס וועט זיך באַווײַזן דער שיפּוי, דאָס שטיבל, דאָס אויפגעפּראַלטע פענצטער...

די צײַט ציט זיך ווי פון פעך!

נאָר אָט איז ער, דער שיפּוי. ווי פאַרפּוצט ער איז עס, וויפל פעלד־בלומען — ווײַסע, רויטע און בלויע — וואַקסן דאָ. דער הויף טוקט זיך אין קילן גרינס... נאָך איין הויף אַזאַ איז ניטאָ לענגויס דעם גאַנצן וועג, ניטאָ אַזאַ שטוב, ניטאָ אַזאַ פענצטער. דאָס פענצטער איז אָפן, נאָר דאָס מיידל זעט מען ניט. איך גלייב אָבער אין מײַן מאַזל און פּאַכע מיט דער האַנט. זי מוז דאָך געוויס זײַן ערגעץ דאָ, אין הויף... אָט איז זי! זי האַלט אַ בינטל גרינע בלעטער — קאָרמעט דאָס קעלבל. אָט האָט זי זיך אַרומגעקוקט, מיך דערזען, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, און די בלע־טער זײַנען אַראָפּגעפאַלן צו אירע פיס.

און דער צוג טראָגט זיך, דונערט...

עס פאַרשווינדט דאָס מיידל. דער באַרג גייט מיר אַנטקעגן, צו די יאַגעדעס איז מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

...דער רייס האָט זיך געענדיקט. איך גיי אַרײַן אין דער העל באַלויכטענער דעזשורקע. הינ־טערן פענצטער איז שטאָקפינצטער, און פון דער פינצטערניש גייט מיר עמעצער אַנטקעגן אַ שוואַרצער, אַ פאַרייכערטער.

שוין זשע בין איך עס? איך האָב זיך צעלאַכט און האָב דערזען, ווי עס האָבן אַ בליץ געטאָן מײַנע ציין.

---

אליאַ מירצכולאַווא

## פרילינג אין מײַן גרוזיע

פרילינג האָט די צעפּ באַ דיר צעלאָזן
און אַ גרינעם טעפּיך פאַר דיר שפּרייט.
אויף דײַן ערד מאַיאָווע ווינטן בלאָזן,
טראָגן דופט אין סאָד פאַר יעדער קוויט!

אינעם סאָד, וווּ רויזן זיך צעבליִען,
ווערט די הייך נאָך לויטערער פון טוי,
פונעם לאַנד דעם שמייכל אין שאַריִען
שפּיגלט אָפּ דער הימל אינעם בלוי.

אויסגעניייט אין פײַער־גאָלד פון שטראַלן,
צירן אויס זיך בערג אין גרינעם קלייד.
פונקט ווי הירשן טראָגן זיך צו קוואַלן,
רוישט אַ וואַלד פון הינטן פול מיט פרייד.

שפּילט דער ווינט אויף פײַפעלע זײַן דודע,
פונעם באַרג אין נידער טרעלן שיט.
אויף די פעלדער טראַקטאָרס פריילעך הודען
אינדערפרי. זיי ווערן גאָר ניט מיד.

רום דער זון, וואָס האָט דעם פרילינג ליבן
אויף די פליגלען שטראַליקע געבראַכט
און דעם ווינטער פון מײַן לאַנד פאַרטריבן
און פאַר פרײַע מענטשן אונדז געמאַכט.

יידיש — ש. טשערניאַווסקי

●

שוין זשע בין איך שטענדיק אזא שווארצער, נאָר די ציין בליצן?
שוין זשע האָט מיך אזא־אָ פארגעדענקט יענץ מיידל?

יענע נאכט האָב איך מיט קיין אויג ניט צוגעמאכט, און אינדערפרי בין איך פריִער, ווי געוויינלעך, ארויס צו דער ארבעט און גאנצע צוויי שאָ זיך ארומגעדרייט שלינג־און־שלאנג.

בא דער בילעט־קאסע איז געשטאנען א ריי. דער מאנעווריר־לאָקאָמאָטיוו האָט מיט א גרילצנדיקן פײַף זיך געוואָרפן אין אלע זײַטן. דער דעזשורנע אין דעם רויטן היטל האָט שווער געשפאנט איבערן פעראָן.

לאנגזאם האָט זיך געצויגן די צײַט. די ווײַזערס פון דעם גרויסן קײַלעכדיקן זייגער זײַנען ווי צוגעפרוירן געוואָרן צום ציפערבלאט. נאָר אָט איז געקומען דער מאשיניסט, און איך האָב זיך דערפרייט מיט אים, ווי מיט מאָשיִעכן.

...דער צוג האָט א ציטער געטאָן מיט זײַן גאנצן קערפער, אָן רויש גענומען זיך גליטשן איבער די רעלסן, פונקט ווי ער זאָל וועלן ערגעץ אנטלויפן, דערנאָך האָט ער גענומען סקריפען, פויקן, פיכקען. און ווידער פליִען אנטקעגן הײַזער, ביימער, בריקן, מענטשן און בלויע ווײַנגערטנער.

איך קוק פאָרויס, נאָר פאָרויס. ווייסן ווייס איך — ביז יענעם שיפּוי, ביז יענעם שטיבל, ביז יענעם פענצטער איז נאָך ווײַט. אָבער לאָמיר נאָר איבערלאָזן הינטער זיך אָט דעם בארג, אָט יענעם וואלד... נאָר ווידעראמאָל א בארג, אָבעראמאָל א וואלד...

ענדלעך דערזע איך דעם שיפּוי, דאָס שטיבל, די שמאָלע טרעפּ אָן פאָרענטשעס. דאָס פענצטער איז אופגעפראלט. אָבער ווו איז דאָס מיידל? זי איז אפּן באלקאָן, זי איז ארויסגעלאָפן אפּן באלקאָן און פאָכעט צו מיר מיט א ווײַס טיכל. און איך לאך, פאָכע מיט ביידע הענט. איך לאך און איך ווייס דערבײַ, אז זי זעט נאָר מײַנע ציין. איך רײַס אראָפּ דאָס היטל פון קאָפּ און פאָכע מיט דעם.

און דער צוג טראָגט זיך ווײַטער...

— אף ווידערזען, מיידל!

טעג לויפן, ווי פארשיידנקאָלירקע וואגאָנען. יעדן פרימאָרגן זע איך אָן אופגעפראלט פענצטער — זי ווארט אויך אָוונט־צײַט, פאָכעט צו מיר פריידיק מיט דער האנט, מיט דער פאטשיילקע, מיטן היטעלע, נעמט ארום מיט דער האנט דעם סלופּ און פאָכעט, פאָכעט, באגלייטנדיק מיך... פאָכעט און לאכט.

עס שלעפּן זיך כאדאָשים, ווי לאנגזאמע שווער געלאָדענע פראכט־צוגן.

די בלעטער זײַנען געל געוואָרן. זיי דרייען זיך אינדערלופטן און פאלן אראָפּ אף דער ערד. דער צוג הייבט זיי אוף, און א בונטער, פלאמיקער וויכער טראָגט זיך נאָך אים פוסטריט.

---

אי. נאָנעשווילי

## קומט צו פאָרן קיין גרוזיע

באָרוכהאבאָ! — ברייט צעשפּרייט זײַנע אָרעמס,
עס רופט אײַך צוגאסט יעדער גרוזינער.
— צו אונדז קומט צו פאָרן אין זוניקן דאָרעם,
אין לופטיקער בונטקײַט פון ראכוועסן גרינע.

ס'דערגרייכן צום הימל די שנייִקע שפּיצן
פון בערג, וואָס באהיטן די וועלט פון פארצײַטן.
קרישטאָלענע שטראָמען דאָ שײַנען, ווי בליצן,
אין בארגיקער געגנט דורך ארבעט באנײַטער.

און סעדער מאראנצענע ווארטן קאָלכידער,
און ס'ווארטן כעווסורן בא אָפּגרונט פון וועלטן,
און יאָרשים פון פשאווע, ווי אייגענע ברידער,
באם הויז פון וואזשא, וואָס געריממט איז זײַן
עלטער.

עס ווארטן די הירשן, די אָדלערס די פרײַע,
וואָס לעבן אין אונדזערע בערג, ווי אין קישעף,
באגעגענען וועט אײַך, ווי פרײַנט ווי געטרײַע,
די יוגנט פון אונדזער גאסטפרײַנטלעכן יִישעוו.

מיר לאדן אײַך אײַן! קומט וואָס גיכער צו
פאָרן.
עס ווארטן אף אײַך דאָ פיל דרייסטע דזשיגיטן.
עס ווארטן אף אײַך אלאזאן און יאָרי,
און מיידלעך און פרויען מיט הייסע געבליטן.

איר זעט, ווי עס שטייען שוין גרייט אלע טישן,
איר הערט, ווי עס הילכן די צויבערע טענער,
און „מראוואלזשאמע“ — דאָס געזאנג —
זאָלט איר ווייסן,
פון יאָר צו יאָר קלינגט שענער און שענער!

און ווידער בערג, גאָלדיק־געלע קוקורוזע, פּאַרטריקנטע בלומען, שווער באַלאָדענע מיט טרויבן וויַינגערטנער... א שטיבל, אַן אויפגעפּראַלט פענצטער און א מיידל אין א טונקל־בלויען זשאַקעט. זי פּאַכעט צו מיר מיט א ביכל, מיט א פאַטשיילקע, מיט א נאַזטיכל... מיט אַלץ, וואָס מאַכט זיך אונטער דער האַנט.

פונדאַנען זעט מען ניט איר פּאָנעם, נאָר איך ווייס, אויסגעצייכנט ווייס איך עס, — בא איר זייַנען שטראַלנדיקע אויגן און לאַנגע וויִעס. זי האָט ליב צו לאַכן... נו איז וואָס, אַז איר פּאָנעם זעט מען ניט. זי איז א גאָלדן מיידל, האָט ליב, מיט איר זאָלן געשען פאַרשיידענע אויסערגעוויינ־לעכע פּאַסירונגען, און וועגן מיר... וועגן מיר טראַכט זי מיסטאַמע: „דער דאַזיקער באַכער איז פון קאָפּ ביז די פיס אויסגעשמירט אין סאַזשע, און די ציין זייַנען בא אים וויַיסע, זייער וויַיסע... ער פּאַכעט צו מיר מיט דער האַנט, מיט דעם היטל און טראָגט זיך... טראָגט זיך ערגעץ אין דער וועלט אריַין“.

עס גייט א שניי, א שניי, אויסגעמישט מיט רעגן־טראָפּנס. די שנייעלעך טוליען זיך שטיל, אָן רויש צו דער ערד.

וויַיסע בריקן, וויַיסע ביימער, וויַיסע בערג, א וויַיסער בארג־שיפּוי, א וויַיס שטיבל. דאָס פענצטער איז פאַרמאַכט. נאָר הינטער די טאַפּליעס, זעט מען, שטייט עמעצער. דאָס מיידל וואַרט אַף מיר, פּאָכעט צו מיר מיט דער האַנט, ניין, ניט מיט דער האַנט, מיט עפּעס א בונטער זאַך, דאַכט זיך מיט א קליין קישעלע, זי לויפט ארויס אַפן באַלקאָן און פּאָכעט ווידער.

עס טראָגט זיך, עס פליט דער צוג.

— אַף ווידערזען, מיידל!

און איך טראַכט... ניין, איך זאָג... איך זינג: „אָט דאָס מיידל הייסט מיַיע, בא איר זייַנען שטראַלנדיקע אויגן און לאַנגע וויִעס, און ווען זי לאַכט, באַוויַיזן זיך אַף אירע באַקן קליינע כייך־גריבעלעך. זי האָט ניט מוירע פאַר קיין קעלט און קען וואַרטן“.

מיט טומל און ראַש טראָגט זיך דער צוג.

די ציַיט פליט שנעל, ניט צו באַמערקן.

בא מיר איז אורלויב. איך בין פאַרפּוצט אין א ניַיעם אַנצוג, אַפן האַלדז — א שניפּס, אַפן קאָפּ — א הוט, אַף די פיס — שיך מיט א סקריפּ און אין האַנט א בילעט אַף א פּאַסאַזשיר־צוג.

און ווידער די זעלבע בערג, דער זעלבער טיַיך, די זעלבע בריק, די זעלבע וויַינגערטנער. און אָט איז דאָס שטיבל, דאָס פענצטער... אָבער ווו איז דאָס מיידל? זי וואַרט ניט אַף מיר. זי באַגעגנט ניט קיין פּאַסאַזשיר־צוגן.

איך שטיַיג ארויס אַף דער שכיינעסדיקער סטאַנציע. איך הייב זיך אוף איבער א שטעגל, קליַיב בלומען און, פול מיט דערוואַרטונג, גיי איך צו צו דער באַקאַנטער פּאָרטקע.

---

צו אופנעמען איַיך זייַנען גרייט אַלע הויפן.
די וויַינקעלערס זייַנען דאָ קיינמאָל ניט ליידיק.
זיַין העמדל איז גרייט דער גרוזינער
— פאַרקויפן
נאָר דעם גאַסט ווי עס דאַרף זיַין באַגעגענען
פריידיק!

גאַסטפריַינטלעך צו זיַין איז בא אונדז א
געוווינהייט.
אַף ליבע און פריַינטשאַפט עס שטייט דאָך
די וועלט!
און דער, וואָס א כאַוער באַגעגענען קאָן ניט, —
איז ניט קיין גרוזינער, קיין גיבער, קיין העלד!

ווי שיין ס'איז בא אונדז, זעט אפילע א בלינדער,
די וויַינטרויבן הענגען בא אונדז אַף די ווענט.
און אויב ניט געווען איר זיַיט אַף מטאַצמינדע,
זיַיט איר אין טבילִיסי ביכלאַל ניט געווען!

כאַוויירים! מיר וועלן איַיך זיכער גפּעלן,
וויַיל פריַינטשאַפט דעם וועג צו די הערצער
באַשיַינט.
איז זאָלן זיך פרייען דאָ אין סאַקאַרטוועלאָ
אַנצאַליקע געסט און אַנצאַליקע פריַינט!

איז דרייסטער פאַרטרויט זיך די פעלדזיקע וועגן,
און זאָל איַיך דער מוט אין די הייכן באַגליַיטן.
ס'איז פריִער אַפּרעל, נאָר אַף באַרגיקע וועגן
עס שמייכלען אַזויפיל בלוי־אויגיקע קוויַיטן.

— באָרוכהאַבאָ! — ברייט צעשפּאַרט זייַנע
אָרעמס,
עס רופט איַיך צוגאַסט יעדער גרוזינער.
צו אונדז קומט צו פאָרן אין זוניקן דאָרעמ,
אין לופטיקער בונטקיַיט פון ראַכוועסן גרינע!

יִדיש — מ. טאַלאַלאַיעווסקי

גוטמוטיק האָט א ביל געטאָן א צעקודלטער הונט. דאָס מיידל האָט ארויסגעקוקט דורכן פענצטער, האָט זיך פארוואונדערט, איז אראָפּגעלאָפן פון די שמאָלע טרעפּ.

— א גוט־מאָרגן, מייַע!

— פונוואנען קענט איר מיך?

— איר דערקענט מיך ניט? איך... איך בין יענער... א גלאָז וואסער, אויב איר האָט ניט קעגן...

זי גייט אריַין אין צימער, טראָגט ארויס א פּיַיכטן קרוג מיט וואסער, נאָר ערגעץ צווישן די פעלדזן פּיכקעט א לאָקאָמאָטיוו. ס'איז קוים צו זען זיַין רויכל, וואָס איז ענלעך אף א פאסמע נעפּל. דער צוג איז אלץ נעענטער, ער פּיַיפט, ער דונערט, ער פויקט דריבנע איבער די רעלסן.

פארגעסן אָן אלץ אין דער וועלט, לויפט דאָס מיידל ארוף אף די טרעפּ, נעמט ארום מיט דער האנט דעם סלופּ און ווארט...

אָט האָט זיך דער לאָקאָמאָטיוו באוויזן אפן וועג־אויסבייג און איז באלד פארשוואונדן הינטערן בארג.

דאָרטן וואקסן רויטע יאגעדעס, אזוי נאָענט — מיט דער האנט צו דערלאנגען.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך באוויזן נאָכאמאָל.

דאָס מיידל הייבט הויך אוף דאָס טיכל, וויל שוין א פאָכע טאָן, נאָר די האנט בלייַבט ווי פארגליווערט. דער מאשיניסט קוקט פארטראכטערהייט פאָרויס. וועגן וואָס ער טראכט... יעדער איינער האָט זיך זיַינע געדאנקען.

דאָס טיכל פאלט ארויס באַם מיידל פון דער האנט. זי לויפט אריַין אין צימער, און איך הער, ווי זי כליפּעט. זי וויינט, מיסטאמע, איַינגעגורעט דאָס פּאָנעם אין קישן.

פּאָרזיכטיק פּארמאך איך די פּאָרטקע, גיי ארויס פון הויף און לאָז זיך העגדעם־פּענדעם בארג־אראָפּ. ווארטן אף א צוג האָב איך קיין צייַט ניט. איך זעץ זיך אף דער ערשטער פארבייַ־לויפנדיקער מאשין.

אין צוויי שאָ ארום רייַס איך זיך אריַין צום שעף פון דעפּאָ און מעלד, אז איך זאָג זיך אָפּ פון אורלויב.

...אצינד ווייס איך פּינקטלעך, אז דאָס מיידל הייסט מייַע, אז די אויגן זייַנען בא איר שטראלנדיקע, אז ווען זי לאכט, באוויַיזן זיך בא איר אף די באקן קליינע כיין־גריבעלעך און אז זי קען ווארטן.

און וועגן מיר... וועגן מיר טראכט זי געוויס:

„דער דאָזיקער באָכער איז פון קאָפּ ביז די פּיס אויסגעשמירט אין סאזשע... יאָ, פון קאָפּ ביז די פּיס אויסגעשמירט אין סאזשע... נאָר די ציין זייַנען בא אים ווייַסע, זייער ווייַסע...“

---

ר ע וו א ז   מ א ר ג י א נ י

## ווו איך זאָל ניט זיַין

האָסט די וועלט פאר מיר, היימלאנד, צעעפנט,
אומעטום אויך דייַן ווינט איך דערשפּיר.
יאָ, איך ווייס, אין דעם הימל כ'וועל טרעפן
דייַנע שטערן, וואָס שייַנען פאר מיר.

מיט א שמייכל, וואָס קאָן נאָר באגליקן,
מיט א שמייכל גרוזינישן כ'שפּאן.
אלע קינדער איך שענק מילדע בליקן.
וויפל ברידער בא מיר איז פאראן!

וויפל פרייַנט אף דער ערד האָב איך גוטע,
ס'איז מייַן וואָרט זיי פארשטענדלעך און קלאָר.
ס'איז דייַן מוטער מיר אויכעט א מוטער,
זי איז ליב מיר און טייַער ביז גאָר.

וויפל אויצרעס בא דיר כ'האָב געקליבן,
כ'טראָג זיי שטענדיק אין הארצן בא זיך.
לענדער אנדערע וואָלט איך ניט ליבן,
ווען ניט ליבן כ'וואָלט, גרוזיע, דיך.

יידיש — ש. טשערניאווסקי

# קאָנדרייסים

## א קורצע כראַניק פון איינער א ראנד־גאס

דער דאָזיקער בארג־אָפּהאנג האָט אמאָל געהייסן גווימראלי, וואָס באַטײַט באַטײַט עס „א פארוואקסענער מיט פאפאראָטניק“. פון דרײַ זײַטן — וואלד, אפן שפּיץ בארג — א קלויסטער און צופוסנס — א דאָרף.

איצט האָט גווימראלי אן אנדער נאָמען: אבעסאדזער ראנד־גאס.

דער ערשטער האָט זיך דאָ באזעצט לאזארע. געהאט האָט ער פינף זין: איִאקאָ, טעדאָרע, פאפונא, אלמאסכאן און שאָשיטא.

געלעבט האָט די מישפּאָכע אין א שטיינערנער שטוב, געדעקט מיט טשערעט. ווינטער־צײַט פלעגט זיך דאָ געפינען אויך דאָס ביסל כודאָבע.

ווען ס׳איז געקומען די צײַט, האָבן די עלטערע זין כאסענע געהאט, און יעדערער פון זיי האָט געגעבן זײַן שטאם א יוירעש: איִאקאָ — איראָדיִאָנען, טעדאָרע — יעזעקיִען, פאפונא — איוואנע, אלמאסכאן — ספירידאָנען. סאָפקאָלסאָף האָט כאסענע געהאט אויך דער ייִנגסטער שאָשיטא, און אין דער פארצווײַגטער מישפּאָכע זײַנען צוגעקומען נאָך צוויי אבעסאדזעס: שאלווא און ראָסטאָם.

דער זיידע לאזארע האָט געלעבט אזוי לאנג, אז זײַנע זין האָבן באוויזן ווערן אלט און די אייניקלעך — דערוואקסן.

פארזוכט געגוג זויערס און ביטערס, האָט ער זיך געעלטערט רויִק און איז פונקט אזוי רויִק אוועק פונעם לעבן: זיצנדיק לעבן דער שטוב אפן אָפּגעטעסעטן שטיין אין שאָטן פון א בוים איז ער אנשלאָפן געוואָרן אף אייביק.

אינגיכן איז די גרויסע מישפּאָכע זיך צעפאלן. די ברידער האָבן גענומען לעבן יעדערער פאר זיך. די יערושע־שטוב איז, ווי דער שטייגער איז, איבערגעגאנגען צום ייִנגערן ברודער — צו שאָשיטאן. די עלטערע האָבן זיך אופגעבויט יעדערער א שטוב, ארומגעצאמט זי מיט א פארקן און פארפלאנצט א ווײַנגאָרטן... אף גווימראלי, ווו עס האָט פריִער געוווינט לאזארע אליין, האָט זיך איצט געצויגן א רויך איבער פיר נײַע שטיבער.

אזוי איז געבוירן געוואָרן די אבעסאדזער ראנד־גאס.

יאָרן זײַנען געגאנגען. דעם זיידן לאזארעס אייניקלעך האָבן שוין אויך כאסענע געהאט, און בא זיי זײַנען אויך געבוירן געוואָרן זין: בא איראָדיִאָנען — אבעסאלאָם, בא יעזעקיִען — סאנדראָ, בא איוואנע — יאסאָן, בא ספירידאָנען — דאוויד, בא שאלווען — גריגאָרי און לאסיִאָ, און בא ראָסטאָמען — לאזארע.

פון קאיאָר און ביז פארנאכט, אין א גוטן וועטער און אין א שלעכטן, האָרעווען די מאנצבלען אין פעלד און אף די ווײַנגערטנער. איבער פיל דעכער וויקלט זיך א רויך, די פרויען באלעבאטעווען אין שטוב, און כעוורע קליינווארג האָבן זיך צונויפגענומען ערגעץ אין א הויף און שפּילן אין שטיינדלעך אָדער מײַסטרעווען א שפּילצײַג — אן ארבע. די זון סארפּעט. די שטילקײַט שטערט נאָר דאָס געזאנג פון די ציקאדעס. עס טוט פלוצעם א מרוקע א קעלבל, וואָס שטייט צוגעבונדן צו א פלויט, אָדער, ארופגעדראפּעט זיך אף א פארקן, טוט א קרייע א האָן...

אף דער ראנד־גאס ווערט טומלדיק ערשט אין אָוונט, ווען די מאנצבלען קערן זיך אום פון פעלד. זייערע שטימען וועקן אוף די הויפן, די פרויען פאדען ארום די באלעבאטים. אפילע פאר דעם קליינווארג געפינט זיך א שטיקל ארבעט — ברענגען קאלט וואסער פונעם קוואל... זיי פאטשן מיט די פיסלעך איבערן שטעגל. מיט א געפילדער פילן זיי אָן די קרוגן און, אויסגעצויגן אין א שורע, איינס נאָכן צווייטן, ווי ענטלעך, אײַלן זיי צוריק.

מע עסט אָפּ וועטשערע, די הייסע קוילן אין אויוון פארדעקט מען מיט אש, און די גאנצע ראנד־גאס זינקט אײַן אין טיפער שטילקײַט. די לעוואָנע גיסט א לויטערן טוי אף דער ערד, צווישן די פארקנס לייגן זיך טיפע שאָטנס, און דאָס דאָרף ווערט אנשלאָפן, פארוויגט פון דעם שטילן געזאנג פון די שמידערלעך.

באַ אַלע זיבן ייִנגלעך — באַ די קונדייסים, ווי מע האָט זיי גערופן, איז די גליקלעכע צײַט פון דער קינדהײַט שנעל פאַרגאַנגען. אזוא מאָל איז זיי, קאַנטיק, געווען באַשערט, אַז צו די זאָרגלאָזע טעג זייערע זאָל גיך קומען אַ סאָף. גאָר איינגיכן איז געוואָרן אויס צו דעם שפּילן זיך אין שטיינדלעך, צום מײַסטרעווען קליינע אַרבעס, צו די פריילעכע שפּאַציר־גענג אין וואַלד נאָך ווילדע באַרלעך. דאָס אַלץ איז געוואָרן פאַרגאַנגענהײַט.

די פּאַטערס פון די קונדייסים האָט מען אָנגעטאָן אין גרויע שינעלן און געשיקט אין ווײַטע לענדער מילכאָמע האַלטן מיטן קײַזער ווילהעלם. די באַגאַדים פון זייערע מענער האָבן די פרויען זאָרגזאַם אַרײַנגעלייגט אין די קופערטס — אַט ווען די מאַנצבלען קומען צוריק, דאַרף אַלץ זײַן אין פולער אָרדענונג.

די ברויטגעבער זײַנען אוועק, און די ראַנד־גאַאס איז צום ערשטן מאָל אַנשטומט געוואָרן.

אַלע אַרבעטן פון די דערוואַקסענע — נאָכגיין נאָכן אַקער, פאַרזייען דאָס פעלד, שלעפּן אָף זיך שווערע מאַסע — דאָס אַלץ האָט איצט געדאַרפט טאָן דאָס קליינוואַרג. אַלע זיבן כעוורעלײַט האָבן פרי פאַרזוכט דעם ביטערן טאַם פון לעבן. אָף זייערע קינדערשע פּענעמלעך האָט זיך אויס־געלייגט דער אויסדרוק פון שטרענגקײַט, פון יענער שטרענגקײַט, וואָס מע זעט זי נאָר באַ דערוואַקסענע.

לאַנג האָבן די פרויען געוואַרט אָף זייערע מענער, אָבער אומגעקערט האָט זיך בלויז איי־נער — איראַדיאָן, זיך אומגעקערט אָף קוליעס. ביז הײַנט־צו־טאָג דרייט ער זיך אום איבערן דאָרף, און אָנשטאָט אַ לעבעדיקן, אַ געזונטן פוס שלעפּט זיך אים נאָך אַ דעמבן קלעצל, וואָס ער האָט אויסגעטאָקט מיט זײַנע אייגענע הענט. איראַדיאָן איז שטענדיק פרײַנטלעך מעקאַבל־פּאָנעם אַ שאָכן, וואָס גייט אַמאָל אַרײַן, צו אַלעמען איז ער גוט, נאָר איין מאָדנע טעווע האָט ער — וואָס ער זאָל ניט טאָן: שנײַדט ער אונטער אַ ווײַנטרויבן־קוסט, קוקט ער סטאַם אין הימל אַרײַן, זיצט ער באַנאַכט באַם פײַער, שטייען באַ אים אַלעמאָל פאַר די אויגן יענע ווײַטע טעג, ווען ער האָט אָפּן שלאַכטפעלד זיך געבערידערט מיטן טויט, פּונקט ווי ער וואָלט קיין זאַך מער ניט געזען אין לעבן, פּונקט ווי עס וואָלט באַ אים קיין יוגנט קיינמאָל ניט געווען, פּונקט ווי ער וואָלט מער ניט געהאַט וואָס צו דערמאָנען מיט אַ גוט וואָרט.

די צײַט איז אָבער, ווײַזט אויס, ניט קיין שלעכטער רופע... באַ אַלעמען איז שטילער געוואָרן דער צאַר, קלענער — דער ווייטעק...

כעוורע קונדייסים זײַנען אויסגעוואַקסן, מאַנצבלען געוואָרן, אַרויסגענומען פון די קופערטס די באַגאַדים פון די לאַנג שוין באַווײַנטע און באַקלאָגטע טאַטעס, און איינגיכן האָט מען דאָ געגנער־מען איינע נאָך דער אַנדערער שפּילן כאַסענעס.

ס'האָט נאָך געברוישט און געיובלט דער כאַסענע־מאָלצײַט אין שטוב פון דעם ייִנגסטן, פון לאַזאַרען, און אַלע זיבן האָבן זיך אופגעהויבן און זײַנען אוועק מילכאָמע האַלטן קעגן היטלערן.

אוועק... און קיין איינער האָט זיך ניט אומגעקערט צוריק.

אזוי איז צום צווייטן מאָל אַנשטומט געוואָרן די אַבעסאַדזער ראַנד־גאַאס.

מיט עטלעכע יאָר צוריק בין איך ווידער געווען צוגאַסט אין מײַן קאַנט.

אין אַ זוניקן טאָג בין איך אוועק איבערן דאָרף.

פיל פון דעם, וואָס איך האָב געזען, האָט מיר דערמאָנט אָן מײַן ווײַטער פאַרגאַנגענהײַט. אָט איז דער פּלאַטאַן, וואָס אונטער זײַן קרוין פלעג איך זיך קינדווײַז אויסבאַהאַלטן פון אַ רעגן. ער איז פּונקט אזא, ווי איך האָב אים פאַרגעדענקט, — אַ הויכער און אַ מעכטיקער. די צײַט האָט ניט קיין שליטע איבער אים... און אָט איז די אַלטע טשינאַרע, אין וועלכער עס האָט געטראָפן אַ בליץ. איר שטאַם איז איין גרויסער לאָך, עס דאַכט זיך, שוין לאַנג צײַט, דער בוים זאָל אומ־פאַלן. נאָר ער קלאַמערט זיך אַקשאָנעסדיק אָן דער ערד מיט זײַנע אַלטע קנאַכיקע וואָרצלען. דעם אַלטן וואַלד באַ דער וועג־קרייצונג האָט מען אויסגעהאַקט, נאָר אָף זײַן אָרט וויגט זיך שוין אַ גרינע כוואַליע יונגע ביימלעך.

איך האָב געשפּאַנט איבער אַ שטעגל און בין צוגעגאַנגען צו דעם אָרט, ווו ס'איז פריִער געווען די אַבעסאַדזער ראַנד־גאַאס... אין הויף איז שטיל. מע זעט ניט קיין לעבעדיקן נעפעש. איבער די דעכער שלענגלט זיך אַ רויכל, הייבט זיך פּויליבלעך צום הימל. אונטערן בוים ליגט אָן אָפּגעטעסעטער שטיין...

טרויעריק האָב איך באַקוקט די באַקאַנטע ערטער, זיך געלאָזט ווײַטער און בין איינגיכן צוגעגאַנגען צום קוואַל.

נאָך פונדערווײַטן האָב איך דערהערט קינדער־שטימען. איצט האָב איך דערזען די קינדער גופע. זאַלבעפינפט זײַנען זיי געווען. פאַרברוינטע פון דער זון, געזונטע כעוורעלײַט, האָבן זיי

באגאַסן איינער דעם אנדערן מיט וואסער און מיט א פרייל‏עכן טומל ארומגעטאנצט ארום דעם קוואל. זיך אָנגעשפּילט צו זאַט, האָבן זיי אָנגעפילט מיט וואסער די קרוגן און, אויסגעצויגן אין א שורע, ווי די ענטלעך, האָבן זיי גענומען פּאַטשן מיט די באָרוועסע פיסלעך איבערן שטעגל.

עפּעס א ווײַטע, גאָר א ווײַטע דערמאָנונג האָט אופגעוואַכט אין מיר. איך האָב פאַרשטעלט די יינגלעך דעם וועג און שטיל, מיט א מאָדנע מעטושטעש געפיל פון שרעק, האָב איך געפרעגט:

— וועמעס זײַט איר, כּעוורע?

זיי האָבן פאַרכידעשט א קוק געטאָן אף מיר, און איינער, דער סאַמע דרייסטער, האָט האַ־פערדיק געענטפערט:

— אבעסאדזעס זײַנען מיר, אָן פון יענער גאַס!

זיי האָבן נאָכאַמאָל א קוק געטאָן אף מיר, ווידער זיך אויסגעצויגן אין א שורע און זיך אוועקגעלאָזט שווײַגנדיק ווײַטער. ווען זיי זײַנען דערגאַנגען צום וועג־אויסבייג, האָב איך ניט אויסגעהאַלטן און א געשריי געטאָן:

— היי איר, קונדייסים! היי!

די קינדער האָבן זיך אָפּגעשטעלט, פאַרוווּנדערט זיך אומגעקוקט, א רעגע געבליבן ווי צעמישט און דערנאָך מיט א פרייל‏עך געפילדער זיך אוועקגעטראָגן אהיים.

איך בין זשעדנע צוגעפאַלן צום קוואל. געשטילט דעם דאָרשט, האָב איך מיט דעם זעלבן וועג זיך געלאָזט צוריק... מיטן פלאַמיקן צווײַט פון מילגרוימען האָט געבליט די גאַנצע געגנט. פון די צווײַגן איז אַראָפּגעהאַנגען רײַפע אליטשא מיט רויטלעכע בעקלעך. דאָרט, וווּ די פּיירעס זײַנען אַראָפּגעפאַלן אף דער ערד, האָט געשמעקט מיט שיקערלעכן רייעך פון יונגן ווײַן, וואָס האָט ערשט אָנגעהויבן יוירן. א פויגל האָט מיט א הילכיקער צוויטשערײַ זיך א וואָרף געטאָן פון איין קוסט אף א צווייטן. אין דער לופט, וואָס איז געווען אָנגעפּאַיעט מיט היץ, האָט אָן אופהער געקלונגען דאָס געזאַנג פון די ציקאַדעס און אַלץ ארום איז געווען פאַרגאָסן מיט זון־שײַן.

יידיש — ב. קאַטיק

---

אנא קאלאנדאדזע

# מע טרינקט פון דעם דאָזיקן קרוג

„ווען אָמאַר כאַיאַם איז געווען אין בוכאַרא, האָט ער, ווי מע גיט איבער, געזאָגט: „מײַן קייווער דאַרף זײַן דאָרט, וווּ דיביימער וועלן יעדן יאָר באַדעקן מײַן ברוסט מיט קווייטן און בלעטער“... איך האָב געזען אין נינאַסבור כאַיאַמס קייווער. ער איז ווירקלעך געווען באַדעקט מיט בלעטער און גראָז. דעמלט זײַנען מיר געקומען אפן זינען אָמאַר כאַיאַמס ווערטער, און איך האָב זיך צעוויינט“.

ניזאַמי

אויב ס׳וועט מיך וואַרגן, זאָל וואַרגן דער ווײַן.
שיקערער מאָנבליט זיך וויגט, ווי א פלאַם.
ס׳כיינפינטל שוואַרצט זיך, כ׳וויל אויך אזוי
זײַן, —
אָמאַר כאַיאַם.

דיך האָבן טלאָען פון גורל פאַרשמאַכט,
שווײַגסטו אין כאַשכעס, פון לעבן פאַרסאַמט,
אָבער דײַן ווײַן איבער מענטשן האָט מאַכט, —
אָמאַר כאַיאַם.

ליימענע קרוגן דאָס פײַער באַהעלט,
ווײַן אין די קרוגן געהיט מע צעגיסט.
ס׳טראָגן דײַן אָטעם די גראָזן אין פעלד,
גראָזן — זיי קושן די מיידלשע פיס.

ס׳גייט פון דײַן ווײַן, ווי פון הימל א שײַן,
הוידעט די בלעטער א ווינט אין גאַלאָפּ,
ס׳טרינקען די בלעטער, די מענטשן דײַן ווײַן,
שטיל פאַלן שיקערע בלעטער אַראָפּ.

וואָך איז די רויז בא דעם ראַנד פון א וועג,
שעפּטשעט זי שטיל און פאַרקישעפט און בלינד.
ווען ס׳האָבן רויזן דײַן קייווער באַדעקט,
האָט ניזאַמי זיך צעווײנט ווי א קינד.

פעסט איז דאָס קריגל — ווײַל גוט ס׳איז
פאַרמישט,
ס׳היט דער גרוזין אָט דאָס קריגל מיט פלאַם,
גאַרטלט ארום עס דער גרינער קאַמיש.

יאָרן א סאך זײַנען דורך שוין, א יאַם,
ס׳רעגט דײַן געטראַנק — ווײַן מיט פלאַם
א געמיש, —
אָמאַר כאַיאַם.

יידיש — ד. כײַקינע

יעכיעל שרײַבמאַן

# א טאָג אין קאַסרילעווקע

אַן אויסגעדייוועטע קאַסרילעווקער ציג האָט זיך אופגעשטעלט מיט די צוויי פּעדערשטע פיס אירע אַף א גרין מאָכיק דעכל, הריזעט עס, קוקט זיך אַלעמאָל דערשראָקן אום, מאַלעגיירעט און שאָקלט צו מיטן ווײַסן פּאַרקאַלטנטן בערדל אירן.

ערגעץ אַף בוידעמער ווײנען הונגעריקע קעץ.

מיט צעפּאָכטעטע פּאָלעס, מיט א וויגרישנע בילעט אין א זשיליעט־קעשענע איז מענאַכעם־מענדל הענדעם־פּענדעם געקומען צו פליגן פון יעהופּעץ. די גוטע קליינשטעטלדיקע שיינע־שיינדל מוטשעט זיך נעבעך אין קיך לעקאָוועד דעם באַשערטנס אהיימקומען בא א פּרוזשעניצע און לייגט אין איר אריין ניט קיין אייער, ניט קיין פּוטער, ניט קיין מעל, ניט קיין בוימל, נאָר מענאַכעם־מענדלס ניטגעשטויגענע און ניטגעפלויגענע כאַלוימעס.

דער קאַסרילעווקער הימל כליפּעט. קרומע, איבערגעפוילטע פּלייטלעך, געשאָקלטע פונעם ווינט, קרעכצן, האַלטן זיך קוים־קוים אַף א האָר, אָט־אָט צעשיטן זיי זיך, ערגעץ סקריפּען אַלטע לאָדנס. עס טראָגט זיך, טראַסקענדיק, א פאַרזשאַווערט שטיק בלעך. עס טוט א דריי א וויכער. און אַז עס ווערט אין א פּאָר רעגעס ארום א ביסל שטילער און העלער, דערזעט מען פונדער־ווײַטנס טעוויע דעם מילכיקערס פערד־און־וועגעלע. דאָס פערדל, הויט און ביין, קײַט מיט אַן אויסגעצויגענער מאָרדע די „היי" פונעם סידער. אין וועגעלע אָנגעשפּאַרט שטייט טעוויע. די שפּיץ באָרד זײַנע האַלט ער פאַרמויעכט אין מויל. דאָס היטל איז אים פאַרוקט אפן שפּיץ קאָפּ. דער קאַפּטן — צעשפּיליעט, צעכראַסטעט. ער שטייט מיט דער בײַטש אין דער האַנט, ער האַלט די בײַטש מיטן שטעקעלע אראָפּ, און פּילט ניט, ווי פון זיך אַליין שרײַבט דאָס שטעקעלע אין זאַמד: „האָדל", „כאַווע", „שפּרינצע". מיטאמאָל טוט ער זיך א רײַס אוף פונעם פּלאַץ, טוט א הייב די אויגן צום הימל ארוף און טוט א צעפּאָכע די בײַטש זײַנע:

— עך, טי, ריבוינע־שעל־אוילעם!..

איבערן שטעטל צעגלעקלען זיך קינדערשע קעלעכלעך: „רעב טעוויע! רעב טעוויע!" צוויי באָרוועסע ייִנגעלעך, פאַרגעלטע, פאַרוואַקסענע, אין צעפּליקטע הייזלעך, מיט שוואַרצע ברענע־דיקע אייגלעך, מאָטל פּייסי דעם כאַזנס און טאָפּעלע טוטאַריטו, לויפן אָן, סאָפּענדיק:

— רעב טעוויע... שאָלעם־אַלייכעם, שאָלעם־אַלייכעם זוכט אײַך!..

טעוויע גלײַכט זיך אויס, פאַרציט אַן אויג, טוט א קעם מיט די פינגער די באָרד און באַקומט א פרײלעך־גאַדלעסדיק פּאָנעם:

— ווו?

— אָט לויפן מיר קריק אים זאָגן!

— וואַרט צו אַף מיר, כעוורעלײַט!

טעוויע מאַכט צורעכט דעם געשפּאַן באַם פערדל, זעצט זיך אוף אפן וועגעלע, און פּאַרנדיק אַזוי פּאַמעלעך איבער די קאַסרילעווקער פאַרדרייטע געסלעך, כאַזערט ער איבער אין זיך דעם מאָנאַלאָג, וואָס ער קלײַבט זיך הײַנט האַלטן פאַר שאָלעם־אַלייכעמען.

דאָס, וואָס ער פּילט, אַז עס וועט שאָלעם־אַלייכעמען באַזונדערס געפעלן, כאַזערט ער איבער אַף א קאָל, מיט האַנאָע, מיט אַלע כיינען פון זײַן ייִדיש־לאָשן:

„אַן אַנטיק! — זאָגט זי צו מיר. — אַף אַלצדינג, טאַטע, האָסטו א פּאָסעק. עפּשער געפינט זיך, זאָגט זי, בא דיר א פּאָסעק וועגן דעם, וואָס מענטשן, זאָגט זי, האָבן גענומען און האָבן זיך אַליין, זאָגט זי, אײַנגעטײלט אַף ייִדן און גוייִם, אַף באַלעבאַטים און קנעכט, אַף פּריצים און בעטלערס?"... „טע־טע־טע! — זאָג איך. — ביסט מיר שוין, דאַכט מיר, פאַרפאָרן, טאָכטער, אין עלעף־האַשישי אַרײַן!"

„...דעהײַנע, זאָג איך, וואָס פאַר א מין סאָרט מענטש איז ער? לאָמיך הערן"... „איך וואָלט דיר, זאָגט זי, געזאָגט, וועסטו ניט פאַרשטיין. כוועדקע, זאָגט זי, דאָס איז דער צווייטער גאָרקי"... „דער צווייטער גאָרקי? — זאָג איך. — ווער זשע איז געווען, זאָג איך, דער ערשטער גאָרקי?"... „גאָרקי, זאָגט זי, דאָס איז הײַנט קימאַט דער ערשטער מענטש אַף דער וועלט... דאָס איז א באַרימטער שרײַבער, א טײַערער, א זעלטענער, אַן ערלעכער מענטש, שטאַמט אויך פון פּראָסטן שטאַנד, נישט געלערנט אין ערגעץ, נאָר פון זיך אַליין"...

אזוי־אָ, זאָגנדיק, פאָרט טעוויע אַרייַן מיטן וועגעלע אין קאַסרילעווקער שנייַדער־געסל.

אינמיטן געסל, ארומגערעדלט מיט אן אוילעם, שטייט שאָלעם־אַלייכעם. פאַרצאָרעטע ווייַבער — יענטע די קורעלאפניטשקע, באסיע פון די גענדז, גיטל, וואָס מע רופט זי אין שטעטל פורישקעוויטש, שיינע־שיינדל — ווייַבער פאַרכוישעכטע, פאַר דער צייַט פאַרעלטערטע, מיט צעקארבטע פענעמער, מיט צעפיצלטע שאלעכלעך אף די קעפּ, האָבן באקומען נייַן מאָס רייד, רעדן אראָפּ אלץ, וואָס ס׳איז בא זיי אפן הארצן. אמכאָ — שנייַדער־געזעלן, יוילִיק דראטווע, קאמזויל, שימעלעס קאָפּל און מאָטל, מיט די פאַרשמאָלצעוועטע סאַנטימעטערס אף די העלדזער, מיט די לאנגע אויסגעמארכעוועטע פענעמער, שוסטער־יונגען מיט די פארפאפטע הויזן, מיט די בלייכע פאַרשפּיצטע נעז, — אלע וואַרפן אַרייַן אין די רייד א גלייַכווערטל, א שטעכעניש די נעגידים אין די זייַטן, א ניגנדל, און קינדער — קינדער פון דער „טשערטאָ“, אויסגעהונגערטע, מיט אלע קרענק פון דער וועלט איבערגעקרענקטע, געפלאָגטע, געשלאָגענע און פריילעכע, פריילעכע קאפּצאָנימלעך. דער גאנצער אוילעם האָט שאָלעם־אַלייכעמען ארומגערינגלט, מאָנט אן אייצע, א גוט וואָרט, א טיקן.

טעוויע שטופּט זיך דורך צווישן אוילעם, גיט אָפּ שאָלעם־אַלייכעמען דעם ברייטן „סקאָצל־קומט“. שאָלעם־אַלייכעם פאַרשטעקט אין קעשענע דאָס טיכל, מיט וועלכן ער האָט נאָרוואָס, קיינער זאָל ניט זען, שטילערהייט אויסגעווישט א טרער, און טוט א זאָג:

— זייַט אזוי גוט, רעב טעוויע, דער אוילעם וויל הערן פערטשיקס בריוול!..

טעוויע נעמט אראָפּ דאָס היטל פונעם קאָפּ, שלעפּט ארויס פון אונטער דער פּאָטשעווקע א פאַרשריבן בייגעלע פאפיר, ברומקעט צו בעשאַס־מייַסע: „אוי, זייַנען זיי מיר אייַנגעבאקן אין הארצן, האָדל און פערטשיק. טיף, טיף“ און דערלאנגט דאָס בייגעלע פאפיר שאָלעם־אַלייכעמען.

שאָלעם־אַלייכעם ווישט זיך אויס די ברילן און הייבט אָן לייענען שורע בא שורע דאָס גוטע בריוול פון ווייַטן סיביר. דאָס בריוול דערציילט וועגן א נייַער וועלט, וואָס פערטשיק באָרעט זיך פאר איר. עס וועט אופגיין די זון און עס וועט ווערן ליכטיק. א וועלט אָן בראָדסקיס און אָן ראָטשילדס, אָן נעגידים און אָן קאפצאָנים. אמכאָס וועלט, אמכאָ — שער־און־אייַזן.

דער אוילעם הערט און שטוינט. טעוויע שטייט מיטן אראָפּגענומענעם היטל אין דער האנט און שייַנט. און אז שאָלעם־אַלייכעם פאַרענדיקט לייענען, לייגט ער דאָס בריוול צונויף אינפירן, דערלאנגט עס צוריק טעוויען, כאפּט א ביסל אָפּ דעם אָטעם און טוט דערנאָך א זאָג צום אוילעם:

— קומט, ברידער, מיט פערטשיקן... אין דער נייַער וועלט אַרייַן... אמכאָ — שער־און־אייַזן, נאָט אייַך פראוואָזשיטעלסטווע אין דער אומשטערבלעכקייַט...

# מייַן ערשטע ליבע

מילכאָמע־צייַט זייַנען מיר, איך און די מאמע מייַנע, געוועזן עוואקוירט אין א ווייַטן אוזבעקישן קישלאק. א קליין דערפל צווישן בערג. ווייַט פון א באן, ווייַט פון א שטאָט. און אוואדע זייער ווייַט פון דאָרט, ווו עס זייַנען געגאנגען אף טויט און אף לעבן די שלאכטן מיט די פאשיסטן.

איך און די מאמע מייַנע. דער טאטע איז געוועזן אפן פראָנט. ס׳הייסט, ער איז שוין דעמלט אינגאנצן ניט געוועזן. ער איז שוין געהאט אומגעקומען ערגעץ לעבן אָדעס. נאָר מיר האָבן זיך עס ערשט דערוווסט שפּעטער, אין א פּאָר יאָר ארום.

כ׳בין דעמלט אלט געוועזן צוועלף יאָר. א קליין מיידעלע. די מילכאָמע איז שוין געגאנגען עטלעכע כאדאָשים. מעגלעך, אז אזעלכע עטלעכע כאדאָשים מאכן א קליין מיידעלע מיטאמאָל גרויס. אלקאָלפּאָנעם, גרעסער.

ווען די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן, בין איך פונקט אריבער אין פערטן קלאס. און אָט איז שוין סענטיאבער. עס זייַנען שוין אוועק די זומער־קאניקולן. מע הייבט שוין אָן לערנען. און איך לערן ניט. איך ארבעט מיט דער מאמען אפן פעלד.

ס׳איז אונדז געוועזן זייער שווער. מיר האָבן אָפּט צוגעהונגערט. ביכלאל איז דעמלט אינעם דאָזיקן קישלאקל געוועזן שווער. ביפראט אונדז, אָנגעקומענע. בייסן עוואקוירן זיך, אפן וועג, האָט מען אונדז עטלעכע מאָל באָמבירט. דער וואגאָן אונדזערער האָט אָפּגעברענט מיט אלע אונדזערע זאכן. מיר זייַנען ארויס הויל און בלויז, אין די איינע העמדער, ווי מע זאָגט. נאָך א נעס, וואָס מיר זייַנען אליין געבליבן לעבן.

ווינען האָבן מיר געוווינט אין א קליין קיביטקעלע. א שטיקל שייַבל ערגעץ אויבן לעבן דער סטעליע איז דאָס איינציקע ביסל שייַן אין שטוב. א פּאָר פּאָליצעס אַף די ווענט, א ליימענער טאָפּטשאַן, א מין אוזבעקישער פּריפּעטשיק אין א ווינקל — דאָס איינציקע מעבל.

דאָס גאַנצע קישלאַקל איז באַשטאַנען פון אַזעלכע־אָ פּלאַטשיקע פּירעקיקע קיביטקעס, אָן דעכער, ליימענע, געלע, אָנגערוקטע איינס אַפן אַנדערן בערגל־אַראָפּ, בערגל־אַרויף, ווי קעסטלעך אויסגעלאָדענע און צעוואָרפן־איבערגעלאָזטע ערגעץ אינמיטן פעלד, צווישן בערג אַרום־און־אַרום.

פאַרנאַכט נאָך דער אַרבעט עסן מיר אָפּ אַן אוזבעקיש פּלעצל, פאַרטרינקען מיט א טעפּל אַקרעפּ און לייגן זיך שלאָפן אַפן ליימענעם טאָפּטשאַן, אונטערגעשפּרייט מיט די צוויי קאָלדרעס און צוגעדעקט מיט די צוויי וואַטאָווע טשאַפּאַנען, וואָס דער קאָלווירט האָט אונדז דאָ אַרויס־געגעבן.

לערנען לערן איך ניט. ניט נאָר דערפאַר, ווייַל איך אַרבעט מיט דער מאַמען אַפן פעלד, נאָר אויך דעריבער, ווייַל די איינציקע שול אין קישלאַק איז אַן אוזבעקישע.

די מאַמע זאָגט:

— נישקאָשע, טעכטערל. אַז דו וועסט נאָר וועלן, וועסטו נאָך טאָמיד אַניאָגן... ס'ט פאַרלירן א יאָר־צוויי. נו, איז וואָס? זעסטעך. ס'איז מילכאָמע. מענטשן פאַרלירן די לעבנס. ס'א שווערע צייַט, קינד מייַנס. אַרבעטן און העלפן דעם פראָנט איז איצטער בילכער, ווי לערנען!..

די מאַמע איז טאַקע עפּשער גערעכט. נאָר מיך נאָגט עפּעס א מעסוקענע בענקשאַפט. ס'איז מיר שטאַרק אומעטיק אַפן האַרצן. אַז איך הער, ווי עס טוט א קלונג דאָס גלעקל אין שול, כאַפּט מיך אָזש אָן א געוויין. ווו זייַנען ערגעץ אַלע מייַנע כאַווערטעס פונעם קלאַס? איז כאַלילע גאָרניט געשען מיט דער לערערן אונדזערער, מיט עספיר יאָסיפאָוונען? כ'האָב מיר גאָר קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אַז ס'איז אַזוי גוט, ווען מע לערנט. אַז כ'וועל אַזוי־אָ שטאַרק בענקען נאָכן לערנען.

— גוט, — זאָג איך, — מאַמע, אויב אַזוי, פאַרוואָס זשע לערנען דאָ די קינדער יאָ? פאַרוואָס גייען זיי אויך ניט אַלע אַרבעטן אַפן פעלד?

— ערשטנס, — ענטפערט מיר די מאַמע, — צו די היגע מענטשן קאָנען מיר זיך ניט גלייַכן. זיי האָבן נאָך ניט געפילט אַזוי די מילכאָמע, ווי מיר האָבן זי געפילט. צווייטנס, האָסטו דאָך אַליין געזען: א גאַנצן זומער האָבן די קינדער געאַרבעט אַפן פעלד אינאיינעם מיט די גרויסע. דריטנס, לערנען זיי דאָך אוזבעקיש. ווען דו קענסט אוזבעקיש, וואָלסטו אויך געלערנט. ווער זאָגט דען, אַז ניין?

— כ'קען שוין א סאַך ווערטער, מאַמע!..

— ע, וואָס קענסטו? וויפל קענסטו?

— וואָס איך קען, קען איך. אַז כ'וועל לערנען, וועל איך מערער קענען.

— נו, גוט, — האָט די מאַמע געזאָגט, —מירן זען שפּעטער. ווינטער־צו. סייַוויסיי הייבן דאָ אָן, זאָגט מען, שפּעטער גיין רעגנס.

און אַזוי איז געווען. אינגיכן נאָכן אָקטיאַבער־יאָמטעוו האָבן אָנגעהויבן מאַראַקען דריבנע רעגנדלעך. די מאַמען האָט מען געשטעלט אַרבעטן אין אַמבאַר באַם רייניקן דעם ווייץ. קיין סאַך מענטשן האָט מען בעמיילע ניט געדאַרפט, און איך האָב אָנגעהויבן גיין אין דער אוזבעקי־שער שול.

כ'האָב מיר אויסגעפלאָכטן פון די האָר, פּונקט ווי די אוזבעקישע מיידעלעך, אָן א שיר דין־דינינקע צעפּעלעך. די אוזבעקישע מיידעלעך האָבן מיך אַרייַנגענומען אינדערמיטן, געטוליעט זיך צו מיר, געהאַלטן מיך די גאַנצע צייַט אַרומגענומען. נאָר אַלציינס בין איך די ערשטע טעג געזעסן, ווי א פּרעמדע. עפּעס ווי א מין טויב־שטום קינד. ניט כ'האָב פאַרשטאַנען, וואָס דער לערער האָט גערעדט, ניט כ'האָב געקענט ענטפערן, וואָס דער לערער האָט געפרעגט.

דער לערער אונדזערער האָט געהייסן אַבדוראַכמאַן אוסמאַנאָוו. אָט וועגן אים טאַקע דער־צייל איך.

ער איז געווען זייער א יונגיטשקער, אַן איידעלינקער. ווי אַלע אַנדערע לערער, האָט ער גע־טראָגן א טובעטייקע אַפן קאָפּ, איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין א פאַרביק־פּאַסנדיקן אוזבעקישן טשאַפּאַן. נאָר אויסגעזען האָט ער עפּעס ניט ווי קיין לערער, נאָר ווי ער וואָלט אַליין געווען א שילער, א שילער פון די העכערע קלאַסן.

ער איז געווען זייער א שעמעוודיקער, די כעוורע פלעגן זאָגן, אַז ער שעמט זיך צו שטעלן עמעצן א צוויי.

אַז א שילער פלעגט אַמאָל קומען מיט ניט צוגעגרייטע לימודים, פלעגט ער א נעם טאָן דעם שילערס העפט אין די הענט, א דריי טאָן אים אַהער, אַהין, און ער, דער לערער אַליין, פלעגט, דאַכט זיך, רויט ווערן, ניט דער שילער.

פאַר ניט צוגרייטן די לימודים פֿלעגט ער קיינמאָל ניט באַשטראָפֿן, קיינמאָל ניט שרײַען. ביכלאַל האָט מען, דאַכט זיך, קיינמאָל קיין הויך וואָרט זײַנס ניט געהערט. און אַ שיינע זאַך: אין קלאַס איז מען דאַפֿקע געזעסן שטיל. זעלטן פֿלעגט עמעצער קומען מיט ניט קיין געמאַכטע אויפֿגאַבעס. אַפֿאַנעם, טאַקע ווײַל ער איז געווען אַזאַ ווייכער, אַזאַ גוטער, אַן איידעלער, האָבן די קינדער ניט געהאַט קיין האַזע טאָן אים קאַפּויר, ווי קינדער האָבן בעטעווע ליב צו טאָן. פֿאַר־קערט: אויב מע קאָן יאָ טאָן, וואָס מע וויל, וועט מען דאַפֿקע טאָן נאָר דאָס, וואָס מע דאַרף.

צווישן די לערער פֿלעגט ער זיך אויך אומדרייען שעמעוודיק, אַניוועסדיק. די לערער פֿלעגן, אַפֿאַנעם, אַמאָל אַ לאַך טאָן פֿון זײַן איבערגעטריבענער אַניוועס. אַנדערש קאָן דאָך ניט זײַן. אין קישלאַק האָב איך אַמאָל געהערט אַ זאָג טאָן, אַז אַבדוראַכמאַן איז פֿון יענע מענטשן, וואָס ווייסן ניט, ווי צו לעבן אַף דער וועלט: אַ ווײַב וועט אים אַפּדרייען דעם קאָפּ, אַרומדרייען אַרום פֿינגער.

מיך פֿלעגט ער אירצן. ס'איז מיר אַ ביסל אויסגעקומען קאַמיש: אַ קליין צוועלפֿיאַריק מיי־דעלע זאָגט מען שוין „איר". און ס'האָט מיר, פֿאַרקערט, אויך אַזש אַ טיאַכקע געטאָן אין האַרצן: קיינער אין דער וועלט האָט מיר נאָך ביז דעמאָלט ניט געזאָגט „איר".

אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך דעם, ווי כ'האָב אָנגעהויבן גיין אין שול, שטיי איך אַזוי פֿאַרנאַכט אַף דער שוועל פֿון אונדזער קיביטקע און דערזע פּלוצעם, ווי אוסמאַנאַוו שפּאַנט גלײַך צו אונדז אַהער.

— מאַמע, — האָב איך אַ געשריי געטאָן, — דער לערער גייט צו אונדז!

— וואָס פֿאַר אַ לערער?

— מײַן לערער. אַבדוראַכמאַן אוסמאַנאַוו.

— ער פֿעלט מיר אויס צו די צאָרעס, — האָט די מאַמע זיך געבייזערט. — וואָס איז פּלו־צעם? ווו וועל איך אים באַזעצן ווו? מיט וואָס וועל איך אים מעכאַבעד זײַן? ווייסטעך, באַ זיי איז אַ מינהעג, אַז מע דאַרף אַ מענטשן מאַכניס־אורעך זײַן. ט'האָסטו דיר־אָ!

פֿונדעסטוועגן האָט זי זיך גיך אַ וויש געטאָן די הענט אין קליידל, פֿאַריכט דאָס טיכל אַפֿן קאָפּ און דעם לערער מיט גרויס קאָוועד אַרײַנגעבעטן אין קיביטקע אַרײַן:

— זייער אָנגעלייגט. קומט אַרײַן. יאַכשי מי סיז. וואָס'ט איר עפּעס זאָגן גוטס, טאָווארישטש אוטשיטעל?

אוסמאַנאַוו האָט, ווי זײַן שטייגער איז, צוערשט זיך אַ רויטל געטאָן, שעמעוודיק, מיט אַראָפּ־געלאָזטע אויגן צוגעשמייכלט און אַף זײַן אוזבעקישן רוסיש אַ זאָג געטאָן:

— נעמנאָשקאַ דאָטשקאַ אוטשיט בודו, זדיעס, קיביטקע![1]

אַזוי־אָ פֿלעגט ער אַלע פֿאַרנאַכט קומען צו אונדז. אין שטוב איז שוין דעמאָלט געווען אַ שטיקל טישל. אַ שפּיגעלע איז געהאַנגען אַף דער וואַנט. אַף די פּאָליצעס זײַנען שוין געשטאַנען אַ פּאָר טעלער, עטלעכע פּיאַלעס. די מאַמע פֿלעגט אָנצינדן דעם קאַנעץ, מיט עפּעס פֿאַרשפּרייטן די ליימענע סאָפּקע, צורוקן צו דער סאָפּקע דאָס טישל. איך און דער לערער פֿלעגן זיך אוועק־זעצן באַם טישל, און די מאַמע פֿלעגט זיצן באַ דער זײַט, אונטערגעשפּאַרט דאָס פּאָנעם מיט ביידע הענט, צוהערן זיך, ווי דער לערער לערנט מיט מיר, און צושאָקלען מיטן קאָפּ. דערנאָך פֿלעגט זי אַפֿן אוזבעקישן „טאַנדער" לייגן פֿײַער, אופֿשטעלן דעם טשײַניק אַף טיי, און ביז מיר פֿלעגן אַלע דרײַ איניינעם ניט אויסטרינקען צו קיין פּיאַלע טיי, אָן צוקער, פֿאַרשטייט זיך, פֿלעגט זי אוסמאַנאַוון ניט אַוועקלאָזן.

— אוי, אַ טײַערער אוסמאַנאַוו! — פֿלעגט די מאַמע טאָמיד איבערכאַזערן איינס און דאָס זעלבע. — דאָס בעניִמעסדיקייט. דאָס שטילקייט. קיין קרומער קוק ניט, קיין הויך וואָרט ניט. כ'ווייס נאָר ניט, ווי ער פֿירט דאָרט דעם קלאַס? צי לערנט ער מיטן קלאַס, צי לערנט דער קלאַס מיט אים? צו הײַנטיקע קינדער דאַרף מען דאָך האָבן אײַזערנע קויכעס.

אין עטלעכע כאָדאָשים אַרום האָב איך געערדעט אוזבעקיש, ווי אַ געבוירענע אוזבעקטשקע. פֿאַרשטייט זיך, אַ דאַנק דעם לערערס לערנען מיט מיר, אַ ביסל אַ דאַנק דעם, וואָס איך פֿלעג שאָענווײַז פּלאַפּלען מיט די אוזבעקישע מיידעלעך. ווי־אַזוי עס זאָל ניט זײַן, אין קלאַס בין איך איצט געזעסן פֿרײַ, אַקוראַט ווי אין דער היים, גלײַך, ווי איך וואָלט גאָר קיינמאָל ניט גע־לערנט אַנדערש.

און אין עטלעכע כאָדאָשים אַרום, ערגעץ מײַ־צײַט, דאַכט זיך, האָט זיך אוסמאַנאַוו פּלוצעם אין אַ גאַנצפֿרי געזעגנט מיט אונדז: מע רופֿט אים אין דער אַרמיי, אַפֿן פֿראָנט.

דער גאַנצער קלאַס האָט אים, פֿאַרשטייט זיך, אַרויסבאַגלייט אַרויס דעם קישלאַק. ער איז אוועקגעפֿאָרן. אָנגעהויבן לערנען מיט אונדז האָט אויך אַ יונגיטשקע לערערן, אויך אַ גוטע, אַן איינפֿאַכע. נאָר סײַ איך, סײַ די מאַמע מײַנע האָבן טאָג און נאַכט ניט אופֿגעהערט ריידן וועגן

[1] כ'וועל אַ ביסל אײַער טאָכטער לערנען, דאָ, אין קיביטקע.

אוסמאנאַוון. די מאַמע האָט עפּשער נאָר גערעדט. איך האָב וועגן אים אי גערעדט, אי געטראַכט. נאָר וועגן טאַטן אונדזערן אַף דער מילכאָמע האָבן מיר אַזויפיל גערעדט און געטראַכט.

— איי, דאָס איז עס... ער׳ט דאָרטן פאַלן, ווי א פליג...

— גיי, מאַמע, פאַרוואָס זאָלסטו אַזוי זאָגן? דאָרט זיינען דען אַלע גיבוירים, ריזן?

— א שיינער פאַרגלייַך. דאָס איז דאָך הוילע נעשאָמע. א בלאָז. א הוך. א סאַמעטן פעדערל. און מע דאַרף עפּעס דאָרטן זיך אויסטויגן אויך. ער האָט דאָך קיין הויכן געשריי ניט געקענט טאָן. וואָס זשע, עפּעס אַזוי־אָ?..

— וועסט זען, מאַמע. ער וועט דאָרטן שלאָגן היטלערן, פּונקט ווי אַלע. און ער וועט נאָך צוריק אהיימקומען גלייַך מיט אַלע.

מיר האָבן דעמלט ניט געוווּסט, צי דער טאַטע איז נאָך דאָ, צי ער איז שוין נישטאָ. מיר פלעגן אפילע אויסמייַדן אָפן ריידן דערפון. און אַזא שמועס וועגן פאַלן אָפן פראָנט, וועגן אומקערן זיך א גאַנצער, כאָטש ער איז געווען וועגן אוסמאַנאַוון, האָט שטילערהייט, פאַרשטייט זיך, מער געמיינט דעם טאַטן, ווי אוסמאַנאַוון.

די מאַמע האָט מיט דער צייַט אינגאַנצן אופגעהערט ריידן וועגן לערער. איך, פאַרקערט, האָב איצט, ווען ער איז ניט געווען, וואָס אמאָל מער אין אים זיך דערמאָנט. כ׳ווייס ניט פאַרוואָס, ער פלעגט זיך מיר באַנאַכט כאָלעמען. און כאָלעמען זיך מיר טאָמיד איינינעם מיטן טאַטן. מיר האָבן שוין דעמלט געוווּסט אין קישלאַק וועגן אַלע רעציכעס, וואָס דער דייַטש האָט אָנגעטאָן. איינמאָל האָב איך געזען, ווי דייַטשן פירן זיי ביידע. דער טאַטע איז אַלט, גראָוו, אייַנגעבויגן, צעבראָכן, ניט צו דערקענען. אוסמאַנאַוו איז אייַנגעשרומפּן, אייַנגעדאַרט, אויסגעמאַרכעוועט און זעט אויס, ווי א קליין יינגל. איינמאָל האָב איך זיי ביידע געזען הענגען איינער לעבן אַנדערן. כ׳האָב אָנגעהויבן שרייַען פונעם שלאָף, אופגעוועקט די מאַמען, און ס׳איז מיר אַזש געווען סטראַשנע דעם כאָלעם צו דערציילן.

אין שול פלעגן אָנקומען בריוו פון אוסמאַנאַוון. די לערערן פלעגט זיי אונדז לייענען. מיר פלעגן אים מיט איר איינינעם אַלע ענטפערן. דערנאָך איז אוועקגעגאַנגען עפּשער א האַלב יאָר און ס׳איז פון אים ניט געווען קיין שום יעדיִע. אָפן פראָנט איז דעמלט געגאַנגען זייער שווער. ווער האָט דען דאָרטן איצטער א פרייַע מינוט צו שרייַבן בריוו? — פלעג איך טראַכטן. און כ׳פלעג אָבער אויך טראַכטן: ווער ווייסט?.. עפּשער?..

ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז אין אונדזער גאַנצן קלאַס און אפילע אין גאַנצן קישלאַק טראַכט וועגן אונדזער לערער נאָר איך איינע.

און אפילע דאָס האָט מיר ווי געטאָן פאַר אוסמאַנאַוון.

און פלוצעם, מאָלט אייַך, אין איינעם א פרימאָרגן האָט דער גאַנצער קישלאַק אָנגעהויבן גיין כאַדאַראַם. ס׳איז אָנגעקומען א טעלעגראַם אהיים צו אוסמאַנאַוון, ס׳איז אָנגעקומען א טע־לעגראַם אין דאָרפראַט. אַלט און יונג זייַנען אַרויס אין דרויסן. ס׳האָט זיך געראַשט באַ יעדער קיביטקע. די אוזבעקן האָבן אַף זייער שטייגער, איין מאָל און נאָך א מאָל אַרומגעמענדיק זיך, איינער דעם אַנדערן באַגריסט. דער שול־דירעקטאָר אונדזערער האָט צונויפגענומען אַלע קלאַסן און מוידיִע געווען דאָס נייַס.

אָפן אַנדערן טאָג איז אין די טאַשקענטער צייַטונגען געווען אָפּגעדרוקט אוסמאַנאַווס פאָטאָגראַ־פיע. פּונקט אַזא־אָ, ווי מיר האָבן אים אַלע געקענט: מיטן זעלבן שעמעוודיקן שמייכעלע אָפן פּאָנעם.

אָפן בילד איז געשטאַנען א סאָלדאַט מיט א פּילאָטקע אָפן קאָפּ אָפן אָרט פון א טובעטייקע, מיט א סאָלדאַטסקע גימנאַסטיאָרקע אָפן אָרט פון דעם פאַסנדיקן טשאַפּאַן. נאָר פּונקט אַזא־אָ, ווי מיר האָבן אים געקענט, גלייַך ווי אָט שטייט ער אַזוי און הייבט זיך באַלד אָן רויטלען, וואָס ער דאַרף עמעצן שטעלן א צוויי.

די צייַטונגען האָבן באַשריבן, וויאַזוי דער לערער אבדוראַכמאַן אוסמאַנאַוו איז געוואָרן א העלד פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. די דייַטשן האָבן געוואָרפן אין אונדזערע אָקאָפּעס גראַנאַטעס, און אוסמאַנאַוו האָט זיי איינע נאָך דער אַנדערער געכאַפּט אין די הענט אַרייַן, צוריק געוואָרפן, און די גראַנאַטעס האָבן קעסיידער אופגעריסן דאָרט, באַ די דייַטשן.

דער קישלאַק האָט געראַשט. עפּשער א כוידעש דורכאַנאַנד האָט מען גערעדט, דערציילט, געפרייט זיך, געכידעשט זיך. אַלט און יונג. קינד־און־קייט...

— הער־הער, וואָס עס טוט זיך אָפּ!

גיי ווייס, אַז פון אַזא פּראָסטקייַט און באַשיידנקייַט, אַזש ביז שעמעוודיקייַט, קאָן זיך אמאָל א צי טאָן א גלייַכער וועג צו אַזא דרייסטקייַט, צו העלדישקייַט.

די מאַמע מייַנע, אַף איר שטייגער, פאַרשטייט זיך, אויך:

— הער, וואָס אַזא־אָ שוואַך לערערל קאָן געבן א טו אוף!.. דער מענטש איז טאַקע, אַפּאָנעם, שוואַכער פון א פליג און שטאַרקער פון שטאָל... אוי, א טייַערער אוסמאַנאַוו, א טייַערער!..

איך בין אומגעגאַנגען און געטראַכט, אַז דער יאַמטעוו איז מײַנער. שטילערהייט, קיינער זאָל ניט זען, פֿלעג איך זיך ערגעץ אַוועקזעצן, צענעמען די צײַטונג און קוקן און קוקן אַפֿן לערער. כ׳פֿלעג פֿילן, ווי עס טוט מיר אַזש אַלעמאָל אַ טיאַכקע אין האַרצן: קיינער האָט מיר נאָך קיינמאָל ניט געזאָגט „איר". כ׳האָב אים כאָטש נאָך איין מאָל געוואָלט זען, הערן.

אין אַ טאָג האָט זיך צעטראָגן אַ קלאַנג, אַז דער קישלאַק גרייט צו אַ גרויסן „טוי"[1]. אוסמאַנאָוו קומט צו פֿאָרן אויף אַ פּאָר טעג אַהיים פֿונעם פֿראָנט. מע וועט אים ברענגען צו פֿירן מיט פּאַראַד פֿון טאַשקענט. נאָר קיין גרויסער „טוי" איז אין קישלאַק ניט געווען. אוסמאַנאָוו איז אָנגעקומען אָן שום פּאַראַד. ער האָט פֿאַרבראַכט בײַ די עלטערן זײַנע איין האַלבן טאָג און איז אויף מאָרגן צוריק אַוועקגעפֿאָרן. מ׳האָט דערנאָך דערציילט, אַז ער האָט געזאָגט, אַז ס׳איז איצטער נאָך ניט די צײַט ניט פֿאַר קיין „טויען" און ניט פֿאַר קיין פּאַראַדן.

מיט די אוזבעקישע מיידעלעך, מיט די כאַווערטעס מײַנע, האָבן מיר זיך געדרייט אַרום אוסמאַנאָווס עלטערנס הויף.

דער הויף איז געווען פֿול מיט מענטשן. ניט אַרײַנצושטופּן זיך אַפֿילו אַהין. כ׳בין, פֿונדעסטוועגן, שפּעטער, פּאַוואָלינקע, אויף דער ערד, דורכגעקראָכן דורך די מענטשן און זיך צוגעגרוקט צו דער טיר. כ׳האָב זיך אויפֿגעשטעלט אויף די פֿיס. עמעצער האָט אָנגעשריגן אויף מיר. עמעצער האָט מיך אַ הייב געטאָן אינדערלופֿטן. אין שטוב איז מען געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. מעגלעך, ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך זע אים. מעגלעך, כ׳האָב אים טאַקע אין יענער רגע דערזען: אַזוי־אָ, אין אָנגעטאָנענעם אין דער גימנאַסטיאָרקע, מיט דער פּילאָטקע אויפֿן קאָפּ. ווי עס זאָל ניט זײַן — געזען האָב איך אים צום לעצטן מאָל.

אין אָנדערהאַלבן יאָר אַרום — מיר האָבן שוין דעמלט געהאַט באַקומען די יעדיע וועגן טאַטן — האָט מען אין קישלאַק באַווײַנט אוסמאַנאָוון.

קיין „טוי", קיין יאַמטעוו האָט ער ניט געלאָזט מע זאָל אים מאַכן, נאָר אַזויפֿיל טרויערן איז קיינער ניט געווען, ווער עס זאָל פֿאַרווערן. דער גאַנצער קישלאַק האָט געוויינט. ווײַבער האָבן זיך, לויטן אוזבעקישן שטייגער, צעדראַפּעט די פּענעמער. מ׳האָט געקלאָגט לעבן יעדער קיביטקע. איך און די מאַמע זײַנען, פֿאַרשטייט זיך, אויך ניט געזעסן און געשוויגן.

אינגיכן זײַנען מיר מיט דער מאַמען אַהיימגעפֿאָרן. די מילכאָמע האָט זיך אינגיכן געענדיקט. איך בין שוין געווען אַ גרויסע, אַ פּופּצניאַריקע. כ׳בין אַריבער אין אַכטן קלאַס.

די מאַמע האָט מיר אַ זאָג געטאָן:

— נו, טאָכטער מײַנע, ווײַטער דאַרף מען טראַכטן וועגן טאַכלעס. מע דאַרף אַ טראַכט טאָן וועגן אַ פּראָפֿעסיע, אַ פֿאַך אין לעבן.

— איך האָב שוין לאַנג אַ טראַכט געטאָן... — האָב איך געענטפֿערט.

— האָב קיין פֿאַריבל ניט, קינד מײַנס, פֿאַרשטייסט דאָך אַליין...

— ניין, מאַמע. פֿאַרקערט. כ׳האָב שוין אַפֿילו געטראָפֿן דערפֿון. איך וועל אי אָנהייבן אַרבעטן, אי ווײַטער לערנען. כ׳וויל ווערן אַ לערערן, מאַמע...

— ווער, וואָס דו ווילסט...

— אַ לערערן. אין די קלענערע קלאַסן...

— ווער, וואָס דו ווילסט, קינד. און וואָס דו וועסט ניט ווערן, זאָל מען דיך טאָמיד נאָר ליב האָבן, זאָלסטו אומעטום נויטיק־כיין זײַן. דאָס איז אין לעבן דאָס סאַמע גלאַוונע...

די מאַמע מײַנע איז שוין הײַנט אַן אַלטיטשקע ייִדענע. דאָס דעמלטיקע קליינע מיידעלע איז שוין עטלעכע יאָר אַליין אַ מאַמע.

עטלעכע יאָר אַ מאַמע און שוין באַלד צוויי צענדליק יאָר אַ לערערן...

ניט טאָמיד, פֿאַרשטייט זיך, בין איך נויטיק־כיין בײַ מײַנע שילער, ווי יענער יונגיטשקער לערער מײַנער אין יענעם ווײַטן אוזבעקישן קישלאַקל, אַבדוראַכמאַן אוסמאַנאָוו, האָט נויטיק־כיין געווען. ס׳איז ניט אַזוי גרינג צו זײַן, ווי אוסמאַנאָוו. נאָר טאָמיד טו איך אַלצדינג, אַז מײַנע שילער זאָלן כאָטש וועלן זײַן, ווי ער איז געווען.

אַז עס טרעפֿט זיך מיר אַמאָל אַ שווערער קלאַס, — כעוורע ווילן דיך אי ניט פֿאַרשטיין, אי אַפֿילו ניט גוט אויסהערן, — פֿאַלט מיר פּלוצעם אײַן אַ זאָג טאָן, אַז אָט וועל איך דערציילן די געשיכטע וועגן מײַן ערשטער ליבע. נו, ווער וויל ניט הערן וועגן קיין ערשטער ליבע?

כ׳הייב אָן דערציילן. דער אוילעם, זע איך, זיצט און שווײַגט, זיצט און הערט. ס׳איז שטיל. גלײַך ס׳איז גאָר אַזאַ זאַך, ווי ראַש, ניט פֿאַראַן.

דערנאָך, פֿאַרשטייט זיך, איז מען אַ ביסל ניט צופֿרידן. ניט דאָס האָט מען געמיינט. האַ?

---

[1] אַ סימכע (אוזבעקיש).

ס'איז גאָר מער אַ געשיכטע וועגן ליבשאַפט, ווי וועגן ליבע. וועגן באַשיידנקייט, ווי וועגן ליבשאַפט. וועגן דרייסטקייט, ווי וועגן באַשיידנקייט.

נאָר סיוויסיי — אין קלאַס איז שוין שטיל. כ'פיל די שטילקייט אַרום און אַרום צווישן די בענק, אַף די ווענט. אַזאַ אײַדעלע פאַרטראַכטע שטילקייט!

אַט ווי איצט.

# קינדער־מאָטיוון

## וואָווע

**א**הויף פול מיט קינדער.

אין דרויסן איז אַ זומערדיקער קילבלעכער פאַרנאַכט.

ערגעץ אין אַ פענצטער שטייט אַן אויסגעבליכט ייִנגעלע, פאַרקוטעט דעם האַלדז מיט אַ שאַרפל, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אין אַ שויב. און נאָך דעם פאַרטרויערטן פּנעמל דעם ייִנגעלעס און לויט דעם ווייַסן פלעק, וואָס די שויב האָט אים אָנגעקוועטשט אַפן שטערן, פאַרשטייט מען, אַז ער שטייט שוין אַזוי פאַרבענקט ניט קיין איינע פאָר מינוט.

וואָווע לויפט צו צום פענצטער מיט אַ גרויסן־גרויסן באַל אונטערן אָרעם. דאָס הענטל זיינס כאַפּט דעם באַל קוים אַרום. ער לויפט באָרוועס. דער זומער האָט אים דאָס נאַקעטע לייַב ציגייַנעריש פאַרקוילט. די העלע קוטשערן אַפן קעפּל זייַנען אָפּגעבליאַקעוועט פון דער זון. דאָס נעזל איז אים פאַריסן און אויסגעשפּרענקלט, ווי אַ פויגלש אייעלע. ער בלייַבט שטיין קעגן פענצטער מיט גאַדלעסדיק־צעשפּרייטע פיס, גלייַך ווי ער וואָלט געהאַלטן אונטער דעם אָרעם ניט קיין פּאָשעטן באַל, נאָר אַן ערד־קויל — די גאַנצע וועלט.

— האַקלאַל, קומסט אַרויס, צי דו קומסט ניט אַרויס?

— מע לאָזט ניט! — צעשפּרייט דאָס ייִנגעלע אין פענצטער די הענטלעך.

— ווער?

— די מומע בוסיע. זי זאָגט, סע טוט מיר וויי אין העלדזל!..

— נאַרישקייַטן. שאַ, וועסט זאָגן, אַז איך, איך האָב דיר געהייסן!..

און וואָווע טוט זיך דראַטיק אַ ציִ אויס, ווערט אַ קאַפּל העכער און מאַכט דערבייַ אַזאַ פּאָנעם, גלייַך ווי ער וואָלט געוואָרן העכער פון אַלע ביימער אַרום און אַרום.

— כ'וויס? נו, גיי איך!.. — ברומקעט דאָס ייִנגעלע פון יענער זייַט פענצטער, דרייט זיך אויס צו די שויבן מיט דער פּלייצע, דרייט זיך צוריק אויס מיטן פּאָנעם, ווידער מיט דער פּלייצע, ווי ער וואָלט זיך געדרייט אין אַ שטייַגל, טוט זיך סאַפּקאָלסאָף אַ זעץ אַוועק און שאַרט צו זיך צו מיט די פיסלעך אַ בענקל אַראָפּצוקריכן.

אינווייניק הערט זיך דער מומע בוסיעס געשרייען:

— גיי נישט, זאָגט מען דיר... גיי נישט... כ'על דערציילן דעם פּאַפּען... אין דרויסן איז אַ ווינט!..

נאָר וואָוקע שרייַט זי איבער:

— אין דרויסן איז נישט קיין ווינט. אין דרויסן בין איך — וואָווע!..

## ווער איז עס?

**ד**י קליינע גיטע שפּילט הייַנט צום ערשטן מאָל פאַר אַזאַ גרויסן עולם. צום ערשטן מאָל אין איר לעבן וועט זי שפּילן אײַנײנעם מיט אַן אָרקעסטער.

זי קומט אַרויס אַף דער בינע מיטן פידל אין דער האַנט, גייט זייַטלדיק דורך צווישן די מוזיקאַנטן און בלייַבט שטיין פאָרנט, אַ דאַרינקע, מיט שמאָלע קינדערשע אַקסל.

אַ רעגע זייַנען אירע ליפּן בלייך און פאַרטריקנט. אַ דין שמייכעלע טוט אַ שוועב איבער זיי. מיט אַראָפּגעלאָזטע וויִעס הייבט זי אָן אָנשטעלן דעם פידל. זי פילט די צענדליקער פּנעמער אַנטקעגן זיך, די הונדערטער אויגן, די שווינדלענדיקע באַוועגונג פון די פליִעסקענדיקע הענט. דערנאָך ווערט מיטאַמאָל שטאַרק שטיל. פּאַמעלעך הייבט אָן שפּילן דער אָרקעסטער. גיטע טוט אַ הייב דעם פידל, טוט אַ פיר דעם סמיטשעק. דאָס שמאָלע צאַרטע מיידעלע ווערט מיטאַמאָל

העכער, גרעסער. אירע ליפּן — פולער. דאָס קינדערשע פּאָנעם אירס הייבט אָן זאָגן זייער א סאך. אירע פינגערלעך לויפן גיך־גיך איבערן פידל, און פון די קלאַנגען, וואָס קומען ארויס, ציטערט אוף די לופט. עס דאַכט זיך, אז די קלאַנגען ווערן נישט פארשוואונדן, שטארבן ניט אָפּ, נאָר צעפליען זיך איינציקווייז, יעדער קלאַנג באזונדער, טוען זיך א הייב צום הויכן קופאָל, זעצן זיך דאָרט אויס אין די ווינקלען איינער לעבן אנדערן, ווי שוועלבעלעך אין נעסטן, קוקן אראָפּ מיט זייערע יונגע פרילינגדיקע שנעבעלעך, צוויטשערן.

גיטעלע שפּילט, און דער אוילעם גאַפט. יעדערער זיצט זיך אין זיין פּאָזע, אַלע מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם. כוץ איין מענטש, וואָס איז אַזוי גערירט, אז ער קאָן אַזש דעם אָטעם ניט איינהאַלטן. און אין די קורצע פויזעס הערט מען ארום אים זיין שווער אומרויִק סאָפּען.

ווער זאָל דאָס זיין, ווער?

אין דער ערשטער ריי, אין סאַמע עק, זיצט ער, אָנגעטאָן אין א יאָמטעווודיק־שווארצן קאָסטיום. אפן וויסן קראַכמאַלעטן העמד אויסגעבונדן א שלייפל.

די גאַנצע צייט, וואָס גיטע שפּילט, קלאַפּט ער אויס מיטן פוס דעם טאַקט, שאָקלט צו מיטן קאָפּ. באַוויזן זיך אף דער פידלערנס פּאָנעם טראָפּנס שוויס — באַווייזן זיך אויך אף זיין פּאָנעם שוויס־טראָפּנס. גיטעלע טוליעט צו די באַק אירע צום פידל — לאָזט ער אויך פאַמעלעך זיין באַק אראָפּ אפן אַקסל. גיטעס אויגן ווערן וואָס אַמאָל ליכטיקער, פרייליכער, אויך זיינע אויגן ווערן וואָס אַמאָל ליכטיקער און פרייליכער. און ווען אין זאָל טוען א רייס אוף פּליעסקערייען, דרייט ער פאַמעלעך אויס דעם קאָפּ צום אוילעם, און, אפּאָנעם, ניט וויסנדיק אפילע דערפון, טוט ער זיך אויך א לייכטן־לייכטן נייג.

ווער איז עס? דער פידלערנס פּאָטער? א ברודער? ניין. דער לערער.

## דער האָן

— סאַרא ווייסער!.. די פעדערן מיט גאָלד באַשפּריצט... סאַרא שטאָלצער פייערדיקער קאַם!..

— זעט נאָר, ווי שיין ער שאַרפט דעם שנאָבל: שאַרף־שאַרף, אהין־אהער, אהין־אהער...

— ווי פלינק ער גראַבלט.

— ער זוכט אַן אויצער... אין מיסט, כאַ, כאַ...

— זעט נאָר, קינדער, ער האָט אראָפּגעלאָזט צו דער ערד א צעפּעכערטן פליגל און פּרייט זיך. גראַבלט און שרייט.

— ער האָט געפונען!.. ער האָט געפונען!..

— ווערעמלעך.

— קערנדלעך.

— כאַ, כאַ, סאַרא נארישער האָן!.. געפונען — שווייג. צעשרייט ער זיך פאַר פרייד אף קוילע־קוילעס און גיט אַלעמען אויס דעם סאָד... באַלד וועלן זיך די אויפעס צונויפלויפן און אים דעם גאַנצן אויצער צעשלעפּן...

— דו, דו ביסט א נארישער!.. יאָ, יאָ!.. און א שלעכטער!.. דאָס שרייט ער אַזוי בעקיוון... שטענדיק טוט ער אַזוי... וואָס דען, אַליין זאָל ער עסן?..

## צוויי יינגעלעך

איין יינגעלע האָט געהאַט א פרום טמימעסדיק פּאָנעם. אין שול קיין פליג אף דער וואַנט ניט געטשעפּעט. געזעסן אף די לעקציעס שטיל און בענימעסדיק. אַלע לערערס טאָמיד באַגעגנט מיט א שיינעם, בעקאָוועדיקן גוטמאָרגן. פאַרמאָגט אין די העפטן קימאַט סאַמע פירן און פינפן.

אָט איז ער היינט געבליבן העלפן אויסקלעפּן די וואַנטצייטונג. אפן לאַנגן טיש אין שול־קאָרידאָר שטייט א פלעשל קליי, ליגן צעשפּרייט פאַרשריבענע בלעטלעך פּאַפּיר. מיט גרויס פלייסיקייט טונקט ער איין דאָס בערשטעלע אין קליי און קלעפּט, קלעפּט.

און דאָס צווייטע יינגעלע?

אוי, ס'איז, נעבעך, איין און דאָס זעלבע יינגעלע.

זעט נאָר, ווי ער איז מיטאַמאָל רויט געוואָרן. ער האָט אראָפּגעלאָזט די נאָז צום קליי־בערשטל און מיט א שפּיץ אויג געוואָרפן א בליק צו דער טיר. אף דער שוועל איז געשטאַנען די מאַמע זיינע. זי האָט זיך אָפּגעווישט די פיס און צעוויקלט דאָס שאַלעכל אפן קאָפּ. אף אירע באַקן קאָן מען נאָך דערקענען, דאַכט זיך, די פאַרטריקנטע טרערן־פלעקן. ער האָט היינט ווידער אין דער היים געזידלט זיך, געקידעט, געשריגן, אז די שיך זיינען אים ניט אָפּגעפּוצט. ווי טאָ־

מיד, האָט די מאמע געזאָגט, אז זי קאָן שוין מער ניט אויסהאלטן. זי וועט גיין, זי וועט לויפן. זאָלן וויסן אלע כאוויירים זײַנע.

און זי איז געקומען.

געקומען... זען, ווו ער איז: ס׳איז שוין אזוי שפעט, און ער איז נאָך אין דער היים נישטאָ...

## מײַנע קליינע שיפעלעך

אריק איז א גרויסער. ווער קאָן זיך צו אים גלײַכן? סארא שיינע, גרויסע שיף ער האָט זיך אליין אויסגעמײַסטערט. מיט אָן א שיר שמאָלע לייטערלעך, מיט גאנעקלעך, מיט קײַלעכדיקע קאיוטע־פענצטערלעך, מיט הויכע שווארצע קוימענדלעך. אוי, סארא וווּנדערלעכע שיף!

וואָס זשע טו איך, אני האקאָטן?

כ׳נעם א ווײַס פערטל פאפיר, לייג עס צונויף אינצווייען, לייג עס צונויף אינפירען, פארבייג איין עק, פארבייג אן אנדער עק, לאָז ארויס א שפיץ, מאך ארום־און־ארום א שיינעם קנייטש, טו עס א בלאָז אָן מיט מײַן ווארעמען אָטעם, און עס ווערט אויך א שיפעלע. איך שטעל עס פאַמעלעך אראָפּ אין דער ריטשקע, און עס גייט זיך אוועק. עס הוידעט זיך, עס שאָקלט זיך, לויפט גיך־גיך בארג־אראָפּ, קאטשעט זיך קוים־קוים בערגל־ארוף, נאָר האלט זיך פון אויבן, שווימט. א קליין שיפעלע — נאָר אויך א שיף!

גוט, וואָס עס גייט אזא מעכײַעדיקער שמעקנדיקער רעגן. אין די טײַכלעך בולבעט; אף די גאסן יאָגן ברייטע ווארעמע ריטשקעס; עס גיסט און פליעסקעט פון די רינוועס.

איך שטיי באָרוועס, מיט פארקאטשעטע הייזלעך, לאָז אָפּ מײַנע שיפלעך און קוק, ווי זיי שווימען אוועק איינס נאָכן אנדערן: קליינינקע, ווײַסינקע, פריילעכע.

די זון גייט אוף איבער אונדז. איך און מײַנע שיפעלעך בלײַבן אײַנגערעמלט אין א רעגנבויגן.

## טאַטע און זון

בײדע האָבן זיך צוגעזעצט אף א באנק אינמיטן א זונטיקדיקן שפאציר און זיך געביטן מיט די שיך. אלציינ־נײַע, געלע, זומערדיקע האלבשיך.

דער זון האָט ארופגעצויגן אפן פוס דעם טאטנס א טופליע, און די קאָלירן אף זײַן פּאָנעם האָבן זיך פּאוואָליע אָנגעהויבן בײַטן, אקוראט עמעצער וואָלט אים די גאנצע צײַט געהאלטן באַם האלדז און אים איצט מיטאמאָל אָפּגעלאָזט. דורך די שוך־לעכלעך האָט זיך אָנגעזען, ווי די פינגער זײַנע אָטעמען אָפּ, גלײַכן זיך אויס. ער האָט זיך אופגעשטעלט, דאכט זיך, גרעסער אופגעעפנט די אויגן און מיט א צעליכטיקט פּאָנעם א זאָג געטאָן:

— נו, אָט... א מעכײַע!.. דאָס ערגסטע, הערסטו, איז ענגע שיך... מאמעש א גאניידן!..

דער טאטע האָט ארופגעצויגן אף די פיס דעם זונס טופליעס. ער האָט זיך אויך אופגעשטעלט. איין אויגנבליק איז ער געשטאנען מיט אזא מינע, גלײַך ווי ער וואָלט געשפּאנט אינדערלופטן אף א דראָט. קיינער האָט ניט באמערקט, ווי די ציין זײַנע האָבן זיך גרינג אײַנגעביסן אין די ליפּן. נאָר דאָס פּאָנעם זײַנס האָט זיך אויך צעליכטיקט. ער האָט א זאָג געטאָן:

— ס׳שאט ניט... נישקאָשע... זיי וועלן זיך צעגיין... קום!..

## צוטרוי

דער קליינער וואָוויק, בוצים פארזונקען אין טיפן שלאָף, כראָפּעט לײַכט אונטער, בלעזלט פון צײַט צו צײַט מיט די ליפן און הערט זיך דערווײַל גוט צו צום שפעטן שמועס, וואָס טאטע־מאמע אף זייערע געלעגערס פירן צווישן זיך אין דער שטיל, טאקע אָט וועגן אים.

דער טאטע זאָגט, אז וואָוויק האָט הײַנט ווידער אָפּגענארט. דאָס איז ווידעראמאָל א צוגעטראכטע מײַסע, א טערעץ, א ליגן.

די מאמע רעדט שטילער. קוים, וואָס מע הערט זי. גראדע דאָס מאָל, פילט זי, האָט דאָס קינד געזאָגט דעם עמעס. דעם ריינעם עמעס.

דער טאטע טײַנעט, אז אויב אזוי, איז נאָך ערגער. וואָס ווײַטער, הייבט וואָוויק אָן אָפּנארן געשיקטער, געהיטער.

דער שמועס ציט זיך אָן. דעם טאַטנס קאָל הייבט אָן ווערן העכער, שאַרפער („און דאָס איז אַלץ דערפאַר, ווײַל מע באַשטראָפט אים ניט!..”). דער מאַמעס קאָל ווערט דינער, פײַכטער („ניין. ווײַל מע גלייבט אים ניט!..”).

ערגעץ טוען זיך אַ רוק אָן טרערן, גרייט אַ וואָרג טאָן, אַ קײַקל טאָן זיך. דעם טאַטנס רייד ווערן שיטערער, אומקלאָרער. און די מאַמע פאַרענדיקט מיט אַ וויכן, איידעלן שעפּטש:

— אַ זון... דאַרף מען גלייבן... אַפילע, ווען ער נאַרט אָפּ!..

שטיל. עס הערט זיך קלאַפּן דער זייגער. עס הערן זיך קלאַפּן הערצער. וואָוויק הערט אויף כראָפּען, הערט אויף בלעזלען מיט די ליפּן. מע הערט, ווי ער דרייט זיך אום הין און צוריק אפן געלעגער, וואַרפט אַראָפּ פון זיך די קאָלדרע, זעצט זיך אויף, לייגט זיך ווידער אַוועק, זעצט זיך ווידער אויף, און מיטאַמאָל דערהערט זיך אין דער פינצטער וואָוועס אָנגעשפּאָלטן קעלכל:

— מאַמע... מאַמע!.. דער טאַטע איז גערעכט... איר וועט זען... ס'איז דאָס לעצטע מאָל!.. מאַמע...

## געבענטשט מיט אַן אָל אפן קאָפּ

סאַשקע־נאַכעסל זיצט איינער אַליין אין שטוב. ער איינער אַליין און מיצע.

שאַ, איר ווייסט ניט, ווער מיצע איז? אַנו, קיצע־מיצע, שטעל זיך פאָר. טו אַ שאָקל מיטן קאָפּ. טו אַ מורקע. דערלאַנג די ווײַסע לאַפּקע דײַנע, אַ וויכע. הערסט? פאַרגעס זיך ניט.

מיצע איז דאָס קעצל אין שטוב. סאַשקעס אַן אַלטער גוטערברודער. אַ ווײַס קעצל מיט געלע פלעקן. אַ פאָר גרין־גרויע פלאַמפּײַערדיקע אייגלעך. אַ קליין פאַרזשמורעט מײַלכל. אַ פאַרבייגלט עקל, אַ ווויל קעצל, כ'לעבן.

סאַשקע־נאַכעסל זיצט באַם טיש, און קיצע־מיצע שטייט זיך אַזוי לעבן אים אונטן אפן פאָל, טוט אַלעמאָל אַ בייג דאָס קעפּל רעכטס, אַ בייג דאָס קעפּל לינקס, שטייט און קוקט סאַשקען גלײַך אין די אויגן אַרײַן, וויל דערגיין, וואָס, אַשטייגער, איז מיט דעם דאָזיקן סאַשקען געשען די לעצטע עטלעכע טעג. עפּעס איז עס גאָר ניט דער סאַשקע, וואָס פריִער. גלײַך מ'האָט אים אונטערגעביטן. שטייט אויף שטאַרק־שטאַרק פאַרטאָג, ווערט ערגעץ נעלעם מיט אַן אָנגעזאָטלט רענצל אף דער פּלייצע און קומט צוריק אָנבײַסן־צײַט עפּעס גאָר אַן אַנדערער. ניט זיי שפּילן זיך מער אינײנעם, ווי זיי פלעגן זיך פריִער שפּילן, גיט ער קוקט זיך אַפילע רעכט אום אף איר, ווי פריִער. עט אַמאָל, אַמאָל, ווי אף אָפּצוקומען. עפּעס איז ער אין די פאָר טעג געוואָרן עלטער, סאַשקע, פאַרדײַגעט, וואָזשנע. עסט אָפּ אײנס־צוויי אָנבײַסן און נעמט זיך גראַבלען דאָס דאָזיקע פולע רענצל זײַנס. גראַבלט, נישטערט, לייגט אַרויס אַ ביכל, לייגט אַרײַן אַ ביכל, מישט העפטן, שעַרעוועט מיט בלײַערס, טראַסקעט מיט די נײַע קנאַקנדיקע בלעטלעך, אַז ס'הייבט אַזש אויף דעם מויעך. זעצט זיך דערנאָך אַוועק באַם טיש מיט אַ העפטלפען אין דער האַנט, ווי אַ גאַנצער קנאַקער, אַ גאַנצער בוכהאַלטער. פע, ברודערקע, עפּעס גאָרניט לײַטיש!

— מור, מור... סאַשקע. האַ, סאַשקע... נו, דערציייל שוין אַמאָל. וואָס איז געשען?..

— קץ, זאָגט מען דיר! גיי אַוועק פון די אויגן. שטער ניט!

— ניט איז ניט. אָבער שטיין אַזוי פונדערווײַטנס און קוקן, שטיל קוקן, מעג איך?..

— גיי אַוועק אַהין, אין ווינקל!

מיצע זעצט זיך אַוועק אין ווינקל אף די הינטערשטע פיס, גלעט זיך מיט אַ לאַפּקע דאָס נעזל און כאַפּט אַלעמאָל שטילערהייט אַ גנייוואישן קוק אף סאַשען: מיילע.

סאַשקע זיצט באַם טיש, הימל און ערד פאַלט אף אים. אַ קליינײַקייט — אַ גאַנץ פּערטל פּאַפּיר פאַסיקלעך מיט רעדעלעך. אַזאַ לאַנג ליידיק פּערטל. ווען וועט ער עס אָנפּילן? אַלע רעדעלעך מוזן זײַן קײַלעכיק. קײַלעכיק מיט איין און דער זעלבער קײַלעכדיקײַט. צווישן אַ רעדעלע און אַ רעדעלע דאַרף זײַן איין שטרעקע. אַלע פאַסיקלעך דאַרפן שטיין גלײַכע, ווי סלופּיקלעך. ניט אַרויס, כאָלילע, פון דער שורע און, כאָלילע, ניט צופיל אַרײַן אין דער שורע. אַלע איינס לעבן אַנדערן. ס'איז גרינג צו זאָגן, — נעם אָבער מאַך עס. אָ, אַ שווערע זאַך דאָס גיין אין שול! ער האָט געמיינט, ס'איז אַזוי־אָ, גאָרניט: אַוועקגעגאַנגען און צוריקגעקומען. נע. מע דאַרף ווײַזן, וואָס מע קען. און מע דאַרף טאַקע קענען. ס'איז ניט קיין שפּילכל. ס'איז אַן אָל אפן קאָפּ. ס'אַ גרויסער אָל אפן קאָפּ.

סאַשע טוט אַ זיפץ. ער גיט זיך אַ וויש מיטן אַרבל דעם שטערן, טוט אַ רײַב דעם שטערן מיט דער האַנט. ער האָט ערשט קוים אויסגעפּילט דרײַ שורעס. און ס'איז נאָך דאָ אַזויפיל. ס'איז נאָך אַזאַ לאַנגער וועג. אַ קאַפּעלע אָפּרוען זיך אינמיטן מעג מען, האַ?

ער זיצט אײנער אַלײן אין שטוב. דער טאַטע איז בא דער ארבעט. די מאַמע איז אומיסטן אַרײַנגעגאַנגען צו א שכײנע.

— אַז דו זעצסט זיך, קענאָרע, נאָכעסל מײַנס, אַלײן אװעק באַם טיש, מע דאַרף דיך, קענאָרע, ניט אונטערשטופּן, טו זשע טאַקע װײַטער אַלצדינג אויך אַלײן. נישקאָשע, קינד, ס'װעט דיר שפּע־טער צוניץ קומען!.. — און די מאַמע האָט אים א קוש געטאָן.

נאָר װאָס טויג אים דער קוש, אַז ס'איז אַזא גרויסע האָרעװאַניע? האַקן האָלץ, טראָגן שטײנער איז טויזנט מאָל גרינגער. װאָס טויג אים דער קוש, אַז אָט זיצט ער און כאַפּט א קוק אויף מיצען און איז מעקאַנע מיצען? א פּאָשעט קעצל, און ס'א גליקלעך קעצל. א גליקלעכע מיצע. א פריצע מיצע. דאַרף ניט מאַכן קײן פּאַסיקלעך מיט קײן רעדעלעך. דאַרף זיך ניט בויערן דעם קאָפּ. דאַרף ניט טראָגן אַזא גרויסן אָל אויף זיך.

— הײ, קיצקע־מיצקע... פּס, פּסס...

מיצע טוט א הויקער די פּלײצקע, טוט א צי אויס אויף צוריק א פאַרשלאָפן פּיסל, און מיט אײן שפּרונג איז זי אויף סאַשקעס קני. זי שטרעקט אויס דעם האַלדז צום טיש אַרויף, טוט א בײג דאָס קעפּל רעכטס, טוט א בײג דאָס קעפּל לינקס, כאַפּט אַזוי א שמעק, װאָס עס טוט זיך דאָרט אין סאַשקעס העפט. נאָר סאַשקע איז עפּעס גאָר בײז. ער לאָזט מיצען קײן מינוט אַפילע ניט זיצן אויף זיך. ער גיט איר א פּאָר סטוסעס אין די זײַטן און טרײַבט זי אַראָפּ, צעיעכצט זיך אויף איר:

— פריס, זאָגט מען דיר!.. גליקלעכע פריצע... קץ... אין דר'ערד אַרײַן!..

מיצעס גרין־גרויע אויגן פלאַמען אַרויס ערגעץ פון אונטערן דיװאַן אַפיר. זי װײנט, מיצע. שטילערהײט. קוים װאָס מע הערט. ניט אַזוי סאַשקעס קלאַפּ טוט איר װײ, װי ס'טוט איר װײ סאַשקעס געשרײ. אויס, הײסט עס, אויס גוטערברודער. פאַרװאָס? פאַרװען?

סאַשקע זיצט דערװײַל און האָרעװעט װײַטער. האָרעװעט מיט טראָפּנס שװײס אויפן שטערן. גרויסע טראָפּנס שװײס. פּערל. א פולער שטערן מיט פּערל. װאָס אַמאָל װערן די טראָפּנס מערער און מערער. א רעדעלע — א טראָפּן. א פּאַסיקל — א טראָפּן.

דאָס הענטלפען האָט אים שוין גוט אָנגעקװעטשט דעם פינגער. די שפּיץ צונג זײַנע, װאָס שטעלט פינקטלעך אײַן די װײַטקײַט צװישן א רעדעלע און א רעדעלע, א פּאַסיקל און א פּאַסיקל, איז אים שוין גוט צעביסן.

עס גײט שװער. שטאַרק שװער. נאָר — עס גײט.

די לינקע האַנט סאַשקעס ליגט צעשפּרײט אויף א ראָזעװע קלעקפּאַפּירל, עס זאָל זיך, כאָלילע, גאָרניט ניט אויספלעקן, — און רוקט זיך אַלץ מיטן קלעקפּאַפּירל אַראָפּ־אַראָפּ, צום סאָף בלעטל. נאָך א ביסעלע. נאָך א קלײן־קלײן ביסעלע.

די פולע שורעס יאָװען זיך אַרויס אי װי פון סאַשקעס רעכטער האַנט, אי װי פון סאַשקעס לינקער האַנט. ס'איז, דאַכט זיך, ערשט הײַנט דאָ גאָרניט געװען, און גיב א קוק, װאָס אויפן פּערטל פּאַפּיר טוט זיך שוין איצט! א שײנקײַט צו קוקן! ער טאַקע אַלײן מיט די אײגענע הענט האָט די דאָזיקע רעדעלעך אויסגערעדלט?!

קיצע־מיצע קומט פּאַװאָליע אַרויס פון אונטערן דיװאַן און שטעלט זיך װידער אַװעק קוקן אויף סאַשקען. זי טוט װידעראַמאָל א בײג דעם קאָפּ אַהער, א בײג דעם קאָפּ אַהין, טוט א פורשקע מיט די נאָזלעכער, בלײַבט אַזוי פאַרכידעשט זיצן מיטן קאָפּ אויף א זײַט, און קאָן בעשום־אויפן ניט פאַרשטײן, װאָס איז פּלוצעם סאַשקע מיטאַמאָל אַזוי פרײלעך געװאָרן. װאָס טאַנצט ער אַזוי אויף אײן פוס מיטן העפט אין דער האַנט? װאָס לאָזט ער אַרויס פונעם מויל אַזא פײַפערײַ, אַזא זינגערײַ? װאָס איז מיטאַמאָל די געדולע װאָס? א רעטעניש מיט דעם דאָזיקן סאַשקען, און אַן עק!

— הײ... קיצקע־מיצקע... פּס, פּסס!..

מיצע רײַבט זיך אין סאַשקעס פיס, הויקערט זיך, מורקעט. סאַשקע טוט מיצען א כאַפּ אויף די הענט אַרויף, גײט מיט איר צו צום טיש:

— ט'האָסטו־אָ, גיב א קוק, געפעלט דיר, האַ?..

— מור, מור... געפעלט מיר.

— נעם דיר עטלעכע... קײַקל זײ...

מיצע שטרעקט אויס די לאַפּקע, װיל א שאַר טאָן פונעם העפט א פּאָר רעדעלעך. נאָר סאַשקע שיסט אויס אַזא געלעכטער, אַז מיצע טוט זיך אַזש א װאָרף. װאָס לאַכט ער אַזוי װאָס? ער שטעקט איר אַרײַן אין דער לאַפּקע דאָס הענטלפען:

— נעם, מאַך דיר אַלײן... מיצע־פריצע!..

מיטאַמאָל װערט סאַשקע עפּעס גאָר אומעטיק אויפן פּאָנעם, שטעלט מיצען צוריק אַראָפּ אויפן דיל, טוט א פּאָר דורך מיט די פינגער איבערן קאָפּ אירן און טוט א זאָג מיט א מעסוקן־ראַכמאָ־נעסדיק קאָל:

— נעבעך, מיצע... ניט קיין אָל אפן קאָפּ... און ניט קיין פּאַרטיק בלעטל רעדעלעך מיט פּאַר־סיקלעך... אומגליקלעכע מיצע!

ער גייט אַרײַן אין קיך, ברענגט פון דאָרט אַרויס אַ פולע שאָל מילך און שטעלט זי אַוועק לעבן מיצען אפן פּאָל:

— נאַ, קיצקע־מיצקע, כליעפּטשע!..

קיצע־מיצע לעקט מיט דער צונג די מילך פון דער שאָל און קוקט מיט אַן אייגל, ווי סאַשקע־נאַכעסל לויפט אַרויס אין דרויסן, אַפּאַנעם, אַהיימרופן די מאַמע. זי זעט שוין גוט: אויס, אויס גוטערברודער.

## צוקערזיסל

זינקע דער מומע פּירעס רופן מיר צוקערזיסל.

דער פעטער פימע און די מומע פּירע וווינען ווײַט. מע דאַרף צו זיי פאָרן מיט צוויי טראַלייבוסן, דערנאָך ערשט גיין צופוס עפּשער אַ גאַנצע גאַס.

אַז מיר קומען אַמאָל אַהין, הייסן מיר ניט פאַשעט געקומען. מיר הייסן געסט. גרויסע געסט.

דער פעטער פימע נעמט אונדז אויף מיט אַ ברייטן סקאָצל־קומט!

— אָ! — זאָגט ער. — זע נאַר, זע נאַר! זע נאַר וועך. מע דאַרף אַרויסוואַרפן דעם אויוון!..

פונוואַנען מע דאַרף אַרויסוואַרפן דעם אויוון, הייב איך ניט אָן פאַרשטיין. כ׳זע, דאַכט זיך, בא דער מומע פּירען קיין שום אויוון ניט.

די מומע פּירע קושט אונדז גוט אָן, טוט אונדז אויס אין קאָרידאָר די פאַלטאָכלעך, ציט אונדז אַראָפּ די שיכלעך (אָנשטאָט זי זאָל זאָגן: „איר וועט אויסשמירן דעם פּאַרקעט", זאָגט זי טאָמיד: „איר וועט אײַך אויסרוען די פיס"). זי פירט אונדז מיט פּאַראַד אַרײַן אין שטוב און זעצט אונדז באַלד אַוועק אויבנאָן באַם טיש. זי לויפט ערגעץ אַרויס אין הויף און קומט צוריק אַרײַן מיט זינקען.

— זינקע, — זאָגט זי, — גיי צו און גיב די שוועסטערקינדלעך די האַנט, פאַרנייג זיך!..

גלײַך מיר וואָלטן געווען פון אַן אַנדער שטאָט און דאָס ערשטע מאָל אין לעבן געקומען אַהער צו פאָרן. אָט האָסטו, וואָס הייסט וווינען ווײַט. אַלעמאָל דאַרף מען אָנהייבן פון אָנהייב, ווי מע וואָלט זיך קיינמאָל ניט געקענט.

זינקע טוט אַ צעשפּרייט דאָס קליידעלע אירס, בייגט אַ ביסל אײַן אַ קני און גיט זיך פאַר אונדז אַ שיינעם נייג. מיר ווערן ריץ־רויט. מיר שטרעקן אויס זינקען די הענט און צעשרײַען זיך ביידע אַף איין קאָל:

— דאָדעקו!..

— וואַוועקו!..

דער פעטער פימע און די מומע פּירע קאַטשען זיך פאַר געלעכטער:

— נאַרעלעך... איר באַקענט זיך ערשט קוים?.. אַ שיינע מײַסע. איר זענט דאָך שוין אַזוי לאַנג שוועסטערקינדער!..

די מומע פּירע הייבט אָן אַרופשטעלן אַפן טיש: עפּל, געבעקס, זעלצער־וואַסער, ביכלעך, שפּילן. נאָר קיין קאָנפעקטן שטעלט זי קיינמאָל ניט אַרויף. קאָנפעקטן לייגט זי אונדז שטילער־הייט אַרײַן אין די קעשענעס פון די פאַלטאָכלעך. און אַז מיר טוען די פאַלטאָכלעך אָן באַם אַוועקגיין, זעען מיר ערשט, וואָס זי האָט אונדז דאָרט אַרײַנגעלייגט.

ס׳אַ סוואָרע, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז איבער זינקען. זינקע איז אַ נאַשערן. זי טאָר ניט עסן קיין קאָנפעקטן און וויל דאַפקע יאָ עסן קאָנפעקטן.

איינמאָל האָבן מיר דאָס געזען מיט די אייגענע אויגן. די מומע פּירע האָט, אַפּאַנעם, פאַר־געסן און האָט אַרופגעשטעלט אַפן טיש אַ גאַנצן פּרוכטאָווניק אַלערליי קאָנפעקטן. זינקע האָט באַלד, אין דער מינוט, אַ צי געטאָן זיך צום פּרוכטאָווניק און אָנגעהויבן שלעפּן. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן איין זשמעניע, אַ כאַפּ געטאָן אַ צווייטע זשמעניע. און אַז זי האָט שוין מער ניט געהאַט קיין זשמעניעס, האָט זי אַ נעם געטאָן דעם גאַנצן פּרוכטאָווניק און אים אויסגעשיט גלײַך צו זיך אין פּאָדעלעק אַרײַן.

די מומע פּירע האָט זיך מעסוקן פאַרשעמט:

— זינקע!.. — האָט זי אַ געשריי געטאָן. — זינקע!.. עס זיצן דאָך אין שטוב מענטשן, געסט... פע, האָב בושע, זינקע!..

דעם פעטער פימען האָט עס געקאָסט אַ סאַך געזונט. ער האָט זיך אַזש איבערגעביטן אַפן פּאַנעם. דאָס פּאַנעם איז אים אַזש געוואָרן ווי פאַרקרימט. נאָר דער פעטער פימע אונדזערער

איז זייער א גוטער. אזוי־אָ, פאַרקרימטערהייט, האָט דאָס פּאָנעם זייַנס געשמייכלט, זינקען פאַר־
ענטפערט:

— נו, נו. לאָז צורו, פּירע... דאָס קינד האָט שטאַרק ליב זיס!..

די מומע פּירע האָט אָבער ניט געשוויגן. זי האָט צוגענומען בא זינקען ביז איין קאָנפעקטל, צוריק אַרייַנגעשיט אַלע קאָנפעקטן אין פּרוכטאָוניק אַרייַן און דעם פּרוכטאָוניק אַרויסגעטראָגן גלייַך אין קאָרידאָר...

שטילערהייט, קיינער זאָל ניט הערן (נאָר מיר האָבן סײַוויסײַ געהערט), האָט זי זינקען א זאָג געטאָן:

— אוי, ביסטו, טאַכטער, ביטער!..

וויאַזוי מ׳איז ביטער, אז מ׳האָט ליב זיס, הייבן מיר ניט אָן פאַרשטיין. נאָר פון דעמלט אָן רופן מיר זינקע דער מומע פּירעס צוקערזיסל.

## פּערעלע־טרערעלע

אַלע קינדער שפּילן זיך, עסן, זינגען, לויפן, קאַטשען זיך אין הויף אין זאַמד, פּליושקען זיך אונטערן דוש, קומען צוריק אַרייַן אין שטוב אַרייַן. איין פּערעלע שטייט נאָך אַלץ און וויינט.

— וואָס וויינסטו, פּערעלע?

— כ׳ווייס ניט.

— ס׳טוט דיר עפּעס וויי?

— נע.

— ס׳געפעלט דיר דאָ ניט?

— נע.

— ווילסט עפּשער אַפן טעפּעלע?

— נעע.

— וואָס זשע וויינסטו, פּערעלע?

— כ׳ווייס ניט.

פּערעלע ווייסט ניט, נאָר אַלע קינדער ווייסן יאָ. אזוי קומט פאָר. דעם ערשטן טאָג אין קינדערגאָרטן פילט מען עפּעס אַפן הארצן א מעסוקן שטאַרקע נאָגעניש נאָך אהיים.

לאָזט זיך אָבער אויס, אז פּערעלע איז טאַקע פאָשעט פּערעלע־טרערעלע.

מ׳האָט זי פּאַוואָלינקע אײַנגעשטילט, אָפּגעוואַשן די צעשמירטע טרערן אַפן פּאָנעם, אָנגע־האַדעוועט, איר געגעבן די שענסטע טאָק אין די הענט און זי אַוועקגעזעצט אַף א בענקעלע צווישן אַלע קינדער. לאָז זי זיך פּאַוואָלינקע צוגעוווינען; אליין זען, אז ס׳איז דאָ גאָר ניט ערגער, ווי אין דער היים...

אנטקעגן זיצט די דערציִערן. אַלע פענצטער שטייען צעעפנטע. אין דעם גרויסן זאַל איז זוניק, לופטיק. וואָס פאַרא שיינע זאַכן העגנען דאָ ניט אַרום און אַרום אַף די ווענט!

אין א ווינקל שטייט א גרויסע גלאַנצנדיקע פיאַנע. זי איז אזוי שפּיגלדיק־גלאַנציק, אז עס זעט זיך אָן, ווי אינווייניק אין דער פיאַנע זיצן אויך אין א האַלבקײַלעכדיקער ראָד קינדערלעך אַף בענקעלעך.

אין א צווייט ווינקל שטייט אָן עמעסדיקער וואַלד, מיט גרינע עמעסדיקע ביימער, מיט א קליין שטיבל צווישן די ביימער, מיט א באָבעצי, וואָס קלייַבט שפּענדעלעך, מיט א גאַנעוול א בערעלע טיף אין וואַלד. ס׳איז א ביסל סטראַשנע, ווען פּערעלע ווייסט ניט, אז דאָס איז ניט אַף קיין רעכטן עמעס, אז ס׳איז גלאַט אזוי זיך א מייַסעלע, א מייַסעלע מיט א גוטן און א שיי־נעם סאָף.

אין א דריט ווינקל שטייט א באַפּוצט זילבערן פּאַלאַצל. ס׳האָט אָן א שיר גאַנעקלעך. אָן א שיר טרעפּלעך. און א בלישטשענדיקער האָן מיט א גאָלדענער קאַם וווינט אין פּאַלאַצל.

אין א פערט ווינקל האַלט א וואָראָנע אַף א צווייַג א שטיק קעז אין מויל, קוקט אַראָפּ מיט א פּאָר נאַרישע אויגן צום כיטרע פוקסל אונטערן בוים. אָט וועט זי זיך באַלד א צעזינג טאָן, די נאַרישע וואָראָנע: קראַ־אַ!..

פּערעלע זיצט און קוקט. ס׳איז טאַקע דאָ שטאַרק שיין. נאָר סײַוויסײַ טוט זי אַלעמאָל א כליפּע אויף. ערגעץ פון טיף־טיף לאָזט זי אַרויס אינייַנעם אי א כליפּ, אי א מין פּאַרזאַטענעם כריפּ, אי א זיפּץ. זייער א קאָמישער כליפּע־כריפּע־זיפּץ.

די קינדער האָבן כיישעק צו צעלאַכן זיך. נאָר די דערציִערן טוט אַף זיי איין גוטן קוק, און זיי פאַרשטייען, אז לאַכן איז נישטאָ וואָס: וואָסי, זיי זייַנען דען געוועזן בעסער?

מיטאמאָל, ווי טאָמיד אין דער צײַט, הייבט די דערציִערין אָן אויספרעגן דעם אוילעם, וויאַזוי יעדער איינער העלפט צו אין דער היים דער מאמען.

איין ייִנגעלע שטעלט זיך אויף דער ערשטער און טוט א געשריי:

— די מאמע האָט מיר נעכטן אָפּגעפּוצט די שיך, און איך האָב איר געהאָלטן דאָס פּושקעלע קרעם!. כ'האָב מיר אליין געוואָלט אָפּוצן, האָט די מאמע ניט געלאָזט.

א צווייט ייִנגעלע טוט א זאָג:

— פאַרנאַכט בין איך געגאנגען מיט דער מאמען אין קלייט אײַנקויפן. מיר האָבן אײַנגעקויפט א פול קוישל. די מאמע איז געגאנגען מיטן קוישל, און איך האָב געטראָגן בײדע פלעשלעך קעפיר!..

א מיידעלע זאָגט:

— מײַן מאמע איז געשטאַנען אין באָדצימער און געוואַשן. איך בין אויך געשטאַנען אין באָדצימער און געוואַשן. די מאמע האָט געזאָגט: „גיי אוועק, פּלאָנטער זיך מיר ניט פאַר די פיס. שטער מיר ניט!" און איך בין באַלד אוועקגעגאַנגען...

אַן אַנדער מיידעלע זאָגט:

— און איך האָב באַגאָסן די בלומען. אַלע בלומען. אין אַלע בלומענטעפּ. קיין איין קאַפּל וואַסער האָב איך ניט צעגאָסן אויפן פּאָל. דערנאָך בין איך א ביסל געשטאַנען לעבן זיי, ס'זאָל זיי ניט זײַן סקוטשנע צו וואַקסן...

איינער זאָגט דאָס, א צווייטער זאָגט יענץ. יעדער איינער — וואָס ער האָט געטאָן. נאָר פּערעלע דאַרף נאָך עפּעס זאָגן.

פּערעלע שטעלט זיך פּאַוואָלינקע אויף אויף. זי גיט צום ערשטן דעם כליפּע־כריפּע־זיפּץ אירן און טוט דערנאָך פּאַוואָלינקע א זאָג:

— איך העלף אויך אין דער היים... דער טאַטע און די מאמע זײַנען אוועקגעגאַנגען אין קינאָ... בין איך געזעסן אליין אין שטוב... און האָב געוויינט.

הער־הער, א פּערעלע־טרערעלע! זיצן און וויינען הייסט אויך העלפן?

די קינדער האָבן שטאַרק כיישעק צו צעלאַכן זיך. נאָר די דערציִערין טוט אויף זיי איין גוטן קוק, און זיי פאַרשטייען, אַז לאַכן איז ניטאָ וואָס. וואָסי, זיי זײַנען דען פריִער געווען בעסער?..

## דאָס שענסטע שיכעלע אין דער וועלט

הײַנט איז זונטיק. דער טאַטע און די מאמע זײַנען ביידע אוועקגעגאַנגען אין גאַס אײַנקויפן. איך כאַפּ זיך אויף פונעם שלאָף, זע איך, כ'בין אליין־אליין אין שטוב. די קאָלדרע אויף מיר ליגט פול מיט זון, ס'קער שוין זײַן גוט שפּעט.

— א גוטמאָרגן, זון! — זאָג איך. — אָט־אָ רײַב איך מיר אויס די אויגן, שטיי איך שוין אויף!..

כ'שפּרינג אַראָפּ פונעם געלעגער און קוק מיך אַרום. אין שטוב איז קיינער נישטאָ. די בעטן זײַנען נאָך ניט צוגעבעט. ס'איז נאָך ניט אופגעראַמט. דאָס קרענטל אין קיך מאַכט: פּיק, פּיק, פּיק... ס'איז דעם, אַפּאַנעם, אויך סקוטשנע אָן קיינעם ניט.

די בלומען אין די וואַזעס שטייען מיט פאַרטריקנטע מײַלעכלעך: זיי ווילן א טרונק. אין אײַלעניש האָבן דער טאַטע און די מאמע פאַרגעסן צו פאַרלעשן די שײַן אין קאָרידאָר. העגנט דאָס לעמפּל העט אויבן אויף דער סטעליע איבערגעשראָקן־בלייך, ניט טויט ניט לעבעדיק, קוים וואָס עס זיפּעט נאָך: פאַרלעשט מיך שוין אַמאָל, כ'וועל בלינד, כ'גיי אויס שלאָפן, שלאָפן.

לעבן דעם טאַטנס און דער מאמעס בעט ליגט אויפן פּאָל א צעעפנט ביכל:

— מ'האָט מיך געמישט און געמישט, געלייענט און געלייענט. און אַז איך בין אַראָפּגעפאַלן, בין איך געבליבן ליגן. אוי, ברעכן מיר די פלייצעס. וואָס שטייסטו? זעסטעך. הייב מיך אויף!..

נאָר דעם זייגער אויפן קאָמאָד, אים איינעם, אַרט ניט, צי ס'איז טאָג, צי ס'איז נאַכט, צי עמער איז דאָ, צי עמעצער איז נישטאָ. ער גייט און גייט, גייט און גייט.

— היי, ווי פיל האַלטסטו, זייגער?

— גייט, גייט, גייט, גייט...

מער רעדט ער ניט. מע דאַרף אליין זען. נאָר איך בין נאָך גאָר א קליינע. כ'קאָן נאָך ניט קוקן אויף קיין שום זייגער ניט.

אין קיך אויפן טיש שטייט א טעלערל. אין טעלערל ליגן צוויי שטיקלעך ברויט מיט פּוטער, צוויי עפּל. לעבן טעלערל שטייט א גלאָז מילך. זיי טוען מיך אַלע א רוף צו:

— מיידעלע, מיידעלע!.. דײַן מאמע האָט אונדז אָנגעזאָגט, מיר זאָלן דיך אָנעסן און אָנטרינ־קען... קום אהער!

— שאַט, וואַרט א ביסל. האָט צײַט!..

ס'קער שוין זײַן גוט שפּעט. דער טאַטע און די מאמע קערן מיינען, אז איך ליג נאָך אין בעט און שלאָף. אוי וועט זײַן שיין!..

— גיכער! גיכער! ביז דער טאַטע און די מאמע וועלן אָנקומען!..

דאָס טײַנע איך אזוי צו דער מאמעס כאַלאַט. כ'פּאַרפּלאָנטער זיך אין דער מאמעס לאַנגע ארבל און פּלאָנטער זיך קוים אויס. כ'טרעט ארויף אף א פּאָלע און פאַל שיר ניט אום. כ'פּאַר־גאַרטל זיך און פאַרשטעק די פּאָלעס טיף אין גאַרטל. כ'פּאַרוויקל זיך דעם קאָפּ מיט דער מאמעס א טיכל. איך כאַפּ א קוק אין שפּיגל און שיס אויס א געלעכטער. זע נאָר. כ'האָב א פּאָנעם, ווי יענץ מיידעלע פונעם מײַסעלע, יענץ מיידעלע מיטן גאָלדענעם שיכעלע.

אז קיינער קנײַפּט דיך ניט, קיינער טרײַבט דיך ניט, זוכט דיך אויך עמעצער מיטן גאָלדע־נעם שיכעלע?..

כ'פּאַרקאַטשע די לאַנגע ארבל פון דער מאמעס כאַלאַט און נעם זיך צו דער ארבעט.

— פּיק, פּיק, פּיק...

— וואַרט, וואַרט, קרענטעלע, אָט וועל איך דיך באַלד פאַרדרייען. איין דריי, א צווייטן דריי. שווערלעך! נאָך א קליין־קליין דרייעלע. שוין. שטיל. אנשוויגן געוואָרן דאָס קרענטעלע.

כ'שלעפּ ארײַן אין קאָרידאָר א בענקל, קריך פּאַוואָלינקע ארויף דערויף און פאַרלעש אין קאָרי־דאָר די שײַן. צאַק!.. צוגעמאַכט דאָס אויג, — דאָס לעמפּל. איין רעגעלע, און עס שלאָפט שוין. שלאָף, שלאָף. א גוטע נאַכט! ש...ש...ש...

כ'הייב אוף פונעם פאָל דאָס צעעפענטע ביכל, נעם עס אף די הענט און שטעל עס ארײַן אין שרענקל:

— רו דיך אויס, ביכערל־וויכערל!.. גלײַך דיר אויס די ביינדעלעך. נישקאָשע. מ'עט דיך דאַרפן, וועט מען דיך געפינען!

כ'טרינק אָן די בלומען. זיי עפענען אוף אף מיר גרויסע קײַלעכדיקע אויגן און קוקן מיך פאַרכידעשט אָן: הער נאָר, דו ביסט עס? נו, א דאַנק!.. נו, א דאַנק!..

דערנאָך גיי איך צו צו דער קאַמער און נעם ארויס דעם שטויבזויגער. אוי, סאַרא שווערער בייזער שטויבזויגער!

ער שטייט זיך אזוי פאַרטיק אָנגעגרייט און וואַרט אף דער מאמען. א ביסל, זע איך, וויל ער יאָ גיין מיט מיר, און א ביסל, דאַכט זיך, וויל ער מיט מיר ניט גיין. עפּעס א ביסל וויל ער מיך פאָלגן, און עפּעס א ביסל וויל ער מיך ניט פאָלגן.

נאָר סאַפּקאָלסאָף העלפט אים קיין טײַנעס ניט. כ'טו א קוועטש די קנאָפּקע, און ער הייבט אָן הודען. ער טרייסלט זיך, ער הוידעט זיך, ער פײַפט, ער שרײַט, רופט צונויף אַלע שטויבעלעך, בלאָזט אויס אַלע ווינקעלעך, זוכט אָפּ אומעטום ווו א פּאַפּירל, ווו א בײַוול, ווו א הערעלע, ווו א קערעלע.

איך האַלט די לאַנגע קישקע אין דער האַנט און קאָמאַנדעווע מיט איר. דער זייגער, זע איך, גייט און גייט, גייט און גייט. דער טאַטע און די מאמע וועלן די שטוב ניט דערקענען. אַלצדינג אפּן פּלאַץ. אַלצדינג בלישטשעט. אַלצדינג שמעקט.

פּלוצעם הער איך, עמעצער פּאַרעט זיך בא דער טיר. ווער זאָל עס זײַן? דער טאַטע און די מאמע, צי עפּשער עמעצער אַנדערש? כ'ווייס ניט, צי דאַרף איך לויפן זען, ווער עס איז, צי דאַרף איך לויפן באהאַלטן זיך אונטערן טיש. כ'טו א לאָז ארויס די קישקע פון דער האַנט, טוט זי מיט־אַמאָל א כאַפּ ארײַן א פּאָלע פון דער מאמעס כאַלאַט. זי ציט זי און ציט זי וואָס אַמאָל מערער ארײַן אינווייניק און קערט מיך אויך איבער אפן פאָל. כ'דערשרעק זיך, הייב אָן שרײַען. און ווען? פונקט דעמלט, ווען דער טאַטע און די מאמע קומען אָן.

— ווי איז מיר. גיב נאָר א קוק, וואָס דאָס קינד האָט דאָ אָנגעאַרבעט! — שרײַט די מאמע.

נאָר דער טאַטע האַלט זיך בא די זײַטן. ער קאָן גאָר ניט קומען צו זיך, און די מאמע הייבט אויך אָן קאַטשען זיך פאַר געלעכטער.

איך שלעפּ קוים ארויס די פּאָלע פונעם שטויבזויגער, הייב זיך פּאַמעלעך אוף און בין בארוי־גט. נאָר דער טאַטע קושט מיך און די מאמע קושט מיך.

זיי הייבן אָן ארויסלייגן פונעם קויש פּעקלעך און שקאַרמיצן, נעמען ארויס ערגעץ פון אונטן א קאַרטאָנענע פּושקע, צעבינדן זי און זאָגן, אז דאָס איז מיר.

די מאמע וויקלט אויס פון דאָרט א שיכעלע, דערלאַנגט עס מיר און הייסט עס מיר אָנמעסטן. ניט קיין גאָלדנס. א פּראָסטס. מיט ווײַסע שטעך ארום און ארום. מיט א באַנטיקל. דאָס שענסטע שיכעלע אין דער וועלט.

יאָסל לערנער

# ווײַסער ווונדער

## הימן צום לעבן

איר זאָגט: ניין! מיר זאָגן: יאָ!
איר זאָגט: דאָרט! מיר זאָגן: דאָ!
בארג און וואלד, און סטעפּ און פעלד
לעבט און גרינט, און זינגט און קוועלט.
אויך דאָס מינדסטע שטענגל גראָז
פאר דעם לעבן הייבט זײַן קאָס.
און דער דינסטער זשום פון בין
ברענגט דאָס גראָז אראָפּ פון זין.
סײַ דער פויגל, סײַ די גריל —
אלצדינג לעבט און לעבן וויל...

איר זאָגט: ייִעש! מיר זאָגן: מוט!
איר זאָגט: שלעכט! מיר זאָגן: גוט!
ווײַל אפילע שטויב און שטיין
האָבן רייץ און האָבן כיין.
און דער רויש פון בלעטערפאל,
און דער ברומענדיקער קוואל,
און דער צאפל פון א שטערן,
און דאָס זײַן, וואָס האלט אין ווערן,
און די ראכוועס פונעם יאם,
און מײַן קלינגענדיקער גראם —
גיט דעם לעבן אָפּ זײַן שטים,
זינגט דעם לעבן אויס א הימן...

• • •

אף דער אָזורע זיבן שוואנען
ווײַסע, —
ערשט זיך אויסגעשטאלטיקט
פון א ווינטער־מײַסע.

שיפן זיי זיך שלאנקע, מיט די קעפּ
פארהויבן.
שפיגלט זיך אין אָזורע העלע פרייד
פון אויבן.

דער טשערעט באם ברעג אין צארטן גרין
זיך מינעט.
ער האָט זיך מיט שוואנען־ליכט
פארכלינעט.

און די ווערבעס פלאטערן, קוקן צו
און שטוינען,
פאר דעם ווײַסן ווונדער בייגן אָן
די קרוינען.

שטיי איך א צעטומלטער, אײַנגעהילט
אין גאפן:
ווער האָט אײַך געפורעמט?
ווער האָט אײַך באשאפן?

אף דער אָזורע זיבן שוואנען
ווײַסע, —
ערשט זיך אויסגעשטאלטיקט
פון א ווינטער־מײַסע.

## גיי איך מיר אין גאָרטן

גיי איך מיר אין גאָרטן,
באגעגנט מיך א גרינער בוים.
זע איך, אף די צווײַגן זײַנע
וויגט זיך, וויגט מײַן טרוים.

קומען פייגעלעך צו פליִען,
די הערצעלעך צו קוויקן.
דערזעען זיי: ס׳הענגט א טרוים,
נעמען זיי אים פּיקן.

פּיקן זיי אים אויס דאָס הארץ,
ווי קערנער פון די זאנגען.
טראָגן זיך אין גאָרטן אום
טפילעס און געזאנגען.

פיל איך, ווי פארשווונדן ווערן
פון דער וועלט די צוימען.
נעם איך אפן בוים צעהענגען
אלע מײַנע טרוימען.

## פארנאכט

צעבליט האָט זיך אויבן
דער רויטער מאָן.
די לעוואָנע אין טײַכל —
אפן ווינט א פאָן.

סע שלאָפט שוין דער טאָל,
נאָר דער בארג איז וואך.
פון ערגעץ דערטראָגט זיך
דער אָטעם פון נאכט.

די ווערבעס באם טײַכל —
טעט־א־טעט.
אף שטומלאָשן
האָט מײַן הארץ גערעדט.

צי האָסטו פארשטאנען?
מיסטאמע יאָ.
איז ווו זשע ביסטו?
דו ביסט נישטאָ!..

האָט זיך דאָס אלץ
מיר אויסגעדאכט? —
מיט שטילע טריט
שפאנט דער פארנאכט.

סע הוידען זיך טענער,
ווי אין א וויג.
פון ערגעץ דערטראָגט זיך,
אך, סארא גליק...

## דו הערסט?

דו הערסט?
דאָס הארץ פון דער וועלט קלאפט
האסטיק און שווער!

דו זעסט?
פון הימל זיך קײַקלט אראָפ
א טרער!

דו פילסט?
עס טראָגט אונדז א בסורע פון ערגעץ
דער ווינט!

דו גלייבסט?
צום גוטן סע זײַנען די צייכנס.

אוואדע צום גוטן, מײַן קינד!..

## ניט אין וויסטן מידבער

ניט אין וויסטן מידבער
און ניט אף ווײַטע יאמען —
פארבלאָנדזשעט האָב איך אין א וואלד
פון ווערטער און פון גראמען.

גיי איך טריט בא טריט
דעם ארויסגאנג זוכן.
ווער זשע האָט פארשטעלט אים,
צו אלדי שווארצע רוכעס?

זוך איך אין די טיפן,
זוך איך אין די הייכן:
גיט מיר כאָטש א סימען!
ווײַזט מיר ווער א צייכן!

ענטפערט מיר א באסקאָל:
ס'איז א וועג פאראנען.
נעמען זאָלסט די שטארקײַט,
בא די ביימער־שטאמען.

פרישקײַט נעם בא ווינטלעך
לינדע, ווען זיי בלאָזן.
און דעם פרומען ציטער —
בא די שטילע גראָזן.

נעם די דינסטע פארבן
בא די צארטע בלומען.
בא דעם קוואל — זײַן קלאָרקײַט
און זײַן איידל ברומען.

פון ארום זאָלסט נעמען
ברייטן, פרײַען אָטעם,
שטילע רו —
זאָלסט נעמען בא דעם גרינעם שאָטן.

נאָר דאָס טרײַע לאָשן
נעם בא טאטע־מאמע —
פאשטעס פאר די ווערטער,
קלאנגען פאר די גראמען.

# דורך שאָלעם-אַליינעמס ברילן

• • •

א זומערטאָג האָט זיך צעלייגט אף גאָלדענע<br>
ווענן —<br>
א זון מיט א רעגן...<br>
האָט דער הימל געלאַכט און געוויינט,<br>
גלײַך עמעצער האָט אים<br>
שאָלעם-אליינעמס א מײַסע<br>
געליי׳נט...

• • •

ווּהין אײַלט ער זיך אזוי, דער וואָלקן?<br>
וואָס ציט אים און לאָקט די ווײַט?<br>
א פארשמײַעטער<br>
און מיטן קאפעליוש אף א זײַט<br>
לויפט ער,<br>
פליט ער<br>
הענדעם-פענדעם.<br>
און אז פון אלץ וועט זיך אויסלאָזן א טײַך,<br>
ווייסט ער נישט —<br>
דער מענאַכעם-מענדל...

• • •

די קו, אַן אויסגעמאָגערטע און קראַנקע,<br>
האָט צעלייגט זיך אף דער ערד און קוים<br>
זי אָטעמט.<br>
נאָר איר קעלבעלע, וואָס שפּרינגט און בריקעט,<br>
שפּילט זיך מיט איר מאַמעס שאָטן<br>
האָפּערדיק און פריילעך —<br>
ווי — נעפּריטשקעם —<br>
מאָטל פּייסי דעם כאַזנס...

• • •

א ווינטל שפּילט זיך מיט די בלעטער<br>
פונעם עפּלבוים.<br>
קאַטשען זיי זיך, די שטיפערקעס, פאר געלעכטער<br>
און צעפליִען זיך<br>
איינציקווײַז,<br>
ווי טעוויעס טעכטער...

• • •

ערגעץ האָט זיך דער סאָלאָוויי צעזונגען<br>
און טרעלן גיסן זיך, ווי ריינער בוימל, אף<br>
די צווײַגן.<br>
אָט פאַלן זיי אראָפּ, אראָפּ,<br>
אָט נעמען זיי צום הימל שטײַגן.<br>
טענער ווייכע,<br>
טענער דינע,<br>
גלײַך ס׳האָט צעזונגען זיך די שכינע...<br>
הערן זיך די פייגל אײַן<br>
אין ערפורכט און אין שווײַגן<br>
צו דער קוועלנדער נעגינע<br>
פון זייער יאָסעלע סאָלאָוויי...

• • •

דער ווינט קומט פארנאַכט אין גאָרטן ארײַן<br>
און דערציילט דאָרט פאר דיביימער<br>
באָבעמײַסעס:<br>
„א קו איז איבערן דאַך געפלויגן"...<br>
הערן אים די ביימער אויס<br>
און שאָקלען צו מיט די קעפּ אף יאָ.<br>
נאָר הינטער די אויגן<br>
רופן זיי אים<br>
בערל-אײַזיק...

---

# כמעלניקער וואַסער

אַף דער כמעלניקער ערד איז אזריִעל רוכליס קינדווײַז ארומגעלאָפן מיט באָרוועסע פיסלעך, זיך געפּרייט מיט די ריטשקעלעך פון ערשטן זו־מער־רעגן, און זײַנע פּיאַטעס זײַנען פון באָר־וועס גיין געוואָרן פאַרהאַרטעוועט און צעטראַס־קעט, פונקט ווי די קאָרע פון א יונגן דעמב. ער פלעגט ליב האָבן צו שטיין אַפן בריקל אריבערן שמאָלן ריטשקעלע, וואָס האָט צעטיילט כמעלניק אַף „צוויי שטעט" — די אַלטע שטאָט און די נײַע שטאָט. די אײַנוווינער פון דער „אַלטער שטאָט" זײַנען געווען מעקאַנע דער „נײַער שטאָט", וואָס דאָרט איז דאָס וואַסער ניט קיין געזאַלצנס.

אין דער „אַלטער שטאָט" האָט מען פון דאָר צו דאָר געגראָבן קרענעצעס, געפּרוּווט דאָס וואַ־סער, זיך געשאָלטן, געשפּיגן:

— פע! דאָס וואַסער איז ביטער!..

— ביטער, ווי אונדזער לעבן...

ביטערער פון אַלעמען איז געווען דעם וואַסערטרעגער נעכעמיע. דאָס האָט ער, אזריִעלס טאַטע, טאָג ווי נאַכט געטראָגן וואַסער איבערן בריקל. אזריִעל פלעגט זיך בעטן:

— טאַטע, גיב אַהער, וועל איך דיר העלפן טראָגן די עמער...

נעכעמיע פלעגט אוועקשטעלן די פולע עמער אַפן בריקל און אָנעמען בא דער האַנט אזריִעלן.

— אַז דו וועסט, קינד מײַנס, אויסוואַקסן א גרויסער, זאָלסטו אַנטלויפן פון כמעלניק... דו זעסט, אזריִעלקע, אָט אָ־דאָס שווערע וואַסער איז מײַן גרינגער טויט...

אזריִעל האָט מיט זײַן קינדערשן סייכל ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס זאָגט זײַן טאַטע, אַז וואַסער איז „טויט", און פאַרוואָס לויפט מען נאָך דעם טאַטן און מע בעט זיך:

— נעכעמיע! ברענגט מיר גיכער א פאָר מאָל וואַסער...

---

וועגן דעם אַלעמען האָט זיך איצט אזריִעל דערמאָנט, גייענדיק צו זײַן אַרבעט דורכן קרעשטשאַטיק.

אזריִעל איז געגאַנגען ניט געײַלט, נאָר די געדאַנקען זײַנען געלאָפן אַזוי גיך, אַז ווען ער איז געווען אין קיִעוו, זײַנען זיי שוין געווען אין כמעלניק. אזריִעל האָט אין זיקאָרן אופגעשטעלט יעדעס געסעלע, יעדעס ווינקעלע פונעם שטעטל, ער האָט אויסגעמאָסטן די ברעגן פונעם בוג, געשוווּנקט זיך אין זײַנע טיפן.

אזריִעלס געדאַנקען האָט איבערגעשלאָגן זײַנער א באַקאַנטער פּאַציִענט:

— דאָקטער! איר גייט אין פּאָליקליניק?..

— יאָ... יאָ... איך... גיי... האַ, האַ, דאַכט זיך, אַז בא אײַך... איז רעוומאַטיזם? — האָט זיך אזריִעל געווענדט צום קראַנקן.

— יאָ, דאָקטער, איך וויל, איר זאָלט מיר אונטערשרײַבן מײַן קוראָרטנע קאַרטע...

— איר פאָרט, דאַכט זיך... קיין צכאַלטובע?.. — האָט אזריִעל געפרעגט.

— יאָ, — האָט דער קראַנקער געענטפערט.

— איר ווייסט, מײַן פרײַנט... ס'איז שוין פאַראַן א צווייטער „קאַווקאַז"... כמעלניק!

אזריִעלס ווערטער האָבן ניט געמאַכט קיין אײַנדרוק אַפן פּאַציִענט, און דאָס האָט אזריִעלן ווי פאַרדראָסן. ער ווייסט, אַז זײַן פרוי נעכע קאָן ניט הערן וועגן כמעלניק. די דײַטשישע פאַ־שיסטן האָבן אומגעבראַכט אין שטעטל נעכעס אַלע אייגענע. נעכע איז די ערשטע טעג נאָך דער מילכאָמע געפאָרן אַהין אַף קייווער־אָוועס און אַף אייביק זיך געזעגנט מיט איר אַלטער היים. זי האָט מיט זיך געבראַכט פון דאָרט א זעקעלע ערד צום אָנדענק פון אירע קדושים און אויך א

פלעשעלע ביטער וואַסער — א דערמאָנונג וועגן דער אַמאָליקער שווערער האָרעוואַניע פון אזריִעלס טאַטן. דערמיט האָט זי אַף שטענדיק געוואָלט אַרויסרײַסן פון אזריִעלס האַרצן זײַן בענקעניש נאָך כמעלניק.

איצט, ווען אַרום כמעלניקער וואַסער גייט אַזויפיל רייד, האָט אזריִעלן צוזאַמען מיט דער פרייד אויך אָנגעכאַפּט א פאַרדראָס. דרײַסיק יאָר אַרבעט ער אַלס דאָקטער און קאָן ניט אויסגע־פינען אַזאַ געטראַנק, וואָס זאָל באַפרידיקן זײַנע קראַנקע פּאַציִענטן, כאָטש ער איז שטענדיק מיט דער קרענק אַזוי נאָענט, מע קאָן זאָגן, אויג־אַף־אויג. יעדן טאָג הערט ער, ווי מע בעט זיך:

— דאָקטער, העלפט...

ווען ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין פּאָליקליניק, האָט אים בא דער טיר באַגעגנט דער דירעק־טאָר, דאָקטער כענקין.

— מע האָט געקלונגען פון שטאָטישן געזונט־אָפּטייל. מע בעט אײַך איבערגעבן, אַז אײַערע א באַקאָשע איז באַפרידיקט.

— פאָר איך, הייסט עס, אַריבער קיין כמעלניק! — האָט אזריִעל אויסגעשריִען מיט פרייד.

— אין וועלכן כמעלניק?

— וואָס קוקט איר אַזוי אַף מיר, גריגאָרי יעפימאָוויטש?.. איר האָט מיך ניט דערקענט?.. דאָס בין איך, דאָקטער רוכליס... ווי איך זע, ווילט איר, איך זאָל אײַך פאַרטײַטשן דאָס וואָרט „כמעלניק“?

— יאָ! — האָט כענקין געשאָקלט מיטן קאָפּ. — וואָס קומט פאָר מיט כמעלניק?

אזריִעל האָט אָנגענומען כענקינען פאַרן אָרעם.

— דוכט זיך, אַז בא אײַך אין קאַבינעט הענגט א געאָגראַפישע קאַרטע...

באַם דירעקטאָר אין קאַבינעט האָט אזריִעל אָנגעהויבן זוכן מיטן פינגער אַף דער קאַרטע.

— אָט! איר זעט?.. אָט איז ווינניצע... און פונדאַנען גייט אַוועק א וועג אַף כמעלניק... אָט! אָט... געפונען! איר זעט א קליין פינטעלע?.. דאָס איז כמעלניק. אינגיכן וועט דאָס פינטעלע באַ־קומען א שעם... אַף דער גאָרער וועלט! טרעפט, גריגאָרי יעפימאָוויטש, וואָס מ'האָט דאָרטן געפונען?

— גאָלד? — האָט כענקין א זאָג געטאָן.

— ניין, נאָך וויכטיקער! — האָט אזריִעל געקלאַפּט מיטן פינגער איבער דער קאַרטע.

— נאַפט! — האָט ווידער אויסגעשריִען כענקין.

— ניין! נאַר נאַפט איז שוין נאָענט צו דעם, וואָס מ'האָט געפונען. איר זאָלט וויסן זײַן, אַז אין כמעלניק האָט מען געפונען ראַדאָן! איצט, גריגאָרי יעפימאָוויטש, האָט איר פאַרשטאַנען?

— איצט פאַרשטיי איך שוין!.. — כענקין האָט זיך צוגעזעצט.

— איז וואָס פאַרשטייט איר, גריגאָרי יעפימאָוויטש?

— איך פאַרשטיי, אזריִעל מאָיִסייעוויטש, אַז צו אײַך האָט זיך פאַרקליבן א כמעלניקער ווירוס... איך וויל אײַך בעטן, אַז איר זאָלט ניט פאַנאַנדערשפּרייטן דעם ווירוס צווישן די דאָק־טוירים... ווײַל איצט פאָרן אין דער פּראָווינץ אַף אַרבעט רעכנט זיך ווי א העלדנטאַט!.. — כענקין האָט א שלונג געטאָן טיף אין זיך דעם רויך פונעם סיגאַרעט. — איר פאַנטאַזירט, דאָק־טער רוכליס. ס'איז איצטער ניט די צײַט זיך פאַרנעמען מיט אײַער שטעטעלע כמעלניק...

— באַרויִקט זיך, גריגאָרי יעפימאָוויטש, איך וועל אַליין גיין אין שטאָטישן געזונט־אָפּטייל און אַלץ דערקלערן.

— גייט און זײַט מאַצליִעך... איך האָב פאַר אײַך געוואָלט עפּעס אויפטאָן. א נײַע גוטע ווױנונג... אַגעוו, שוין, דאַכט זיך, צײַט צו מאַכן א טאָלק מיט אונדזערע קינדער...

— איך פאַרשטיי ניט, וואָס איר מיינט.

— איר מאַכט זיך, אַז איר פאַרשטייט ניט. דער זון איז אײַערער... און די טאָכטער מײַנע... זײַט איר אין·גרעסערן יִכעס, — כענקין האָט זיך צעלאַכט.

— איר האָט מיך שלעכט אויסגעטײַטשט, גריגאָרי יעפימאָוויטש... יאָ, איך זע, אַז בא אונדזערע קינדער קומט עפּעס פאָר...

— איך זע אויך! איך זע און ווייס, אַז אין זייער קריג זײַט איר שולדיק! יאָ, יאָ, דאָקטער רוכליס, איר!

— איך? — האָט זיך אזריִעל געוווּנדערט. — מיט וואָס?

— מיט דעם, וואָס איר האָט מיט אײַער אוטאָפּיע אַראָפּגעפירט אײַער זון פונעם ריכטיקן וועג. ער האָט געגעבן זײַן וואָרט מײַן טאָכטער, אַז זיי וועלן צוזאַמען פאָרן אַפן אוראַל. דאָס לאַנד נייטיקט זיך אין מעש, אין אײַזן, און איר האָט פאַרקלאַפּט אײַער זון דעם קאָפּ מיט כמעל־ניק. דאָקטער רוכליס, פון אײַער פאַנטאַזיע וועט גאָרניט אַרויסקומען, אונדזערע קינדער זײַנען

געװאַגן... זײער װעג איז קוילן, גאָלד, קופּער. און מיט כמעלניקער װאַסער זאָלן זיך אַנדערע פאַרנעמען...

דעם געשפּרעך פון די צװײ דאָקטוירים האָט איבערגעשלאָגן די מעדיצין־שװעסטער, װעלכע איז אַרײַנגעקומען און געזאָגט:

— אוריִעל מאָיִסײעװיטש, די קראַנקע װאַרטן אױף אײַך.

דער צוג איז אָנגעקומען קײן כמעלניק אין אָװנט. אױף דער פּלאַטפאָרמע האָט ער איבערגע־לאָזט דעם דאָקטער אוריִעל רוכליס און צװײ יונגע געזאַגן — נאַטאַן רוכליס און לידע כענקין. דאָס אַלטע שטעטעלע איז פון דער מילכאָמע אָן שױן קימאַט אינגאַנצן פאַרשװוּנדן. גערטענער האָבן זיך געשפּרײט דאָרט, װוּ אַמאָל זײַנען געשטאַנען שטיבער. נײַע הײַזער האָבן געמאַכט דאָס אָרט ניט צו דערקענען. אוריִעל האָט גלײַך ניט געטראָפן, װוּ עס איז אַמאָל זײַן אײגענע הײם געװען.

— אָט דאָס איז, קינדער, מײַן כמעלניק! — האָט געזאָגט מיט אַ שטיל קול אוריִעל.

ער האָט אַרױסגענומען פון בוזעם־קעשענע אַ בריװ צום פּאַרזיצער פונעם כמעלניקער שטאָט־סאָװעט — אַ באַקאַשע פונעם קיִעװער געזונט־אָפּטײל, מע זאָל העלפן דעם דאָקטער זיך באַקאַנען אױפן אָרט מיט די קװאַלן פון הײל־װאַסער. אַ פאַרבײַגײער, צו װעמען דער דאָקטער האָט זיך געװענדט נאָך אַן אײצע, װוּהין צו פאַרפאָרן, האָט איבערגעלײענט דעם אַדרעס פון דעם בריװ און געזאָגט, אַז איצט איז שױן אין שטאָט־ראַט קײנער ניטאָ, נאָר דער פּאַרזיצער כאַװער ריבאַטשענקאָ װױנט דאָ ניט װײַט, און בעסער פון אַלץ איז צוגײן צו אים אַהײם. אוריִעל רוכליס האָט אַרױסגערעדט, צעציִענדיק די װערטער:

— אַ באַקאַנטע פאַמיליע... ריבאַטשענקאָ... קומט, קינדער!

דער װעג צו ריבאַטשענקאָן איז געװען פאַרװאַקסן מיט זון־רױזן. אַ שמאָל סטעזשקעלע האָט געפירט צו אַ שטוב, פונװאַנען ס'האָט זיך דורכן פענצטער אױסגעלײגט אַ לאַנגער פּאַס שײַן. אױף דער פריזבע איז געזעסן אַן אַלטיטשקער מיט אַ פאַרװאַקסן פּאָנעם.

— ריבאַטשענקאָ! — האָט אוריִעל אױסגעשריִען.

— האַ! יאָ! ריבאַטשענקאָ... איר דאַרפט מײַן זון? — האָט ער זיך װי אָנגעשטויסן. — ער װעט באַלד קומען. פונװאַנען זײַט איר?

— פון קיִעװ.

— פון קיִעװ? — האָט דער אַלטער זיך געװוּנדערט. — איר האָט דאָ אײגענע?

— דאָ בין איך געבאָרן, — האָט געזאָגט אוריִעל.

— דאָ? אין כמעלניק? איז װער זשע ביסטו? האַ?

— דעם װאַסערטרעגערס זון. אוריִעלקע!

— נעבעכמיעס אַ זון? אוריִעלקע?!.. אײַ... אײַ... איז װאָס האָסטו גלײַך ניט געזאָגט! — דער אַלטער האָט זיך אײַנגעקוקט אין רוכליסן. — און װײסט, װער איך בין?

— פיאָדאָר! פיאָדאָר ריבאַטשענקאָ! — האָט דער דאָקטער אָנגעקװעלט פון זײַן אײגענעם זיקאָרן.

— יאָ, דער בריװטרעגער! דו געדענקסט, אוריִעלקע? אַ בריװעלע דער מאַמען... ס'זאָל זיך ניט פאַרזאַמען... יאָ, כ'האָב שױן פאַרגעסן װײַטער... פון זינט די דײַטשן זײַנען דאָ געװען, האָב איך זיך שױן אָפּגעװוינט רײדן ייִדיש... אײַ, אײַ, אוריִעלקע... װען איך פלעג ברענגען אַ בריװל צו אײַך... פלעגט מיך דײַן מאַמע אװעקזעצן באַם טיש. „נו, זאָגט זי, קײן מאַרציפּאַנעס האָב איך ניט, נאָר אַ פלעצעלע מיט מאָן בעט איך דיך פאַרזוכן". איך האָב זיך שױן פאַרבענקט נאָך אַ ייִדיש װאָרט. און װער זײַנען די יונגעלײַט?

— דאָס איז מײַן זון. און דאָס מײדל איז אונדזערע אַ באַקאַנטע.

— אױף שטענדיק צו אונדז קײן כמעלניק? — האָט פיאָדאָר געפרעגט.

— דערװײַל זײַנען מיר געקומען מיקױעד ראַדאָן... — האָט אוריִעל געענטפערט.

— ראַדאָן?! װאָרט... װאָרט... װער איז ער? איך האָב אַזאַ נאָמען ניט געהערט.

— ער געפינט זיך דאָ אין כמעלניק אונטער דער ערד, — האָט אוריִעל געזאָגט.

— די פאַשיסטן האָבן אים אַ לעבעדיקן פאַרשאָטן?

— נײן, דאָס איז אַזאַ רעפוּע. די װאַסער, װאָס געפינט זיך אין דער ערד, הײלט, — האָט אוריִעל דערקלערט.

— פון װאָס הײלט זי?

— זי הײלט רעװמאַטיזם.

— דאָס איז דאָך מײַן קרענק, — האָט פיאָדאָר אָנגעװיזן אױף זײַנע פיס.

— אָט װעלן מיר דיך דעם ערשטן אױסהײלן...

— איי, א דאנק דיר, אזריעלקע. וועסט שוין האָבן מיט מיר א שיין ביסל זאָרגן. ווי זאָגט מען בא אייך, יידן: „צען דייגעס איז בעסער ווי איין צאָרע"...

— זאָגט מיר, זיידע פיאָדאָר, וועגן פארשאָטענע קרענעצעס געדענקט איר? — האָט נאטאן זיך געווענדט צו פיאָדאָרן.

— ווי זשע... אָט דאָ אונטער די סאָנישניקעס איז א פארשאָטענע קרענעצע, נאָר דאָס וואַסער איז דאָרטן ביטער, — האָט פיאָדאָר א מאך געטאָן מיט דער האנט.

— דאָס דארפן מיר דאָך. דאָס ביטערע וואסער! — האָט נאטאן זיך דערפרייט.

— אין דעם ביטערן וואסער ליגט די רעפוּע, — האָט צוגעגעבן לידע.

פון הינטער די געדיכטע זון־רויזן האָט זיך באוויזן דער יונגער ריבאטשענקאָ. ער האָט גלייך א פרעג געטאָן:

— צו מיר?..

— יאָ, סטעפּאַן! דאָס איז אזריעלקע רוכליס! — האָט פיאָדאָר אויסגעשריען.

— ווארט... ווארט... אזריעל... רוכליס? — סטעפּאַן פיאָדאָראָוויטש האָט צוגעשמורעט די אויגן. אין א מינוט ארום האָט מען זיך שוין געקלאָפּט איינער דעם אנדערן איבער די אַקסל און געהאלטן אין איין דערמאָנען זיך וועגן פארגאנגענע יאָרן פון דער קינדהייט.

ווען אלע האָבן זיך צוגעזעצט אף דער פריזבע, האָט סטעפּאַן פיאָדאָראָוויטש א פרעג געטאָן:

— נו, מיינע ליבע געסט, איז הייסט עס, איז מיסטאמע אויך בא אייך אָן איניען?..

— אָט לייען דורך, — אזריעל האָט אים דערלאנגט דעם בריוו.

סטעפּאַן האָט דורכגעלייענט און אויסגעשריען פריילעך:

— וועגן אזא איניען וואָלט איך אייך אָן א בריוו געהאָלפן! זאָגט, דאָס איז אייער גאנצע עקספּעדיציע?

— יאָ. מיר דארפן דערווייל בלויז אויסגראָבן די פארשאָטענע קרענעצעס.

— איך, סינאָק, וועל זיי העלפן. אין די קרענעצעס ליגט א רעפוּע פאר מיינע פיס! — האָט דער אלטער פיאָדאָר געזאָגט.

— נו גוט! וועלן מיר א קוק טאָן, וואס איז דאָס פאר א כמעלניקער וואסער, וואס היילט. איצט שטייט אונדז פאָר אן אנדער וויכטיקע פראגע... וואס פאר א וואסערל וועלן מיר איצט מיט אייך אויסטרינקען און ווען וועלן מיר זיך צולייגן אויסרוען זיך פון וועג...

...ווען אלע זיינען שוין געווען אף די געלעגערס, האָט דער געוועזענער בריוועטרעגער און דער דאָקטער נאָך לאנג געציילט די פארשאָטענע קרענעצעס, ביז אויך זיי ביידע זיינען איינגעשלאָפן.

ווען דער באגינען האָט זיך צעשפרייט איבער כמעלניק, האָט דער אלטער פיאָדאָר אויסגעגראָבן די זון־רויזן ארום איין פארשאָטענער קרענעצע, סטעפּאַן מיט נאטאנען האָבן פון אן אומגעוואלגערטן בוים אויסגעשניטן א קאָרבע, אָנגעוויקלט אף איר א שטריק, צו די עקן צוגעבונדן צוויי עמער. אלע פיר מענער האָבן אָנגעהויבן ארויסנעמען די ערד פון דער קרענעצע. לידע האָט געקאָכט אן איבערבייסן.

דריי טעג זיינען דורכגעגאנגען, ביז מ'האָט זיך דערקליבן צו דעם וואסער. לידע האָט לאנג זיך געפּיסעקט מיטן אנאליז. און ארויסגעזאָגט האָט זי פאר אלעמען נאָר איין וואָרט:

— ראדאָן!

---

## מאקס ריִאַנט

### אינמיטן זומער

דופטיק איז דאָס פעלד אין די פאַרנאַכטן,
ס'הייבט דער ווייץ זיך, ווי פון גאָלד א וואַנט, —
די שקיִע עפנט אויף דעם טויער דעם פאַרמאַכטן,
און בלענדיק־העל דער הימל זיך צעפלאַמט.

און ארום דעם פעלד פון אלע זייַטן
איז די בלויקייַט שטיל און אָנגעשפּיצט.
פלוצעם טוט א שאַרפער בליץ א שנייַד זיך,
שרעקנדיק מיט מאַרגעדיקער היץ...

ס'ווערט דער הימל טונקל אַף א ווייַלע,
און א דונער לעכערט דורך די וועלט.

הימל, הימל, רייץ זיך ניט מיט פייַער,
שוין גענוג געסאַרפּעט האָט דאָס פעלד.

און עס טוט אַן עגבער א דערמאָנונג,
און א קוילן־האָגל מיך באַשיט,
כ'ליג פאַרשטאַרט, עס לויערט די סאַקאָנע —
צווישן טויט און לעבן כ'בין אין מיט.

דופטיק איז דאָס פעלד אין די פאַרנאַכטן,
ס'הייבט דער ווייץ זיך, ווי פון גאָלד א וואַנט, —
די שקיִע עפנט אויף דעם טויער דעם פאַרמאַכטן,
און בלענדיק־העל דער הימל זיך צעפלאַמט.

### אונטער בליִענדיקע צווייַגן

זייַנען דען די מיידלעך שולדיק,
וואָס די נעכט זייַנען לעוואָניק
און פאַרקישעפן מיט שאָטנס
און מיט ליכטיקן פאַרלאַנג?
קאָנען דען די מיידלעך שלאָפן,
ווען דאָס האַרץ — עס הייבט אָן
מאָנען
צאַרטע סוידעספולע ווערטער
און פאַרגייט זיך אין געזאַנג?

ס'האָבן זיך צעבליט די גערטנער
פול מיט שעפע, קיין אייַנהאָרע.
פאַרלעך פרייַלעכע געאָרעמט
בלאָנקען אום אזש ביז קאַיאָר.
קאָנען דען די מיידלעך שלאָפן
אין די נעכט לעוואָניק־קלאָרע,
קאָנען אייַנזיצן דען יאָטן
אָן א מאַזלדיקער פּאָר?

און א ניגן, ווי אַף פליגל,
טראָגט זיך איבער סטעפּ צעגרינטן,
און די פייגל צווישן בלעטער
זינגען אויכעט ביז קאַיאָר.
און די ביימער און די גראָזן
סוידען שטיל זיך מיטן ווינטל:
אונטער בליִענדיקע צווייַגן
שטייט פאַרליבט א נייַע פּאָר...



## איציק בראָנפמאַן

### יעראָפּיי כאַבאַראָוו

דעם סקולפּטאָר יאַן מילטשין — דעם אויטאָר
פונעם כאַבאַראָוו־מאָנומענט.

ווען כ'קום אראָפּ נאָר קיין כאַבאַראָווסק,
אַפן וואָקזאַל־פּלאַץ מיך באַגריסט
דער גרינדער פון דער שטאָט — כאַבאַראָוו
יעראָפּיי
דער ריז —

אין טולופּ בראָנזענעם, אין בראָנזענער פּאַפּאַכע,
דערהויבן אַף זייַן הויכן פּאָסטאַמענט,
בא גרענעץ פונעם לאַנד דאָ האַלט די וואַכטע,

מיט בליק מיט אָפענעם צום ווײַטן ברעג געווענדט.
און כאָטש די בראָנזע שטומט און שטום איז דער גראַניט,
מיר דאכט, זײַן קאָל — עס שאַלט ביז סאַמע ווײַטסטע ווײַטן.

און דאָ, אַף ראַכוועסדיקן פלאַץ, אין סאַמע מיט,
באַפאַלט מיך אַ פאַרלאַנג אַזאַ פאַרשײַטער —
צום פאָסטאַמענט מיר ווילט זיך טאָן אַ שפרונג,
דעם גוואַר דעם בראָנזענעם די האַנט אַ שטרעק טאָן,

זײַן קראַפט דערשפירן, וואָס אומשטערבלעך יונג
זי האָט אַמאָל אַף אָט די ווײַטע שטרעקעס
געבראַכט דעם ערשטן, דעם געגאַרטן גרוס
פון לאַנד זײַנעם, דעם גרויסן רוס...
מיר ווילט זיך גאָר באַ אָט דעם שטרענגן גוואַר
גוטברודעריש און פראָסט אַ פרעג טאָן:
ווי איז געשען, וואָס ס'האָט אים אויסגעמיטן די געפאַר
אַף ניט באַטראָטענע, אַף ניט באַלעבטע וועגן?

געצונדן שײַטערס אין דער טײַגע וויפל האָסט?
וויפל בערג און טײַכן דורכגעגאַנגען?
וויפל מאָל געליטן היץ און פראָסט?
און וויפל מאָל ז'דאָס לעבן אַף אַ האָר געהאַנגען?

מיר דאַכט, זײַן ענטפער איך דערהער,
ער שאַלט אַרויס פון הילכנדיקער בראָנזע:
— ס'איז אַלץ געווען קעדײַ! און גאָרנישט איז ניט שווער,
קעדיי אַצינד דאָס אַלץ אַרום דאָ אָנזען...

אַרום — אַ שטאָט, אין פלאַם פון מי צעברויזט,
אַ שטאָט... אַ גאַס... אַ סאָד... אַ וואַרעם הויז.

## שפיל, נעכאַמעלע, שפיל...

כ'האָב הײַנט מײַן שאָכנס טעכטערל געזאָגט:
נעכאַמעלע, נעשאָמעלע, זײַ וויסן —
צו מײַנע לידער האָסטו שוין אַ שליסל,
אין זיי אַ גרויסן כיילעק דו פאַרמאָגסט.

דײַן פידעלע, דײַן שפיל — פאַר מיר אַ טרייסט,
ווען כ'זיץ מיט זיך אַליין באַם שרײַבטיש מײַנעם,
דו שטערסט מיר ניט, איך האָב צו דיר קיין
טײַנעס,
איך קלאַפ ניט אָן אין וואַנט און בין ניט בייז.

איך ווייס, אַז שוועסטער זײַנען דיכטונג און
מוזיק,
אָן קלאַנגען איז די וועלט אַ שטומע,
אין צײַט פון לייד, אין צײַט פון שווערסטן אומעט
פון פידל־טענער ווערט דאָס האַרץ דערקוויקט.

איז ברענג דײַן פידעלע, מיט מיר אַ רעגע זיץ.
מײַן קינדהײַט איז צו מיר צוגאַסט געקומען.
אַ פאַסטעכל, אַף לאָנקעס פול מיט בלומען
האָב איך פון בוזינאַ אַ פײַפל אויסגעשניצט...

יאָ, כ'האָב אַזוי מײַן שאָכנס טעכטערל געזאָגט:
נעכאַמעלע, נעכאַמעלע, זײַ וויסן —
צו מײַנע לידער האָסטו שוין אַ שליסל,
אין זיי אַ גרויסן כיילעק דו פאַרמאָגסט.

מאַטל סאַקציער

# די באַנים פון יאַנקל דעם פישער־ייִד

ס׳איז געווען א הייסער, זומערדיקער ביינהאַשמאָשעס. איך האָב מיך געײַלט אף א באגעגביש מיט אן אלטן כאווער, וועלכער איז נאָך א לאַנגער אָפּוועזנהײַט געקומען צו פאָרן פון ערגעץ זייער ווײַט, וווהין ס׳האָט אים פארטראָגן זײַן ארבעט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט בא קרויווים אף א גאס מיט א קאָסמעטישן נאָמען. אזא נאָמען האָט מען איר געגעבן דערפאַר, א סוואָרע, ווײַל זי איז געווען אינגאנצן אײַנגעטונקען אין גרינס און קוויטן און אין פארשיקערנדיקע רייכעס.

זי ליגט, די גאס, אין אייבערשטן טייל שטאָט. עפּעס איז דאָ צו שטיל. שטיל, אזש פריקרע. מע וואָלט געקאָנט מיינען, אז דאָ זײַנען לאַכלוטן קיין קינדער ניט פאראן. צום הייפּעך פון די נײַע מיקראָראיאָנען, וואָס זײַנען פול מיט קינדערשן טומל און געפּילדער. האָט זיי די טשמעליענדיקע היץ ארײַנגעטריבן אין שאָטן פון די סעדער? האָט מען זיי ארויסגעפירט אין די פּיאָנערן־לאַגערן, צום יאַם?

איך בין געגאַנגען און געקלערט, אז פונקט אזוי האָט דער דאָזיקער טייל שטאָט אויסגעזען מיסטאָם אין די יאָרן, ווען פּושקין האָט דאָ געפּראַוועט זײַן געצוווּנגענעם גאָלעס. געזעצטע, סאָלידע הײַזער מיט א סאַך פענצטער און מיט הויכע אײַזערנע טויערן — אן איבערבלײַבעכץ פון אמאָליקער פּריציִשער אָפּגעזונדערטקײַט, סאָכריש־גווירישער אײַנגעפונדעוועטקײַט, טקיפעס.

נאָך עטלעכע יאָר, און אָט די קווארטאַלן וועלן הייסן אַלטשטאָט. דער צענטער וועט אריבערגעטראָגן ווערן אין די נײַע ראַיאָנען, וואָס צעוואַקסן זיך מיטן גרעסטן אימפּעט. ניט איין צענטער. א סאַך.

פּלוצעם האָב איך באמערקט אף א טרעפּל לעבן א שווערער, דעמבענער פּאַראַד־טיר זיצן א מענטשן אין א פּאָזע, וואָס האָט מיך גלײַך באומרויִקט. זײַן קאָפּ איז געווען פארוואָרפן, ווי אין כאַלאָשעס. די נאָז, דער שטערן, די מאָגערע באַקן — טויט־בלאַסע, ווי דאָס בלוט, ביזן לעצטן טראָפּן, וואָלט פון זיי אנטרונען. כ׳האָב מיך א ריס געטאָן צו אים.

— וואָס איז אײַך, פעטער? ס׳איז אײַך ניט גוט?

— ס׳איז מיר גוט ניט גוט, — האָט ער מיר געענטפערט מיט א געדעמפטער שטים, א פארסאָפּעטער, ווי נאָך א לאַנגן געלאָף. זײַן איינציקע באַקאָשע איז געווען: אים העלפן זיך דערשלעפּן אהיים.

— ס׳איז נאָענט. א שפּאַן. די צווייטע גאס. אליין בין איך ניט בעקויעך.

פון די קנאַפּע עטלעכע ווערטער, וואָס ער האָט געלאָזט פאלן, גייענדיק אָנגעלענט אף מײַן אָרעם, איז מיר קלאָר געוואָרן, אז בא אים איז א כראָנישע און, אפּאָנעם, אומויסהיילבאַרע האַרץ־שלאַפקײַט. ער האָט אזא רעפּוע, פון וועלכער ער ווערט ווי נײַ געבוירן, ווי נאָר ער נעמט זי אײַן. אזא מין ניטראָגליצערין־פּרעפּאַראַט. אָן דעם פּאָכט ער מיט דער נעשאָמע, און ווײַל ער איז ארויסגעגאַנגען פון שטוב אָן דער רעפּוע, האָט עס אים, ווי אפּצולאָכעס, גראָד אָנגעכאַפּט.

— ווי זאָגט מען? דער טײַוול האָט דעם קאַטער... ווי דערקלײַבט מען זיך שוין וואָס גיכער אהיים.

דאָרט, אין דער היים, האָט ער א שכיינע, וואָס ראַטעוועט אים, ווען עס מאַכט זיך בא אים אזא אָנפאַל. אָלגא איוואַנאָוונא הייסט זי... ניט קיין דאָקטער — א מאַלעך...

דער „מאַלעך“ איז טאַקע באַלד ארײַנגעלאָפן צו אים אין צימער מיט א פארטיקן שפּריץ. דער אַלטער איז געלעגן אומבאַוועגלעך. ער האָט זיך אפילע ניט פארקרימט, ווען די

נאָדל איז אַרײַן אין זײַן לײַב. מיט די פאַרמאַכטע אויגן האָט ער אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך צוגעהערט צום ריזלען פון דער רעטנדיקער פליסיקײַט אין זײַנע אָדערן. מ׳האָט בוילעט געזען, אַז ער קומט פּאַוואָלינקע צו־זיך. אַז דער ווייטעק טרעט אָפּ, ווי עס וואָלטן זיך אופגעקלעמט די אומזיכטבאַרע רייפן, וואָס האָבן פאַרקרעמפּעוועט זײַן ברוסט.

פאַרשטייענדיק, אַז איך בין שוין איבעריק, האָב איך שטילערהייט געגומען אַרויסשלײַכן זיך פון זײַן צימער. ווען איך בין שוין געווען בײַ דער טיר, האָב איך דערהערט אַ זיפץ, אַ טיפן זיפץ פון פאַרלײַכטערונג. דער קראַנקער האָט זשעדנע, ווי אַ פיש, אַ שלונג געטאָן די לופט מיט דעם ברייט־צעעפנטן מויל, געעפנט די אויגן, און כ׳האָב פאַרשטאַנען לויטן ווונק, אַז ער וויל מיר עפּעס זאָגן.

— קוידעמקאָל, — האָט געזאָגט דער בליק, — אַ דאַנק פאַר דער טירכע.

און נאָך עפּעס האָט ער געזאָגט שוין מיט אַן אויסגעלײַטערט קאָל:

— אויב ס׳איז אײַך ניט שווער, טוט אַ קלונג אָן צו מײַן זון, אָדער עפּשער פאַרבײַגייענדיק... ער ווינט די צווייטע גאַס פונדאַנען. זאַפרין הייסט ער...

— זאַפרין? — האָב איך איבערגעפרעגט. — באָריס?

אצינד איז מיר קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס דער מאָגערער ייִד מיטן קנאַכיקן פּאָנעם האָט מיר אויסגעזען באַקאַנט. צוריק מיט עטלעכע יאָר האָב איך אים געזען אויף אַ מישפּאָכע־סימכע. באָריס האָט כאַסענע געהאַט מיט לייעלען, ליאַ מאַיִסייעוונאַ, דעם טעכטערל פון מײַנעם אַלטן פרײַנט. איך האָב דעמלט מיך צוגעקוקט מער צום פריילעכן יונגוואַרג, לייעלעס קאָלעגן — פריש־געבאַקענע פּעדאַגאָגן און אינזשעניערן, וואָס האָבן ערשט באַקומען די דיפּלאָמען. די כאַסענע איז שוין איינצײַטיק געווען אַ מין אָפּשייד־אָוונט פאַר זייער אָפּפאָרן אין די פאַרשיידנסטע עקן פונעם לאַנד אויף די אַרבעטס־ערטער, וווהין מ׳האָט זיי באַשטימט. איך האָב אָבער געהאַט צײַט גענוג צו באַטראַכטן אויך די הויפּט־מעכוטאָנים פון כאָסנס צאַד. זיי זײַנען, אַכוץ די עלטערן, זיך צונויפגעפאָרן פון אוקראַינע, — מומעס, פעטערס, סטאַם קרויווים, ייִדן פראָסטע, האָרעפּאַשנע, און ס׳האָט פאַרשמעקט מיט אַן עמעסער ייִדישער סימכע, ס׳האָט אַ ווייע געטאָן מיט טראַדיציע. אַ כאַסענע מיט אַלע פישטשעווקעס, האַגאַם אָן אַ כופּע... דעם כאָסנס ברידער, פאַרברוינטע יונגעלײַט, מיטלוווקסיקע, מיט ברייטע פעסטע קינבאַקן, האָבן אויסגעגעבן דעם מיזיניק. ניט געלאָזט דעם אוילעם זיך לאַנגווײַליקן, מיט פאַרפאַליעטע פענעמער און עטוואָס האַמעטנער עלע־גאַנץ אין דער באַנעמונג, האָבן זיי אומגעדרייט אין די טענץ אַלע ווײַבלעך און אָנגעפילט דעם זאַל מיט זייער אומיטלבאַרער, ניט געמאַכטער פריילעכקײַט.

מײַן פרײַנט, לייעלעס פאָטער, האָט געשײַנט פון גליק. ער האָט געטאָן אַ גוטן שידעך. און ווײסנדיק, מיט וואָס ער קאָן געווינען מײַן סימפּאַטיע פאַר זײַנע מעכוטאָנים, האָט ער מיר אַרײַנ־געשעפּטשעט אין אויער:

— אַלע ברידערלעך רעדן אַ שיינעם ייִדיש...

אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך דעם פאַרפאַל מיט דעם ייִדן האָב איך מיך ווידער באַגעגנט מיט אים. ער האָט מיך דערקענט און מיר אויסגעשטרעקט אַ פעסטע ביינערדיקע האַנט. ניט אַרויס־לאָזנדיק מײַן האַנט פון זײַנער, האָט ער מיך צוגעפירט צו אַ באַנק לעבן אַ טויער, אין שאָטן פון אַקאַציע־ביימער, וועלכע זײַנען געשטאַנען פאַרשמאַכטע פון דער היץ, מיט גרין־געלבלעכע בלעטלעך, וואָס האָבן געלעכצט נאָך אַ ביסל רעגן. ער האָט אויסגעזען פרישער, ער איז ווידער געווען בײַ דער פאַרב, און כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז ער איז געשטימט צו כאַפּן אַ שמועס.

— איר האָט געזען, וואָס דער גאַנצער מענטש האָט די ווערט, ווען עס זאָגט זיך אָפּ עפּעס אַ שרײַפעלע, האַ? „דער מענץ איז געגליכן צון אַ פענכער איז ער געגליכן“, — ער האָט דאָס אַ זאָג געטאָן קימאַט זינגענדיק, נאָכקרימענדיק אַ ליטווישן באַדכן. — נעכטן האָב איך געמיינט — שוין. אָן עק. איך צי אויס די קאָפּיטעס. הײַנט האָב איך שוין די רעפּוע בײַ זיך...

און ער האָט זיך אַ טאַפּ געטאָן בײַ דער איבערשטער קעשענע פון זײַן רעקל, ווי ער וואָלט וועלן אַן איבעריק מאָל זיך איבערצײַגן, אַז דער טיוביק מיט די פילן איז אָפּן אָרט.

— יאָ, — האָט ער אַ זיפץ געטאָן, — איך האָב געפאָלגט די באָנים מײַנע, נאָך דעם ווי איך בין אָן אַלמען געבליבן, און מיך אַריבערגעפירט קיין קעשענעוו. דאָס, האָבן זיי געטײַנעט, איז אַ שטאָט, ניט אונדזער קליין־טשערניוועץ. איר האָט געהערט פון אַזאַ שטעטל? אין וויניצער געגנט ליגט עס. זיי האָבן זיך אָנגעזעצט אויף מיר, דאָ זײַנען פאַראַן דאָקטוירים באַלמאָפּסים, האָבן זיי געטײַנעט. איך וועל דאָ ווערן אַ געזונטער מענטש. וואָס זשע זאָגט איר, האַ? איך גלייב ניט אין קיין ניסים, נאָר כ׳האָב זיי געפאָלגט. איך האָב מיך איבערגעפירט אַהער, כ׳זאָל זײַן לעבן זיי. פיר האָב איך זיי דאָ.

יאָסל, דער בכאָר, איז דער עלטסטער פון אַ גרופּע אין דער עקספּערימענטאַלער לאַבאָראַ־טאָריע פאַר שוץ פון אווטאָמאַטישע אײַנריכטונגען פון טעלע־אויסמעסטונגען און טעלעמעכאַניק.

איר זײַט דאָך ניט קיין אינזשעניער, איאָ? פאַרשטייט איר דאָך מיסטאָם פונקט, וויפֿל איך, וואָס דאָס איז פאַר אַ לאַבאָראַטאָריע און וואָס איז איר אַוודע...

באַריס איז עלטערער אינזשעניער אין פּאָלקס־קאָנטראָל. ער איז אייביק אויף דער יאַזדע, אין קאָמאַנדיראָווקעס איבער דער רעפּובליק, הייסט עס. ער איז בא מיר אַ האַרט ניסל, איז ניט מויכל דעם מינדסטן פעלער. שטעל איך מיר פאָר, ווי עס דערפילן זיך אייניקע צעך־מײַסטערס אין די מאשינבוי־זאַוואָדן פון מאָלדאַוויע, ווען עס טראָגט אָן אהינצו מײַן בעגאָק.

אַראָן האָט נאָך דער מילכאָמע פאַרענדיקט דעם אָדעסער מילנער־טעכניקום. עטלעכע יאָר אָפּגעאַרבעט אַזש אָפן אַלטײַ. ער איז בא מיר אויך אַ פאַרטייער. ווען אַלע ברידער האָבן זיך באַזעצט אין קעשענעוו, האָבן זיי אַלע אײַנגענעם אויך אים געגומען אַרויסצײַען אַהער. אַרבעט ער דאָ אַצינד אין היגן מעל־קאָמבינאַט: נאַטשאַלניק אין צעך פונעם ווײַסן מעל.

און אַכרוין־אַכרוין זיסיע דער מיזיניק. אײַ, ווי די ייִדענע מײַנע, איר זכוס זאָל אונדז בײַ־שטיין, האָט אים געוואָלט זען אַ פאַרשלייערטן. וויפֿל האָט זי גערעדט איבער אים, אי אָפן, אי מיט קאַפּוליער אָנצוהערענישן, און ער, דער טאַכשיט מײַנער, האָט זיך אָפּגעשלאָגן פון איר מיט אַ שפּאַס און מיט אַ גלײַכוווערטל. זי האָט אים געוואָלט זען גליקלעך, און ער האָט געזען זײַן גליק ערגעץ אַנדערש: אין די ביכער, אין די לאַבאָראַטאָריעס, געטרוימט פון אַ וויסנשאַפטלעכער קאַריערע. זײַט זיכער, ער וועט זײַנס דערגרייכן. ער איז דאָך געקנאָטן פון דעם זעלבן טייג, וואָס זײַנע עלטערע ברידער. אַצינד אַרבעט ער אין אַן אינסטיטוט בא דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון מאָלדאַוויע, און זײַן פאַך איז אויך אויטאָמאַטיקע.

פאַרוואָס טאַקע האָב איך זיי ניט געדאַרפט פּאָלגן, די ייִנגלעך מײַנע, האַ? אַ גאַנץ לעבן ניט אַרויסגעקראָכן פון צאָרעס, פאַרוואָס זאָל איך אַצינד ניט זײַן לעבן זיי, שעפּן נאַכעס, צוזען, ווי זיי הייבן זיך אויף איינער נאָכן אַנדערן, אַלץ העכער אַרויף, איבערן לייטער, וואָס פירט ניט אַזוי צו אַשירעס, ווי צו עפּעס־וואָס גאָר אַנדערש, — צו אַ גוטן נאָמען, צו קאָוועד. אַוועקפאָרן פון דער היים איז מיר, וואָס עמעס איז עמעס, געוועזן ניט גרינג. אַ לעבן אָפּגעלעבט אין שטעטל, קאָן איך אײַך דערציילן די געשיכטע פון יעדן כאַטקעלע, איך קאָן אײַך זאָגן וועגן יעדן ביימל, ווער און ווען און בא וואָס פאַר אַ געלעגנהײַט ס׳האָט עס געפּלאַנצט, און גוטעברידער האָב איך ניט נאָר אין שטעטל, נאָר אויף צענדליקער קילאָמעטער אַרום, אין אַלע דערפער. אויב איר וועט זײַן אַמאָל אין יענער געגנט, פרעגט אומיסטן אָן אויף יאַנקלען. נײן, ניט זאַפרין, נאָר יאַנקל דער פישער־ייִד.

יאַנקל דער פישער־ייִד האָט מען אים גערופן צוליב זײַן פּאַרנאָסע.

דאָס גאַנצע לעבן זײַנס האָט יאַנקל זיך פאַרנומען מיט פישצוכט. דעם דאָזיקן פאַך האָט ער געיאַרשנט פון זײַן פאָטער. דאָס איז געווען אַ קלוגער ייִד מיט אַן אומרויִקן, אונטערנעמערישן גײַסט. ווען ער איז געקומען צום פּאָרעץ, אַן אויסגעלאָסענעם, פרײַ־פאַרעלטערטן פון זנוס און פון שיקרעס פאַרביטערטן אַכזער, מיט וועמעס נאָהײַקע עס זײַנען גוט באַקאַנט געווען די רוקנס פון זײַנע הויף־מעשאָרסים, און אים פאָרגעלייגט זײַן פּלאַן צו עפענען אַ פיש־פאַבריק, דאָס הייסט אויסנוצן די טײַכן אָדער מאַכן קינסטלעכע אָזערעס אויף די גרויסע שטאָכים, וואָס האָבן געהערט צו אים, צום פּאָרעץ, האָט רעב יאָסל גוט געוווסט, ווי טרויעריק דאָס קאָן זיך ענדיקן פאַר אים און זײַן מישפּאָכע, אויב פון דעם פּלאַן וועט זיך אויסלאָזן אַ טײַך.

פונוואַנען האָט צו רעב יאָסלען זיך גענומען די בקיִעס אין פישצוכט, איז געווען אַ רעטעניש. מ׳האָט דאָך געוווסט, אַז ער איז אויפגעוואַקסן אין טכום, ווײַט פונעם פעלד און פון אַ פליסטערנ־דיק טײַכל, און פּלוצעם — נאַ דיר גאָר, יאָסל שעמט אין דער געגנט פאַר אַ גרויסן מומכע אין פישצוכט.

— אַ פּראָפעסאָר פון איכטיאָלאָגיע...

יאַנקל האָט זיך געשטעלט אָפן טאַטנס פּלאַץ מיט יאָרן שפּעטער, ווען די אָזערעס זײַנען שוין געוואָרן דאָס אייגנטום פון יענע, אויף וועמעס ערד זיי האָבן זיך געפונען. ער איז געוואָרן אַ מיטגליד פון קאָלווירט און באַדינט אַלע שכײניש אָזערעס, אויף וועלכע ער פלעגט פון דער קינדהײַט אָן קומען מיטן פאָטער, איבערנעמענדיק אַלע סוידעס פון זײַן פאַך. פון דעמלט, הייסט עס, פון דער קינדהײַט, ציט זיך זײַן גוטברודערשאַפט מיט די אויוודיי־אַדאָמע, צווישן וועלכע ער איז געווען אַן אייגענער מענטש.

זייער מענטשלעכע זאָרג, געטרײַשאַפט און וואָרעמקײַט האָט ער דערקענט אין דער פולער מאָס ערשט דעמלט, ווען דאָס שטעטל איז אַרײַנגעפאַלן אין דער אַזויגערופענער טראַנסניסטריע, וואָס האָט זיך געפונען אין רעשוס פון דער באָיאַרישער רומעניע. כאָטש דער באַפעלקערונג איז געווען פאַרווערט יעדער מין קאָנטאַקט מיט ייִדן, האָט מען זיך דאָך אָן אייצע געגעבן און, ניט קוקנדיק אויף דער הויערנדיקער סאַקאָנע, באַהילפיק געווען ווי ווײַט מעגלעך זייער אַלטן פרײַנט.

ווי זשע קומט, ווילט זיך פרעגן, וואָס א ייִד, א ניכטערער און דערצו א מעטופּל מיט קינדער, האָט ניט אָפּגעשאַצט באַציַיטנס, אַף וואָס פאַרא סאַקאָנעס ער שטעלט אויס זיך און זיַין גאַנץ הויזגעזינד, און זיך ניט עוואַקוירט?

— גאָט שיקט צו די רעפוּע פאַר דער מאַקע, זאָגט מען בא אונדז, איאָ? און מיר האָט ער צו דער מאַקע צוגעשיקט א בלאָטער... פּונקט ערעוו דער מילכאָמע איז מיַין יידענע איַינגעפאַלן. א שווערע שלאָפקיַיט. א האַפּעננונגסלאָזע. אַן אינסולט... ווייסט איר, וואָס דאָס איז? מיַינע פריַינט זאָלן עס ניט וויסן. ס׳איז שוין איינמאָל א מיַיכל. אין קיך בייסן קאַשעוואַרען איז זי א פאַל געטאָן, און א האַלבער קערפּער איז איר באַלד אָפּגענומען געוואָרן. מיט א קראַנקער פרוי, וואָס ליגט צוגעקאָוועט צום בעט, זיַי א כאַכעם און לאָז זיך ארויס אַף נאַוועננאַד. נאָר אַז ס׳איז באַשערט, בליַיבט מען לעבן. קראַנקערהייט האָט זי איבערגעטראָגן דעם אומגליק.

נייִן, דאָס, וואָס מע האָט איבערגעלעבט, וועט זיך קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

דאָס וויַיב אין בעט א געליימטע, יאַנקלען מיט א סאַך אַנדערע ייִדן יאָגן די באַצווינגער אַלע טאָג אַף אַנדערע אַרבעטן, אומריינע, אומענטשלעך שווערע, קעדיי זיי וואָס מער צו דערנידעריקן. אייביקע שרעק פאַר די אָנפליִען פון די שטראָף-אָטריאַדן, וואָס לאָזן איבער נאָך זיך צעררויבטע היַיזער, געשענדעטע פרויען, טליִעס און הארוגים.

דאָ — שטיי ניט, דאָרט — גיי ניט. דער מאַרק פאַר ייִדן — א פאַרבאָטענע זאָנע. ווו זשע קריגט מען עפּעס צום עסן: א ציבעלע, א קאַרטאָפל?

איין גליק, יאַנקלס באָנים זיַינען ניט קיין פאַרשלאָפענע. באָנים, מישטיינסגעזאָגט. צוויי מאַנספאַרשוינען. איינער פון א יאָר צוועלף, דער צווייטער מיט א פּאָר יאָר ייִנגער.

וויאַזוי די מישפּאָכע וואָלט דורכגעקומען אָן זיי, איז שווער זיך פאָרצושטעלן. זיי זיַינען געוואָרן די ברויטגעבער. מיט טאָרבעס אַף די אַקסעלעך פלעגן זיי אָפּטמאָל זיך אַוועקלאָזן אין די אַרומיקע דערפער. זיך דורכשמוגלען איז אין יענער ציַיט געווען ניט קיין לייַכטע זאַך. אַף אַלע וועגן האָט געשוויבלט און געגריבלט מיט אַלערליי פּאַטרולן און פריַיוויליקע כאַפּערס-היצליִעס, וואָס האָבן אין אַכזאַריעס זיך אויסגעצייכנט מער, ווי זייערע הארן.

דער קלייִנער באַריס האָט געייצעט דעם עלטערן ברודערל צו האַלטן א פיַיג אין קעשענע.

— דאָס איז א סגולע אַקעגן בייזע הינט...

אין די דערפער פלעגט מען זיי דערקענען. די פרויען, איבעראַשטע, פלעגן א פליִעסקע טאָן זיך מיט די הענט:

— באָזשע מאָי, סינקי יאַנקעליאַ![1]

מע פלעגט זיי אַריַינעמען אין שטוב, אָנהאָדוועט, אויספרעגן וועגן טאַטן, וועגן דער מאַמעס געזונט, באַזשאַלקעווען, באַקרעכצן, אין איַילעניש אָנשטאָפּן די טאָרבעס און זיי נאָך באַגלייטן א האַלבן וועג, קעדיי פאַרהיטן פון א גוט-אויִג.

פון ציַיט צו ציַיט פלעגן די דאָרפישע גוטעברידער זיך אויך אַליין אַריַינכאַפּן אין שטעטל, אַריַינטראָגן א ביסל שפּיַיז, און אַפּגיך, מע זאָל זיי ניט באַמערקן, נעלעם ווערן.

מיטן גייִן אין די דערפער האָבן אָבער די צוויי יאַטלעך זיך ניט באַנוגנט. ציַיט האָבן זיי געהאַט גענוג, אין קיין שולן איז מען ניט געגאַנגען, ליידיק זיצן איז געווען ניט אין זייער טעווע, — האָבן זיי אויסגעפלאָכטן פון דינע, בייגעוודיקע ריטלעך „ווערשקעס" — ספּעציעלע קוישן אַף צו כאַפּן פיש — און מיט זיי זיך אַוועקגעלאָזט צו א נאָענטער אָזערע. די מוטער פלעגט זיך באַגיסן מיט טרערן, בעטן טאַכנונים, זיי זאָלן ניט גייִן...

— האַלבע נאַכט אַוועקגייִן אין פעלד? אַף קידעש-האַשעם? דער וועג איז דאָך פול מיט סאַקאָנעס, האָט ראַכמאָנעס אַף זיך, קינדער...

אָבער פאַרהאַלטן זיי איז זי ניט געווען בעקויעך, פישער ווייסן, אַז פאַרטאָג, ווען גאָט אַליין שלאָפט נאָך, כאַפּט זיך בעסער.

ניט איין מאָל האָט זיי אָפּגעשטעלט דער פּאַטרול און צוגענומען בא זיי די צאַפּלדיקע שפּיגלקאַרפּעלעך איניינעם מיט די טאָרבעס. אָבער אָפּטער פלעגן זיי קומען אהיים מיט פולן.

פישפאַנג איז אדהיַיעם געבליבן זייערע א שוואַכקיַיט. און כאָטש מענטשן זיַינען זיי אַלע פאַרנומענע, אָבער זומער, אַז עס גיט זיך אויס א פריַיער טאָג, שפּאַנט אַראָן איַין זיַין אייגענע „פּאָבעדע", מע זעצט זיך אַריַין מיט די וויַיבער, און מע שמיַיסט אַוועק צום דניעסטער מיט די מאַכשירים.

אַראָנס „פּאָבעדע" איז ניט קיין ניַיע. דער מאָטאָר אירער — א רעסטאַווירטער, א געלאַטעטער, נאָר ער שפּילט ווי א פידעלע, און שלעפּקראַפט האָט זי, זיַין „פּאָבעדע", ווי זי וואָלט

---

[1] גאָט מיַינער, יאַנקלס זין.

ערשט אַראָפּגעגאַנגען פונעם קאָנווייער. דאָס האָבן זי די ברידערלעך, אַלע אינײנעם, ביסלעכווייַז צונויפגענומען פון אַלטע דעטאַלן, טאָג נאָך טאָג, מיט די אייגענע הענט.

נאָך דער מילכאָמע, ווען דעם טאַטנס געזונט איז שוין געווען גוט צעוואַקלט, האָבן די קינ־דער געמוזט אָנהייבן טראַכטן פון א טאַכלעס. קוים פאַרענדיקט דעם נייַנטן קלאַס, האָט באָריס געדאַרפט באַשליסן: צו וואָס נעמט מען זיך? וואָס ער וויל, האָט ער פּינקטלעך געוווּסט. אים גיב א זאַוואָד, אים גיב מאַטאָרן. מעכאַניקע גיב אים!

אין כאַרקאָוו האָבן געוווינט דעם טאַטנס צוויי ברידער. וואַרבירטע אָף דער בויונג פונעם טראַקטאָר־זאַוואָד, האָבן זיי געאַרבעט דאָרט פונעם ערשטן טאָג אָן, ווען ס׳איז געלייגט געוואָרן דער ווינקלשטיין אין פונדאַמענט. ניט טראַכטנדיק לאַנג, האָט באָריס גענומען צוויי פּאַרלעך גרעט און איז אַוועק אַהין, אין כאַרקאָוו, בויען זייַן אייגן זעלבשטענדיק לעבן. האָט ער קוידעם געאַרבעט ווי א שלייַפער פון מעטאַל, דערנאָך אַלס צייכענער. די מיטלשול פאַרענדיקט שוין שפּעטער, באַם אָפּיצערן־הויז פונעם פּלאַט אין דער ווייַטמיזרעכדיקער שטאָט אָפן שטילן אָקעאַן, ווו ער האָט געדינט. שפּעטער געאַרבעט אַלס עלטערער מעכאַניקער אין ווייַסרוסלאַנד אין אָן עמטעעס בא דער מעכאַניזאַציע פון שווערע אַרבעטס־פּראָצעסן אין פּיצוכט. די קוואַליפיקאַציע פון אַן אינזשעניר־מעכאַניקער האָט ער באַקומען אין עטלעכע יאָר אַרום אין קעשענעווער אינ־סטיטוט.

— א גליק, — האָט מיר געזאָגט לייעלעס פאָטער, — וואָס די קינדער ווױנען מיט אונדז אינײנעם. די גאַנצע זאָרג פאַר דעם קליינעם זשוואַווען טאַניעלע פאַלט אָף די אַקסל פון מייַן רייזלען, זאָל געזונט זייַן. וואָס וואָלטן זיי געטאָן אָן דער באָבע? ער, באָריס, איז שטענדיק פאַר־טאַראַראַמט, שטענדיק אָף די יאַזדעס איבער דער רעפּובליק. פאַרט ער זומער קיין אָדעס, אָפּ־דעכענען א ביסל, לאָזט עס אים דאָרט אויך ניט רוען. און אַצינד אַוואָדע און אַוואָדע... די די־רעקטיוון פונעם פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָבן נאָך פאַרגרעסערט זייַנע היסכייַוועסן און זייַן אַכ־רייַעס. מע דאַרף זיי אויספילן, די פּלענער, און ניט אַזוי זיך, פּאַשעט, נאָר טאַקע א סאַך פריִער... און זי, לייעלע, זי וויל אויך ניט בלייַבן הינטערשטעליק... זי לערנט זיך, זי קנעלט.

א נאַכעסדיק שמייכעלע האָט זיך צעשפּרייט אָפן קלוימערשט געקריוודעטן פּאָנעם פון מייַן פרייַנט.

— איר פאַרשטייט, מייַן פרייַנט? לייב דעם שוסטערס אייניקל איז ווייניק איין אינסטיטוט, צוויי דאַרף זי האָבן. האָסט פאַרענדיקט דעם פּיזמאַט, האָסט א גאָלדענע אַרבעט, וואָס איז דיר צום האַרצן, — געענוג. דו האָסט א קינד — דערצי עס. דו ביסט יונג — לעב, געניס פונעם לעבן. די יונגע יאָרן גייען אַוועק און וועלן זיך ניט אומקערן... איז איינמאָל ניין. זי דאַרף נאָך דעם מאָסקווער ענערגעטישן אינסטיטוט.

— און פאַרוואָס ניט? — איז רייזל אים אַרייַנגעפאַלן אין די רייד, — לייב דער שוסטער האָט ניט געהאַט קיין מעגלעכקייַט צו שיקן זייַנע קינדער אין די אוניווערסיטעטן. און אַז זייַן אייניקל האָט שוין יאָ אַזאַ מעגלעכקייַט און דער קאָפּ ליגט איר אויך צו דעם; פאַרוואָס זשע זאָל זי ניט לערנען? זי לערנט עפּעס אָף דייַן כעזשבן? זאָל זי זיך לערנען, — זאָגט שוין רייזל, ווענדנ־דיק זיך צו מיר, — דאָס וועט דאָך זייַן פאַר איר א פּאָווישעניע קוואַליפיקאַציִי...

— זאָל זי זייַן געזונט, — האָט דער טאַטע געשמייכלט, — וועלן מיר האָבן נאָך אַן ענער־געטיקער אין דער מישפּאָכע.

— און ווער איז דער ערשטער?

— דער ערשטער, דאָס איז דאָך אָסיע, דער עלטערער ברודער מייַן איידעמס...

אָסיע, דאָס מיינט מען יאָסלען, וואָס הייסט נאָכן זיידן יאָסל, דעם באַרימטן איכטיאָלאָג. ווייַזט אויס, האָט ער זיך קינדווייַז, ווען ער האָט נאָך ניט געקענט אַרויסבאַרענגען דאָס גאַנצע וואָרט, אָנגערופן אָסיע, אַזוי איז שוין פאַרבליבן.

זייַן אינזשעניערישע טעטיקייַט איז פאַרבונדן מיט דער גאַנצער ענערגעטישער סיסטעם פון מאָלדאַוויע, וואָס איז די לעצטע צייַט געוואָרן א ביז גאָר צעצווייַגטע און אַנטוויקלט זיך מיט קפיצאַס־האַדערעכדיקע שפּאַן.

דאָס לעצטע יאָר איז ער שטאַרק טאָרעד געווען מיטן אייַנרעגולירן די אויטאָמאַטישע אייַנ־ריכטונגען פון דער קאַטשורגאַנסקער גרעס, ווו עס זייַנען שוין אָפּגעגעבן געוואָרן אין עקספּלואַ־טאַציע די ערשטע מעכטיקע טורבאָגענעראַטאָרס.

די דאָזיקע סטאַנציע איז געשאַפן געוואָרן, קעדיי צו באַפרידיקן דעם ענערגיע־הונגער פון דער מאָלדאַווישער רעפּובליק. אין דעם זוניקן קאַנט, וואָס שעמט מיט זייַנע ווייַנגערטנער און סעדער־קאָדרעס, וואָס זייַנען אַן אומבאַדינגטער עלעמענט פונעם מאָלדאַווישן פּאָלקס־עפּאָס, פון זייַן לירישער דיכטונג, זייַנען די לעצטע יאָרן אויסגעוואַקסן א סאַך זאַוואָדן, פאַבריקן, גאָר גרויסע פּרעסער פון עלעקטראָענערגיע. צוריק מיט עטלעכע כאָדאָשים האָט דער קאָלעקטיוו

באטייליקטע אין דער בויונג געמאכט דער מאָלדאווישער רעפובליק צו איר פערציקסטן יוויוול א שיינע מאטאָנע: נאָך איין טורבאָגענעראטאָר.

דעם סיום פון דעם דאָזיקן ווערק, וואָס איז טאָמיד א גרויסע געשעעניש, האָט מען געוויזן אפן בלויען עקראַן. אזוי האָב איך געהאט די מעגלעכקייט אָנטייל צו נעמען אין דער צערעמאָניע, האגאם פונדערווייַטן, זיצנדיק באם טעלעוויזאָר.

צווישן אוילעם האָב איך דערזען אויך דעם אינזשעניער זאפרין. ער האָט, ווי אַלע אַנדערע, מיט א פארכאַפטן אָטעם געוואַרט אף דעם מאָמענט, ווען מע וועט א דריק טאָן אפן קנעפּל און דער טורבאָגענעראטאָר וועט נעמען „געבן לאָשן"...

— אָסיע! — האָב איך א זאָג געטאָן היימישלעך, דערפרייט ווי פון א באגעגעניש מיט אַן אַלטן פריינט, און דעמלט טאַקע האָב איך באשלאָסן, אז איך מוז מיך זען מיט אים, געווירע זוערן סיי וועגן זיין ארבעט, סיי וועגן אים גופא, האגאם דאָס איקערדיקסטע פון זיין ביאָגראפיע אין אַלגעמיינע שטריכן איז מיר באוווסט פון לאַנג.

אָבער גיי כאַפּ אים, אז ער איז טאָמיד אף די וועגן. די ווירטשאַפט איז דאָך אַן אומגעהייערע און מוז טאָמיד זיין אונטערן קאָנטראָל פון א געניט אויג.

סאָפקאָלסאָף האָט מיר איינמאָל אָפּגעגליקט. ערעוו א ניט־שווערער, אזוי צו זאָגן קינדער־שער, אָפעראציע (א מאַנדלען־אָפעראציע), וואָס איז אים פאָרגעשטאַנען, האָבן די דאָקטוירים אים פאַרווערט ארויסצוגיין פון שטוב. איאָ, א נארישקייט? געדארפט האָט ער עס מאכן פון לאַנג און אַלץ אָפּגעלייגט. ביכלאַל איז אָפלייגן ניט זיין טעווע, אין גאַרניט. דאָס, וואָס דאַרף געטאָן ווערן, ווערט געטאָן גלייך, אומאָפּהענגיק פון די פארהעלטעניש. צום כירורג גייט ער דאָס מאָל, ווי ער וואָלט געגאַנגען צום פאַריקמאכער. די אָפעראציע וועט דאָך זיין בא אים די פינפטע לויטן כעזשבן. דאָס שווערסטע און געפערלעכסטע איז געווען פון לאַנג, נאָך יונגערהייט, אין די מיל־כאָמע־יאָרן, ווען ער איז געפלויגן אף א שווערער שלאַכט־מאַשין...

— זייט איר געווען, הייסט עס, א פּליער?

געווען. און איינמאָל האָט עס אים גוט צעקאַרדאַשעט, אריינגעקוועטשט די ריפּן אין די לונגען.

— און גאָרניט. איך לעב, ווי איר זעט. כ'האָב דעם טויט ארויסגעשטעלט א פייג. איר געדענקט די ליד, וואָס מע האָט געזונגען אין יענער צייט וועגן פּילאָטן? „ס'איז אונדז פרי נאָך צו שטארבן, מיר האָבן פיל נאָך צו טאָן אף דער וועלט"... כ'האָב געוואָלט בלייבן אין סטרוי, בין איך געבליבן...

יאָ, ער איז געבליבן אין סטרוי. עמעס, ער האָט געמוזט לאַנג ליגן. ביסלעכווייז האָט מען אים צוריק צונויפגעשטוקעוועט די צעהאַקטע ריפּן. ער האָט גענומען מאכן גימנאַסטישע איבונגען, הייבן שווערע לאַסטן, און ווי איר זעט — א יונג מיט ביינער. היינט קומט אים אויס צו ארבעטן א סאך מאָל און אָפּטמאָל ניט גרינג. ניין, ניין, ניט ווייל ער מוז, נאָר אַנדערש קאָן ער ניט.

— האָט איר ווי א פּליער מעכאַבעד געווען דעם סוינע מיט פיש מיט כריין?

— מיט פיש — ניט, כריין אָבער — דאָס האָב איך אים געגעבן, הארבן, עס זאָל אים פאַר־גיין אין דער נאָז...

אינדערעמעסן, האָט אָסיע זיך געיילט מיר אופצוקלערן, איז ער ניט געווען קיין באָמבעוואַר־פער. ער איז ארויסגעפלויגן צום סוינע אין הינטערלאַנד מיט אַנדערע אופגאבעס. דאָס זיינען געווען אופגאבעס פון אַן אויסשפּירער, א מערהגל. אויסקלאָרן די פּאָזיציעס פונעם סוינע האָט ער געדארפט, פאָטאָגראַפירן אַעראָדראָמען, אָנזאמלונגען פון מענטשן און טעכניק, און ביזן אהיימברענגען אף דער באזע די פאָטאָ־טאַשמעס — ראַדירן, אָנווייַזן די קאָאָרדינאַטן...

דערציילנדיק, ווערט אָסיע אַליין פאַרכאַפּט פון זיינע קריגס־זיכרוינעס און לעבט ווידער איבער דאָס לאַנגסטיקע, וואָס וועט זיך מיסטאַם קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

— ארויספליִען פלעגן מיר אָן א שום באגלייטונג, וואָס זאָל אונדז באשיצן אין א סאַקאָנע. און דאָס איז גאָר ניט אָנגענעם. פליִען פלעגן מיר שטיל און זייער הויך. די דייטשישע שלאַכט־מאַשינעס פלעגן זיך ניט אופהייבן אף אזא מין הייך. נאָר א פּאָר מאַטאָנעלעך פארן סוינע פלעגן מיר דאָך מיטנעמען, אף ניט צו באדאַרפן! און באדארפט האָבן מיר זיי דעמלט, ווען די פאַשיסטן זיינען געלעגן קאַמופלירט אין זייערע באגרעבענישן, און מיר האָבן ניט געקאָנט פאָטאָגראַפירן זייערע פייערפּונקטן. איז אָט, אף צו צערייצן זיי, ארויסברענגען פון די קיילים, פלעגן מיר זיי אראָפּשיקן א סווועניר: נאָט אייך, מענוואָלים, און שטשירעט שוין אויס די ציינער, שיסט! און ווי נאָר זיי האָבן גענומען קנאַקן אין אונדז פון אַלע זייטן, האָבן מיר זיי שנעל אריינגעכאַפּט אין אונדזער אָביעקטיוו...

נאָר צו וואָס דערציילֿ איך אײַך גאָר וועגן דעם, — האָט אָסיע זיך געכאַפּט, — איך וויל אײַך אויסברייַען איין זאַך, און נעמלעך: אַז געבראַכט אין אוויאַציע האָט מיך דעריקער מײַן פּאַרליבטקייט אין ראַדיאָ...

אָסיע האָט זיך, פון קליינערהייט געוואָרפן צו אַלץ, וואָס האָט אַ שייַכעס מיט רעדלעך, שרייַפעלעך און דעם פּאַרוויקלטן איבערפלעכט פון דראָטלעך. דאָס איז ניט געווען קיין סטאַם שפּילערײַ, קינדערשע פּאַרווייַלונג.

צו דרײַצן יאָר האָט ער אַליין צונויפגעמאָנטירט זײַן ערשטן ראַדיאָ־אַפּאַראַט, נאָך ניט האָבנדיק געזען אַפילו אַזעלכס פאַר די אויגן. וואָס? הײַנט איז עס אַ וואָכעדיקער גאַנג? אין יעדן פּיאָנערן־הויז זײַנען פאַראַן גרופּעס ראַדיאָ־ליבהאָבער? דאָס איז הײַנט. אָבער דעמלט...

מע דאַרף זיך פאַרשטעלן דאָס שטעטל.

— איר האָט געהערט? יאַנקל דעם פישערס וווּוריק האָט געמאַכט אַזאַ קעסטל — אי סע שפּילט, אי סע רעדט, אי סע דערציילט, וואָס סע טוט זיך אַף דער וועלט...

— ניסים־וועניפלאָעס...

פון אַלע געסלעך איז מען זיך צונויפגעלאָפן זען דעם ווונדער. מע האָט זיך געשטופּט אַרום דער כאַטע פונעם פישער. קינדער, ווײַבלעך, בערדיקע ייִדן.

— כ'לעבן, סע רעדט...

— אַ דיבעק זיצט אין דעם, נאָר אַ דיבעק...

פאַרן קינד איז עס אָבער נאָך געווען ווייניק. ער האָט געוואָלט אַרײַנכאַפּן אין זײַן קעסטל די קולעס ניט נאָר פון די נאָענטע שטעט — דעם גאַנצן ערדקײַלעך האָט ער געוואָלט אַרײַנ־כאַפּן אין זײַן קעסטל, ווי דער טאַטע זײַנער פלעגט אַרײַנכאַפּן אין זײַנע נעצן די פיש. צוליב דעם האָט ער געדאַרפט קריגן אַ גאָר הויכן שטאַנג פאַר אַ מאַסטבוים. ווו זשע נעמט מען?

אין יענער צײַט איז ער שוין געווען דעם פאָטערס לינקע האַנט, זײַן געהילף אין דער פישער־מעלאָכע. אים, דעם בכאָר, פלעגט ער שוין מיטנעמען צו די אָזערעס, ער זאָל צולייגן זײַנע נאָך שוואַכע הענטלעך צו די שלעפּ־שטריק. אָסיע האָט ליב געהאַט די אַרבעט. אומגעדול־דיק פלעגט ער אויסקוקן אַפן סעזאָן פון פישפאַנג. האָט מען נאָר געגומען אײַנשפּאַנען די פערד, האָט ער שוין ניט געוואַרט אַפן טאַטנס ווונק, פלינק אַרופגעשפּרונגען אַפן וואָגן און אוועקגע־קנאַקט מיטן טאַטן פון איין אָזערע צו דער צווייטער. ער פלעגט דעמלט נעכטיקן בא די פויערים אַף די ליימענע פּריזבעס און אַ גאַנצע נאַכט קוקן אַפן גאַנג פון די שטערן איבער זײַן קאָפּ, פאַר־מוטשענדיק דעם טאַטן מיט פראַגן, אַף וועלכע יענער האָט קיין פּיסרען ניט געוווּסט. ער פלעגט זיך שפּילן מיט די דאָרפישע קינדער, העלפן פלעכטן די נעצן, שמירן די שיפלעך מיט סמאָלע, זיי זאָלן ניט צעטריקנט ווערן.

סאַרא טײַנעג דאָס איז געווען — אַרײַנזעצן זיך אַליין אין אַ שיפל און שטייענדיקערהייט, מיט איין וועסלע אין די הענט אוועקרודערן אַנטקעגן זון־פאַרגאַנג.

ביסלעכווייַז האָבן זיך אים אופגעעפנט די סודעס פונעם טאַטנס פאַך, די געזעצן, וואָס רעגולירן דאָס לעבן פון די פיש. ער האָט אָנטיילגענומען אין אַרײַנלאָזן דאָס וואַסער פון די אָנ־צאָליקע קוואַלן, וואָס האָבן געשלאָגן אין דער געגנט, אין אָזערעס, די דאָזיקע פון דער נאַטור אַליין געשאַפענע רעזערוווארן, געוווּסט, אַף וועלכע ערטער די פיש לייגן צום ליבסטן רויגן, וועלכע פיש האָבן רויב־אינסטינקטן, פרעסן אויף די שוואַכערע און אַפילו די אייגענע אייפעלעך, און ווי לאַנג מע דאַרף וואַרטן, די פיש זאָלן ווערן אויסגעפּאַשעטע, ווי די גענדז, וואָס די מאַמעס פלעגן שטאָפּן אַמאָל אַף ווינטער.

אָט אין יענער צײַט, פאַרנדיק איינמאָל צו די אָזערעס דורך אַן אַלטן וואַלד, האָט יאָסל זיך פאַרקוקט אַף אַ בוים. אַ דינער, אַ שלאַנקער, יאָסל האָט אים אָפּגעשאַצט מיטן אויג — אַ מעטער פערצן, ווי אָנגעמאָסטן פאַר זײַן אַנטענע. ער האָט זיך צונויפגערעדט מיטן וואַלד־וועכטער און אין אַ טאָג אַרום געבראַכט דעם בוים צו שלעפּן אַהיים.

די צאָרעס, וואָס דער פאָטער האָט געהאַט אויסצושטיין צוליבן אײַנפאַל מיטן שטעלן דעם מאַסטבוים, דערמאָנט ער מיט אַ שמייכל.

— אַנטענעס האָט ער געדאַרפט, אָסיע...

אָבער גיי שלעפּ אַרוף אַזאַ מין פערצנמעטערדיקן שטאַנג אַפן דאַך, הייב אים אויף ווערטיקאַל, ווי אַ ליכט, און שטעל אים אַוועק אַזוי, אַז קיין שום שטורעמווינט זאָל אים ניט רירן... דאָס איז ניט אַזוי פּאַשעט, און נאָך מער פאַר אַ קינד.

— וואָס האָט ער פאַרטראַכט, דער וווּוריק? — האָבן ייִדן זיך געכידעשט.

— צונויפפרײַדן זיך מיטן קאַוואַיאָכל וויל ער?

— וואָס לאָזטו אים, יאַנקל?.. ער וועט דיר אײַנוואַלגערן די כאַטע!..

די כאטש האָט ער ניט איַינגעוואָלגערט, אָבער די טשערעפּיצעס פונעם דאַך צעבראָכן גרינטלעך. דער אָסיען איז אַפּצולאָכעס געווען א רעגנדיקער, ס'האָט געליאַפּעט, ווי פון אן עמער. זוען די בעטן וואָלטן ניט געווען קיין איַיזערנע, וואָלטן זיי ארויסגעשווומען פון דער כאטע.

פונוואַנען דאָס האָט זיך גענומען צום יינגל, האָט דער פאָטער ניט געקאָנט ענטפערן. פאַר אים אליין איז דאָס געווען א רעטעניש, פונקט ווי ס'איז געווען א רעטעניש, פונוואַנען ס'האָט זיך גענומען צו זייַן טאַטן די פישצוכט־כאַכמע. ער האָט נאָר געדענקט, אז דער שנעק האָט דעמלט פאַרגעסן אָן אלץ אין דער וועלט. ער האָט זיך ארייַנגעלאָזט אין דעם ווי א באַנומענער. א מעשוגאַס איז אים באַפאַלן. ער האָט געמייַסטרעוועט טאָג ווי נאַכט, אלץ מיט די אייגענע פינגער.

און אָט האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע.

מיט פּופצן יינגלעך איז אָסיע אַוועק קיין כארקאָוו זיך פרייַוויליק שטעלן אין דאַרטיקן וואָיענקאַמאַט. אין שטעטל זייַנען ארייַן די רומענער. און אָסיע איז ווי אין וואַסער אַרייַן.

און אים האָט אין דער צייַט געוואָרפן פון איין עק לאַנד אין אנדערן. אין כארקאָוו האָט מען אים פאַרבראַקירט צוליב זייַן מינדעריאָריקייַט. דערפאַר שיקט מען אים מיט אן ארבעטס־אָטריאַד קיין סטאַלינגראַד העלפן לאָדן אָף די באַרזשעס דעם זיך עוואַקוירנדיקן כארקאָווער טראַקטאָרן־זאַוואָד. דערנאָך ווידער וואַנדערונגען. מאָביליזאַציע אָף לאַנדווירטשאַפטלעכע ארבעטן. דאָס ברויט אָף די פעלדער איז געשטאַנען, ניט געווען, ווער ס'זאָל אראָפּנעמען. די לאַנדווירטשאַפטלעכע טעכניק איז געווען פאַרנאַכלעסיקט, פאַרזשאַווערט. גייט אָסיע צו צו א קאָמבייַן, וואָס איז געשטאַנען ווי אן אָוול, קוקט אים ארום פון אלע זייַטן, שמעקט אים ארום, טאַפּט אים אויס און לויפט אַוועק אין דער פאַרוואַלטונג פונעם קאָלווירט בעטן אינסטרומענטן.

— גיי שוין גיי, יינגעלע, — האָט מען אים געענטפערט, — דייַן מי וועט זייַן אומזיסט. דאָ איז שוין געווען א מעכאַניקער. זיך געקראַצט אין דער פּאָטיליצע און אים איבערגעלאָזט, דעם פייגער...

אָבער אָסיע האָט געפאָדערט אינסטרומענטן:

— דער קאָמבייַן איז קיין פייגער ניט. איך וועל אים צורעכט מאכן. ער וועט גייַן...

און טאַקע, ער האָט אים צורעכט געמאכט. עטלעכע טעג זיך אָנגעהאָרעוועט, ווי א רועך, נאָר ניט אָפּגעטראָטן, ביז איינמאָל איז ער ארויסגעפאָרן פונעם קאָלווירטישן הויף. דאָס פעלד איז פול געוואָרן מיט הורא־געשרייען, ווען די קאָלווירטניקעס האָבן דערזען בארג־ארוף, מיטן שטויביקן וועג זיך רוקן דעם קאָמבייַן, ווי א שיף קעגן ווינט; באַם רודער איז געזעסן דאָס יידישע באָכערל מיט א שייַנענדיק פּאָנעם פון א זיגער.

אזוי, גאַנץ אומגעריכט, איז אָסיע געוואָרן א קאָמבייַנער.

— יאָ, יאָ, אזוי איז עס געווען, — הער איך נאָך איצט דעם פאָטערס קאָל. — און לעמאַנהאַ־שעם, נעמט צו די גנייוויִשע פייַערלעך פון די אויגן. יאַנקל דער פישער איז ניט קיין באַרימער, ניט קיין גוזמע־דערציילער. דאָס איז עמעס.

און ווידער וואַנדערונגען. און ווידער רוקט ער זיך אומזיסט אין די וואָיענקאַמאַטן, ביז עס איז ענדלעך געקומען זייַן יאָר. און — א צווייענדיקע פרייד — ער פאַלט ארייַן אין אוויאַציע־שול, וואָס האָט געגרייט הויפּטזאַכלעך ראַדיסטן. אזא גליק האָט זיך אים אפילו ניט געכאָלעמט. דאָ וועט ער זיך באַקענען מיט די נייַסטע, סאַמע מאָדערנע אַפּאַראַטן, פאַרפולקומען זייַנע קענטענישן...

קיין לאַנגע שיִעס האָט מען דעמלט אין די דאַזיקע שולן ניט געקאָנט מאכן. נאָך עטלעכע כאָדאָשים לערנען, אין ראַנג פון א יינגערן לייטענאַנטל, וואָס האָט געהאַט אן אויסגעגלעטע פּאָנעם, א נאָך אומבאַקאַנטס מיטן בלאַנק פונעם גאָל־מעסער, האָבן זייַנע אינסטרוקטאָרס זיך געזעגנט מיט אים:

— פלי, בראַטאָק, און ברעך זיי די ביינער.

איז ער געפלויגן. ביזן לעצטן טאָג פון דער מילכאָמע. געווען קאָמאַנדיר פון א ראַדיסטן־טייל.

אָט דערמאָנט זיך אים אזא אויסטערלישער עפּיזאָד: בעלץ, די צווייטע גרויסע שטאָט פון מאָלדאַוויע, איז שוין געווען באַפרייַט. אין דער דאָזיקער פּילגעליטענער און מער ווי אָף האַלב כאָרווער שטאָט האָבן זיך איַינגעקוואַרטירט עטלעכע פּאָלקן אונדזערע. די פייַנטלעכע כאַיאָלעס האָבן זיך אָפּגעקייַקלט הינטער אונדזערע גרענעצן, אָבער זייער אוויִאַציע האָט נאָך געהאַלטן אין איין באַנייַען אירע אָנפאַלן. מע האָט געדאַרפט געוווירע ווערן, ווו עס באַזירן זיך די דאָזיקע אעראָפּלאַנען. און דעם קאָוועד דאָס אויסצופאָרשן האָט מען צוגעטיילט אים, אָסיען. ער איז ארויסגעפלויגן. די באַזע פונעם סוינעס פאַרביטערטע און צערייצטע רויבפייגל איז אים געלונגען צו געפינען שנעל, ערגעץ דאָרעם־צו פון דער רומענישער שטאָט יאַס. זיי זייַנען געווען א פאַר הונדערט אין צאָל. ער האָט זיי אָפּגעפאָטאָגראַפירט — עס זאָל זייַן נאָך זיי א זייכער, —

ראַדירט צו זיך אין שטאַב, און אין עטלעכע שאָ ארום איז פון דעם אעראָדראָם הינטער יאַס ניט געבליבן קיין סאַריד־אופּאַליט.

דער מאַרשרוט צוריק אַף זײַן באַזע איז געלעגן דורך זײַן היימשטעטל, וואָס איז שוין דערמלט אויך געווען באַפרײַט. האָט זיך אים שטאַרק פאַרוואָלט א קוק טאָן אַף זײַן שטעטל ניט פון אויבן, פון דער טויזנטמעטערדיקער הייך, געוווירע ווערן וועגן דעם גורל פון זײַנע עלטערן און פון די ברידערלעך. צי לעבן זיי? וואָס איז מיט זיי געשען פאַר די יאָרן? דאָס האַרץ האָט א קלאַפּ געטאָן אין זײַן ברוסט, ווי מיט האַמערס. ס'האָט אים אָנגעכאַפּט א גוואַלדיקער כיישעק אַראָפּנידערן, א כיישעק ניט בײַצוקומען.

— מיר טאָרן דען, שויטע? — האָט אים געזאָגט דער פּילאָט. — אָט ווען דו באַקומסט א דערלויבעניש באַם גענעראַל... אי דאָס, ווייס איך אויך ניט, צי עס וועט זיך אונדז אײַנגעבן, צי וועלן מיר געפינען דאָרט אזא שטיק פעלד, מיר זאָלן קענען זיך זעצן.

— א דערלויבעניש?.. אָט באַלד.

אָסיע האָט דורך ראַדיאָ זיך פאַרבונדן מיט זײַן עלטסטן. דער גענעראַל האָט פאַרשטאַנען דעם צושטאַנד פון דעם יינגל, ער האָט אים געהייסן צוואַרטן א רעגע, און בוכשטעבלעך אין א מינוט פינף ארום האָט אָסיע דערהערט אין טרײַבל דאָס קאָל פון זײַן גענעראַל:

— איך דערלויב. צוויי שאָ. ניט מער. נאָר גיט אכטונג, מאַמזיירים, ווי איר זעצט זיך דאָרט אראָפּ...

שטעלט זיך פאָר, וואָס עס האָט זיך געטאָן אין שטעטל, ווען איבער דעם האָט נידעריק געמומען קרײַזן אַן אעראָפּלאַן — איין מאָל און צוויי מאָל, ווי ער וואָלט אזויארום באַגריסט דעם באַפרײַטן יישעוו. בא דער בעהיימע־שטאָל פונעם קאָלווירט האָבן זיי געפונען א פּאַס פלאַך פעלד און זיך אראָפּגעזעצט, שיר ניט ארײַנפאָרנדיק מיטן פּראָפּעלער אין דער וואַנט פון דער שטאָל.

פון אלע געסעלעך האָט מען געגומען לויפן צום אעראָפּלאַן. פריער, פאַרשטייט זיך, דאָס קליינוואַרג. צווישן זיי איז אויך געווען דאָס זיבנ־יאָריקע ברודערל אָסיעס. דאָס יאַטל האָט ניט דערקענט דעם ברודער, וועלכער איז ארויס פונעם אעראָפּלאַן אין דעם גאַנצן קלאָפּערגעצײַג פון א פליִער.

— דער טאַטע לעבט? די מאַמע לעבט?

פון גרויס פרייד, וואָס ער האָט דערזען כאָטש איין לעבעדיקן פון זײַן מישפּאָכע, האָט דער יונגער לייטענאַנט ארויסגעכאַפּט פון דער קאַבורע דעם רעוואָלווער און אויסגעשאָסן אין־דערלופטן:

— סאַליוט קליין־טשערניוועץ!.. סאַליוט פון מיר, אָסיען, דעם עלטסטן זון פון יאַנקל דעם פישער־יידן!..

די פּולע פון דעם סאַליוט איז אָבער געווען אַן אומדערוואַרטע. נאָך ניט באַפרײַט זיך פונעם פּאַכעד, אין וועלכן מע האָט געלעבט די לעצטע דרײַ יאָר, האָט דער אוילעם גענומען שטעלן פּיס.

— טיפּשים, — האָט זיי נאָכגעשריִען דער אַלטער קאָלווירט־שוימער, וואָס האָט דערקענט דעם לייטענאַנט, — דאָס איז דאָך זאַפרינס יינגל, דעם פישער־יידנס זינדל.

אין שטעטל האָט דער אוילעם ארײַנגעטראָגן אָסיען אַף די הענט. מ'האָט אים ארײַנגעבראַכט אין שטוב צו דער קראַנקער, צום בעט צוגעשמידטער מוטער. ער האָט זיך אראָפּגעבויגן צו איר, זי זאָל קאָנען ארומנעמען זײַן קאָפּ און אים צודריקן צו דער ברוסט. און די ברידערלעך האָבן זיך געטוליעט צו אים מיט שטאָלץ פאַר זייער ברודער און אויך מיט קינע...

— און דער טאַטע? — האָט ער געפרעגט פאַרזיכטיק, ניט זעענדיק אים צווישן די אייגענע.

— ער איז דאָ, דער טאַטע, ער לעבט. ער איז ערגעץ ניט ווײַט, אַף די רעסטאַווירונגס־ארבעטן פון די שאָסייען. פאַרנאַכט וועט ער צוריק קומען.

פאַרנאַכט? וועט ער, הייסט עס, דעם טאַטן דאָס מאָל ניט זען. אים האָט מען געגעבן נאָר צוויי שאָ אורלויב. זאמען טאָר ער ניט. די מילכאָמע איז נאָך ניט פאַרענדיקט. דער סוינע נאָך ניט דערשלאָגן ביזן סאָף.

אָבער די דאָזיקע באַגעגעניש מיט זײַן היים־שטעטל וועט ער קיינמאָל ניט פאַרגעסן. אויך איצט, ווען ער דערציילט וועגן איר, שטעלן זיך אים טרערן אין די אויגן.

— איז וואָס אינטערעסירט אײַך? — האָט אָסיע געפרעגט. — מײַן ארבעט? וואָס איך טו איצט? און איך דערצייל אײַך זאכן...

— וואָס האָבן אויך א שײַכעס צו דײַן ארבעט, — האָט זיך ארײַנגעמישט זײַן פרוי, די קינדער־דאָקטערן, וואָס רעדט א שיינעם, מעכײַעדיקן יידיש, — אלץ, וואָס מיר טוען הײַנט, איז דאָך א המשך פון יענער שווערער ארבעט, וואָס יעדערער האָט געטאָן מיט דער גרעסטער

מעסירעסנפעפעש אין דער צײַט פון דער מילכאָמע. ווער עס פאַרגעסט, ווי מיר האָבן זיך גע־שלאָגן פאַר אונדזער לאַנד, קאָן ניט פאַרשטיין, וויאַזוי מיר האָבן נאָכן קריג זיך געקאָנט אַזוי אַ ריס טאָן פאַרויס.

אָסיע האָט געשמייכלט:

— זעט איר, ווי זי קנעלט מיט מיר?

— כאָטש זי איז אַ ביסל ייִנגער פון אײַך, — האָב איך אַרײַנגעוואָרפן, קעדיי אַזוי זיך, קלוימערשט אומגערן, דערמאָנען וועגן דעם, אַז זי זעט אויס יונג, פון וואָס יעדער פרוי האָט האַנאָע.

— ייִנגער? כאַ־כאַ־כאַ, — האָט אָסיע גאַנץ געשמאַק און הויך זיך צעלאַכט. — אויב אַזוי, וועל איך אײַך יאָ דערציילן דעם עמעס, קעדיי זי זאָל זיך באַ מיר ניט איבערנעמען: מײַן מאַמע און איר מאַמע האָבן זיך אָוועקגעלייגט אין קימפעט אין איין טאָג. אין איין פאַלאַטע זײַנען זיי געלעגן. און געקומען אַף דער וועלט זײַנען מיר אין איין און דעם זעלבן טאָג. דאָרט טאַקע, אין געבורטהויז, האָט מען, אַף קאַטאַוועס, אַזוי, זיך פריילעך צו מאַכן, פאַרקנאַסט דאָס נײַגעבוירענע פאָרל. זיי זײַנען דאָך אַ זיוווג פון גאָט, האָבן די אַנדערע קימפעטאָרנס געטײַנעט... גיי ווייס, אַז דאָס וועט מעקויעם ווערן.

— און גאָט האָט דאָ קיין שום אַנטייל ניט גענומען, — האָט ווידער זיך אָנגערופן די דאָק־טערן און מיט צאַרטקייט אַרופגעלייגט איר האַנט אַפן מאַנס אַקסל. — און אַצינד, אָסיע, דער־צייל דעם כאַווער.

— איך קאָן אײַך זאָגן נאָר איינס: ווען מיר טרעפן זיך אין אַ דרײַ יאָר אַרום, וואָלט איך געהאַט אַ סאַך וואָס אײַך צו דערציילן, ווײַל וויכטיק איז דאָך אײַך ניט אַני האַקאָטן, ניט מײַן פערזאָן, מײַן איך, נאָר מײַן אַרבעט. ניט אַזוי? איך בין נאָר אַ געוויינלעכער אינזשעניער, ווי טויזנטער אַנדערע... אויב איר ווילט אָן אינטערעסאַנטן מענטשן, וואָס פאַרדינט צו ווערן דער העלד פון אַ באַשרײַבונג, קאָן איך אײַך געבן אַן אַדרעס. אין סומי וווינט ער. מײַנער אַ כאַווער. ער איז דירעקטאָר פון אַ גרויסער צוקער־פאַבריק. ער און איך, דערעכאַגעוו, זײַנען די אייציקע לעבנגעבליבענע פון יענע פופצן שילער פון דער ייִדישער שול...

— עפעס ביסטו מיר שוין צו באַשיידן, אָסיע. עפעס האָב איך מוירע, צי ס'איז ניט פון גײַווע, — האָט זיך אײַנגעשטעלט מײַן קריוודע די שוואַרצכיינעוודיקע דאָקטערן, — אין דרײַ יאָר אַרום, זאָגט ער...

— נו, יאָ, — האָט אָסיע ווי זיך פאַרענטפערט: — דעמלט, האָפנטלעך, וועלן שוין געלאָזט ווערן אין גאַנג אַלע בלאָקן פון דער קאַטשערגינסקער גרעס. דאָס איז דאָך אַ גראַנדיעזע בויונג פון קאָלאָסאַלער באַדײַטונג פאַרן ווירטשאַפטלעכן לעבן ניט נאָר פון אונדזער רעפובליק.

דערווײַל האָט אָסיע באַמערקט, אַז איך האָב מיך פאַרקוקט אַף דעם טעלעוויזאָר, וואָס האָט אַרויסגערופן מײַן אַנציקונג מיט זײַן פאָרמאַט. איך האָב נאָך אַזעלכע טעלעוויזאָרס ניט געזען.

— ער געפעלט אײַך? דאָס האָב איך אַליין קאָנסטרויִרט. שוין דער צווייטער באַ מיר. ראַדיאָ און טעלעוויזיע זײַנען געבליבן ביז הײַנט מײַן גרויסע מעשוגאַס. ניט אויסצוהיילן זיך פון דעם.

ער האָט זיך אופגעהויבן. צוגעגאַנגען צום טעלעוויזאָר, אים אײַנגעשלאָסן.

אַפן אומגעוויינלעך גרויסן עקראַן האָט אַ בלענד געטאָן מיט ווייכע שימערנדיקע כוואַליע־פעלדלעך אַן אָזערע. אַף איר לינד זיך הייבנדיקער ברוסט האָבן זיך איבערגעבראָכן די לעצטע שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון. פאַמעלעך האָט אַרײַנגעשטראָמט דער אָוונט. מיט אַ גראַגערײַ און מיט אַ גרויסן טומל האָט זיך אַרײַנגעריסן אין קאַדער אַ טשאַטשע קאַטשקעס. פליִסקענדיק מיט די פליגל, האָבן זיי זיך אַראָפגעלאָזט אַף נאַכטלעגער אין געדיכט־צעוואַקסענעם טשערעט. ערגעץ אין דער טיף פונעם עקראַן האָט זיך באַוויזן דער סילועט פון אַ שווימענ־דיק שיפל. דער מענטש, וואָס איז געשטאַנען אין דעם, האָט קוים אָנגערירט מיט דער וועסלע די וואַסער־פלאַך.

כ'האָב פון אַ זײַט געכאַפט אַ קוק אַף דעם אינזשעניער זאַפרין. ער איז געזעסן עטוואָס אָנ־געבויגן פאָרויס, ווי ער וואָלט וועלן אַרײַן אין עקראַן. צוקוקנדיק דאָס בילד, האָט ער עפשער דערזען אין דימיען זײַן קינדהײַט, יאַנקל דעם פאָטער זײַנעם, יאַנקל דעם פישער־ייִד, באַ זײַן ניט גרינגער אַרבעט.

ווער ווייסט, עפשער וואָלטן זיי, ער און זײַנע ברידערלעך, געוואָרן פישער־ייִדן, ווי דער טאַטע, ווען פאַר ייִנגלעך, באַהערשטע פון אַזעלכע „מעשוגאַסן“, וואָלטן באַ אונדז ניט געעפנט געוואָרן טיר־און־טויער: לערנט זיך, אַנטוויקלט אײַער באַגאַבונג, ווען פאַר זיי וואָלט ניט אופ־געהויבן געוואָרן דער שלאַגבוים צו אַ לעבן פון שאַפונג, אין וועלכער זיי געפינען זייער גליק.

מוישע נאָטאָוויטש

# ארן גורשטיין—דער מענטש און שרײַבער

עזראָ פינינבערג האָט אָנגעשריבן א ליד וועגן ארן גורשטיינען, דעם ליטעראטור־קענער און קריטיקער, וואָס איז אָנהייב מילכאָמע פרײַוויליק אוועק אין „אָפּאָלטשעניע” און אפן 46־טן יאָר פון זײַן לעבן געפאלן ערגעץ לעבן מאָזשײַסק.

ס'איז א ליד וועגן פארלוסט פון א פרײַנט, וואָס האָט געקאָנט „די וווּנד די טיפסטע היילן”, געקאָנט „ארויסציִען פון ערגסטן און פון בייזסטן” און „מיט גוטן שמייכל טרייסטן”.

מיט אויגן, וואָס „וויינען און ניט וויינען”, האָט פינינבערג געלייענט אָט די ליד פאר זײַנע כאווירים און יעדערן פון זיי מיטגעריסן מיט זײַן בענקשאפט־געפיל נאָך גורשטיינען:

קומט, פרײַנט, לאָמיר אלע איצט פונדאנען
אינייִנעם,
קומט, לאָמיר אלע איצט ארײַנגיין צו גורשטיינען.
ער וועט מיט מילדן שמייכל אונדז באגעגענען,
ווי אלעמאָל.
ער וועט, ווי שטענדיק, אלץ פארשרײַבן אינעם
פראָטאָקאָל.
אין שפעטער נאכט־שאָ, כאָטש ער איז שוין
לאנג פארמאטערט,
ער וועט דערציילן וועגן מענדעלען און וועגן
ייִדישן טעאטער.

ס'איז זייער כאראקטעריסטיש אָט דאָס בילד פאר גורשטיינען, און ס'ווילט זיך פון דעם ווײַטער פאָרזעצן זײַן ליטעראַרישן פּאָרטרעט.

דער מענטש, וואָס ווערט ניט מיד אין שפעטער נאכטשאָ צו דערציילן וועגן מענדעלען און וועגן ייִדישן טעאטער, קוקט מיט ליבע אויגן דורך לויטערע ברילן־פענצטערלעך, ער רעדט שטיל, מיט א שמייכל, מיט עפּעס א מין באזונדערן פּיִעטעט צו וויסנשאפט.

דער אָרגאנישער דערעכערעץ צו וויסנשאפט איז צו אים געקומען נאָך אין דער יוגנט. צו 18 יאָר פארענדיקט ער די ווילנער גימנאזיע. צו 21 קומט ער אָן אין פּעטראָגראדער אוניווערסיטעט אפן פאקולטעט פון מיזרעךשפראכן. איינצײַטיק איז ער א צוהערער פון ייִדישע אָוונט־קורסן.

אין 1921 קומט גורשטיין קיין מאָסקווע, ווו ער ווערט א צוהערער אף דער אראבישער אָפּטיילונג פונעם אינסטיטוט פאר מיזרעך־שפראכן, פארענדיקט די אספּיראנטור פונעם אינסטיטוט פון שפּראך און ליטעראטור („ראניאָן”).



איך געדענק אים גוט זינט די דרײַסיקער יאָרן. אָפּט פלעג איך אים זען ניט איין מאָל, נאָר פיל מאָל אין טאָג — אינדערפרי געהערט זײַנע לעקציעס פאר סטודענטן אינעם מאָסקווער פּעדאגאָגישן אינסטיטוט אָדער זיך געטראָפן מיט אים אין דער טעאטער־שול אף מיכאָעלסעס נאָמען, ווו מיר האָבן פיל יאָרן געארבעט צוזאמען, און די אָוונטן פלעגן מיר זיך טרעפן אף די שרײַבער־פארזאמלונגען; איך האָב אויך ניט איין מאָל געהאט דאָס גליק צו הערן אים אין א שפּעטער נאכטשאָ, ווען ער האָט דערציילט וועגן זיידן מענדעלע אָדער ייִדישן טעאטער...

ער פלעגט אויסזען פארמאטערט פון א טאָג ליטעראריש־וויסנשאפטלעכער ארבעט: כוץ לעקציעס, פארנעמט ער זיך מיט רעצענזירן און רעדאגירן ביכער, ער איז אן אקטיווער מיטארבעטער פון דער ליטעראַרישער און פון דער גרויסער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיעס, גיט זיך אָפּ דער ארבעט אינעם אָפּטייל פון קריטיק און ביבליִאָגראפיע פון דער צײַטונג „פּראוודא”...

זײַנע אָפּהאנדלונגען און עסייען דערשײַנען אין בא־

זונדערע אויסגאבן, דרוקן זיך אין די שריפטן פון דער ווײַסרוסישער און אוקראַיִנישער וויסנשאפט־אקאדעמיעס. זײַנע ארטיקלען באווײַזן זיך אין „פראוודא“ און אין רוסישע זשורנאלן.

גורשטיינס וואָרט איז געווען זייער אווטאָריטעט פאר שרײַבער און וויסנשאפטלער. אין די דרײַסיקער יאָרן באטייליקט ער זיך אקטיוו אין די הייסע ליטעראַרישע שטרײַטן. מע הערט זיך צו צו זײַן קריטיק, סײַ ווען זי איז געווענדט קעגן פאלשע אײַנשטעלונגען און טעאָריעס, סײַ ווען זי פראָפאגאנדירט די מארקסיסטישע ליטעראַטור־קענטעניש.

אין 1931 האָט גורשטיין ארויסגעגעבן זײַן בוך „פראגן פון דער מארקסיסטישער ליטעראַטור־קענטעניש“. ס'איז געווען דאָס ערשטע ווערק אין ייִדיש, וואָס האָט געפּרווּט באקענען דעם לייענער אין א סיסטעמאטישער פאָרם מיט די גרונט־האנאָכעס פון מארקסיזם אפן געביט פון ליטעראַטור. דאָס בוך איז דערשינען אויך אין רוסיש.

וויִאזוי גורשטיין האָט זיך געקענט פון ארבעט צו ארבעט פארטיפערן אין מעטאָדאָלאָגישע פראגן, איז באַזונדערס צו זען אינעם בוך „פּראָבלעמען פון קריטיק“, וועלכן ער האָט ארויסגעגעבן צוזאמען מיט זײַן פרײַנט מייער ווינער.

ארן גורשטיין האָט געארבעט באנאנד מיט סאָוועטישע ליטעראַטור־קענער, וועלכע זײַנען געוואָרן די גרונטלייגער פון דער ייִדישער מארקסיסטישער קריטיק. מיר דערנעענטערן זיך צו דער גרויסער דאטע — 50 יאָר אָקטיאבער, און ס'איז קעדײַ צו דערמאָנען מאקס עריקס ווערטער: „די ייִדישע מארקסיסטישע קריטיק איז א קינד פון דער אָקטיאבער־רעוואָלוציע... מיר האָבן ביז דער אָקטיאבער־רעוואָלוציע ניט געהאט קיין מארקסיסטישע קריטיק אין דער ייִדישער שפראך“.

גורשטיין האָט איינער פון די ערשטע באמערקט די נײַע שטריכן פון דער מאָדערנער, נאָכרעוואָלוציאָנערער ייִדישער ליטעראַטור־פאָרשונג.

כאראקטעריסטיש איז גורשטיינס פלוגבלעטל „וועגן אונדזער קריטיק“, וואָס ער האָט אָנגעשריבן נאָך אין 1924.

דער ערשטער שטריך פון דער ייִדישער סאָוועטישער קריטיק באשטייט, לויט גורשטיינס מיינונג, אין דעם, וואָס זי איזאָלירט ניט די ליטעראַרישע פאקטן פון זייער סאָציִאל־קולטורעלן ווידעראנאנד, פון זייער סאָציִאלן אונטערבאָדן און מאָקער. דער אָנזאָגער פון אזא סאָציִאלער שליכעס פון דער ייִדישער קריטיק איז געווען מוישע ליטוואקאָוו. „זאָל עס דאָ פארצייכנט ווערן, — האָט געשריבן גורשטיין, — אלס מוישע ליטוואקאָווס גרעסטער פארדינסט און אופטו“.

גורשטיין פארשטייט, אז די ליטעראַטור האָט איר ספּעציפיק, וועלכע מע טאָר ניט איגנאָרירן. וואָרנט גורשטיין קעגן צוויי עקסטרעמקײַטן — פון איין זײַט, קעגן דער „אסקעטישער נעטיִע אָפּצורײַסן דעם אינהאלט פון דער פאָרם“, און פון דער צווייטער זײַט — קעגן פאָרמאליסטישער דאָגמאטיק.

דערין האָט גורשטיין געזען די נײַע סימאָנים פון „פרילינג־צײַט“ אין דער נאָכאָקטיאבערישער ייִדישער קריטיק, סימאָנים פון נײַעם „קריטיק־שטייגער“.

זײַן בלעטל „וועגן אונדזער קריטיק“ האָט גורשטיין באצייכנט אלס „פרײַנטלעכן פאמפלעט“. די קאָנצעפּציע איז געווען נײַ און שלאָגעוודיק. אין איר איז געקומען צום אויסדרוק גורשטיינס ערשטע פאָרשטעלונגען וועגן דעם סאָציִאלן באַרוף פון דער נײַער קריטיק.

פארוואָס האָט מען זיך אזוי צוגעהערט צו גורשטיינען אלס קריטיקער? דערפאר, ווײַל מע האָט געוווּסט, אז זײַן וואָרט איז באטראכט און אָפּגעוויגן, אויסגעטראָגן און ערלעך, קומט ניט פון נערוון־שפיל, נאָר פון ריכטיקע אָביעקטיווע קריטעריען; דערפאר, ווײַל דער קריטיקער איז געווען אלעמאָל ביזן סאָף פרינציפּיעל.

ס'איז טאקע געווען אן עמעסער פארגעניגן צו הערן, וואָס גורשטיין פלעגט דערציילן וועגן מענדעלען און וועגן ייִדישן טעאטער...

ער האָט גוט געקענט די עפּאָכע פון די 60־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. ווען מיר האָבן געלייענט זײַנע ארבעטן, האָט זיך אלעמאָל געדוכט: א לעבעדיקער איידעס דערציילט וועגן יענער צײַט.

גורשטיין האָט דערציילט וועגן פאקטן, וואָס זײַנען נאָך ניט געווען באקאנט אונדזערע פאָרשער. אן אנדערש־מאָל האָט ער אופגעדעקט די „לינקע“ זײַט פון דער אָדער אנדערער ליטעראַרישער אָדער טעאטראלער דערשײַנונג. אזא, לעמאָשל, איז געווען זײַן מיטיילונג וועגן גאָלדפאדנס טעאטער־שטייגער אינעם ארטיקל „די לינקע זײַט“, אָפּגעדרוקט אין דער זאמלונג „טעאטער־בוך“, געווידמעט דעם פופציקיאָריקן יובילײ פונעם ייִדישן טעאטער (קיִעוו, 1927). גורשטיין שטעלט אוף די אטמאָספער, אין וועלכער ס'איז גאָלדפאדענען אויסגעקומען צו שפּילן ייִדיש טעאטער.

אין זײַן ארבעט „דער יונגער מענדעלע אין קאָנטעקסט פון די 50־ער יאָרן (שטריכן)“[1] דערציילט גורשטיין וועגן דער מערקווירדיקער פיגור פון מענדעלע מויכער־ספאָרים („מענדעלע דער מויכער־ספאָרים איז געווען ווי א שטענדיקע דערמאָנונג, וואָס האָט געצוווּנגען דעם קינסטלער צו זײַן שטענדיק וואך און געלערנט אים די קונסט פון מעסטן און פון וועגן“), וועגן מענדעלעס „ניט דאָס בין איך אויסן“, וועגן מענדעלעס „אָפּווײַכונגען“ און „אסאָציִאטיוון“ פרינציפּ („ווען עפּעס א וואָרט „דערמאָנט“, שטויסט אָן מענדעלען אף א „שכיינעסדיקער“ סיטואציע... אף „א מײַסע איבער א מײַסע“), וועגן דער ראָליע פונעם פייזאזש, וועגן מאָמענטן פון פאראָדיע, וועגן די טעמאטישע רינגען און וועגן דעם, ווי מענדעלע גייט צום סוזשעט מיט די פילצאָליקע „אומוועגן“ פון דער ליטעראַרישער „וועסנע־צײַט“...

גורשטיין האָט צום ערשטן מאָל אף א נײַעם אויפן געווענדט די אופמערקזאמקײַט אף דער ליטעראַרישער טראדיציע פון דער „וועסנע־צײַט“ אין דער ייִדישער ליטעראַטור פון די 60־ער יאָרן, פארוואנדלענדיק די דאָזיקע באצייכענונג אין א ברייטן באגריף. ער האָט פעסטגעשטעלט, אז די „וועסנע־צײַט“ האָט „פריִער פאר אלץ באטײַט א מאניפעסטאציע פון א געוויסן מאסן־אופברויז פון יוירנדיקע און וואקסנדיקע סאָציִאלע קויכעס“. אף קאָנקרעטע בײַשפּילן האָט ער באוויזן, ווי „אין דעם ליטעראַרישן באוווּסטזײַן פון יענער צײַט האָט זיך דאָס אויסגעדריקט אין די קעמפערישע טענדענצן קעגן דעם אלטן לעבנסשטייגער און אין דער שטרעבונג צו בויען, צו בײַטן, צו ענדערן“.

---

[1] „שריפטן“, ערשטער באנד, קיִעוו, 1928, ז. 180—199.

באַדײַטפול איז געווען די אָנווײַזונג וועגן דעם, אַז „דער יונגער מענדעלע האָט אין זיך טיף אײַנגעזאַפּט די שטימונגען פון דער רוסישער ליטעראַטור (און פּראָגרעסיווער געזעלשאַפטלעכקײַט) פון זײַן צײַט". און ווײַטער: „די דאָזיקע רוסישע ליטעראַטור־סוויווע איז געווען פאַר מענדעלען אַ מין „טראַנזיט"־סוויווע אויך פון אייראָפּעיִשע אײַנפלוסן".

גורשטיינס אַרבעט וועגן יונגן מענדעלען האָט פאַרשטאַרקט אין אונדזער פאָרשונג דעם אינטערעס צום ליטעראַרישן פּראָצעס פון די 60־ער יאָרן. זי האָט אָנגערעגט די געדאַנקען אַף ווײַטערדיקע אויספירן און פּאַראַלעלגעמיינערונגען. זי האָט געשטויסן דעם פאָרשער צו באַטראַכטן מענדעלעס שאַפן ניט איזאָלירט פון דער טראַדיציע פון די 60־ער יאָרן, פון דער „וועסנע־צײַט". זי האָט געפירט צו ווײַטערדיקע דויערנדיקע פאָרשערישע אָנשטרענגונגען. אין צוזאַמענהאַנג מיט מענדעלעס צענטן יאָרצײַט איז אויפגעקומען אַ היפּשע ליטעראַטור וועגן דעם זיידן פון דער יִדישער ליטעראַטור, אין וועלכער עס זײַנען באַרירט געוואָרן וויכטיקע פּראָבלעמען. אין די דאָזיקע אַרבעטן וועגן מענדעלען האָט גורשטיין אײַנגעזען „אַ נײַעם ווענדפּונקט אין שטודירן מענדעלעס שאַפן". ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ גרעסער ווערק „סאַכאַקלען פון דער מענדעלע־פאָרשונג" (אין מינסקער „צײַטשריפט", ב. 2—3), אַן איבערזיכט „אונדזער מענדעלע־ליטעראַטור" (אין „עמעס", 1928). גורשטיין האָט ניט בלויז פאַרצייכנט אַ רײ גרעסערע און קלענערע היסטאָריש־ליטעראַרישע אַרבעטן, וואָס באַרירן באַזונדערע מאָמענטן אין דעם זיידנס שאַפן. ער האָט אַרויסגעזאָגט די האַשאָרע, אַז אַפן וועג פון „באַזונדערע (מאָנאָגראַפישע) שטודיעס וועלן מיר סאָפּקאָלסאָף קומען צו יענעם סינטעטישן באַנעם פון מענדעלעס שאַפן, צו וועלכן עס שטרעבט אין איר ענדציל די מענדעלע־פאָרשונג. דאָס איז אַ לאַנגע און שווערע אַרבעט, אָבער שוין אַצינד קאָנען אויפגעבויט ווערן די איינצלנע קאָנטורן פון דער דאָזיקער קומענדיקער אַלגעמיינער מענדעלע־כאַראַקטעריסטיק".

אַרן גורשטיין האָט געטרוימט וועגן דער קומענדיקער אַרבעט פון „גאַנץ מענדעלע". בעשײַטע האָט זיך די סאָוועטישע פאָרשונג פריִער פאַר אַלץ גענומען דערלערנען דעם אַמיינסטן פּאָרגעשריטענעם פּעריאָד פון מענדעלעס שאַפן — די 60־ער און 70־ער יאָרן. אָט דער פּעריאָד איז ווייניק געווען באַלויכטן, און אין דערלערנען דאָס שאַפן פון יונגן מענדעלע האָט זיך די סאָוועטישע פאָרשונג דערשלאָגן גרויסע דערגרייכונגען.

עס זײַנען געשאַפן געוואָרן אַזעלכע פונדאַמענטאַלע אַרבעטן וועגן מענדעלען, ווי מײַער ווינערס. אָבער אַפילע ווינער האָט זיך אָפּגעשטעלט בא די 80־ער יאָרן, איבערלאָזנדיק בלויז אייניקע טעזיסן, וואָס „אין טאָך איז עס, ווי עס ווײַזט אָן מאַקס עריק, אַ מין פּראָגראַם פאַר דער ווײַטערדיקער פאָרשונג פון מענדעלעס קינסטלערישער סיסטעם" („עמעס", נומ. 25, 1936).

און אין דער ווײַטערדיקער פאָרשונג האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט גורשטיין. אונטער זײַן רעדאַקציע איז דערשינען די פּרעכטיקע וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבע „שלוימע רעב כאַיִמס" מיט דער האַקדאָמע „אין יענער צײַט", מיט די צוגאָבן פון דער ניט־פאַרענדיקטער צווייטער סעריע פון דעם ווערק (1910—1914), מיט די פראַגמענטאַרישע זיכרוינעס, וואָס מענדעלע האָט פאַרעפנטלעכט די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן (1913—1917), און מיט די אַלע אוו־

טאָביִאָגראַפישע און פּובליציסטישע מאַטעריאַלן, וועלכע מענדעלע האָט אָנגעשריבן אין יִדיש און העברעיִש.

פאַר אונדזער פאָרשונג שטייט נאָך די אויפגאַבע צו שאַפן אַ מאָנאָגראַפישע אַרבעט פון „גאַנץ מענדעלע". אויספּילנדיק דעם דאָזיקן כויוו, וועט זי געדענקען די אָנווײַזונג פון אַרן גורשטיינען וועגן דעם, אַז אַלע ווערק מענדעלעס „וויקלען זיך פאַנאַנדער איינס פונעם צווייטן: שטעלט זיי אויס אין איין רײ, און מיר וועלן זען, אַז יעדעס נײַ ווערק איז דאָ אַ געוויסע פאָרזעצונג, און אַלע אינײנעם בילדן זיי אַ געוויסע אײנהײַטלעכקײַט".

יעדער פאָרשער האָט זיך זײַן וויכטיקסטע טעמע. גורשטיינס טעמע פון אַלע טעמעס איז געווען מענדעלע. באַדײַטנדיק זײַנען אָבער אויך זײַנע אַרבעטן וועגן שאָלעם־אַלייכעמען און י.־ל. פּערעצן.

אַרן גורשטיינס פּאָפּולערע מאָנאָגראַפיע „שאָלעם־אַלייכעם, זײַן לעבן און שאַפן"[1] איז אינטערעסאַנט פאַר יעדן לייענער, בעסויכעם פאַרן ליטעראַטור־קענער.

אין דער קלענער מאָנאָגראַפיע ווערט געזאָגט ניט ווייניק. ס'איז אַ קווינטעסענץ פון די דערגרייכונגען פון דער שאָלעם־אַלייכעם־פאָרשונג. אין אָט דער אַרבעט איז צו זען די גרונט־אייגנשאַפט פון גורשטיינס סטיל — דעם סינטעז פון צוגענגלעכקײַט און שטרענגער וויסנשאַפטלעכקײַט. עס זײַנען דאָ געגעבן סאַכאַקל־טעזיסן פון דער יִדישער סאָוועטישער פאָרשונג, וואָס „אונטער דער אויבערפלאַך פון שאָלעם־אַלייכעמס הומאָריסטישע „מײַסעס" האָט זי אַנטדעקט און דערזען דעם טיפן סאָציִאַלן ווערט און באַטײַט פון שאָלעם־אַלייכעמס שאַפן".

אַרן גורשטיין האָט איינער פון די ערשטע געשטעלט די פּראָבלעם פון אַ וויסנשאַפטלעכער ביִאָגראַפיע פון די יִדישע קלאַסיקער אין איר גאַנצן פאַרנעם. אין פאַרבינדונג דערמיט איז באַזונדערס באַלערעוודיק זײַן אַרבעט וועגן י.־ל. פּערעצעס ביִאָגראַפיע[2]. נעמענדיק זיך פאַר אָט דער אַרבעט, האָט גורשטיין אײַנגעשטעלט אַ סיסטעם, זיך געווענדט צו אורקוואַלן, צוגעצויגן אווטאָביִאָגראַפישע מאַטעריאַלן, פּערעצעס „מײַנע זיכרוינעס" און בריוו, ביבליִאָגראַפיע פון פּערעצעס ווערק און די מעמואַרן־ליטעראַטור.

דער ייִראַס־האַקאָוועד פאַר פּערעצעס פּערזענלעכקײַט האָט אים געפירט צו אַן ערנסטן שטודיום. פון די צאָלרײַכע ביִאָגראַפישע ידיִעס וועגן פּערעצן, וואָס זײַנען „צעזייט און צעשפּרייט", האָט גורשטיין אַרויסבאַקומען דאָס וויכטיקסטע און כאַראַקטעריסטישע. גאַנצע הויפנס מאַטעריאַל האָט ער איבערגעקליבן און סיסטעמאַטיזירט. גורשטיין האָט צעשטערט די פאַרײנפאַכנדיקע שאַבלאָן־טראַדיציע, וואָס האָט צוגעווינט טיילן פּערעצעס לעבן און שאַפן אַף פּעריִאָדן, וועלכע פלעגן קומען קלוימערשט „פאַרבײַטן איינער דעם צווייטן מיט פּלאַנמעסיקער פּינקטלעכקײַט".

גורשטיין האָט גערופן דעם געוויסנהאַפטיקן ביִאָגראַף „פּאַרזיכטיק, טראָט נאָך טראָט... זיך באַמיִען אונטערשיידן די גרונט־ליניע צווישן די פּילצאָליקע זיגזאַגן פון פּערעצעס פּערזענלעכקײַט". דערבײַ האָט ער אַרויסגעזאָגט די האַשאָרע, אַז „יעדנפאַלס וועלן די גרענעצן פון די באַזונדערע פּעריִאָדן פון פּערעצעס ביִאָגראַפיע מוזן גיין

---

[1] דערשינען אין יִדיש און אין רוסיש.

[2] א. גורשטיין. דער איצטיקער צושטאַנד פון פּערעצעס ביִאָגראַפיע (וועגן די פאַרעפנטלעכטע מאַטעריאַלן פון פּערעצעס ביִאָגראַפיע), „צײַטשריפט", 1926.

האַרב בא די גרענעצן פון די אַלגעמיין־געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען, וועלכע בילדן אייגנטלעך דעם גרונט־טאָן פון די באַזונדערע מאָמענטן אין לעבן פון דער שעפע־רישער פּערזענלעכקייט".

ווי ווייט איז דאָ גורשטיין פון יענעם מין ביאָגראַפן, וואָס האָבן געקליבן היספּיילעס פון פּערעצעס „סמאָקינג" און „לאַקירטע שיך", פאַרזעענדיק דאָס וויכטיקסטע פון דער קאָמפּליצירטער פּערעץ־פּערזענלעכקייט.

גורשטיין האָט געררופן אונדזערע וויסנשאַפט־טוער, זיי זאָלן זייער פאָרשונג־אַרבעט איבער די מאַטעריאַלן וועגן דער יידישער קלאַסיק טיף און קריטיש פאַנאַנדערארבעטן און אַזויאַרום שאַפן עכט וויסנשאַפטלעכע ביאָגראַפיעס פון די קלאַסיקער.

מיט אַ באַזונדער פילבאַרקייט און אופמערקזאַמקייט האָט זיך אַרן גורשטיין באַצויגן צו דער שאַפונג פון די יידישע סאָוועטישע שרייבער.

אין דעם ניסטער האָט ער דערזען איינעם פון די קוואַלן, פון וועלכן עס האָט זיך געגערט די נייע יידישע פּאָעזיע (ל. קוויטקאָ, ל. רעזניק, ע. פינינבערג). ער האָט אַרויסגעזאָגט טיפע געדאַנקען וועגן דעם ניסטערס סטיל, אין וועלכן עס קרייצן זיך איבער האַשפּאָעס פון נאָכמען בראַצלאַוועס מיסעאַרטיקע דערציילערישקייט און פון פּערעצעס סימבאָלישקייט, פון ביבלישער סטיליזאַציע און מיטלאַלטערלעכן יידישן פאָלקלאָר. ער האָט דערציילט וועגן דעם ניסטערס אינערלעכן שטרייט מיט זיך אַליין, מיט פאַרשיידענע טראַדיציעס און ווירקונגען, מיט וועלכע ער, דער ניסטער, האָט זיך געטראָפן אויף זיין וועג צו דער גרויסער רעאַליסטישער קונסט.

פון די דיכטער איז גורשטיינען באַזונדערס געווען נאָענט עזרא פינינבערג, וועמען ער האָט טיף געפילט און, ווי מיר דוכט, פאַרשטאַנען מער איידער ווער־ניט־איז. גורשטיין איז געווען אַנציקט סיי פון פינינבערגס עפּישן געמעל, סיי פון זיין אופגערודערטער זינגעוודיקייט. אין דער בלויער טאָנאַלקייט פון פינינבערגס פריִיקן געזאַנג האָט ער דערשפּירט בלאָקס ווירקונג; אין אייניקע פינינ־בערגס באַליבטע בילדערישע טעמעס און געשטאַלטן („מידבער", „דער גייער") האָט ער געזען דעם איבערוף מיט שוואַרצמאַנען און מיט דעם ניסטער אַאוו. מיר גע־פינען בא גורשטיינען אַן אינטערעסאַנטע דערקלערונג, ווי־אַזוי פינינבערגס ליד האָט געזוכט אַן אויסוועג אין מוזיקאַלישער סטיכיע, וואָס הערשט איבער דער מאַלערי־שער. קורץ, פינינבערגס דיכטונג האָט ער געקענט אין אַלע אירע „פּנאָמענען", אין אַלע אירע אַנטפּלעקונגען, געזען די פעדעם, וואָס פאַרבינדן זי מיט דער נאַציאָנא־לער טראַדיציע און מיט דער אַלמענטשלעכער קולטור.

אַרן גורשטיין האָט באַקאַנט געמאַכט דעם רוסישן לייע־נער מיט די דערגרייכונגען פון דער יידישער ליטעראַ־טור. נאָך זיין אַרטיקל „וועגן דעם ניסטערס ראָמאַן „מיש־פּאָכע מאַשבער"" („ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ" פון 30 יוני 1940) איז דער ניסטער „ניסגאַלע" געוואָרן פאַרן ברייטן פילנאַציאָנאַלן לייענער...

„סאַמויל האַלקינס לידער" — אַזוי הייסט דאָס אַרטיקל, וואָס גורשטיין האָט אָפּגעדרוקט אינעם זשורנאַל „ליטע־ראַטורני קריטיק" (1938, נומ. 11). דאָס אַרטיקל האָט מיטגעהאָלפן דערקענען האַלקינס טיפקייט פון געדאַנק און געפיל, זיין כוש פאַר וואָרט און זיין ווירטואָזישע מייסטערשאַפט.

„נאָר האַלקין, אין קעגנזאַץ צו אַנדערע ליריקער, — האָט גורשטיין אופמערקזאַם געמאַכט דעם לייענער, — פאַרשליסט זיך ניט אינעם קרייז פון איידעלע, ראַפינירטע עמפּינדונגען. ער פאַרוואַנדלט ניט די גרויסע וועלט, וואָס רינגלט אונדז אַרום, אין אַ פּאָעטישן מיקראָסקאָפּ. זייער אַ פילבאַרער צו האַלבע טענער און קוים אופנעמבאַרע עמפּינדונגען, ווייסט אָבער האַלקין דעם כילעק צווישן דער מאָס פון גרויס און קליין. ווי אַן עכטער דיכטער, איז ער אַלעמאָל באַהערשט פון אַ גרויס מענטשלעך געפיל".

דאָס באַוווסטזיין, אַז אַ קריטיקער דאַרף שטענדיק זאָרגן וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער לעבעדיקער לי־טעראַטור, האָט געשטויסן אַרן גורשטיינען זיך צו נעמען פאַר די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען. גורשטיין האָט אָפּגע־געבן אופמערקזאַמקייט פראַגן פון נאַציאָנאַלער פאָרם און קעגנזייטיקער ווירקונג פון די נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן.

אין אונטערשייד פון יענע, וואָס באַטראַכטן די נאַציאָ־נאַלע פאָרם ווי אַן איינמאָל פאַר אַלעמאָל איינגעשטעלטע, אָפּגעזעצטע, פאַרגליווערטע און אין זיך זעלבסט איינגע־שלאָסענע קאַטעגאָריע, האַלט גורשטיין, אַז די נאַציאָנאַלע פאָרם אין דער ליטעראַטור און קולטור איז אַ היסטאָ־רישע קאַטעגאָריע, וואָס ענדערט זיך „אין פאַר־בינדונג מיט יענע ענדערונגען, וועלכע קומען פאָר אינעם לעבן פון דער געזעלשאַפט"...

און ווייטער: „דאָס עכט נאַציאָנאַלע איז אַלעמאָל אַ רעזולטאַט פון אַ גרויסער און דויערנדיקער היס־טאָרישער אַנטוויקלונג, אין וועלכער די אינטערנאַציאָנאַלע אופווירקונג שפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָליע".

וואָס שייך דער פּראָבלעם פון קעגנזייטיקער ווירקונג פון די נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן, האָט גורשטיין גע־שריבן: „קוידעמקאָל און באַזונדערס בוילעט אַנטפּלעקט זיך די קעגנזייטיקע ווירקונג פון פאַרשיידענע אונדזערע ברידערלעכע ליטעראַטורן אין די אַזויגערופענע „רעאַ־ליעס" (באַזונדערס אין טיפּאַזש און אין די מאָטיוון). דערפאַר ווייל די „רעאַליעס" שפּיגלען דאָך אומיטלבאַר אָפּ די פּראַצעסן פון לעבן, אָבער אויך די שפּראַך און די ליטעראַרישע טראַדיציע פּילט אָף זיך אין אַ גרויסער מאָס די ווירקונג פון די אַנטשפּרעכיקע עלעמענטן פון אַנדערע נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן"[1].

די סאָוועטישע קריטיק וועט זיך נאָך ניט איין מאָל אומקערן צו אָט די וויכטיקע פּראָבלעמען.

אַרן גורשטיין איז פאַרבליבן אינעם זיקאָרן פון אונדזער ליטעראַרישן דאָר ווי אַ ליכטיקע פּערזענלעכקייט, וואָס דערמאָנט מיט אייניקע שטריכן אָשער שוואַרצמאַנען: ווי אָשער שוואַרצמאַן, איז ער האַרמאָניש אַלס מענטש און שעפער. ווי שוואַרצמאַן, האָט ער אָפּגעגעבן דאָס לעבן פאַרן סאָוועטישן היימלאַנד. ווי שוואַרצמאַן, איז ער געוואָרן אַ טעמע פון קינסטלערישן שאַפן.

ער האָט געקענט זיך פרייען מיט די שעפערישע דער־פאָלגן פון זיינע כאַווירים! איך געדענק, מיט וואָס פאַר אַ היספּיילעס ער האָט גערעדט און געשריבן וועגן פינינ־בערגס ניצאָכן — דער גלענצנדיקער איבערזעצונג אויף יידיש פון געטעס „פאַוסט": „פינינבערג האָט געפונען אַן אַדעקוואַטע פּאָעטישע שפּראַך אויף איבערגעבן אין די ראַמען פון אַ צווייטער קולטור איינס פון די גרעסטע ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור. דאָס איז אַ גרויסער, אַ גלענצנדיקער ניצאָכן פונעם דיכטער פינינבערג און

[1] פון א. גורשטיינס בוך אין רוסיש „פּראָבלעמען פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם", מאָסקווע, 1941, ז. 114.

איינציַיטיק א גרויסער, א גלענצנדיקער ניצאָכן פון דער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע, וואָס איז אויסגעוואקסן און זיך פאנאנדערגעוויקלט אף דער פרוכטבארער סאָוועטישער ערד אונטער דער זון פון אָקטיאבער"[1]. עס דערמאָנט זיך ארן גורשטיינס „אן ענטפער דריַי יונגע כאַוויירים", וואָס האָבן אָפּגעדרוקט אין מינסקער „אָקטיאַבער" אן אָפענעם בריוו צו דער רעדאקציע פונעם אלמאנאך „סאָוועטיש". דאָס איז געווען א פּראָטעסט — לעמיַי „סאָוועטיש" האָט פארעפנטלעכט די לידער פון איינעם א יונגן אווטאָר. יענער יונגער אווטאָר איז שוין איצט איינער פון אונדזערע בארימטע דיכטער, און אלע ווייסן, ווי אומגעלומפּערט ס'איז געווען יענער „פּראָטעסט". נאָר גורשטיין האָט שוין דעמלט ניט געקאָנט שאָלעם מאכן מיט אזא ווילדקיַיט.

„ס'איז געקומען אין אונדזער סאָוועטישער דיכטונג אן אָנהייבער א דיכטער... מיט טאלאנט און מיט באגאבונג. וואָס דארף מען נאָך טאָן, אויב ניט פרייען זיך? קומען דריַי יונגע כאַוויירים און „פּראָטעסטירן" אף א קאָלעקטיוון אויפן: סטיַיטש, מע דרוקט אזא דיכטער און מע לויבט אים נאָך דערצו! די גאנצע מיַיסע מאכט א מאָדנעם און זייער פריקרען איַינדרוק. וואָס איז עס? אן עפנטלעכע מאניפעסטאציע פון ליטערארישער געשמאקלאָזיקיַיט אָדער פּאָשעט ניט־פארגינעריַי?"[2]

ארן גורשטיין איז געווען דאָס געוויסן פון אונדזער קריטיק.

אין גורשטיינס ציַיטן האָט די ליטעראטור ארויסגערוקט ערנסטע און באגאבטע קריטיקער. עס זיַינען אָבער אויך געווען קריטיקער פון וווּלגאר־סאָציאָלאָגישן שניט, קריטיקער, וואָס פלעגן ארויסזאָגן „בויך־סוואָרעס", צוטשעפּען „יארליקעס", געווען איז אויך „דובינקע"־קריטיק.

אין יענע יאָרן האָט גורשטיינס סטיל אויסגעזען טרוקן, געווען ניט פון די „מאָדנע" סטילן. אָבער א מערקווירדיקע זאך: די ווערק, וואָס זיַינען געשריבן אין מאָדנעם סטיל, איז שוין היַינט שווער צו לייענען, און גורשטיינס ווערק זיַינען ניט פארעלטערט.

ארן גורשטיין האָט געשריבן ניט פארשטעלט, אָן איבעריקע מעטאפאָרעס און אָן פּילפּונקטן און אויסרופצייכנס. ער איז געווען געצוימט. ער האָט געקענט זיַין פּאָלעמיש, קעמפעריש.

ניין, זיַין קריטיק איז ניט קיין טרוקענע. זי איז אקאדעמיש, אָבער אויך פּובליציסטיש. און אז מע דארף — איז זי שארף. ס'איז איר ניט פרעמד אויך הומאָר.

איך געדענק נאָך ביז היַינט, ווי ער פלעגט איידל ארייַנזאָגן די סאמע „פּאָרנעמסטע" אווטאָריטעטן. איינעם א קריטיקער, וואָס האָט זיך אויסשליסלעך אָפּגעגעבן מיט הוילער טעאָריע און קיין שום אינטערעס ניט ארויסגעוויזן צו דער קאָנקרעטער לעבעדיקער ליטעראטור, האָט גורשטיין דערמאָנט די ווערטער פון געטעס מעפיסטאָפעלעס: „די טעאָריע, מיַין פריַינט, איז גרוי, אייביק גרין איז דער בוים פון לעבן"... אן אנדער קריטיקער האָט געפּרוּווט דערוויַיזן, אז די טראגעדיע און דער הומאָר האָבן ניט קיין בארעכטיקונג אין דער סאָוועטישער ליטעראטור. „אזוי ווי אפצולאָכעס וואָלטערן, — האָט דערויף געענטפערט גורשטיין, — וואָס האָט געזאָגט, אז אלע זשאנרען זיַינען גוט, כוץ דעם לאנגוויַיליקן, לאָזט דער קריטיקער איבער פאר דער פּראָלעטארישער ליטעראטור בלויז דעם לאנגוויַיל..."

ער האָט איראָניזירט איבער די „אומגעדולדיקע ליטעראטור־קענער", וואָס האָבן א שוואכקיַיט צו „אלטגעבאקענע סכעמעס". אליין איז ער געווען דער סאמע געדולדיקער ליטעראטור־קענער, ער האָט זיך ניט אונטערגעגעבן קיין פארטיקע סכעמעס. זיך ניט געיַילט מיט אויספירן, פארשטאנען, אז די ליטעראטור־דערשיַינונג איז ניט עפּעס אזוינס, וואָס מע קאָן מעסטן מיט מאטעמאטישער פּינקטלעכקיַיט, אז ס'לאָזט זיך ניט אָנעמען מיט די הענט.

גורשטיין האָט פארמאָגט אן אויסערגעוויינלעכע פייִקיַיט זיך קאָנצענטרירן אף די אָדער אנדערע פראגן. פּינקטלעכקיַיט און לאָגישקיַיט פון געדאנק, אָביעקטיווקיַיט און אינטעלעקטועלע ערלעכקיַיט, ווידערשטאנד צו דאָגמאטיק — אָט די אייגנשאפטן פון דענקען האָט ער דעראָבערט אין פּראָצעס פון אומדערמידלעכער ארבעט.

... און אָט איז איינע פון גורשטיינס ראנד־באמערקונגען אף שווארצמאנס בוך (אנטקעגן דער בארימטער ליד „דער סוינע בא די טויערן"): „ד י ש ו ר ע ס ק ל י נ ג ע ן ו י א ר ו ף א ו ן א ג ע ב א ָ ט א ף ש ט ע נ ד י ק צ ו ג ע ד ע נ ק ע ן".

ריווקע רובין האָט אמאָל פארצייכנט אזא עפּיזאָד: „23 יון 1941. פארטונקלטע מאָסקווער גאסן, קוים באלויכטענע מיט בלויער ליכט. איך איַיל צו גורשטיינען. איך טרעף אים צוזאמען מיט זיַין פרוי באם טויער פון זיַין דירע. ביידע שלעפּן זיי עמערס זאמד, קעדיי צו באשיצן דאָס גרויסע פילבאַווינטע הויז פון מעגלעכע סרייפעס. „קומט אריַין אין שטוב", — גיט צו מיר א זאָג גורשטיין, און כאָטש זיַין אָטעם איז שווער און אָפּגעהאקט, לאָזט ער דאָך ניט ארויס די פולע עמערס זאמד פון די הענט. מיר איז געווען מאָדנע צו זען גורשטיינען בא שווערער פיזישער ארבעט. גורשטיין איז אָבער אין יענע טעג געווען גאָר אן אנדערער. עפּעס האָט ער אויסגעזען ווי ניט הי. און דאָ דערמאָן איך זיך מייער ווינערס ווערטער, ארויסגעזאָגטע מיט דער כאראקטעריסטישער פאר ווינערן אימפּולסיווקיַיט: „איר ווייסט, אז גורשטיין איז אין די יאָרן פון בירגערקריג געווען א פריַיוויליקער קעמפער אין דער רויטער ארמיי? איר קענט ניט גורשטיינען"[1].

אינגיכן איז ארן גורשטיין צוזאמען מיט מייער ווינערן פריַייוויליק אוועק אין דער „אָפּאָלטשעניע".

פון די ייִדישע שריַיבער האָט זיי דאָס לעצטע מאָל געזען ארן קושניראָוו — הינטער מאָסקווע, סאָף סענטיאַבער. „אין יענע גרויזאמע טעג, — האָט דערציילט קושניראָוו, — האָבן זיי געלעבט מיט איין געדאנק: ראטעווען דאָס היימלאנד. גורשטיינען איז געווען פיזיש שווער אריבערטראָגן דאָס קאָמפּליצירטע פראָנט־לעבן. ער האָט אָבער געפונען אין זיך א מערקווירדיקן קויעך בייַצוקומען די שוועריקיַיטן און האָט מיט זיַין בייַשפּיל צוגעגעבן מוט אנדערע".

אין הארבסט 1941 איז גורשטיין געפאלן אין די שלאכטן פאר מאָסקווע.

---

[1] א. ג ו ר ש ט י י ן. דער שעפערישער וועג פונעם דיכטער פינינבערג. זשורנאל „קראסנאיא נאָוו", נומ. 11 פון 1935.

[2] אלמאנאך „סאָוועטיש", נומ. 9—10 פון 1939.

---

[1] ציַיטונג „איינִיקיַיט" פון 17 נאָיאבער 1946.

# הערבערט אועלס

## (צו זײַן 100־טן געבורטסטאָג)



ביכער, זאָגט מען, האָבן זייער אייגענעם גורל. אין פאַרשיידענע לענדער אַ פאַרשיידענעם, וועלן מיר צוגעבן. און דאָס איז פאַרשטענדלעך. יעדעס לאַנד געפינט אויס באַם שרײַבער עפּעס אייגנאַרטיקס, אַזוינס, וואָס איז גראָד אָט דעם לאַנד נייטיק. און אויב הערבערט אועלס, אַ שרײַבער, וואָס האָט גיך באַקומען אַ וועלט־נאָמען און איז נאָך באַ זײַן לעבן געוואָרן אַ קלאַסיקער, האָט פונדעסטוועגן דעם גרעסטן דערפאָלג געהאַט אין רוסלאַנד, איז דאָס ניט קיין צופעליקײַט.

נאָר צוערשט וועגן דעם, ווי גרויס איז געווען אועלס׳ דערפאָלג אין רוסלאַנד.

צום ערשטן מאָל האָט מען דערהערט אין לאַנד דעם נאָמען אועלס אין 1898, סאַכאַקל אין דרײַ יאָר אַרום נאָך זײַן אָנהייבן זיך דרוקן. אין 1901 איז שוין געמאַכט געוואָרן דער ערשטער פּרוּוו אַרויסצוגעבן אין רוסיש זײַנע געזאַמלטע ווערק. עמעס, עס זײַנען דעמאָלט דערשינען סאַכאַקל דרײַ בענדער. אָבער אין 1909 האָט דער פאַרלאַג „שיפּאָווניק" אָנגעהויבן דרוקן די ערשטע אין דער וועלט אויסגאַבע פון אועלס׳ אַלע ווערק, זי איז פאַרענדיקט געוואָרן אין 1917, און אָנשטאָט די פאָרויסגעזעענע נײַן ביכער איז זי באַשטאַנען פון דרײַצן. שפּעטער זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן נאָך דרײַ אויסגאַבעס פון אועלס׳ געזאַמלטע ווערק (ניט גערעכנט די בײַלאַגעס צו פאַרשיידענע זשורנאַלן). אין איינער פון זיי, אַרויסגעגעבן אין די צוואַנציקער יאָרן, האָבן דאָס הויפּט־אָרט פאַרנומען שטייגער־ראָמאַנען. די צווייטע איז דערשינען אין די יאָרן 1929—1931 און האָט געטראָגן דעם נאָמען „פולע זאַמלונג פון אועלס׳ פאַנטאַסטישע ראָמאַנען". די דריטע איז אַרויס אין 1964, זי באַשטייט פון פופצן בענדער, אין וועלכע עס זײַנען אײַנגעשלאָסן פאַנטאַסטישע און שטייגערישע ראָמאַנען, אויך אַ היפּשע צאָל אַרטיקלען.

מיט וואָס איז צו דערקלערן אָט די לאַנגע און אופריכטיקע פרײַנטשאַפט פון אונדזערע לייענער מיט אועלסן?

איך מיין, אַז קוידעמקאָל דערמיט, וואָס דער מאַסשטאַב פון אועלס׳ דענקען האָט אַף אַ וווּנדערלעכן אופן אָנטשפּראָכן דעם מאַסשטאַב פון דעם גרויסן ערעוו, פון די גרויסע סאָציאַלע ענדערונגען, וועלכע האָבן אָנגעגרייפט אין רוסלאַנד צום סאָף פון פאָריקן יאָרהונדערט און זײַנען שפּעטער פאַרווירקלעכט געוואָרן.

אין יענער צײַט, ווען אועלס איז געוואָרן פּאָפּולער אין רוסלאַנד, איז געווען אַ גערעטעניש אַף אוטאָפּיעס. די אוטאָפּיסטישע ווערק האָט מען געלייענט מיט כיישעק, פיל גערעדט און געשטריטן אַרום זיי, זיך געקוויקט מיט די בילדער פונעם אידילישן לעבן אַף דער פרײַער נאַטור אָדער אינעם וויל־אײַנגעאָרדנטן און ציכטיק אויפגעראַמטן אינדוסטריעלן גאַניידן, און — טאַקע באַלד פאַרגעסן אין זיי. דער יונגער אועלס אָבער האָט ניט צוגעזאָגט קיין אידיליעס אינעם נײַעם יאָרהונדערט, ער האָט זיך ניט באַמיט צו קוויקן די לייענער מיט אוטאָפּישע האַפּטאַכעס, ער האָט, פאַרקערט, געוואָרנט די לייענער, געמאָלט פאַר זיי טרויעריקע און גראָטעסקישע בילדער — און די לייענער האָבן אים ליב באַקומען. ליב באַקומען טאַקע דערפאַר, וואָס ער האָט ניט פאַרווײַלט און ניט געטרייסט, נאָר געשריבן וועגן דער צוקונפט אַזוי, ווי זי קאָן זײַן, ווי זי וועט אומבאַדינגט זײַן, אויב זי וועט מיט זיך פאַרשטעלן אַ געזעצמעסיקע אַנטוויקלונג פונעם הײַנט, אויב עס וועט זיך ניט אַרײַנמישן עפּעס אַ קראַפט, וואָס איז אימשטאַנד אָפּצושטעלן די באַוועגונג פון דער געזעלשאַפט צו דער דאָזיקער ניט־געוווּנטשענער צוקונפט. אועלסן האָט מען אין רוסלאַנד געלייענט אַלס אַ שרײַבער, וואָס האָט באַוויזן די נויטווענדיקײַט פון אָנטשיידנסטע, טייקעפּדיקע ענדערונגען, אָן וועלכע עס ווערט געשטעלט אונטער אַ געפאַר די עצם עקזיסטענץ פון דער מענטשהײַט.

אַ געזעלשאַפט, וואָס דערנענטערט זיך צו אַ רעוואָלוציע, וועלכע האָט אויפגעטרייסלט די וועלט, האָט ניט געקאָנט זײַן גלײַכגילטיק צו אועלסן. פאַרשטייט זיך, אַז ניט יעדער לייענער האָט קלאָר פאַרשטאַנען דעם אײַנדרוק, וועלכן עס מאַכן אַף אים אועלס׳ ווערק, אָבער ער האָט געוויס געפילט, אַז אועלס׳ געדאַנק גייט אין טראָט מיט די רעאַלע ענדערונגען.

אין זײַן אוטאָפּיע „מענטשן ווי געטער" (1923) האָט אועלס געמאָלט די צוקונפט אַזוי, ווי ער האָט זי געוואָלט זען. ער האָט געשריבן וועגן אַ געזעלשאַפט, ווו עס איז ניטאָ קיין פּריוואַט־אייגנטום, קיין רעגירונג, עס איז אָבער ניטאָ אויך די באַרימטע עליטע, וועמען די אוטאָפּיסטן ביז אועלסן (און צומאָל אועלס אַליין אויך) פלעגן שטענדיק איבערגעבן די פאַרוואַלטונגס־איניאָנים, — דערפאַר, ווײַל אין זײַן אוטאָפּיע איז דאָס גאַנצע פאָלק געבילדעט, גײַסטיק אַנטוויקלט, קלוג, דעריבער איז די עליטע דאָס פאָלק אַליין. „אונדזער בילדונג איז אונדזער רעגירונג".

מיט יעדן איניען פירט פּאַשעט אָן אַזאַ מענטש, וואָס פאַרשטייט דערין מער, איידער אַנדערע. די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן זײַנען דערפירט צום גראַד פון מענטש־לעכע פאַרהעלטענישן. אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט הערשן פאַרהעלטענישן פון כאַווערישקײַט צווישן מענטשן, די ארבעט איז א גײַסטיקע באַדערפעניש, ניט קיין צוואַנג, אַנשטאָט געזעץ הערשט געוויסן, אַנשטאָט לוקסוס — שיינקײַט, אַנשטאָט גײַציקײַט — ארבעט. אָט אַזוי זעט אועלס די צוקונפט פון דער וועלט־געזעלשאַפט. אועלס האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז דערפאַר טאַקע, וואָס דער דאָזיקער אידעאַל דערגרייכט אַזאַ הייך, איז שווער צו דערשלאָגן זיך צו אים. צומאָל פלעגט ער אַפילע מעגאַזעם זײַן די שוועריקײַטן. אַזוי, לעמאָשל, האָט ער אין 1920 ניט געגלייבט, אַז רוסלאַנד וועט זײַן אימשטאַנד אין די קורצע טערמינען, וועלכע לענין האָט אָנגעוויזן, גויוער זײַן דעם כורבן און דורכפירן אין לעבן דעם פּלאַן פון עלעקטריפיצירן די פאַלקסווירטשאַפט, — א פּלאַן, אַף וועלכן עס האָט אין יענע יאָרן ניט פּרעטענדירט אַפילע דאָס אינדוסטריעל אַנטוויקלטע ענגלאַנד. ער האָט דעמלט אָנגערופן לענינען „דער טרוימער פון קרעמל" (ער האָט זיך אַזוי אויסגעדריקט ניט אָן היספּײַלעס פאַר לענינען, אָבער מיט א באַשטימטן אומצוטרוי צו אים), און דערנאָך עטלעכע מאָל אַנטשולדיקט זיך פאַר די לייענער דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געגלייבט לענינען. און בעעמעס, עס איז דען א כידעש, וואָס דער מאַסשטאַב פון לענינס דענקען איז געווען פיל ברייטער פון אועלס' דענקען?..

אָט דעם שרײַבער, וועלכער איז געווינט געווען צו מאָלן אַזוינס, וואָס איז קאַלאָסאַל און אומגעוויינלעך, אַזוינס, וואָס ענדערט זיך קעסיידער, — האָט שטענדיק געצויגן קיין רוסלאַנד. דאָס ערשטע מאָל איז אועלס געווען בא אונדז אין לאַנד אין יאַנוואַר 1914. ער האָט זיך דעמלט באַמיט, אַז זײַן וויזיט זאָל זײַן וואָס באַשיידענער, קעדיי די צערעמאָניעס זאָלן אים ניט אָפּרײַסן פון דער גרונט־אויפגאַבע — באַקאַנען זיך מיט רוסלאַנד. אַן ערעך א וואָך צײַט האָט ער פאַרבראַכט אין פּעטערבורג. אין דער רוסישער קרוין־שטאָט האָט ער דערזען א סאַך אַזוינס, וואָס מאַכט זי ענלעך אַף לאָנדאָן. דערנאָך איז ער אַוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע. אונטערוועגנס האָט ער באַזוכט א דאָרף, קעדיי באַקאַנען זיך מיטן לעבן פון די רוסישע פּויערים. אין מאָסקווע איז ער געגאַנגען אין קינסטלערישן טעאַטער און אין וואַליעווס טעאַטער־קאַבאַרע, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „פליִענדיקע מויז", ער האָט געשמועסט מיט זײַנע פרײַנט־אינטעליגענטן און מיט די באָסיאַקעס פון כיטראָווער מאַרק, געגעסן מיטיק אין „מעטראָפּאָל" און פון צײַט צו צײַט זיך ארײַנגעכאַפּט אין די באַנאַכטיקע פאַרדעכטיקע טײַ־הײַזער...

צום צווייטן מאָל איז אועלס געקומען צו אונדז אין 1920. ער האָט זיך געטראָפן מיט לענינען. פּעטראָגראַד, מאָסקווע, רוסלאַנד — אַלץ איז געווען ניט צו דערקענען. די פּעטראָגראַדער גאַסן האָבן מער ניט דערמאָנט די לאָנדאָנער — זיי זײַנען גיכער געווען ענלעך צו די פראַנט־שטעט, וועלכע ער האָט געזען אין פראַנקרײַך אין 1916. אומעטום הונגער, כורבן...

אועלס האָט ניט אַלץ פאַרשטאַנען, נאָר דער איקער איז יאָ דערגאַנגען צו זײַן באַוווסטזײַן: אין די לײַדן פון רוסלאַנד זײַנען שולדיק די ווײַסגוואַרדייער און אינטערווענטן. די באָלשעוויקעס זײַנען די איינציקע פּאַרטיי, וואָס איז פײַיק אָנצופירן מיט רוסלאַנד. אַזוי האָט ער געשריבן אין זײַן בוך „רוסלאַנד אין כווישעך" און דערמיט ארײַנגעבראַכט אין צאָרן די ווײַסגוואַרדייישע פּרעסע. אומצופרידנקײַט מיט אועלס' בוך „רוסלאַנד אין כווישעך" האָט אויסגעדריקט אויך אוינסטאָן טשערטשיל אין זײַן אַרטיקל „הערבערט אועלס און דער באָלשעוויזם". אָבער אועלס גופע, ווען ער האָט זיך אומגעקערט קיין ענגלאַנד, איז אַוועק צום דעמלטיקן אויסערן־מיניסטער לאָרד קערזאָן און געפּרוווט אים איבערצײַגן, אַז מע דאַרף אָראָפּנעמען די בלאָקאַדע קעגן רוסלאַנד.

צום דריטן מאָל האָט אועלס באַזוכט דעם סאָוועטנפאַרבאַנד אין 1934. און ווידער האָט אונדזער לאַנד זיך באַוויזן פאַר אים אין אַן אַנדער שײַן — די מענטשן זײַנען בעסער באַזאָרגט, דאָס לעבן אַנטוויקלט זיך נאָרמאַלער...

אועלס האָט זײַן גאַנץ לעבן זיך באַמיט אײַנצופלאַנצן בא די מענטשן דעם געדאַנק, אַז די וועלט האַלט אין איין ענדערן זיך, פון יאָרהונדערט צו יאָרהונדערט קומען די ענדערונגען פאָר אַלץ שנעלער. איצטער האָט ער זעלבסט געזען היסטאָריש־וויכטיקע ענדערונגען.

די דאָזיקע ענדערונגען האָבן אָנגערירט אַלץ, אַלע לעבנס־געביטן, און גראַד דאָס האָט אים מער פון אַלץ צוגעצויגן. אועלסן האָט שטענדיק איין זײַט פונעם לעבן געהאָלפן צו פאַרשטיין די צווייטע זײַט. ער האָט געזען און שטודירט דאָס לעבן מיט אַן איבעראַשנדיקער פילזײַטיקײַט. אין דער היניזכט פלעגט ער דערמאָנען די פראַנצויזישע ענציקלאָפּעדיסטן פון אכצעטן יאָרהונדערט. ער האָט שטודירט ביִאָלאָגיע און איז געווען דאָקטאָר פון ביִאָלאָגישע וויסנשאַפטן, ער האָט דערלערנט פיזיק, געשיכטע, סאָציאָלאָגיע, געשריבן פאַנטאַסטישע און שטייגערישע ראָמאַנען, דערציילונגען, קינאָ־סצענאַרן, פּאָליטישע טראַקטאַטן, לערנביכער און פּאָפּולערע ביכער וועגן געשיכטע און ביִאָלאָגיע. ערעוו זײַן זעכציקסטן געבורטסטאָג האָט ער געענדיקט שרײַבן זײַן אויטאָביִאָגראַפיע, וואָס האַלט צוויי בענדער. דאָס איז א ביִאָגראַפיע פון א מענטשן, וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע אײַנצוזאַפּן אין זיך און דערנאָך איבערגעבן די לייענער אַלץ, מיט וואָס עס לעבט דער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט. אַזאַ אויפגאַבע איז געוויס איבער די קויכעס אַפילע פאַר אַזעלכע מענטשן, ווי הערבערט אועלס. נאָר צי דען איז אַזוי קליין דער טייל פון דער אויפגאַבע, וועלכן אָט דער שרײַבער האָט יאָ אויסגעפילט? און צי דען האָט אים רוסלאַנד ווייניק געהאָלפן צו פאַרשטיין דעם יאָרהונדערטס פון באַוועגונג, קאַטאַסטראָפעס, ענדערונגען?

יולי קאַגאַרליצקי





פראָפ. מ. שאַץ־אַנין

# באגעגענישן מיט שאָלעם־אלייכעמען

די רעדיפעס פון דער צארישער רעאקציע נאָך דער רעוואָליוציע פון 1905 האָבן געצוווּנגען א סאך פּאָליטישע טוער און קולטור־טוער צו פארלאָזן רוסלאנד. אויך מיר איז אויסגעקומען צוליב מײַן רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט אויסוואנדערן קיין מײַרעוו־אייראָפּע. פון 1906 ביז 1910 האָב איך געלעבט אין דער שווייץ, ווו ס'האָבן זיך דעמלט באזעצט מענדעלע מויכער־ספאָרים, שאָלעם־אלייכעם, בען־אמי און א רײ אנדערע יִדישע שרײַבער.

אין מײַן זיקאָרן האָט זיך אף אייביק פארקריצט דער טיפער אײַנדרוק, וואָס אף אונדז, פּאָליטישע עמיגראנטן, האָט געמאכט אָט דאָס אייגנארטיקע לאנד פון בערג און אָזערעס, וועגן וועלכן אלעקסאנדער הערצען האָט געזאָגט: „די שווייץ — דאָס איז א פארמאבלדיקע מעדינע צווישן פארמאבלדיקע בערג". שטענדיק, אין די פרײַע פון לימודים זומערדיקע כאדאָשים, פלעגן מיר, סטודענטן, זיך אוועקלאָזן אף טוריסטישע רײַזעס איבער די הויכע בערג.

איך דערמאָן זיך איינע א זומער־נאכט אין 1907 — דעם אופשטײַג אפן שפּיץ פונעם בארג פּילאטוס.

...פארנאכט. מיטן רוקזאק אף די פּלייצעס און מיטן אײַזן־באשלאָגענעם וואנדערשטעקן אין האנט פארנעמען מיר זיך אפן וועג בארג־ארוף. שטײַגנדיק אלץ העכער און העכער, באגעגענען מיר אף די בארג־לאָנקעס טשערעדעס קי. דער זעלבער קלאנג פון די גלעקעלעך אף זייערע העלדזער גיסט זיך צונויף מיט די זילבערנע לעוואָנע־שטראלן, און באלד דערטראָגן זיך צו אונדז צויבערלעכע קלאנגען פון דער פּאסטעך־פלייט, וואָס צעשאלט זיך מיט אן עכאָ איבער די בערג און רופט ארויס אין זיקאָרן די אוראלטע „טראפּן" פון דער צײַט פון די יִדן־וואָגלענישן אין מידבער און גלײַכצײַטיק די דערמאָנונג אין בעטהאָווענס לעוואָנע־סאָנאטע.

דאָס שטײַגן בארג־ארוף ווערט אלץ שווערער און פּאמעלעכער. ווען מיר קומען שוין סאָפּקאָלסאָף בײַ אלע שוועריקײַטן און דערגרייכן דעם שפּיץ פון פּילאטוס, אן ערעך דרײַ טויזנט מעטער איבערן יאם־אויבערפלאך, עפנט זיך פאר אונדזערע אויגן א זעלטן בילד:

די לעוואָנע איז אונטערגעגאנגען. רונד־ארום הערשט אן אבסאָליוטע שטילקײַט — קיין ווינטל, קיין פייגלגעזאנג, קיין בלעטער־גערויש... עס זעט אויס, ווי די גאנצע נאטור ארום אונדז וואָלט פארגליווערט געוואָרן אין דערווארטונג פון א וועלט־באנײַענדיקן נעס, — דעם זון־אופגאנג, דעם געבורט פון א נײַעם טאָג. ווײַטער איבער אונדז אפן הימל — די רויט־לײַכטנדיקע שטערן, און טיף אונטער אונדז, ווי שײַנענדיקע פליטערלעך, פינטלען די פײַערלעך פון דער באלײַכטונג בא די ברעגן פון דער פירוואלדשטעטער אָזערע.

אזוי גייט דורך א קורצע צײַט — און די פײַערלעך נעמען פּאמעלעך פארשווינדן. פון דער אָזערע הייבט זיך אוף א געדיכטער נעפּל, צו אונדז דערטראָגט זיך א קאלטע פײַכטקײַט. פון מינוט צו מינוט ווערט דער נעפּל געדיכטער, עס הייבן זיך אָן אלץ העכער קנוילן די גרויע, געלבלעכע, ברוינלעכע נעפּל־כוואליעס, און אינגיכן ווערט שוין אין דער נידער אלץ פארשלונגען אין אן אָנבערעגיקן נעפּל־אָקעאן. איבער אונדז ווערט אלץ פינצטערער, אונטער אונדז וויגן זיך פּאמעלעך די כוואליעס פונעם נעפּל־יאם, און בייס אף דער מײַרעוו־זײַט ווערן די כוואליעס טונקעלער און שווארצער, הייבן זיי אָבער אָן אף דער מיזרעך־זײַט צו באקומען אלץ מער און מער א העל־רויטלעכע באפארבונג.

ווי פארגליווערטע שטייען מיר פאר דעם מוירעדיקן געראנגל פון ליכט און כוישעך, פון אונטערגאנג און אופגאנג, און אינגיכן באמערקן מיר, ווי די רויטע נעפּל־כוואליעס פונעם מיזרעך־ראנד הייבן אָן אלץ גיכער צו קייטלען זיך איינע אין דער אנדערער, זיי הייבן זיך אוף העכער און קומען צו אונדז צו אלץ נעענטער. דער מאבל דראָעט צו פארשלינגען אונדז אינגאנצן...

נאָר אָט רײַסן זיך דורך פון אונטן, אזוי ווי שארפע בליצן, די ערשטע שטראלן פון דער אופגייענדיקער זון. זיי ברענגען ארײַן א טיפע צערודערונג אינעם גאנצן נעפּל־אָקעאן. דער ערשטער בליצט אוף דער שפּיץ פונעם אנטקעגנשטייענדיקן בארג אורי־רויטשטאָק, די אופגעקומענע שטראלן נעמען צערײַסן און צעפליקן די נעפּל־כוואליעס, טרײַבן זיי אלץ גיכער, אלץ העכער... עס פארגייען קוים עטלעכע מינוט — און דער געדיכטער נעפּל־אָקעאן פארשלינגט אונדז צוזאמען מיטן שפּיץ פונעם בארג, אף וועלכן מיר שטייען. די קאלטע פײַכטקײַט פארכאפּט דעם אָטעם. מיר זעען מער ניט איינער דעם אנדערן... צי שוין זשע וועט דער מאבל טאקע גויווער זײַן?

נאָר מיט יעדער מינוט טרײַבט די זון, וואָס גייט אוף פון אונטן, אלץ העכער דעם מוירעדיקן נעפּל־מאבל, ביז זי פארטרײַבט אים אינגאנצן אין די הייכן פונעם בלויען הימל און פארוואנדלט אים, ווי דורך קישעף, אין א רײ פרײַ־שוועבנדיקע דינע, ווײַסינקע וואָלקנדיקע פעדערלעך.

אינגיכן ווערט אונדזער באַרג־שפּיץ שוין אינגאַנצן באַפרייט און די וועלט, אַ דערלייזטע פון מאַבל, אָטעמט אויף מיט פרישקייט. פון מיזרעך נעמט ווייען אַ לייכט לעבעדיק ווינטל, די בלעטער פון דיביימער הייבן אָן רוישן, די פייגל צעזינגען זיך, די גאַנצע נאַטור פייערט דעם גרויסן יאָמטעוו — דעם געבורט פון אַ נייעם טאָג! און צוגלייך מיט דעם בליץ אויף אין אונדזער באַוווסטזיין דער געדאַנק, אַז אַ באַרג־אַרויף וועט אונדז אויך פירן צו די ליכטיקע הייכן פון אַ באַנייטער, עמעס־פרייער מענטשהייט...



אין אָט דעם לאַנד האָט מיר אָפּגעגליקט צו האָבן אַ באַגעגעניש מיט שאָלעם־אַלייכעמען, וועלכער האָט דעמלט געאַרבעט אין דער שווייץ אויף זיין ראָמאַן „דער מאַבל“ — דעם סאַכאַקל פון די רעוואָליוציע־יאָרן 1905—1906.

באַקענט האָב איך זיך מיט שאָלעם־אַלייכעמען אין 1907 אויף איינעם פון די דיסקוסיע־אָוונטן פון די פּאָליט־עמיגראַנטן אין זשענעווע, וווּ מיר איז אויסגעקומען צו האַלטן אַ פּאָרטראָג אויף דער טעמע „קלאַס און נאַציע“ — וועגן דעם קאַמף צווישן דעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם און דעם בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם.

ביז היינט האָט זיך מיר נאָך פאַרגעדענקט שאָלעם־אַלייכעמס אָפּטימיסטישע אָפּשאַצונג פון יענע פינצטערע טעג פון דער גרויזאַמער סטאָליפּינישער רעאַקציע.

— די רעציכעס און רעדיפעס, — האָט שאָלעם־אַלייכעם געזאָגט, — וועלן דעם צאַריזם ניט ראַטעווען, די רעוואָליוציע וועט זיי גויווער זיין! ווי דער מאַבל, וועט זי אָפּרייניקן די וועלט פון אַלדאָסבייז, און ווען די זון וועט אויפגיין, וועט זי באַלייכטן די באַפרייטע מענטשהייט...



זומער 1908 איז מיר ווידער אויסגעקומען זיך באַגעגענען מיט שאָלעם־אַלייכעמען. דאָס מאָל אין ריגע, וווּ דער גרויסער שרייבער איז איינגעלאַדן געוואָרן פאָרצולייענען זיינע ווערק.

דער זאַל פון דעם אַזויגערופענעם „קורהויז“ באַם ברעג יאַם איז אין יענעם אָוונט געווען איבערפולט מיט צוהערער. לאַנג האָבן געדויערט די אָוואַציעס. אַ טיפן איינדרוק האָט געמאַכט די גרויסע מייסטערשאַפט פון שאָלעם־אַלייכעמס פאָרלייענען. באַ די קאָמישע סצענעס, ווען די צוהערער האָבן געקייכט פון געלעכטער, איז דעם שרייבערס פּנים געבליבן ערנסט, און בלויז אין זיינע אויגן האָט שטיפעריש געפלאַטערט אַ פאַרבאַהאַלטן געלעכטער. איבער זיינע ליפּן האָט זיך אַ גליטש געטאָן אַ קוים־באַמערקבאַר שמייכעלע. דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע אין שאָלעם־אַלייכעמס פאָרלייענען איז געווען, וואָס ער האָט זיך אינגאַנצן אַריינגעלעבט אין דער פּסיכיק פון זיינע העלדן און האָט מיט קינסטלערישער מייסטערשאַפט איבערגעגעבן די אינדיווידואַליטעט פון יעדן איינעם פון זיי. בייס ער האָט געלייענט מענאַכעם־מענדלס בריוו צו שיינע־שיינדלען, האָט פאַר די צוהערער מאַמעש אויפגעלעבט דאָס געשטאַלט פון אָט דעם לופטמענטשן, וועלכער איז בעיכוילעס געווען צוזאַמענצופירן אַ שידעך צווישן צוויי מיידלעך און אויספּלאַנעווען צו בויען אַ בריק איבער אַ שוין פון לאַנג אויסגעטריקנטן טייך. אין דער שטים פון דעם אַווטאָר האָט זיך געהערט דאָ אַן איראָנישע פאַרורטיילונג פון די פאַנטאַזיעס פון זיין אויסטערלישן העלד, דאָ אַ געפיל פון מיטלייד צום שלימאַזל.

עס האָט זיך געביטן דעם פאָרלייענערס קאָל און אפילע זיין גאַנצער אויסזען, ווען ער איז אַריבער צו די בריוו פון שיינע־שיינדלען. דורך איר, דער סייכל־האַיאָשערדיקער פאָלקס־פרוי, דער אויסגעמאַטערטער פון איר מאַנס שלימאַזלדיקע „אונטערנעמונגען“, האָט שאָלעם־אַלייכעם מיט שאַרפן סאַרקאַזם און אומראַכמאָנעסדיקער סאַטירע פאַרורטיילט דעם מענאַכעם־מענדעליזם ווי אַ סאָציאַלע דערשיינונג.



זומער 1914 האָט שאָלעם־אַלייכעם פונדאַסניי באַזוכט לעטלאַנד און איז אויפגעטראָטן אין ריגע און אין דווינסק. אין אַ בריוו פון דווינסק צו אַ פריינט טיילט זיך דער שרייבער מיט די איינדרוקן וועגן דעם באַגייסטערטן קאַבאָלאַס־פּאָנעם, מיט וועלכן ער איז אויפגענומען געוואָרן אין יענער שטאָט.

אין יענעם זומער האָב איך געזען שאָלעם־אַלייכעמען צום לעצטן מאָל אויפן אָוונט אין זאַל פון דעם ריגער געווערב־פאַריין. פאַר דער צייט זינט אונדזער באַגעגעניש אין 1907 האָט שאָלעם־אַלייכעם זיך שטאַרק פאַרענדערט — ער האָט פיל געקרענקט און געהאַט שווערע איבערלעבונגען... אין זיין בליק איז געווען פאַרטייעט טרויער און ס׳האָט זיך געמערקט אין אים אַ גייסטיקע מידקייט. ווען ער איז אָבער אַרויס אויף דער סצענע און אָנגעהויבן לייענען זיינע ווערק, האָט ער זיך אינגאַנצן איבערגעביטן! איך בין געווען דערשטוינט, זעענדיק, ווי האַרמאָניש ס׳האָט זיך אין אים צונויפגעגאָסן דער גרויסער וואָרט־מייסטער און אַרטיסט. אין דער פאָרלעזונג פונעם אַווטאָר האָט פאַר די צוהערער אויפגעלעבט דאָס פּרעכטיקע געשטאַלט פון דעם ערלעכן האָרעפּאַשניק טעוויע דער מילכיקער, דעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן טרעגער פון דער דוירעסלאַנגער פאָלקס־פּיקכעס. „קאָלזמאַן די נעשאָמע איז נאָך אין דיר — איז פאָר ווייטער, טעוויע!“ — האָט פון דער בינע זיך דערטראָגן די שטים פון דעם אויסטערלישן אָפּטימיסט, וועלכער האָט פעסט געגלייבט אין דעם, אַז מיט אַקשאָנעסדיקער מי און אויסדויער קאָן דער מענטש בייקומען אַלע שוועריקייטן. דער איקער פאַר טעוויען איז — „דער מענטש זאָל זיין אַ מענטש“.

דער אָוונט אין זאַל פון ריגער געווערב־פאַריין האָט געמאַכט אַ רוישעם אויף די צוהערער. זיי זיינען באַגייסטערט געווען פון דעם אויפטריט פונעם הייס־געליבטן שרייבער — דעם רויפע פון די פאָלקס־כאַלאַסן, דעם וווּנדערלעכן דאָקטער, וואָס האָט צוגעשריבן דעם פאָלק דעם רעצעפּט „לאַכן איז געזונט“...

ער שטייט נאָך היינט פאַר מיין גייסטיקן בליק, ווי אַ לעבעדיקער, איך זע, ווי אויף זיין פּאָנעם שפּילן ליכט און שאָטנס פון טרויער און פרייד, ווי אין זיינע אויגן פּערלט זיך אַ געלעכטער דורך אומגעזעענע טרערן. נאָך היינט דערטראָגט זיך צו מיר זיין שטים, פול מיט ביטאָכן און גלויבן:

— קוקט זיך נאָר צו צו דער צוקונפט — און איר וועט מיט פרייד און זיכערקייט גיין אַנטקעגן דעם נייעם לעבן, וואָס וועט ברענגען דעם זיג פון גערעכטיקייט...



הילעל אלעקסאנדראָוו

# פּארגעסענע בלעטלעך

אין דער זאמלונג פון שאָלעם־אלייכעמס בריוו, צונויפ־געשטעלט דורך י. מיטלמאן און כ. נאדעל, געפינען זיך צוואנציק בריוו צו יאנקעוו דינעזאָנען, געשריבן אין די יאָרן 1887—1909. אין די בריוו פון 1888 רעדט זיך זייער פיל וועגן דער פּאָלעמיק צווישן דינעזאָנען און דעם היס־טאָריקער פּראָפעסאָר גרעץ אין פארבינדונג מיט אן אר־טיקל פון דר. ס. סקאָמאראָווסקי, וועלכער איז געווען גע־דרוקט אין דער העברעיִשער פּרעסע. וועגן דער דאָזיקער פּאָלעמיק דערמאָנט ז. רייזען אין זײַן „לעקסיקאָן". ווי מיר וועלן זען, האָט זי ניט צופעליק פארינטערעסירט שאָלעם־אלייכעמען. זי שטעלט מיט זיך פאָר איינצײַטיק אי א בלעטל אין שאָלעם־אלייכעמס ביִאָגראפיע, אי א בלעטל אין דער געשיכטע פונעם קאמף ארום ייִדיש און איר ליטעראטור אין די אכציקער יאָרן — א קאמף, וואָס איז נאָך ווי געהעריק ניט באלויכטן געוואָרן אין אונדזער ליטעראטור־געשיכטע.

■

סאָף 1887 איז אין צוויי העברעיִשע צײַטונגען — „האמײליץ" און „האצפירא" — געווען אָפּגעדרוקט אן ארטיקל אונטערן נאָמען „מרוץ אגרות ביני ובין הפרו־פיסור ד״ר גרעטץ"[1]. דאָס ארטיקל האָט געכאסמעט מיט א גרויסן טיטל, ווי עס פלעגט זיך אין יענער צײַט אָפט טרעפן אין דער העברעיִשער פּרעסע, שלמה צבי ב״ר אהרן המכונה ד״ר מעדיצין סאָלאָמאָן סקאָמאראָווסקי[2].

דער אווטאָר פונעם ארטיקל גיט איבער, אז מע האָט אים געבעטן נאָכפרעגן זיך באם דר. גרעץ, צי וועט ער געבן א דערלויבעניש צו איבערזעצן אַף דער פאָלקס־שפּראך פון די ייִדן אין רוסלאנד זײַן נײַ ווערק. איינ־צײַסיק האָט ער אופמערקזאם געמאכט, אז דר. גרעץ האָט אין זײַן באוווּסטער „געשיכטע" ניט אָפּגעגעבן קיין אָרט די „מאסקילים" פון רוסלאנד, ספּעציִעל ייִצכאָק־בער לעווינזאָנען, וועלכן ער באצייכנט אלס „מענדעלסאָן פון די רוסישע ייִדן".

אַף דער פראגע וועגן דערלויבן איבערזעצן זײַן בוך אין ייִדיש האָט גרעץ געענטפערט מיט א גראָבן אָפּזאָג[3]: „איך מוז קאטעגאָריש דערווידערן קעגן איבערזעצן מײַן „פאָלקסטימלעכע געשיכטע דער יודען" אין ייִדישן זשאר־גאָן. זשארגאָן איז די גרעסטע שאנדע פאר א פאָלקס־קלאס. איך זאָג צוזאמען מיט רעב יעהודע האנאסי: „לשון סורסי למה? או לשון הקודש או לשון יונית[1]. איך בעט אײַך זייער, געערטער הער דאָקטאָר, איר זאָלט ניט דער־לאָזן אזא שענדונג פון מײַן געשיכטע".

צו דער דאָזיקער ציטאטע גיט צו פון זיך ס. סקאָמאָ־ראָווסקי: „איך ווייס ניט, צי עס וועט זיך מיר אײַנגעבן מיט דער פּובליקאציע אָפּהאלטן וועמען־ניט־איז פון איבערזעצן דאָס אָנגעוויזענע בוך אין זשארגאָן, נאָר איך האָב מײַנס אָפּגעטאָן: איך האָב עפנטלעך געגעבן צו וויסן די ביטע פון דר. גרעץ און איך האָב זיך געראטעוועט"[2].

אַף ס. סקאָמאראָווסקיס אָנווײַזונג גרעצן, אז אין זײַן באוווּסטער „געשיכטע" האָט ער ניט אָפּגעגעבן קיין אָרט די „מאסקילים" פון רוסלאנד, האָט גרעץ געגעבן פאָלגנ־דיקן ענטפער:

„1) איך האָב די ייִדיש־רוסישע קולטור־שטרעבונגען אין מײַן גרויסער „געשיכטע" ניט באריִערט, ווײַל איך האָב די „געשיכטע" דערפירט נאָר ביז 1848 יאָר, און ביז יענער צײַט איז וועגן אזעלכע שטרעבונגען געווען ווינ־ציק באוווּסט.

2) מיט לעווינזאָנס שריפטן[3] בין איך געווען באקאנט, אָבער אויב ליטעראַרישע טעטיקײַט („שריפטשטעלערײַ") ווירקט ניט אַף גרעסערע קרײַזן, איז זי ניט קיין היסטאָ־רישער מאָמענט. קראכמאל, ראפּאָפּאָרט און איזאק ער־טער[4] האָבן פרוכטבאר געווירקט, דעריבער האָב איך זיי ארײַנגעצויגן אין דעם געשיכטלעכן געוועב.

---

[1] מיירוץ איגרויס ביינע אוּוויין האפּראָפּעסאָר דר. גרעץ — בריוו־אויסטויש צווישן מיר און פּראָפּעסאָר דר. גרעץ.

[2] שלוימע־צווי בערעב ארן האמעכונע דר. מעדיצין סאָלאָמאָן סקאָמאראָווסקי.

[3] די ווײַטערדיקע ציטאטעס פון גרעצס ענטפער זײַנען איבערגעזעצט פון דײַטש; אין די העברעיִשע צײַטונגען זײַנען זיי ציטירט אין דײַטש.

---

[1] לאשוין סוראסי לאמאָ? אוי לאשוין האקוידעש אוי לאשוין יעוואָניס — צו וואָס דארף מען האָבן די ארא־מישע שפּראך? אָדער העברעיִש אָדער גריכיש.

[2] דאָ וועט זײַן אמפּלאץ צו ברענגען די כאראקטעריס־טישע רעדאקציִאָנעלע באמערקונג פון „האמײליץ": „לויט אונדזער מיינונג, איז גרעצס „געשיכטע" ניט פּאסיק צו זײַן איבערגעזעצט אין ייִדיש ניט צוליב שפּראך־טײַמים, נאָר צוליב עפּעס אנדערש: אין א בוך פון געשיכטע, וואָס ווערט געגעבן אין די הענט פון דער פאָלקסמאסע און לערן־קינדער, דארף אלץ זײַן פולשטענדיק ריכטיק. אלע ווייסן אָבער, אז אין גרעצס ביכער געפינען זיך פיל אויספירן, וועלכע זײַנען סאָפעק־דיק, און האשארעס, וועלכע ער גיט אָן אלס באשטימטע פאקטן. אזוי פירט ער זיך אין זײַן גרויסן בוך (דה. די צוועלפבענדיקע „ייִדישע געשיכטע" אין דײַטש, 1853—1875. — ה.א.). און, ווי ס'איז קאָנטיק פון ערשטן העפט, וועלכן מיר האָבן געזען (דה. „פאָלקסטימלעכע געשיכ־טע". — ה.א.), האלט ער זיך בא דעם אויך אין זײַן נײַעם בוך, וועלכן ער לאָזט ארויס פארן פאָלק".

[3] ייִצכאָק־בער לעווינזאָן (1788—1860) — איינער פון די פּיִאָנערן פון דער „האסקאָלע" אין רוס־לאנד, וועלכער האָט געהאט א גרויסע ווירקונג אַף זײַנע מיטצײַטלער.

[4] נאכמען קראכמאל (1785—1840), שלוי־מע־יעהודע ראפּאָפּאָרט (1790—1867), ייִצכאָק ערטער (1792—1851) — וויכטיקע פארשטייער פון דער „האסקאָלע" אין גאליציע און עסטרײַך.

3) ווען דער מאַטעריאַל וועגן די רוסיש־ייִדישע קאַריפייען וועט זײַן בא מיר צוזאַמענגעשטעלט און דורכגעקוקט לויט די קוועלן, וועל איך אין מײַן „פאָלקסטימלעכע געשיכטע" וועגן דעם ריידן און באַלײַכטן".

דער דאָזיקער „בריוו־אויסטויש" צווישן סקאָמאַראָווסקין און גרעצן פאַרנעמט, ווי מיר האָבן אָנגעוויזן, א גרויס אָרט אין דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן שאָלעם־אַלייכעמען און דינעזאָנען פאַרן יאָר 1888. און דאָס איז ניט צופעליק.

ז. רייזען אין „לעקסיקאָן", אָפּשטעלנדיק זיך אָף דעם „בריוו־אויסטויש", געפינט, אַז ס. סקאָמאַראָווסקי האָט זיך געווענדט צו גרעצן נאָך א דערלויבעניש איבערזעצן זײַן „פאָלקסטימלעכע געשיכטע דער יודען" אין ייִדיש. די זאַך איז אָבער ניט אַזוי[1].

ס. סקאָמאַראָווסקי גיט איבער אין זײַן אַרטיקל, אַז מע האָט אים געבעטן נאָכפרעגן זיך בא גרעצן וועגן א דערלויבעניש איבערצוזעצן זײַן „פאָלקסטימלעכע געשיכטע" אין ייִדיש, ער ווײַזט אָבער ניט אָן, ווער האָט אים געבעטן. לאָזט זיך אויס, אַז וועגן דעם איניען האָט געהאַט א שמועס מיט ס. סקאָמאַראָווסקין שאָלעם־אַלייכעם, וועלכער רעדט וועגן דעם „בריוו־אויסטויש" מיט גרויס צאָרן און פאַרביטערונג.

גלײַך ווי עס איז פּובליקירט געוואָרן דער „בריוו־אויסטויש", האָט וועגן דעם דינעזאָן געגעבן צו וויסן שאָלעם־אַלייכעמען. אין זײַן ענטפער דינעזאָנען פון 4—5 יאַנוואַר 1888 שרײַבט שאָלעם־אַלייכעם:

„די מײַסע מיטן טיפּעש דר. סקאָמאָראָשקאָ און מיטן הארי שבחבורה גרעטץ הגדול הגבור והנורא[2] ווייס איך פריִער פון אײַך, און האָב צאָרעס דערפון נאָך איידער עס איז געקומען אָף דער „האצפירע" מיטן „האמייליץ". פאַרשטייט איר מיך, דינעזאָן, ד אָ ס  ה אָ ב  א י ך  ג ע ז אָ ג ט (מײַן אונטערשטרײַכונג. — ה. א.), אַגעוואָרכע, דעם דאָקטער סקאָמאָראָוויץ, אַז איך וואָלט א באַלן געווען אָנקוקן די „ייִדישע געשיכטע" פון גרעץ  פ א ר ן  פ אָ ל ק און זען, אויב זי נוצט איבערצוזעצן פאַר אונדזער פאָלק אָף זשאַרגאָן. איז געגאַנגען דער דאָזיקער... (דאָ האָט שאָלעם־אַלייכעם אויסגענוצט א זידל־וואָרט, וועלכן מע קאָן ניט איבערגעבן אין דרוק. — ה. א.), וועלכער זוכט א קאַלע, און האָט אַרויסגעהאַנגען זײַנע קויטיקע פּלודערן אָפּן טין פון דער העברעיִשער ליטעראַטור לעיני השמש[3], אַז באָרוך מיט כעזקלען זאָלן זען: מרוץ אגרות ביני ובנו[4] דר. פּראָפעסאָר גרעץ! דאָס הייסט: איך און גרעץ, גרעץ און איך — גיט מיר א קאַלע מיט פופציק טויזנט קערבלעך, איך בין א „דאָקטאָר" און האָב א „פּערעפּיסקא" מיט גרעצן! — איר פאַרשטייט? — אָך,

---

[1] דעם זעלבן פעלער, וואָס ז. רייזען אין זײַן „לעקסיקאָן", האָבן דערלאָזט אויך די צונויפשטעלער פון שאָלעם־אַלייכעמס „אויסגעוויילטע בריוו". זע זייערע „באַמערקונגען" אָף ז. 283 פון די „בריוו".

[2] האַרי שעבאַכאַווורע גרעץ האַגאָדל האַגיבויר ווענוירע — דער לייב פון דער קאָמפּאַניע, דער גרויסער, דער שטאַרקער און פורכטבאַרער גרעץ. די לעצטע דרײַ טיטלען, וועלכע זײַנען אין די טפילעס געווענדט צו גאָט, האָט שאָלעם־אַלייכעם איראָניש געווענדט צו גרעצן.

[3] ל ע י נ י י  ה א ש ע מ ע ש — קעגן דער זון, דה. עפנטלעך, אַלע זאָלן זען.

[4] מ י י ר ו ץ  א י ג ר ו י ס  ב י י נ י  א ו ו י י ן.

ברודער דינעזאָן, א סאַך וואָס צו ריידן, ניטאָ וואָס צו הערן!"[1].

פאַר אַזא צאָרן אָף ס. סקאָמאַראָווסקין איז בא שאָלעם־אַלייכעמען געווען א געגרונטדיקער יעסאָד. ס. סקאָמאַראָווסקי, כאָטש ער האָט ניט אָנגערופן שאָלעם־אַלייכעמען מיטן נאָמען, האָט אויסגענוצט א ריין פּריוואַטן שמועס מיט אים און אָן זײַן האַסקאָמע פּובליקירט א „בריוו־אויסטויש" פון אַן ערנסטן געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, נעמענדיק אין אַכט גרעצס אווטאָריטעט אין יענער צײַט. שוין דער פאַקט אַליין, וואָס דער „בריוו־אויסטויש" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אייגנצײַטיק אין ביידע העברעיִשע צײַטונגען, באַווײַזט די וויכטיקע באַדײַטונג, וועלכע די פּרעסע האָט אים צוגעגעבן. נאָך וויכטיקער איז דער אומשטאַנד, וואָס די זאַך איז פאָרגעקומען אין יענע יאָרן, ווען דער קאַמף אַרום ייִדיש און איר ליטעראַטור איז געווען אין סאַמע ברען. פון איין זײַט, האָט די ייִדיש־רוסישע בורזשואַזע פּרעסע גראָד אין דער צײַט, ווען שאָלעם־אַלייכעם האָט געאַרבעט אין „דאָס ייִדישעס פאָלקסבלאַט", אָנגערופן מיט שפּאָט די דערמאָנטע צײַטונג „די צײַטונג פון שוסטער און שנײַדער". פון דער אַנדערער זײַט, האָבן זיך געפונען פּובליציסטן, וועלכע האָבן געשטעלט אונטער א פראַגע־צייכן די נייטיקײַט פון א וועלטלעכער ליטעראַטור אין ייִדיש, זיי האָבן געטײַנעט, אַז „יעדער מענטש ווייסט דאָך, אַז ס'איז מער נוצן פאַראַן אין דעם טאַנאַך, איידער אין הונדערטער זאַמלביכער"[2]. אין אַזא סיטואַציע האָט דער פּובליקירטער אָפּזאָג פון גרעצן צו געבן א דערלויבעניש אָף איבערזעצן זײַן בוך אין ייִדיש געגאָסן וואַסער אָף די מילרעדער פון די ייִדיש־קעגנער.

שאָלעם־אַלייכעם מיט זײַן געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן כוש האָט פאַרשטאַנען, אַז דער „בריוו־אויסטויש" טאָר ניט בלײַבן אָן אַן ענטפער. און ער שרײַבט דינעזאָנען אינעם דערמאָנטן בריוו:

„אין „האמייליץ" וועל איך אַליין אָפּענטפערן; אין „האצפירא" ענטפערט איר — און לעמאַנהאַשעם! אין „פאָלקסבלאַט" וועל איך געבן וועגן דעם א גאַנצן פעליעטאָן".

אין צען טעג אַרום שרײַבט שאָלעם־אַלייכעם צו דינעזאָנען: „ניין, איך קאָן ניט, — איך קאָן ניט אָפּענטפערן דעם דר. סקאָמאַראָווסקי ניט אין „האמייליץ", ניט אין „פ"ב"... נעמט אינדערגיך און שרײַבט א פּראָטעסט אין „האצפירא", אין „האמייליץ" אדג. אין „ייִד. פ"ב". איך בעט אײַך, וואָס גיכער, דען דער „וואָסכאָד" קוועלט גאָר אָן פון דער מײַסע"[3].

און דינעזאָן איז אַרויס מיט אַן אַרטיקל, וואָס זײַן שאַרפקײַט איז שוין קאָנטיק פון „קעפּל": „פּראָפעסאָר גרעץ און דער ייִדישער זשאַרגאָן, אָדער ווער מיט וואָס דאַרף זיך שעמען?" (בײַלאַגע צום „ייִדישן פאָלקסבלאַט", 1889, נומ. 2).

דאָס אַרטיקל איז זייער געפעלן געוואָרן שאָלעם־אַלייי־

---

[1] ש אָ ל ע ם ־ א ל י י כ ע ם. אויסגעוויילטע בריוו (1883—1916). מעלוכע־פאַרלאַג „דער עמעס", מאָסקווע, 1941, ז. 42—43.

[2] זע אורי פינקעל. „שאָלעם־אַלייכעם" (מאָנאָגראַפיע). וואַרשע, 1959, ז. 151, 186 אא.

[3] ש אָ ל ע ם ־ א ל י י כ ע ם. אויסגעוויילטע בריוו (1883—1916). מעלוכע־פאַרלאַג „דער עמעס", מאָסקווע, 1941, ז. 43.

כעמען, און ער שרײַבט דינעזאָנען: „א דאנק! א דאנק! א שיינעם דאנק פאר דער הייסער זאשטשיטע, פאר דער קריוודע פונעם זשארגאָן! אָט דאָס זע איך צום ערשטן מאָל אײַער שרײַבן, — און עס געפעלט מיר, און עס געפעלט מיר ניט: עס געפעלט מיר, ווײַל עס איז מיט פײַער, און עס געפעלט מיר ניט, ווײַל עס איז מער דײַטש, אלס ייִדיש. נאָר דעם טערעץ האָב איך אליין: פאר אונדז, אין פוילן, איז דאָס דײַטש, און פאר אײַך, אין ליטע, איז דאָס ייִדיש. דאָך איז דאָס גוט, ערנסט, עמעס, הארצלעך — מיט ייִשעוו־האדאאס, с чувством, с толком (רוסיש אין אָריגינאַל. — ה. א.), דען, ווען איך זאָל וועלן ע ר נ ס ט ריידן דערפון, וואָלט איך אויס־געשאָסן ווי פון א הארמאטע און וואָלט זיך זעלבסט מיט פײַער באשאָטן". פון דעם קאס אף סקאָמאראָווסקין איז נאָך שאָלעם־אלייכעם ניט אָפּגעגאנגען: „נאָר מיט דעם סקאָמאראָווסקי וועל איך נאָך האָבן א כעזשבן", — פארענדיקט ער דעם בריוו[1].

דינעזאָן אליין איז אָבער פון זײַן ארטיקל געבליבן ניט אינגאנצן צופרידן. דאָס זעט מען פון שאָלעם־אלייכעמס בריוו פארן 5 פעווראל 1888: „אײַער ביטער הארץ וועגן דעם ארטיקל, וואָס מע האָט אײַך אָפּגעטאָן אף טערקיש, קאָן קיינער אזוי גוט ניט פארשטיין, ווי איך. פונדעסט־וועגן פאלט בא זיך ניט אראָפּ און זאָגט מיר צו, אז איר וועט אימייִרצעהאשעם נאָך און נאָך שרײַבן בא אונדז אין „פאָלקסבלאט". און שאָלעם־אלייכעם קערט זיך ווידער אום צו סקאָמאראָווסקין: „נו, כאפּט אים דער רוּעך!"[2].

מיטן פאָלעמישן ארטיקל קעגן גרעצן האָט זיך דינע־זאָן ניט באנוגנט. אין דעם זעלבן 1888 יאָר איז אָפּגע־דרוקט געוואָרן דינעזאָנס א גרעסער ארטיקל „די יודישע שפּראכע און אירע שרײַבער"[3]. דאָס דאָזיקע ארטיקל, ניט קוקנדיק אף זײַן ניט געלונגענעם סטיל, האָט א באַ־שטימטע היסטאָרישע באדײַטונג שוין מיט דעם אליין, וואָס דינעזאָן באטראכט די פּראָבלעם פון ליטעראטור אין ייִדיש מיט א היסטאָרישן צוגאנג, אף א ברייטן היסטאָ־רישן פאָן.

„געמאָרע און מעדרעש־לאָשן, וועלכע איז ניט קיין ריין לאָשנקוידעש און ניט ריין אראמיש, איז געוויס צו יענער צײַט אזוי א זשארגאָן געווען, ווי אונדזער איוורע־טײַטש". „זעלבסט אונדזער זשארגאָן, דער איוורעטײַטש, איז קיין נײַס, און ניט נעכטן האָבן קלוגע און ערלעכע מענטשן אין אים אָנגעהויבן צו שרײַבן". „אזוי איז צו אלע צײַטן אויסגעבילדעט געוואָרן א ליטעראטור אין א געוויסער זשארגאָן־שפּראכע, און אזוי אויך אין אונדזער זשארגאָן"[4].

מע דארף האָבן אין זינען, אז אין די זיבעציקער — אכציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט איז די גע־שיכטע פון ליטעראטור אין ייִדיש געווען, קאָן מען זאָגן, אין די וויקעלעך, און דינעזאָן איז געווען איינער פון די ערשטע, וועלכע האָבן אָנגעוויזן אף די „ייִדישע פאָלקסשרײַבער אין אמאָליקע צײַטן" — יאנקעוו בערעב ייִצכאָק, דער מעכאבער פון דער „צעענע־אורעענע"; עלייִאָהו באָכער, דער מעכאבער פון דער „באָווע־מײַסע", אא.[1] איינצײַטיק רעכנט ער אויס א גאנץ צעטל פון די „פאָלקסשרײַבער אין אונדזערע צײַטן" (דיק, אק־סענפעלד, עטינגער, גאָטלאָבער, גאָלדפאדן, אבראמאָוויטש, צוגזער און פיל אנדערע), ער פּרוּווט יעדערן געבן א באזונדערע כאראקטעריסטיק, וועלכע איז ניט אומעטום געלונגען. מע דארף ניט פארגעסן, אז לויט זײַן גע־זעלשאפטלעכן וועלט־באנעם איז דינעזאָן געווען א פאָל־קיסט און דאָס האָט אויך באשטימט זײַנע ליטערארישע אָנשויונגען.

„איז דען דער האמוין ניט אונדזער פאָטער? זײַנען מיר דען ניט זײַנע קינדער, זײַן בלוט און פלייש, וואָס נאָר אף זײַן רעכענונג, אף זײַנע מיהע און צאָרעס זײַנען מיר, העברעער, געוואָרן „מאסקילים" און כאכאָמים זיך א נאָמען געגעבן? וועלכע רעכטע האָבן מיר זיך גרע־סער צו האלטן פאר אים, טאקע פאר דעם האמוין? און וואָס איז אונדזער האסקאָלע, אויב ניט פאר אים, — וואָס מיר ווייסן, דארף און מעג וויסן יעדער איינפאכער ייִד" (דאָרט, ז. 3). און דאָ ווײַזט דינעזאָן אָן, אז „די העברעיִשע שרײַבער ריידן אימער וועגן זיי (דעם הא־מוין. — ה. א.) און קיינמאָל מיט זיי".

דער פאָלקיסטישער וועלט־באנעם צוזאמען מיטן נאַיִוון סענטימענטאליזם, וועלכער כאראקטעריזירט דינעזאָנען אלס קינסטלער, האָט, פארשטייט זיך, געשטערט אים אין יענער צײַט צו געבן א ריכטיקע אָפּשאצונג פון פיל שרײַבער, צווישן זיי אויך פון אבראמאָוויטשן. אָנרופנ־דיק איינציקע פון זײַנע ווערק, געפינט דינעזאָן, אז „די טאקסע" — „מע מעג עס אָנרופן אײַן קלאסישעס ווערק"; „קליאטשע", „יודל" — „די ביידע ספאָרים האָבן זײַן צוועק ניט ערײַכט — דאָס פאָלק איז נאָך אין זײַן בילדונג צו דער אנטוויקלונג ניט געקומען אום עס צו פארשטיין און וואָס דערפון צו לערנען". נאָך ערגער איז מיט „מאסאָעס בינייאָמין האשלישי": „איך באקום א געפיל, ווי דער מעכאבער שפּילט זיך און מאכט קונסט־געברעכע און שפּאָט און לאכט און טאנצט אף א שטריק פאר זײַנע כאווײרים און מעכאברים זעלבסט און באקי־מערט זיך ווייניק אום דעם פאָלק וואָס נוצן צו ברענגען" (ז. 13). דערפאר אָבער איז עליאָקום צונזער — „א וונדערבארער פּאָעט" (ז. 14). מעסטנדיק דעם טאלאנט פון שרײַבער לויט זײַן פארשפּרייטקײַט און פּאָפּולער־

[1] שאָלעם־אלייכעם. אויסגעוויילטע בריוו, ז. 44.

[2] דאָרט, ז. 45. דאָ דארף מען באמערקן, אז מיט דער צײַט איז שאָלעם־אלייכעם, ווי מע זאָגט, „אָפּגעגאנ־גען פון קאס" און האָט אָפּגעדרוקט אין צווייטן באנד „ייִדישע פאָלקסביבליאָטעק" א היסטאָריש ארטיקל פון ס. סקאָמאראָווסקי — „די גזיירע פון גאָנטע אין אומאן און אוקראַיִנע" (זע וועגן דעם אונדזער פּובליקאציע אין „סאָוועטיש היימלאנד" נומ. 4, 1966).

[3] זאמלבוך „דער הויז־פרײַנד", ארויסגעגעבן פון מ. ל. ספּעקטאָר, ז. 1—21.

[4] דאָרט, ז. 1—2.

[1] מע דארף רעכענען, אז דעם מאטעריאל וועגן די עלטערע שרײַבער אין ייִדיש האָט י. דינעזאָן גענומען פון דער ארבעט פון פּראָפעסאָר לודוויק גייגער (1848—1919) „דאָס שטודיום פון דער העברעיִשער שפּראך אין דײַטשלאנד פון סאָף פופצעטן ביזן מיטן זעכצעטן יה." (דערשינען אין 1870 אין דײַטש). אין דער דאָזיקער אר־בעט ווערן געבראכט ייִדיעס וועגן די ערשטע ווערק אין ייִדיש און זייערע אווטאָרן. ווי ס'איז קאָנטיק פון דינע־זאָנס ארטיקל, איז ער געווען באקאנט מיטן פאָטער פון לודוויג גייגער, דעם באוווּסטן ביבל־פאָרשער און אָנפי־רער פון דער רעפאָרם־באוועגונג צווישן די ייִדן אין דײַטשלאנד אווראָם גייגער (1810—1874). דאָס, וואָס י. דינעזאָן דערציילט, באווײַזט, אז אווראָם גייגערס באַ־ציִונג צו ייִדיש איז געווען גאָר אַן אנדערע, ווי גרעצס.

קײַט, איז דינעזאָן זייער ניספּאָעל פון גאָלדפאדענען: „איז דאָ א קינד, אן אלטער ייִד, א רײַכע ייִדישע דאמע ביז א דינסטמיידל ערגעץ אין א קיך, א סטודענט אין אוניווערסיטעט ביז א כאָסיד באם רעבן, צי איז דאָ יעמאנד אין רוסלאנד, רומיניען, גאליציען און לעצטערע צײַט אויך אין פאריזש און לאָנדאָן, ווי אויך אין אמעריקע און אווסטראליע, וועלכער האָט זיך אין א ייִדיש הויז דערצויגן און האָט אמאָל אף ייִדיש גערעדט, וואָס האָט זעלבסט ניט געזונגען אָדער ניט געהערט זינגענדיק גאָלדפאדנס פאָלקסלידלעך?" (ז. 13). און דינעזאָן קומט צום אויספיר: „דאָס ייִדיש־דײַטש האָט זײַן צוועק ערײַכט זיכערער אלס אונדזער זייער פיל שענערער און בעסערער לאָשנקוידעש" (ז. 16).

אָט דאָס דאָזיקע דינעזאָנס ארטיקל, וואָס איז, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, סטיליסטיש ניט געלונגען און באווײַזט אין אייניקע ערטער די אידייִשע באגרענעצטקײַט פונעם אווטאָר, איז שארף קריטיקירט געוואָרן דורך י.־כ. ראווניצקין אין ערשטן באנד פון שאָלעם־אלייכעמס „ייִדישע פאָלקסביבליאָטעק"[1]. שארף אויסלאכנדיק דעם סטיל פונעם ארטיקל און די העברעיִשע זאצן, וועלכע דינעזאָן פרוווט „ייִדישיזירן", האָט י.־כ. ראווניצקי איינצײַטיק ניט געוואָלט באמערקן דעם היסטאָרישן צוגאנג, וועלכער איז אין יענער צײַט געווען א נײַס: „מיילע, איז דאָס לאָשן ניט אזוי פויגלדיק, אבי די געדאנקען זײַנען גוטע", אָבער „עס איז אומעגלעך צו געפינען געדאנקען, אפילע מיט ליכט, אין דעם גאנצן ארטיקל". און י.־כ. ראווניצקי פרעגט מיט גאדלעס: „פונוואנען האָט ער עס גענומען, אז רעב עליִאָהו באָכער איז דער מעכאבער פון דער „באָווע־מײַסע"?" (דאָרט, ז. 302). זײַענדיק איינער פון די ערשטע אָפּשאצער פון מענדעלעס שאפן, האָט י.־כ. ראווניצקי, פארשטייט זיך, ניט געקאָנט דורכלאָזן אָן א שארפער באמערקונג דינעזאָנס צוגאנג צו מענדעלען און זײַנע ווערק. „איין אבראמאָוויטש, נעבעך, האָט פון אים (דינעזאָנען. — ה. א.) געהאט א מיִעסן אָפּשניט. איך וועל־זיך דאָ ניט ארײַנלאָזן אין א וויקועך מיט ה. דינעזאָנען איבער די פעלערן, וואָס ער זעצט דאָרט אויס ה. אבראמאָוויטשן, איך מוז מער ניט ווי אופמערקזאם מאכן אים, אז וויבאלד ער האָט געוואָלט זיך אונטערנעמען שמועסן איבער מענדעלע מויכערספאָרים, האָט ער שוין געדארפט זיך „אונטערגארטלען די לענדן" און שרײַבן א קאפּעלע אויספירלעכער, ניט אָפּזאָגן זיך גלאט אזוי א קורצע רעזאָליוציע, ווי א שויפעט" (ז. 303).

ראווניצקיס שארפע קריטיק אף די שפאלטן פון שאָלעם־אלייכעמס „ייִדישע פאָלקסביבליאָטעק" האָט ארויסגערופן א שטארקן פארדראָס בא דינעזאָנען, און ער האָט וועגן דעם אָנגעשריבן שאָלעם־אלייכעמען. „איר האָט מיך ניט פארשטאנען, ברודער! — ענטפערט אים

[1] אונטערן פסעוודאָנים ראבי קאָצין — „די נײַ־זשארגאָנישע ליטעראטור", ז. 299—342.

שאָלעם־אלייכעם. — ניט דערפאר רײַבט אײַך דער רעצענזענט, וואָס איר האָט געמימלט אפן זיידן רעב מענדעלע, נאָר דערפאר, וואָס אײַער גאנץ ארטיקל אין „ה"פ" („הויז־פרײַנד". — ה. א.) איז ביכלאל ניט געראָטן, נאָר בעסויכאָם כאפּט ער אײַך אף דער ווענטקע מיקויִעך אבראמאָוויטשן אויך"[1].

ווי מיר ווייסן פון דער שפּעטערדיקער קאָרעספּאָנדענץ, איז די פרײַנטשאפט צווישן שאָלעם־אלייכעמען און דינעזאָנען ניט אָפּגעקילט געוואָרן, פארקערט, זי איז געוואָרן אלץ ווארעמער. אין איינעם פון די לעצטע בריוו, וועלכע זײַנען פובליקירט אין די „אויסגעווייילטע בריוו" (ז. 208), שרײַבט שאָלעם־אלייכעם:

„...ס'איז דאָ ערגעץ אין א שטאָט ווארשע, אף דער גאס דזשעלנע, א קליינינקער, א דארינקער, א ווײַסלעכער, מיט קליינע, נאָר ריינע הענטלעך, מיט א קליין ווײַסלעך בערדעלע — געווען אמאָל רויטלעך, — מיט גוטינקע, שטענדיק שמייכלענדיקע, אפילע בייס ער ווײנט, אייגלעך, שטענדיק ריין, טאָמיד טשעפּקע אָנגעטאָן, די קליינינקע שטיוועלעך גלאנצן, פּאפּיראָסיקלעך רייכערט ער אייגענע, מיט די קליינע פינגערלעך געדרייט, טיי טרינקט ער אייגענע: אליין פון זײַן טשײַניקל פארקאָכט, און אף דעם שטענדיק אלציינעם בענקל זיצט ער באם טיש, וווּ עס ליגן פארבאָרגן, מיט א זעלטענער אָרדענונג, טאָמיד פרעמדע סוידעס, פרעמדע צאָרעס, פרעמדע ווייטעקן, אין וועלכע ער האָט א שטיק פון זײַן אומגעוויינלעך גרויס הארץ אוועקגעגעבן, — און הייסן הייסט דער דאָזיקער גוטער דיאדיא — דיאדיא דינעזאָן". און ווײַטער: „איך זאָל אײַך, לעמאָשל, וועלן ארויסזאָגן א הונדערטכיילעק פון דעם, וואָס מײַן הארץ פילט צו אײַך, ווייס איך, אז דאָס וואָלט זײַן די גרעסטע פּראָפאנאציע. אויב עס וועט מיר זײַן באשערט מער מיט עטלעכע יאָר צו לעבן, אלס איך האָב גערעכנט, וועל איך אָן צווייפל מעגן זאָגן, אז אין דעם זײַט איר שולדיק, איר און אלע איבעריקע פרײַנט..."[2].

אזוי האָט אונדזער געניאלער קלאסיקער אויסגעדריקט „אין צוויי ווערטער", אויב מע קאָן אזוי זאָגן, זײַן אייגענע באציִונג צו דינעזאָנען און געגעבן אים א זעלטענע כאראקטעריסטיק.

אף דעם פארענדיקן מיר אונדזער פּובליקאציע „פארגעסענע בלעטלעך", וואָס דארף זײַן אָן אָנזאָג אף נאָך פיל פארגעסענע בלעטלעך אין דער גרויסער שאָלעם־אלייכעם־פאָרשונג.

[1] שאָלעם־אלייכעם. אויסגעוויילטע בריוו. פארלאג „דער עמעס", מאָסקווע, 1941, ז. 74.

[2] בריוו פון 27 מארט 1909, נערווי. דער בריוו איז געשריבן געוואָרן אלס דאנק דינעזאָנען פאר א מאטאָנע, וועלכע ער האָט צוגעשיקט שאָלעם־אלייכעמען. ער רופט אָן אין בריוו דינעזאָנען „דיאדיא דינעזאָן", ווײַל אזוי האָט אים גערופן שאָלעם־אלייכעמס איינִיקל, די קליינע טאמארע, וועלכע „קען נאָך ניט דעם דיאדיא דינעזאָן"...

# אינקורצן וועגן אן אינטערעסאנטן דראמאטורג

## א בריוו פון דער רומענישער סאָציִאַליסטישער רעפובליק

דער יִידיש־רומענישער דראמאטורג י. ברוקשטיין האָט אָנגעשריבן בערערך 20 פיעסן און איינאַקטערס. אַלע זיַינען זיי מיט דערפאָלג אופגעפירט געוואָרן אף דער יִדישער, רומענישער, מאדיארישער בינע. זיי האָבן געשאפן ברוקשטיינען א נאָמען פון א שריַיבער, וואָס שילדערט אף א הויכן קינסטלערישן ניוואָ אקטועלע פּראָבלעמען פון דער היַינטיקער ציַיט: דעם קאַמף קעגן נעאָפאשיזם און מילכאָמע, די פּראָבלעם פון אויסלעבן איבערבליַיבעכצן פונעם אלטן לעבנסשטייגער — אינערץ און רוטינע, קאריעריזם און ציניזם.



זיַין ערשטע פיעסע „די נאכט־מישמוירע" (1949) איז געשטעלט געוואָרן צוערשט אין בוקארעשטער יִדישן מעלוכע־טעאטער, דערנאָך האָט מען זי אופגעפירט אין רומעניש און מאדיאריש. די פיעסע איז ארויסגעגעבן אין א בוך־פאָרם דורכן בוקארעשטער מעלוכע־פארלאג.

„די נאכט־מישמוירע" איז אָנגעשריבן אפן סמאך פונעם אווטאָרס פערזענלעכע איבערלעבונגען אין אָשווענטשימער טויט־לאגער. דער טראָפּ ווערט אין איר געשטעלט אף דער ווידערשטאנד־באוועגונג אינעם לאגער, אפן אנטיפאשיסטישן אופשטאנד. איינמאָל האָט מען געבראכט אין לאגער א גרופּע יִדן, וועלכע זיַינען באשטימט געוואָרן אלס „קאנאדיער", — זיי דארפן פארברענען די פארגאזטע. דערוווּסט זיך וועגן זייער לאגע, פאלן די מענטשן אריַין אין א שרעקלעכן ייִעש. דער רוסישער קריגסגעפאנגענער איוואשא ברענגט זיי דינאמיט. עס הייבט זיך אָן אן אופשטאנד. די אופשטענדלער ריַיסן אוף מיטן דינאמיט די קרעמאטאָריע. אף די רוִינען פון די אופגעריסענע גאז־אויוונס דערהערן זיי, ווי עס דערנעענטערן זיך אהער די טיילן פון דער סאָוועטישער ארמיי.

ברוקשטיינס פּראָבלעמאטישע שטייגער־פּיעסע „די מישפּאָכע גרינוואלד" איז אין 1953 און שפּעטער אופגעפירט געוואָרן אין די יִדישע מעלוכע־טעאטערס פון רומעניע און איז אויך ארויסגעגעבן דורכן מעלוכע־פארלאג אין א באזונדער בוך אף יִדיש און אף רומעניש.

ביז גאָר אינטערעסאנט איז ברוקשטיינס דראמאטיש ווערק „דאָר־האמידבער". דער ספּעקטאקל איז געשטעלט געוואָרן אין עטלעכע מעלוכע־טעאטערס פון רומעניע און האָט געפונען א טיפן אָפּקלאנג בא די צושויער.

דער הויפּט־העלד פון „דאָר־האמידבער" איז אן עלטערער יִד, אן ארבעטער, א פרומער. זיַין זון דאָוויד אורמאן (אויך אן ארבעטער), זיַין שנור און אייניקלעך, די שכיינים און ארבעט־כאווירים שטעלן זיך אנטשיידן קעגן דעם יִנגערן זון זיַינעם, דעם „רעאליסט", וועלכער מאכט יאדאכעס מיט א געוועזענעם נאָגיד, וואָס צערויבט פאָלקס־פארמעגן. די פיעסע איז אָנגעשריבן מיט א שטארקער איבערציַיגונגס־קראפט.

ברייט באקאנט איז ברוקשטיינס דראמע „די וויַיסע נאכט". זי איז געשטעלט געוואָרן אין די רומענישע פאָלקס־טעאטערס. אין סאָוועטישן רעפּערטואר האָט זי לויט איר פארשפּרייטקיַיט פארנומען אין יאָר 1962 דאָס 18־טע אָרט צווישן 286 פּיעסן. „די וויַיסע נאכט" איז דערשינען אין א רוסישער איבערזעצונג (75 000 עקז.) אין מאָסקווער פארלאג „איסקוסטוואָ" (1959), אויך אף עסטאָניש — אין טאלין (1960).

א וויכטיק אָרט פארנעמט אין ברוקשטיינס שאפונג די טעמאטיק פון געטאָ און ווידערשטאנד. דעריקער גיט זיך דער דראמאטורג אָפּ די עטישע פּראָבלעמען, וועלכע זיַינען מיט אָט דער טעמע פארבונדן.

■

י. ברוקשטיין איז געבוירן אין 1920 אין מוקאטשעוואָ. אין אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע האָט דער האָרטי־רעזשים, ווי באווּוסט, פארכאפּט א טייל טראנסילוואניע און איַינגעפירט דאָרט די אנטי־יִדישע געזעצן: די מענער זיַינען פארשיקט געוואָרן אף צוואנג־ארבעט, די פרויען און קינדער — אין די נאציסטישע לאגערן. דער יונגער ברוקשטיין איז מיט זיַינע עלטערן דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אָשווענטשים. פון דאָרט האָט ער זיך אומגעקערט אין זיַין היימשטאָט אליין, אָן די עלטערן. ער ווערט אקטיוו אין די דעמאָקראטישע אָרגאניזאציעס, הייבט אָן שריַיבן אין יִדיש, רומעניש, מאדיאריש, גיט ארויס (אין 1947) א כוידעש־זשורנאל „אונדזער לעבן", וואָס מונטערט און רופט צו אקטיוון לעבן און שאפן די געוועזענע אסירים פון די טויט־לאגערן.

זיַין ליטערארישע טעטיקיַיט האָט י. ברוקשטיין אָנגעהויבן מיט קורצע דערציילונגען, נאָר אינגיכן איז ער אריבער צו דראמאטורגיע. היַינט־צו־טאָג פארמאָגט ער שוין א גרויסן סטאזש פון א דראמאטורג. ער איז אָבער נאָך יונג און איז זייער שעפעריש.

י. קאַראַ (יאַס, רומעניע)

# ביאָגראַפישע יעדיִעס אין „סאָוועטיש היימלאַנד״ וועגן שרײַבער און קולטור־טוער

ניט אָפּצושאַצן איז די וויכטיקייַט פון געבן ביאָגראַפישע יעדיִעס פון אונדזערע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער און פון פאַרשיידענע טוער פון דער קולטור. ווי אָפט קומט אויס צו זוכן: ווען איז געבוירן דער אָדער יענער שרײַבער, פונוואַנען שטאַמט דער קריטיקער נ., ווען האָט אָנגעהויבן שרײַבן די דיכ־טערן ס., אאַוו. אַזעלכע יעדיִעס פון אַ סיסטעמאַטישן כאַראַקטער, זאָל זײַן אַפילע געפּרעסטע, האָט די ייִדישע סאָוועטישע פּרעסע און פּעריאָדיק ביז „סאָוועטיש היימלאַנד״ קיינמאָל ניט געגעבן. פאַר די פאַרגאַנגענע פינף יאָר האָבן אין „סאָוועטיש היימלאַנד״ זיך שוין אָנגעזאַמלט אַ פּאָר הונדערט ביאָגראַ־פיעס — אַ באַשיידענער אָנהייב פאַרן קומענדיקן לעקסיקאָן פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטע־ראַטור, קונסט, פּרעסע אאַוו.

פאַרשטייט זיך, עס פעלן נאָך ביאָגראַפישע יעדיִעס פון צענדליקער און הונדערטער טוער פון דער ייִדישער סאָוועטישער קולטור פאַר די קנאַפּע פופציק יאָר סאָוועטנמאַכט. פיל פון זיי זײַנען שוין, ליידער, ניטאָ צווישן אונדז. גענוג אָנצורופן בלויז געציילטע נעמען. שרײַבער: מוישע טײַטש, כאַים גילדין, מוישע אַראָנסקי, פּייסי אַלטמאַן, בערל ערקעס אאַ.; קריטיקער: סיאָמע זשוקאָווסקי, מ. דובי־לעט, מ. מיזשיריצקי, שלוימע בילאָוו אאַ.; פּובליציסטן און זשורנאַליסטן: יעהודע נאָוואַקאָווסקי, מיכל לעוויטאַן, בוזי גאָלדענבערג, שלוימע שנייפּאַל...; ביבליאָגראַפן: ייִסראָעל ליבערבערג (אויך היסטאָריקער), אַווראָם קירזשניץ, נאָכעם רובינשטיין, ייִסראָעל מיטלמאַן, יעהוישוע פּולנער, יויסעף עליאַוויטש...; פּעדאַגאָגן: גערשן יאַבראָוו, לייווי גאָלדין און נאָך. הײַנט נעמען פון אַרטיסטן, מוזי־קער, קינסטלער, ווי, אַשטייגער, מאַרק נאָוואָסעלסקי, בערל בלאַנק; ביאָגראַפיעס פון איבערזעצער, וויסנשאַפטלער אדג.

אָבער די שוין געבראַכטע ביאָגראַפישע יעדיִעס באַווײַזן, פון איין זײַט, דעם גרויסן ייִראַס־האַקאָ־ווער צו די פּען־מענטשן, אַ סאַך פון וועלכע זײַנען שוין ניטאָ צווישן אונדז, און פון דער צווייטער זײַט, די רײַכקײַט פון אונדזערע שעפערישע קויכעס, וועלכע מיר פאַרמאָגן פאַר אַלע צווײַגן פון דער ייִדישער סאָוועטישער קולטור.

אין דער רעשימע, וואָס מיר ברענגען דאָ, איז אָנגעוויזן, אין וועלכן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד״ קאָן מען געפינען אַ יעדיע אָדער אַפילע בלויז אַ דערמאָנונג וועגן דעם אָדער יענעם טוער פון אונדזער ליטעראַטור און קולטור.

כ. נאַדעל

# עס זינגט דינע פּאָטאַפּאָווסקאַיאַ

אַלץ איז אָף אָט דעם קאָנצערט פון ייִדישער מוזיק געווען אינטערעסאַנט און וויכטיק: דער פאַקט גופא, וואָס ער איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורכן מאָסקווער קאָמפּאָזיטאָרן־פאַרבאַנד און אין זײַן קאָנצערטן־זאַל; דאָס אינאַלטסרײַכע אַרײַנפיר־וואָרט פון דער קונסט־פאָרשערן יעליזאַוועטאַ לויטער וועגן ייִדישער סאָוועטישער מוזיק; דאָס, וואָס די באַוווּסטע זינגערן דינע פּאָטאַפּאָווסקאַיאַ — אַ סאָליסטן פונעם רוסישן אָפּערע־טעאַטער אָפּן נאָמען פון די פאָלקס־אַרטיסטן סטאַניסלאַווסקי און נעמיראָוויטש־דאַנטשענקאָ — האָט געזונגען ייִדישע לידער; דאָס, וואָס אין פאַרלויף פונעם גאַנצן אָוונט האָט געקלונגען אויסשליסלעך נײַע ייִדישע קאַמער־מוזיק אָף די טעקסטן פון פאַרשיידענע ייִדישע פּאָעטן.

די אופמערקזאַמקײַט און דער אינטערעס, וואָס האָבן געהערשט אין זאַל, איז אַן איבערצײַגנדיקער באַווײַז, אַז די ייִדישע סאָוועטישע מוזיק פּולסירט מיט אַן אינטענסיוו, פולבלוטיק לעבן. דאָס איז די נײַע, מאָדערנע, דאָך ניט אָפּגעריסענע פונעם פאָלקס־מעלאָס, רעאַליסטישע מוזיק. זי שפּאַנט אין איין ריי מיט די בעסטע מוסטערן פון דער גאַנצער סאָוועטישער מוזיק, דעריבער האָט זי אַ גרויסע צוקונפט און ברייטע פּערספּעקטיוון.

אַ ריי קאָמפּאָזיטאָרן — באַזונדערס ז. קאָמפּאַנייעץ, אָ. ליכטענשטיין, ש. סענדערײַ — האָבן אָף דעם קאָנצערט זיך באַוויזן אין אַ נײַער שײַן, אָף אַ נײַעם אויפן. די ווענדונג צו דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער דיכטונג האָט באַגײַסטערט זייער שעפערישע פאַנטאַזיע, באַרײַכערט זייער פּאַליטרע, פאַרברייטערט די מוזיקאַלישע אויסדרוק־מיטלען.

אַ שטרענגן עסטעטישן געשמאַק האָבן אַנטפּלעקט די קאָמפּאָזיטאָרן אינעם אויסוואַל פון די טעקסטן פאַר זייערע ווערק. פון דער פּראָגראַם איז בולעט צו זען, ווי ערנסט און מיט וויפל אַכרײַעס זיי האָבן זיך צו דעם באַצויגן. מיט באַפרידיקונג דאַרף מען קאָנסטאַטירן, אַז סראָוו קאָמפּאָזיטאָרן האָבן דערפילט דעם אינהאַלט, דעם אינערלעכן פּאָעטיש־מוזיקאַלישן פּולס פון די לידער־טעקסטן און קימאַט טאָמיד ריכטיק געפונען די נייטיקע וואָקאַלע (זינגערישע) און מוזיקאַלע אויסדרוק־מיטלען. מער פון אַלץ באַפרידיקט דאָ די מוזיקאַלישע שפּראַך, וועלכע, זײַענדיק מאָדערן און גאַנץ קאָמפּליצירט, האָט ניט פאַרלאָרן איר נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. דאָס איז ייִדישע מוזיק, נאָר אין אַ נײַער קוואַליטעט. פּינקטלעכער — דאָס איז הײַנטצײַטיקע ייִדישע סאָוועטישע מוזיק.

אין דער קאָנצערט־פּראָגראַם זײַנען אײַנגעשלאָסן געוואָרן אויך ראָמאַנסן און לידער פון דעם עלטערן דאָר ייִדישע סאָוועטישע קאָמפּאָזיטאָרן — אַלעקסאַנדער קריין, מיכאַיִל גנעסין, לייב פּולווער און לייב יאַמפּאָלסקי.

די לעצטע צוויי ווערן אָפט געזונגען, און עס איז ניט ווייניק וועגן זיי געשריבן געוואָרן. וועל איך דעריבער דאָ אויסטיילן אַ. קריינס פּראַכטפולן „אָרנאַמענט", וואָס איז שוין לאַנג ניט אויסגעפּילט געוואָרן, און מ. גנעסינס לירישע „יד ענוגה"[1].

באַזונדערס האָט אונדז דערפרייט זינאָווי קאָמפּאַנייעץ. ער איז די לעצטע יאָרן מער באַוווּסט אַלס קאָמפּאָזיטאָר פון דער מאַסן־ליד, אַ מײַסטער פון צוטריטלעכע, פּאָפּולער געוואָרענע לידער. דאָס מאָל אָבער איז ער אַרויסגעטראָטן מיט אַ גרויסן, אַנטוויקלטן ראָמאַנס „זיי קעמפן" (אָף אַרן ווערגעליסעס ווערטער), וואָס איז אָנגעשטרענגט־עמאָציאָנעל, האַרמאָניש־רײַך און דורכגעדרונגען מיט בירגערלעכן פּאַטאָס. ס'זעט אויס, אַז קאָמפּאַנייעץ האָט באַוווּסטזיניק אַרײַנגעטראָגן אין דער מוזיק עלעמענטן פון אַ מאַסן־ליד. דאָס גיט איר צו צוטריטלעכקײַט און אויך אויסדרוקפולקײַט. עפּשער טאַקע דעריבער האָט די דאָזיקע ליד געמאַכט אַזאַ גרויסן רושעם אָף די צושויער, וועלכע האָבן געצוווּנגען די זינגערן ביסירן. ס'איז אַ שאָד, וואָס אַזאַ אינטערעסאַנטער קינסטלער האָט זיך באַוויזן אינעם אָוונט נאָר מיט צוויי לידער. ברייטער און פילזײַטיקער איז אַרויסגעטראָטן אָף דעם דאָזיקן קאָנצערט אָטיליע ליכטענשטיין. אירע לידער — ש. האַלקינס „טיפע גריבער, רויטע ליים" און ש. דריזס „פידעלע", — וועלכע זי האָט מיט רעכט אָנגערופן „לידער פון גרויסן צאָרן", זײַנען פול מיט לײַדנשאַפטלעכער קראַפט. די דאָזיקע אײַנדרוקספולע לידער האָבן זי אין אַ געוויסער מאָס באַוווּסט געמאַכט אַלס דראַמאַטישן קינסטלער. אין דעם קאָנצערט איז אָ. ליכטענשטיין אַרויסגעטראָטן אויך אין אַ נײַעם זשאַנער. איר מוזיק צו איבן עזרעס „רויז" איז דורכגעדרונגען מיט לעבנסבאַשטעטיקנדיקער ליריק, זי איז גראַציִעז, העל און לויכטנדיק. ניט זייער אָפט טרעפט זיך אַזאַ אָרגאַנישע איינהײַט פון טעקסט און מוזיק. מיר שטרײַכן אונטער אויך די רײַכקײַט פונעם מוזיקאַלן שטאָף און די גרויסע מײַסטערשאַפט פון דער פּיאַנאָ־באַגלייטונג, — אָטיליע ליכטענשטיין איז אַ גלענצנדע פּיִאַניסטן.

שמועל סענדערײַ איז באַליבט אין דער מוזיקאַלישער סוויווע פאַר זײַן באַשיידנקײַט און שטרענג קריטישער באַציִונג צו דער אייגענער שאַפונג. ער טרעט אַרויס ניט אַזוי אָפט, אַפילע זעלטן. נאָר יעדעס מאָל איז דאָס אינטערעסאַנט, נײַ און צווינגט צו פאַרטראַכטן זיך. אַזוי איז עס געווען אויך אין דעם קאָנצערט. „די מוזע" אָף פּערעץ מאַרקישעס ווערטער האָט אונדז געפאַנגען מיט איר ראָמאַנטישן ליריזם; „אַ כאָסן אָן אַ קאַלע" אָף לייב קוויטקאָס טעקסט — מיט איר איראָניש־שמייכלענדיקן אָפּטימיזם. ביידע לידער אַנציקן מיט רײַפער, גרויסער מײַסטערשאַפט. ביידע זײַנען אָפּגעטאָקט, קיין איין איבעריקע נאָטע איז דאָ ניטאָ. אַלץ איז גענוג קאָמפּליצירט

---

[1] „יאַד אנוגאָ" — „אַ צאַרטע האַנט", פון ז. שנייער.

און טעכניש פּולקום. גלײַכצײַטיק — עמאָציאָנעל און דערהויבן.

פון לײב בירנאָווס פיר לידער, וועלכע האָבן געקלונגען אין דעם קאָנצערט: צווײ אָריגינעלע — „די נאַכט איז לאַנג" און „וואַרעמע רעגנס" (ווערטער פון וול. דאַנקאָ) — און צווײ באַאַרבעטונגען — „לײג דײַן קאָפּ אַף מײַנע קני" (ה. לײוויק) און „אין מײַן גאָרטן" (כ.־נ. ביאַליק), — זײַנען, לויט מײַן מײנונג, אינטערעסאַנטער די באַאַרבעטונגען. דאָ האָט דער קאָמפּאָזיטאָר באַוויזן זיך אַלס אַ גוטער קענער פון דעם ייִדישן פאָלקלאָר. אַרײַנדרינגענדיק אין כאַראַקטער פון יעדער ליד, האָט ער מיט גרויס געשמאַק און מײַסטערשאַפט באַאַרבעט די לידער פאַר געזאַנג מיט פּיאַנאָ.

און איצט — וועגן דער אויספילערן פון דער קאָנצערט־פּראָגראַם — דינע פּאָטאָפּאָווסקאַיאַ. פאַרמאָגנדיק אַ וווּנדערבאַר־שײנע, פאַרבנרײַכע שטים (ליריש־דראַמאַטישע סאָפּראַנאָ), האָט זיך פּאָטאָפּאָווסקאַיאַ אַרויסגעוויזן ווי אַ מײַסטער פון אַ גרויסן מאַסשטאַב. פאַר יעדער ליד האָט זי געפונען דירעקטע ספּעציעלע וואָקאַלע אויסדרוק־מיטלען און ניואַנסן.

אַזוי, צום בײַשפּיל, דראַמאַטיש, אַפילו טראַגיש און אָנגעשטרענגט־עמאָציאָנעל האָט זי געזונגען ז. קאָמפּאַנײעצעס „זײ קעמפן", אַטיליע ליכטענשטײנס „טיפע גריבער" און „דאָס פידעלע", ווי אויך מ. פּאָליאַנסקיס וויגליד (טעקסט ש. דריז), גאָר אַנדערש — מיט אַ צויבערלעכן גראַציעזן כײן — ליכטענשטײנס „די רויז". און ווי ליריש־צאַרט קלינגען אין איר אויפֿירונג גנעסינס „יאַד־אַנוגאַ", בירנאָווס „לײג דײַן קאָפּ", סענדערײס „מוזע", ליכטענשטײנס „כ'האָב געקליבן" (טעקסט ל. קוויטקאָ). אַזאַ פילזײַטיקײַט און פאַרשידנאַרטיקײַט באַהערשן נאָר זײער געבילדעטע, דענקענדיקע, הויך־באַגאַבטע קינסטלער.

דאָס, וואָס דינע פּאָטאָפּאָווסקאַיאַ האָט אויפֿגעפֿירט אין אָט דעם אָוונט, איז בלויז אַ טײל פון דער נײַער מוזיק פון די ייִדישע סאָוועטישע קאָמפּאָזיטאָרן. די ווערק פון ענגעל, מילנער, וועפּריק, קאָגאַן, באַיאַרסקאַיאַ, שאַינסקי אאַ. וואַרטן נאָך אַף זײערע אויספילער. דאָס גיט די האָפענונג, אַז דינע פּאָטאָפּאָווסקאַיאַ וועט אונדז דערפרײען מיט נײַע, אינטערעסאַנטע קאָנצערט־פּראָגראַמען.

מ. נאַכימאָווסקי

---

## כראָניק

### אַן ערן־צײכן „פּראָפּאַגאַנדיסט פון בוך"

דער קאָמיטעט פון דרוק־וועזן באַם מיניסטאָרן־ראַט פון רספּסר, דאָס קולטור־מיניסטעריום פון רספּסר און די פאַרוואַלטונג פון „צענטראָסאַיוז" האָבן געגרינדעט אַן ערן־צײכן „פּראָפּאַגאַנדיסט פון בוך". מיט דעם צײכן וועלן באַלוינט ווערן די בעסטע געזעלשאַפטלעכע פאַרשפּרײטער, וועלכע פּראָפּאַגאַנדירן סיסטעמאַטיש צווישן די לײענער די פּאָליטישע, וויסנשאַפטלעך־טעכנישע, לאַנדווירטשאַפטלעכע און קינסטלערישע ליטעראַטור, די אַקטיוויסטע מיטגלידער פון די ראַטן פון פרײַנט פון בוך, מיטגלידער פון קלובן פון ביכער־ליבהאָבער און ביבליאָטעקערס.

### צום אָנדענק פונעם גרויסן פאָלקס־שרײַבער

500 מענטשן זײַנען געקומען אַפן גרויסן אָוונט אין ריבניצע (מאָלדאַוויע), געווידמעט שאָלעם־עליכעמס פופציקסטן יאָרצײַט. מיט אַן אינטערעסאַנטן פאָרטראָג וועגן שאָלעם־עליכעמס לעבן און שאַפן איז אַרויסגעטראָטן די היגע לערערין נ. קולמאַן. נאָכן פאָרטראָג איז פאָרגעקומען אַ רײַכער קאָנצערט אין ייִדיש און רוסיש.

יע. מילער

° ° °

צו שאָלעם־עליכעמס 50־טן יאָרצײַט זײַנען אַ גאַס אין מינסק און אַ גאַס אין אָדעס אָנגערופן געוואָרן אַפן נאָמען פונעם גרויסן פאָלקס־שרײַבער.

### נײַע גראַמאָפאָן־פּלאַטן

אין מאָסקווע זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן נײַע פּלאַטן פון שאָלעם־עליכעמס ווערק — „כאַווע" און „שפּרינצע" (אין ייִדיש) און „דאָס גרויסע געווינס" (אין רוסיש) — אין דער אויספילונג פונעם פאַרדינסטפולן אַרטיסט פון רספּסר יוסף קאַלין (גראָס).

די פּלאַטן וועלן אינגיכן אָנקומען אין פאַרקויף.

### ווילנער פאָלקס־טעאַטער אין טאַלין

אין טאַלין אין זאַל פון עסטאָנישן דראַמאַטישן טעאַטער זײַנען פאָרגעקומען גאַסטראָלן פונעם ווילנער ייִדישן פאָלקס־טעאַטער. די געסט האָבן באַוויזן זײערע ספּעקטאַקלען „דאָס גרויסע געווינס" און „הערשעלע אָסטראָפּאָליער". עס איז אויך פאָרגעקומען אַ שעפערישע באַגעגעניש צווישן די אָנטײלנעמער פון דער היגער ייִדישער קינסטלערישער זעלבסטטעטיקײַט און זײערע כאַווײרים פון ווילנע, אַף וועלכע בײדע קאָלעקטיוון האָבן באַוויזן פראַגמענטן פון זײערע פּראָגראַמען.

מ. שער

### „ניט־געלײענטע בלעטלעך"

אונטער אַזאַ נאָמען איז אין פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" דערשינען אַ זאַמלונג פון פופציק אויסערסט אינטערעסאַנטע מיניאַטורע דערצײלונגען פון אַל. לעס, אין וועלכער ער טײלט זיך מיט זײַנע זכרונות וועגן פילצאָליקע באַגעגענישן מיט אָנגעזעענסטע טוער פון דער ליטעראַטור, קונסט און וויסנשאַפט.

אין דער מיניאַטור „אַ סאָנעט וועגן לענינען" דערצײלט דער אַווטאָר וועגן עמאַנויל קאַזאַקעוויטשעס באַגעגעניש מיט גלעב קרזשיזשאַנאָווסקי. ע. קאַזאַקעוויטש האָט דאַן געאַרבעט איבער אַ ווערק, אין צענטער פון וועלכן עס איז געשטאַנען דאָס געשטאַלט פון וולאַדימיר איליטש לענין.

בײַס אַ שמועס האָט ג. קרזשיזשאַנאָווסקי — דער אַלטער באָלשעוויק, געלערנטער, לענינס נאָענטער פרײַנט, פאָרגעלײענט פאַר קאַזאַקעוויטשן זײַנע זעקס וווּנדערבאַרע סאָנעטן וועגן לענינען.

אין אַ צווײטער מיניאַטור „דער סוווועניר" לײענען מיר, ווי אַל. לעס איז אַמאָל געקומען צוגאַסט צום שרײַבער ל. אַסטראָוער און דערזען אַף זײַן שרײַבטיש אַן אײגנאַרטיקן סוווועניר — אַ גאָלדענע פּילפּעדער, וועלכע עס האָט אים געשענקט מיט העכער פופציק יאָר צוריק שאָלעם־עליכעם.

# בלעטערנדיק זשורנאַלן און צײַטונגען

## ייִדיש־האָלענדישע ליטעראַטור נאָכן צווייטן וועלט־קריג

פון 140 טויזנט ייִדן, וואָס האָבן געלעבט ביזן אויסברוך פון דער מילכאָמע אין האָלאַנד, איז פאַרבליבן 23 טויזנט.

די נאָכמילכאָמעדיקע ייִדיש־האָלענדישע ליטעראַטור קאָן מען אײַנטיילן אין דרײַ גרופּעס: איינע, וועמעס „ספּיריטוס מאָווענס"[1] איז די בענקשאַפט נאָכן אָווער; די צווייטע נעמט ארום די געשיכטע פון לעבן, קאַמף און אומקום פון די ייִדן אין די טויט־לאַגערן; די דריטע — די זעקס יאָרהונדערטער פון דער געשיכטע פון די ייִדן אין האָלאַנד. מיר דאַרפן דאָ געדענקען, אַז בא די האָלענדישע ייִדן איז געווען און איז נאָך הײַנט אויך טיף אײַנגעבאַקן אין הארץ די אַטמאָספער פון אַלטערטימלעכער געטאָ אין אַמסטערדאַם (ניט ווייניקער ווי בא די טשעכישע ייִדן די פּראָגער געטאָ, מאַהאַראַל און גוילעם), די לעגענדאַרע אַטמאָספער פון באָרוך שפּינאָזע און אוריִעל אַקאָסטאַ און פון די אַנוסים. ניט קיין ווּנדער דעריבער, וואָס די ווערק פון ה. בעעם — „דאָס פאַרשווּנדענע לאַנד" און פון יאָאַפּ מײַער — „די פאַרשווּנדענע געטאָ" האָבן אַזאַ דערפאָלג.

לעצטנס האָט ה. בעעם, גלײַכצײַטיק אַ באַוווּסטער אין האָלאַנד פּראָפעסאָר פון דער דײַטשישער שפּראַך און ליטעראַטור און אויסגעצייכנטער קענער פון דעם מײַרעוו־ייִדיש, פאַרעפנטלעכט נאָך אַ בוך: „די יערושע" — אַ בוך וועגן דער שפּראַך, מיט וועלכער עס האָט זיך באַנוצט אין איר פאַרגאַנגענהײַט די ייִדישע באַפעלקערונג אין האָלאַנד.

אַמסטערדאַם פאַרנעמט אַ וויכטיק אָרט אין דער שאַפונג פון יאָאַפּ מײַער. „הער יוינע־דאַניעל מייערפלעין" — איז די געשיכטע פון די אַמסטערדאַמער ייִדן. די אַמאָליקע אַמסטערדאַמער געטאָ מיט איר אָרעמקײַט, די באַלמעלאָכעס, קליינהענדלער, דימענטן־שלײַפער — דאָס אַלץ איז, ווי טכיִאַס־האַמייסים, אויפגעשטאַנען אין די דערציילונגען „זייער שמייכל קומט פונדערווײַטנס" און „אַזוי ווי דער נעכטיקער טאָג" פון דעם אויסגעצייכנטן זשורנאַליסט מײַער סלוזער, אַליין אַ קינד פון אַמסטערדאַם. אין דער פּאָעזיע האָט די נאָסטאַלגיע נאָך אַמסטערדאַם געפונען איר פולסטן און שטאַרקסטן אויסדרוק אין דער פּאָעמע פון מ. מאָק.

נאָך דער מילכאָמע איז אין האָלאַנד באַוווּסט געוואָרן די יונגע טאַלענטירטע ייִדישע שרײַבערין מאַרגאָ מינקאָ. איר אַנטאָלאָגיע „ייִדישע דערציילונגען" און די גרעסערע דערציילונג „די ביטערע גרויקײַט" זײַנען, אייגנטלעך, די טרויעריקע געשיכטע וועגן ייִדישע אומגעקומענע מישפּאָכעס, די שילדערונג פונעם לעבן פון דער ייִדיש־האָלענדישער פּראָווינץ. מינקאָ דערציילט מיט אַ שטילן טאָן, וועלכער איז דורכגעדרונגען מיט טיפן אומעט.

אַ גרויסן דערפאָלג האָט דער שרײַבער אַבעל הערצבערג, אַ זון פון ייִדישע עמיגראַנטן פון צאַרישן רוסלאַנד. זײַן בוך „אַמאָר פאַטי" — וועגן דעם אומקום־לאַגער אין בערגען־בעלזען — ווערט פאַררעכנט אין האָלאַנד אַלס איינע פון די בעסטע באַשרײַבונגען פון לאַגער־לעבן. אין זײַנע „בריוו צו מײַן אייניקל" האָט ער באַקענט די האָלענדישע לייענער מיטן אַמאָליקן ייִדישן שטעטל, פונוואַנען זײַנע עלטערן האָבן געשטאַמט. דאָס בוך האָט געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק. פאַר די האָלענדער איז עס געווען קימאַט ווי אַן אומפאַרשטענדלעכע עקזאָטיק. הערצבערג איז אויך באַוווּסט ווי אַ דראַמאַטורג. אין זײַן פּסיכאָלאָגישער דראַמע „הורדוס" באַווײַזט ער דאָס צוזאַמענלעבן פון דעם ייִדישן טעמפּעראַמענט מיט דער האָלענדישער מעיושעוודיקײַט, פון דעם ייִדישן ראָמאַנטיזם מיט דער האָלענדישער פּראַקטישקײַט.

אַ וויכטיק ווערק האָט אָנגעשריבן דער פילאָסאָף דר. י. זוטענדאָרפּ, מאַרטין בובערס אַ טאַלמיד און פרײַנט. זײַן בוך „די צוזאַמענטרעפן אין גאָלעס" רעדט אַרום דאָס פרידלעכע צוזאַמענלעבן, די קאָעקזיסטענץ פון דער ייִדישער און אַלע אַנדערע ציוויליזאַציעס אין דער וועלט און זייער קעגנזײַטיק באַאײַנפלוסן זיך. דאָס איז אַ ווערק וועגן דעם גרויסן צושטײַער, וואָס דאָס ייִדישע פאָלק האָט געגעבן צו די קולטור־דערגרייכונגען פון די אַלע לענדער, ווו ייִדן לעבן און האָבן געלעבט.

די ייִדישע באַפעלקערונג פון פלאַנדריע (דאָרעם־טייל פון נידערלאַנד) האָט ביז דער מילכאָמע אין געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן פון זייער לאַנד ניט געשפּילט קימאַט קיין שום ראָליע. נאָך דער מילכאָמע האָט זיך די לאַגע קאַרדינאַל געענדערט. אויך דאָ אין פלאַנדריע האָבן די רעשטלעך פון דער ייִדישער באַפעלקערונג זיך אײַנגעגלידערט אין אַלגעמיינעם שטראָם. מע דאַרף דערפאַר באַגריסן „די געשיכטע פון די ייִדן אין אַנטווערפּען" פון עפראַיִם שמיט, אַליין אַ געבוירענער אין אַנטווערפּען. דאָס איז זײַן ערשט בוך.

אַלס אַ טאַלאַנטפולע שרײַבערין האָט זיך אַרויסגעוויזן אידאַ סימאָנע. איר ראָמאַן „דאָס מעשוגענע מיידל" שפּיגלט אָפּ אַנטווערפּען אין פּעריִאָד פון אירע קינדער־יאָרן.

אַזוי זעט אויס בעקיצער די ייִדיש־האָלענדישע ליטעראַטור נאָך דער מילכאָמע — אַ ליטעראַטור, וואָס אידעאַליזירט ניט דעם אָווער, שטעקט אָבער טיף אין דער פאַרגאַנגענהײַט, האָגאַם זי איז פול מיט נײַע צאַפּלדיק־אַקטועלע געדאַנקען.

ס. וואַן פּראַאַג. ייִדיש — ל. געילער.
„נײַע פּרעסע", פּאַריז.

---

[1] באַוועגנדיקער גײַסט (לאַטײַן).

## פאַשיידנס

### גולגולמין

דאָס איז פאבלאָ פיקאסאָס באליבט מײַסעלע. איינמאָל האָט עס איבערדערציילט פאר זײַנע פרײַנט דער רוסישער סאָוועטישער שרײַבער וסעוואָלאָד איוואנאָוו.

אמאָל־אמאָל האָט א שיף פון יאם־רויבער פארכאפט א סאָכדישע שיף. דער אטאמאן פון די יאם־רויבער האָט אויסגעשטעלט די געפאנגענע אף דער שיף־דעק און יעדן געפרעגט: „וואָס קענסטו מאכן?" איינער פון די געפאנגענע, וואָס האָט געהאט א פּאָנעם פון א פילאָסאָף און הענט פון א שטיין־שלײַפער, האָט געענטפערט:

— איך קען מאכן גולגולמין.

— וואָס איז דאָס אזוינס? ס'איז א מײַכל? מע שיסט דערפון?

— וועגן דעם איז אוממעגלעך דערציילן מיט ווערטער. ווען איך זאָל קאָנען דערציילן, וואָס עס איז אזוינס גולגולמין, איז צוליב וואָס אים דאן מאכן?

...פון קאיאָר ביז אין אָוונט פלעגט דער געפאנגענער אָפּזיצן אונטער דעם מאסטבוים, מײַסטרעווענדיק מיט א מעסער און עגבער. פיל טעג האָט ער אויסגעהובלעוועט גלאטע ברעטלעך און געמאכט אין זיי לעכעלעך. אויב א ברעטעלע פלעגט אים איבער עפעס־וואָס ניט געפעלן ווערן, פלעגט ער עס אָן באדויערונג ארויסווארפן אין יאם ארײַן. אין די פרײַע מינוטן פלעגן די מאטראָסן הערן זײַנע לידער און מײַסעס און האָבן אָנגעהויבן אפילע זיך גרויסן מיט דעם, וואָס אף זייער שיף איז פאראן א מענטש, וועלכער קען מאכן גולגולמין. ס'האָבן זיך געצויגן כאדאָשים, און דער געפאנגענער האָט אלץ ניט געענדיקט זײַן ארבעט. מע האָט אָנגעהויבן ריידן, אז ער מאכט אלעמען צום נאר. און דער קאפיטאן האָט באפוילן, אז צום יאָמטעוו פון די יאם־רויבער זאָל דער גולגולמין זײַן גרייט.

און אָט איז שוין יאָמטעוו. דער מײַסטער האָט אראָפּגעריסן די פארוסינע, און אלע האָבן דערזען עפעס א זאך, וואָס באַשטייט פון ברעטלעך מיט זייער א סאך לעכעלעך. אין דעם אונטערשטן טייל איז געווען אָנגעגאָסן בלײַ. לויטן צייכן פונעם מײַסטער האָבן פיר מאטראָסן צעוויגט און ארויסגעוואָרפן דעם מאכשיר אין יאם ארײַן. ער איז טייקעף דערטרונקען געוואָרן. נאָר זינקענדיק, האָט ער ארויסגעלאָזט אן אויסערגעוויינלעך שיינע מוזיקאלישע בולקערײַ: „גולגולמין!".

— און דאָס גאָר?!

דרײַסיק קרומע שווערדן האָבן זיך אופגעהויבן איבערן געפאנגענעם. נאָר דאָ איז ארויסגעגאנגען אן אלטער יאם־רויבער און האָט געזאָגט:

— פרײַנט! פון זינט אָט דער מענטש איז מיט אונדז, האלט אונדז אין איין גליקן, מיר קריגן זיך זעלטענער צווישן זיך און זעלטענער פארנעמען מיר זיך מיט אומזיניקע שלעגערײַען. אונדז וועט זײַן אומעטיק אָן זײַנע לידער און אָן זײַנע מײַסעס...

און דעם מײַסטער האָט מען געלאָזט לעבן און מע האָט אים דערלויבט מאכן זײַן גולגולמין, און אין א צײַט ארום האָבן א סאך אָנגעהויבן טראכטן, אז דער גולגולמין קומט טאַקע בעפּייַרעש צוניץ מענטשן...

### באריקאדן אין א קלוב

אינעם ליווערפולער „קאווערן־קלאב" איז פאָרגעקומען א שלאכט צווישן דער פּאָליציי און די פארערער פונעם ענגלישן קווארטעט „ביטלס". איבער ליווערפול האָט זיך פארשפרייט א קלאנג, אז דער אייגנטימער פונעם „קאווערן־קלאב", צוליב פינאנציעלע מאָטיוון, פארקויפט זײַן קלוב, אין וועלכן דער וועלט־בארימטער קווארטעט איז א סאך מאָל ארויסגעטראָטן. די פארערער פונעם קווארטעט האָבן זיך פארבאריקאדירט אין דער געבײַדע פונעם קלוב, און בלויז נאָך א לאנגדויערנדיקן געראנגל האָט זיך דער פּאָליציי אײַנגעגעבן זי צו באפרײַען. די יונגע ליווערפולצעס האָבן אָבער אָרגאניזירט א דעמאָנסטראציע בא דער געבײַדע פונעם מוניציפּאליטעט. דער בונט פון די ביטלסמענער האָט געהאט א דערפאָלג. איינער אן אמעריקאנער אקטיווער ביזנעסמען האָט, דערוויסנדיק זיך וועגן די געשעענישן אין ליווערפול, צו וויסן געגעבן, אז ער איז גרייט קויפן דעם „קאווערן־קלאב" און פאָרזעצן זײַן ארבעט אין פריערדיקן גײַסט.

### עס פארקויפט זיך די מאזשינאָ־ליניע

די „מאזשינאָ־ליניע", וואָס האָט אָפּגעקאָסט דער פראנצויזישער קאזנא מיליארדן פראנק, ווערט איצט פארקויפט. יעדן, וועמען ס'וועט זיך פארוועלן אײַנשאפן א קוילנווארפערנעסט, אן אונטערערדישן קאזעמאט, א בעטאָנירטע ארטילערישע אײַנשטעלונג, קאָן זיי קויפן פאר א פרײַז פון עטלעכע צענדליק ביז צענדליקער טויזנטער פראנק, אָפּהענגיק פון דער גרייס פון די אײַנריכטונגען.

די „מאזשינאָ־ליניע" האָט געדארפט ערעוו דער צווייטער וועלט־מילכאָמע דינען פראנקרײַך אלס זיכערע שוץ פאר אן אָנפאל מיצאד דײַטשלאנד. די היטלערישע ארמיי איז אָבער פאַשעט ארומגעגאנגען די ליניע פון די פלאנגען, ניט אויספּרוּווּנדיק אפילע איר פעסטקײַט.

די אײַנריכטונגען האָבן זיך גוט פארהיט. אָבער דעם מיליטער־אמט זײַנען שוין מער ניט נייטיק קיין בעטאָנענע בלאָקהײַזער. „אין דער צײַט פון ראקעטעס און אטאָם־באָמבעס, — שרײַבט די צײַטונג

„אַראַר“, — איז די „מאַזשינאָ־ליניע“ אומנוצלעך. דערפאַר לייגט מען זי פאַר דעם פּובליקום“. דאָס פּובליקום — דאָס איז דערהויפּט פראַנצויזישע אינדוסטריעלער. זיי קויפן די אונטערערדישע קאַזעמאַטן און גאַלערייען פאַר סקלאַדן, אָדער... אַלס „פּלאַנטאַציעס“ פאַר שאַמפּיניאָנען. אייניקע פאָרטן וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין האָטעלן פאַר טוריסטן. צוויי אָדער דריי זייער שיינע פאָרטן האָט די פראַנצויזישע אַרמיי געלאָזט פאַר זיך, קעדיי שפּעטער פאַרוואַנדלען זיי אין א מוזיי.

## א ווונד, וואָס ווערט ניט פארהיילט

ווער האָט ניט געהערט דעם נאָמען אַנע פראַנק — א מיידעלע פון אַמסטערדאַם? דער טאָגבוך, וואָס זי האָט אָנגעשריבן, איז געוואָרן איינער פון די סאַמע אופטרייסלענדיקע באַשולדיקונגס־דאָקומענטן קעגן פאַשיזם. ער איז אָפּגעדרוקט אין מיליאָניקע טיראַזשן, איבערגעזעצט קימאַט אף אַלע שפּראַכן פון דער וועלט. דער טאָגבוך איז געלייגט געוואָרן אין גרונט פון דער פּיעסע און פונעם פילם וועגן אַנע פראַנק.

פון דער מישפּאָכע פראַנק איז לעבן געבליבן בלויז אַנעס פאָטער — אָטאָ פראַנק. ניט לאַנג צוריק איז ער געקומען צו פאָרן קיין לאָנדאָן. ער איז איצט אַלט 77 יאָר, און דעם גאַנצן רעשט פון זיין לעבן ווידמעט ער דעם אָנדענק פון דער טאָכטער.

דאָס געלט, וואָס איז געלייזט געוואָרן פאַרן פילם און פאַר דער פּובליקאַציע פונעם טאָגבוך, האָט אָטאָ פראַנק אַריינגעלייגט אינעם „פאָנד פון אַנע פראַנק“, וועלכער געפינט זיך אין דעם זעלבן הויז אין אַמסטערדאַם, וווּ ס'האָט געוווינט זייער פאַמיליע.

— מיר אָרדענען אָפּט איין צווישנפעלקערלעכע באַגעגענישן פון יוגנט, — זאָגט אָטאָ פראַנק. — דער ציל פון די באַגעגענישן איז מיטווירקן דער קעגנזייטיקער פאַרשטענדעניש פונעם יונגן דאָר פון פאַרשיידענע לענדער און פעלקער.

איצט וווינט פראַנק אין דער שווייץ, אין דער שטאָט באַזעל. דעם אָריגינאַל פון זיין טאָכטערס טאָגבוך האַלט ער אין איינעם פון די שווייצערישע בענק. קיינער, כוץ אים, האָט קיין רעכט ניט זיך צורירן צום מאַנוסקריפּט.

# פאַרשיידענס

## דער טעאַטער און דער דאָלער

„האַמלעט“ וואָלט קיינמאָל ניט געקאָנט האָבן אין ניו־יאָרק קיין גרויסן דערפאָלג, ווען דאָס איז אַפילע א נייע פּיעסע“ — צו אַזא אויספיר איז געקומען פּענעלאָפּא זשילאָ, איינע פון די אָנגעזעענע טעאַטראַלע איבערזיכטלער פון דער לאָנדאָנער צייטונג „אָבסערווער“, נאָך איר באַזוך אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זשילאָ שרייבט, אַז „אויפן בראָדוויי זיינען די פּראָדיוסערן אָנגעשראָקן, ווי מע זאָגט, פון די „שוועריקייטן פון צווייטן אַקט“. מיט „האַמלעטן“ וואָלטן אָן שום ספק געווען שוועריקייטן מיטן צווייטן, דריטן, פערטן און פינפטן אַקטן. דעם העלד וואָלט מען כוישעד געווען אין האָמאָסעקסואַליזם, און אים וואָלט אויסגעקומען זיך פאַרטיידיקן מיט שפּאַסן אף אָט דער טעמע“.

דער דערפאָלג פון א פּיעסע ווערט באַשטימט דורך דער צאָל דאָלער אין קאַסע, און א גוטער סעזאָן איז ניט דער, אין וועלכן ס'ווערן געשטעלט גוטע פּיעסן, נאָר דער, וועלכער ברענגט א גרויסן רעווח די ביזנעסמענער, וואָס האָבן פינאַנסירט די שטעלונג פון דער פּיעסע.

אויך אַנדערע טעאַטערן, אויסער דעם בראָדוויי, ליידנדיק פון ערנסטע פינאַנציעלע שוועריקייטן, זאָגן זיך ניט אָפּ פון די אַזוי־גערופענע „העפּענינגסן“, דה. ערנסט קולטיווירטע אומזיניקייטן. פּ. זשילאָ ברענגט אַזא ביישפּיל: „אף דער סצענע זיינען פינף מיידלעך אין ווייסע כופּע־קליידער געשטאַנען ווי פאַרשטיינערטע אויפן פאָן פון א שמוציק־ווייסן פּאַפּירענעם לייוונט, אין דער צייט ווען פונעם הויכריידער טראָגט זיך איינס און דאָס זעלבע וואָרט „איך“. נאָכדעם זיינען די מיידלעך א געוויסע צייט נאָך געשטאַנען אומבאַוועגלעך, און אף פיר באַלקאָנס פון דער סטעליע האָט מען פּראָיעצירט א פּרימיטיוון ליבהאָבער־פילם, דערביי האָט קיינער פון די צושויער ניט געקאָנט זען מער ווי א קליין שטיקל פּראָיעקציע, אָן ערעך אָן אַכט דיוּים. אין פילם איז באַוויזן געוואָרן א יונג ווייבל, וואָס גיסט אָן בענזין אין א באַק לעבן א בענזין־קאָלאָנקע. פונעם הויכריידער טראָגן זיך אין מעשעך פון א האַלבער שאָ די ווערטער: „דאָס איז ניט איר“...

לויט פּ. זשילאָס מיינונג, ברענגט די אָפּוועזנהייט פון סטאַציאָנאַרע רעפּערטואַר־טעאַטערן גרויס שאָדן דער אַמעריקאַנער קונסט. א סאַך אַמעריקאַנער אַרטיסטן טרוימען וועגן ראָלן אין קלאַסישע פּיעסן, נאָר די באָסן פונעם טעאַטער באַהויפּטן, אַז דער דורכשניטלעכער· אַמעריקאַנער צושויער אינטערעסירט זיך ניט מיט קיין קלאַסישע פּיעסן. זשילאָ שרייבט אָבער וועגן דעם גרויסן דערפאָלג פון דער שטעלונג פון טשעכאָווס „דער ווײַנשלסאָד“ אין מינעאַפּאָליס. פּ. זשילאָ האַלט, אַז יעדער שטאָט דאַרף האָבן א טעאַטער, וואָס זאָל זיך געפינען אף מעלוכישער אויסהאַלטונג. „נאָר די אידיי פון אַסיגנירן מעלוכיש געלט אף קונסט ווערט אויפגענומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן ווי א פּרווו דורכצושלעפּן קאָמוניזם קיין אַמעריקע...“

# כראָניק

## דער ווערטער־אויצער פון שאָטא רוסטאַוועלי

די מיטארבעטער פונעם אָפּטייל פון לעקסיקאָלאָגיע באַם אינסטיטוט פון שפּראַכקענטעניש פון דער גרוזינישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע האָבן אונטער דער אָנפירונג פונעם קאַנדידאַט פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן מ. גאַבאַשווילי צוגעגרייט צום דרוק די אַזויגערופענע סימפאָניע „וועפּ־ביסטקאַאסאַני" — א פולע רעשימע פון די ווערטער, וואָס זײַנען אויסגענוצט אין שאָטא רוסטאַוועליס פּאָעמע „דער העלד אין דער טיגער־פעל". די זאַמלונג אַנטהאַלט 40 טויזנט ווערטער.

## נאָוועלן פון יִשׂראל־שרײַבער

פאַראַיאָרן האָט דער פאַרלאַג „פּראָגרעס" ארויסגעגעבן אין א רוסישער איבערזעצונג א זאַמלונג פון 24 פּראָזאיִקער פון יִשׂראל.

האַיאָר האָט דער פאַרלאַג „נאַוקאַ" (וויסנשאַפט) ארויסגעלאָזט אין רוסיש א בוך נאָוועלן פון 20 שרײַבער פון יִשׂראל. דאָס בוך טראָגט דעם נאָמען „דער פערלזוכער". אין אים גייען ארײַן די ווערק פון אַזעלכע פּאָפּולערע שרײַבער, ווי מאָרדכע אווישאָול, שמואל־יוסף אַגנאָן, אלבערט בעני, ק. צעטניק אא.

די רוסישע איבערזעצונגען פון אַראַביש, איוורית און יִדיש האָבן געמאַכט ל. ווילסקער, אי. לעבעדינסקי און א. בעלאָוו. אינעם ארײַנפירארטיקל ווערט געגעבן אַן איבערבליק איבער דער הײַנטצײַטיקער פּראָזע אין יִשׂראל און איבער דער געשיכטע פון איוורית.

# נײַעס פון אויסלאַנד

## פײַערונגען אין דער פּוילישער פאָלקס־רעפּובליק

אין יול כוידעש האָט מען אין פּוילן ברייט געפײַערט דעם 22־טן יאָרטאָג פון דער באַפרײַונג פון לאַנד און דעם 1000־טן יאָרטאָג פון דער עקזיסטענץ פון דער פּוילישער מעלוכע. א גרויס אָרט האָט געווידמעט די יובילייען די ווארשעווער „פאָלקס־שטימע", וועלכע האָט די לעצטע צײַט געדרוקט פיל מאַטעריאַלן וועגן 1000 יאָר יִדיש לעבן אין פּוילן.

דער יאָמטעווודיקער נומער „פאָלקס־שטימע" פון 21 יול איז אינגאַנצן געווידמעט די צוויי יובילייען. אין אים איז צווישן אַנדערס פאַרעפנטלעכט א פאָרטראָג פון ה. סמאָליאַר „אונדזער טויזנטיאָריקער אויצער אין די הענט פון דער יִדישער יוגנט". דער פאָרטראָג איז געהאַלטן געוואָרן אויפן צוזאַמענפאָל פון דער יִדישער יוגנט, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער קראָקער אַלטער שול, ווו מיט 192 יאָר צוריק האָט טאַדעוש קאָסטיושקאָ, דער אָנפירער פון דער פּוילישער נאַציאָנאַלער באַפרײַונג־באַוועגונג, פּראָקלאַמירט די אידייען פון יִדישער גלײַכבאַרעכטיקונג, פון געמיינזאַמען קאַמף פונעם יִדישן און פּוילישן פעלקער פאַר דער פרײַהײַט און אומאָפּהענגיקײַט פון פּוילן.

## א סעמינאַר אין ירושלים וועגן שאָטא רוסטאַוועלי

אין ירושלים האָט די לעצטע צײַט געאַרבעט א סעמינאַר, אויף וועלכן עס זײַנען שטודירט געוואָרן די מאַטעריאַלן, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיטן לעבן און שאַפן פונעם גרויסן גרוזינישן דיכטער שאָטא רוסטאַוועלי. אין דער אַרבעט פונעם סעמינאַר האָבן זיך באַטייליקט 80 מענטשן. אָנגעפירט מיט אים האָט דער דאָקטאָר פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן זעעוו ווילנאַן, וועלכער האָט מיטגעטיילט וועגן זײַנע לעצטע פאָרשונגען איבער דער געשיכטע פון דעם קרייץ־מאָנאַסטיר, ווו רוסטאַוועלי האָט פאַרבראַכט דעם לעצטן פּעריאָד פון זײַן לעבן.

## נאָטע לוריעס „הימל און ערד" אין דער „נײַער פּרעסע"

די פּאַריזשער „נײַע פּרעסע" האָט אָנגעהויבן דרוקן דעם ראָמאַן פונעם יִדישן סאָוועטישן שרײַבער נאָטע לוריע „הימל און ערד". אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָט די צײַטונג פאַרעפנטלעכט א גרעסערע קריטישע אָפּהאַנדלונג פון יעהודיס קאַלמאַן, אין וועלכן זי שאַצט הויך אָפּ דעם בוך.

## קסאָווים פון זאַלמען רייזען

אין בוענאָס־איירעס איז דערשינען א באַנד קסאָווים פון זאַלמען רייזען „יִדישע ליטעראַטור און יִדישע שפּראַך". אין בוך גייען ארײַן ז. רייזענס ווערק וועגן דער פאָלקס־ליטעראַטור, האַסקאָלע־ליטעראַטור, וועגן דער יִדישער וועלט־ליטעראַטור, פראַגן פון יִדישער שפּראַך־פאָרשונג אא.

דער באַנד איז באַגלייט מיט א ביבליאָגראַפיע, צונויפגעשטעלט פון יעפים יעשורין.

## ק. ס. סטאַניסלאַווסקי אין איוורית

דער טעל־אַוויווער פאַרלאַג „טאַרבוט וועכינוך" האָט ארויסגעגעבן אין איוורית ק. ס. סטאַניסלאַווסקיס בוך „די אַרבעט פונעם שוישפּילער איבער זיך". איבערזעצער — הילעל אַוויכאַנאָן.

## געשיכטע פון יִדן אין ענגלאַנד

אין ניו־יאָרק איז דערשינען א נײַער באַנד פון די ייִוואָ־בלעטער (פּעריאָדישע אויסגאַבע פון יִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט), געווידמעט דער געשיכטע פון די יִדן אין ענגלאַנד.

דאָס בוך האַלט קאָרעוו 350 זײַטן. צווישן די פאַרעפנטלעכטע אַרטיקלען געפינען זיך די אַרבעטן פון א. שטיינבערג, ד.־ב. האַלפּערן וועגן דער יִדישער אימיגראַציע קיין ענגלאַנד אין די יאָרן 1881—1914.

## א יִדישער מוזיי אין דער שווייץ

אין באַזל האָט זיך געעפנט א יִדישער מוזיי, וואָס באַלויכט די אַלגעמיינע געשיכטע פון יִדן אין דעם לאַנד און די אַנטוויקלונג פונעם יִדישן ייִשעוו אין דער שווייץ פאַר די לעצטע הונדערט יאָר. דער מוזיי פאַרמאָגט א גרויסע צאָל ווערטפולע היסטאָרישע עקספּאָנאַטן, דערונטער די פּראָטאָקאָלן פון אַנטי־יִדישע גזיירעס, דעם דעקרעט וועגן יִדישער גלײַכבאַרעכטיקונג אא.

# דאָס באַפליגלטע וואָרט

## ● ציילעמלעך

א דיכטער אָן אָנפאַנגער האָט געבראַכט צום פראַנצויזישן פּאָעט פּיראָן א העפט נײַע לידער. דער אָנפאַנגער האָט געוווּסט, אַז פּיראָן האָט א טעווע באַם אָפּשאַצן די ווערק פון יונגע אַווטאָרן צו באַצייכענען מיט א רויט צייל̄עמל̄ די ניט געראָטענע ערטער. דערזען, אַז אין זײַן העפט איז ניטאָ קיין איין רויט צייל̄עמל̄, איז דער יונגער דיכטער געוואָרן מאָל̄ע־סימכע:

— סאַרא גליק, — האָט ער אויסגערופן, — קיין איין צייל̄עמל̄!

פּיראָן האָט א שאָקל̄ געטאָן מיטן קאָפּ:

— ווען איך וואָל̄ט דאָ גענומען שטעל̄ן צייל̄עמל̄עך, וואָל̄ט פון אײַער העפט געוואָרן א בעסוילעם...

## ● זעלטנהײַטן

דעם באַרימטן שרײַבער־הומאָריסט מאַרק טווען האָט איינמאָל̄ אײַנגעל̄אַדן אַף אַן אָוונט א באַרימטער אַדוואָ־קאַט. דער באַל̄עבאָס, א באַלגײַווע און א של̄עכט דערצויגענער, איז אַרומגעגאַנגען צווישן די געסט, האַל̄טנדיק די הענט אין די קעשענעס, און פאָרגעשטעל̄ט פאַר זיי דעם שרײַבער:

— איר זעט, אַן עמעסע זעל̄טנהײַט. א הומאָריסט און שרײַבט פונדעסטוועגן קאָמיש.

— איר זײַט ניט קיין קל̄ענערע זעל̄טנהײַט, — האָט מאַרק טווען א זאָג געטאָן צום אַדוואָקאַט. — איר זײַט אַן אַדוואָקאַט און האַלט אײַערע הענט אין די אייגענע קעשענעס...

## ● גאַנץ פּאָשעט

מע האָט געפרעגט באַ בערנאַרד שאָו:

— ווי גיט זיך דאָס אײַך אײַן אַרויסזאָגן אַזעל̄כע קל̄וגע כאָכמעס?

— גאַנץ פּאָשעט, — האָט געענטפערט דער שרײַבער, — טראַכטן טראַכט איך וועגן א נאַרישער זאַך, און זאָגן זאָג איך פונקט דעם הייפעך דערפון...

## ● די סיבע פונעם הונגער

בערנאַרד שאָו איז, ווי באַוווּסט, געווען זייער א הויכער און זייער א דאַרער. איינמאָל̄ האָט ער זיך געטראָפן אַף א מיטיק מיט דעם זייער דיקן הער טשעסטערסאָן.

— אַז מע גיט א קוק אַף אײַך, — זאָגט טשעסטערסאָן צו שאָו, — קאָן מען מיינען, אַז אין ענגל̄אַנד איז א הונגער.

— און גיט מען א קוק אַף אײַך, מיסטער טשעסטערסאָן, פאַרשטייט מען די סיבע פונעם הונגער.

## ● איך קאָן אויך האַלטן וואָרט...

דזשעק ל̄אָנדאָן האָט צוגעזאָגט איינעם א פאַרל̄עגער צושיקן צו א באַשטימטער צײַט זײַן מאַנוסקריפּט. די צײַט איז שוין ל̄אַנג אַריבער, און דער מאַנוסקריפּט איז נאָך ניט אָנגעקומען. האָט דער פאַרל̄עגער טעל̄עגראַפירט:

„הער ל̄אָנדאָן! אויב איך וועל̄ אין מעשעך פון 24 שאָ ניט באַקומען אײַער נאָוועל̄ע, וועל̄ איך מיט די אייגענע הענט צווינגען אײַך צו האַל̄טן וואָרט. איך וואָרן אײַך, אַז איך אַל̄יין קאָן שוין גראָד יאָ האַלטן וואָרט“.

דערויף האָט ל̄אָנדאָן געענטפערט אויך מיט א טעל̄עגראַמע:

„סער, ווען איך וואָל̄ט שטענדיק נאָר געאַרבעט מיט די הענט, וואָל̄ט איך אויך געהאַלטן וואָרט“.

## ● אויסטויש מיט ליבנסווירדיקע באַמערקונגען

באַ ל̄אָמאָנאָסאָוון האָט זיך איינמאָל̄ צעריסן דער זשיל̄יעט. אים האָט באַגעגנט א פּראַנט פונעם קייזערל̄עכן הויף און געזאָגט:

— די געל̄ערנטקײַט קוקט אַרויס!

— ל̄אַבסאָלוטן ניט, מײַן הער, די נאַרישקײַט כאַפּט א קוק, וווּהין מע דאַרף ניט, — האָט געענטפערט ל̄אָ־מאָנאָסאָוו.

## ● וויאַזוי העמינגוועי שרײַבט

— פאַרוואָס צייכנט זיך אויס אײַער ל̄יטעראַרישער סטיל̄ מיט אַזעל̄כע קורצע זאַצן? — האָט מען געפרעגט באַ ערנעסט העמינגוועי.

— איך בין זיך נויהעג צו שרײַבן שטייענדיק אַף איין פוס, — האָט ער געענטפערט. — אַזאַ מין ל̄אַגע פאַרמאַטערט מיך שנעל̄ און צווינגט מיך צו שרײַבן קורץ. דאַקעגן, ווען איך קאָרעגיר מײַנע ווערק, זיץ איך געוויינל̄עך אין א באַקוועמען פאָטעל̄. דאָס גיט מיר די מעגל̄עכקײַט צו קאָנצענטרירן זיך מאַקסימאַל און אויס־מעקן אַל̄ץ, וואָס זעט מיר אויס צו זײַן איבעריק.

●



שאָטא רוסטאַוועלי

קינסטלער ס. קאָבולאַדזע

אבעסאלאָם און עטערי

(אילױסטראציע צו א פאָלקס־לעגענדע)

קינסטלער ל. גודיאַשװילי



„מאוגלי"

(אילױסטראציע צו ר. קיפּלינגס דערציילונג)

קינסטלער א. באַנדזעלאַדזע



**צאַצכאַלי (לעבעדיקע פיש)**

קינסטלער ל. גודיִאַשווילי



**פּאָרטרעט פונעם קאָל־
ווירטניק אַלעקסיי מאַ־
טיִולאַשווילי**

קינסטלער ג. געלאַוואַני



יעהודע, א פארטיפטער אין מאכשאָוועס

(איליוסטראציע צו ל. פויכטוואנגערס ראָמאן „די שפאנישע באלאדע“)

קינסטלער מ. דזשאנאשווילי

## נאָטיצן אַפן קאַלענדאַר

# שרײַבער און ווערק

עס איז אַלט געוואָרן פינף און זי־
בעציק יאָר דער אָנגעזעענער געזעל־
שאַפטלעכער טוער און טאַלענטיר־
טער פּובליציסט, שעף־רעדאַקטאָר פון
דער אַמעריקאַנער פּראָגרעסיווער צײַ־
טונג „מאָרגן־פרײַהײַט" — פייסעך
נאָוויק.

פייסעך נאָוויק איז געבוירן אין
בריסק. צו זעכצן יאָר איז ער גע־
וואָרן א מעכאַניקער פון גילזן־מאַ־
שינעס. פון די פריסטע יוגנט־יאָרן
נעמט ער אַן אָנטייל אין דער רע־
וואָלוציאָנערער באַוועגונג. אין 1913
איז נאָוויק אַוועקגעפאָרן קיין אַמע־
ריקע. ער הייבט דאָרט אָן צו אַרבעטן
אין א פאַבריק, ווערט א מיטאַר־
בעטער פון דער אַמעריקאַנער ייִדי־
שער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע
און סעקרעטאַר פון איר וועכנטלע־
כער צײַטשריפט „די נײַע וועלט".



נאָך דער פעברואַל־רעוואָלוציע פון
1917 קערט זיך פייסעך נאָוויק אום
קיין רוסלאַנד, וווּ ער נעמט אַן אַק־
טיוון אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכן
לעבן.

אין 1920 באַזעצט זיך פּ. נאָוויק
אַף שטענדיק אין ניו־יאָרק. צוזאַמען
מיט מוישע אָלגינען אָרגאַניזירט ער
די ייִדישע פּראָגרעסיווע צײַטונג
„מאָרגן־פרײַהײַט" (דעמאָלט „פרײַ־
הייט"). אין 1939, ווען מ. אָלגין איז
געשטאָרבן, ווערט פּ. נאָוויק שעף־
רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג. ער זעצט
פאָר די טראַדיציעס פון דער רעוואָ־
לוציאָנערער פּרעסע אין אַמעריקע,
פונעם „זיידן" פון דער ייִדישער
פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור מאָריס
ווינטשעװסקי, די טראַדיציעס פון די
גרינדער און ערשטע מיטאַרבעטער
פון „מאָרגן־פרײַהײַט" שאַכנע עפּ־
שטיין, קאַלמען מאַרמאָר, מוישע
קאַץ אאַ.

פייסעך נאָוויק איז א גלענצנדיקער
פּובליציסט און עסעיִסט. זײַנע רײַזע־
אײַנדרוקן פון קובא, ייִסראָעל, סאָ־
וועטנפאַרבאַנד זײַנען זייער וואָרעם
אויפגענומען געוואָרן דורך די לייע־
נער פון „מאָרגן־פרײַהײַט". ער איז
דער אַוטאָר פון א ריי ווערק, דערונ־
טער פונעם גרויסן בוך „אייראָפּע
צווישן מילכאָמע און שאָלעם", וואָס
איז א סאַכאַקל פון זײַן נאָכמילכאָמע־
דיקער רײַזע איבער אייראָפּע, סאָ־
וועטנפאַרבאַנד, פּוילן און טשעכאָ־
סלאָוואַקיע.

פון טיפסטן האַרצן באַגריסן מיר
אונדזער פרײַנט און כאַווער פייסעך
נאָוויק צו זײַן יובילײ און ווינטשן
אים אַריכאַס־יאָמים, געזונט און שע־
פערישע דערפאָלגן.

דעם 25 סענטיאַבער ווערט 60 יאָר
דעם פאָלקס־אַרטיסט פון ססר, אָנ־
געזעענסטן סאָוועטישן קאָמפּאָזיטאָר
און געזעלשאַפטלעכן טוער דמיטרי
שאָסטאַקאָוויטש.

דמיטרי שאָסטאַקאָוויטשעס שאַפונג
צייכנט זיך אויס מיט זײַן שטענדיקן
דראַנג צו פאַרקערפּערן אין מוזיק
טיפע, לעבנסוויכטיקע אידייִשע קאָנ־
צעפּציעס, שאַרפע קאָנפליקטן, די
קאָמפּליצירטע וועלט פון מענטש־
לעכע איבערלעבונגען. ער איז דער
אַוטאָר פון פיל מוזיקאַלע ווערק —
פון די אָפּערעס „די נאָז", „לעדי
מאַקבעט פון מצענסקער אויעזד"
(„קאַטערינע איזמײַלאָווא") אאַ.,
באַלעטן — „די גאָלדענע טקופע",
„דער ליכטיקער וואַסער־קוואַל" אדג.;
פון דער אָפּערעטע „מאָסקווע, טשע־
ריאָמושקי", אָראַטאָריע „א ליד וועגן
וועלדער", קאַנטאַטע „איבער אונדזער
הײמלאַנד שײַנט די זון" אאַ.

זייער פּאָפּולער זײַנען ד. שאָסטאַ־
קאָוויטשעס דרײַצן סימפאָניעס,
צווישן וועלכע עס פאַרנעמען א באַ־
זונדער אָרט די זיבעטע („לענינגראַ־
דער"), ווו עס ווערט דורך מוזיק
דערציילט וועגן דער לענינגראַדער
בלאָקאַדע אין די יאָרן פון דער גרוי־



סער פאַטערלענדישער מילכאָמע, און
די עלפטע (וועגן איר אינהאַלט רעדט
דײַטלעך שוין איר נאָמען — „1905
יאָר"). אין דער דרײַצעטער סימפאָניע
ווערן איבערגעגעבן אין א מוזיקאַ־
לער שפּראַך יע. יעווטושענקאָס פינף
לידער, דערונטער די ליד „באַבי־
יאַר".

ד. שאָסטאַקאָוויטש האָט אויך אָנ־
געשריבן מוזיק צו א ריי קינאָפיל־
מען („גאָלדענע בערג", „מאַקסימס
יוגנט", „יונגע גוואַרדיע", „מיטשו־
רין" און אנד.), צו דראַמאַטישע ספּעק־
טאַקלען. אין 1948 האָט שאָסטאַקאָ־
וויטש אָנגעשריבן א ספּעציעלן וואָ־
קאַלישן ציקל „פון דער ייִדישער
פאָלקס־פּאָעזיע".

דמיטרי שאָסטאַקאָוויטש איז באַ־
רימט אַלס איינער פון די גרעסטע
קאָמפּאָזיטאָרן פון דער הײַנטצײַטי־
קײַט. אין 1958 איז ער באַלוינט גע־
וואָרן מיט דער לענין־פּרעמיע, נאָך
פריִער — פינף מאָל מיט דער מע־
לוכע־פּרעמיע, אין 1954 — מיט דער
צווישנפעלקערלעכער שאָלעם־פּרע־
מיע.

אין סענטיאבער ווערט אלט 70 יאָר דער ייִדישער סאָוועטישער שרײַבער מארק (מייער) ראזומני.



מ. ראזומני איז געבוירן אין ליטווישן שטעטל זאגער. ווען ער איז אלט געוואָרן צוויי יאָר, האָבן זײַנע עלטערן זיך אריבערגעצויגן קיין ריגע, ווו דער פאָטער האָט געארבעט אין א מיל. בילדונג האָט מ. ראזומני באקומען אלס עקסטערן. אין די יונגע יאָרן האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט מאָלערײַ־קונסט און גלײַכצײַטיק געשריבן לידער אין פּראָזע. פון 1919 ביז 1921 וווינט מ. ראזומני אין האמבורג, ווו ער ארבעט אין א באנק. טאקע דאָרט, אין האמבורג, האָט ער זיך באקאנט מיט לייב קוויטקאָ, וואָס האָט דאן געארבעט אין האפן באם אופנעמען ריאָ־גראנדער פעל.

אין 1921 איז מ. ראזומני ארויסגעשיקט געוואָרן פון דײַטשלאנד. אומגעקערט זיך קיין ריגע, איז ער אָנגעקומען אף ארבעט אין דער צײַטונג „דאָס פאָלק“ און געוואָרן א פּראָפעסיאָנעלער זשורנאליסט. אין זעלבן יאָר איז אָפּגעדרוקט געוואָרן זײַן ערשטע נאָוועלע. ביז דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע זײַנען דערשינען נײַן ביכער פון מ. ראזומני — דערציילונגען, נאָוועלעטן, א ראָמאן, לידער, פּיעסן אאוו. אייניקע פון זײַנע פּיעסן זײַנען אופגעפירט געוואָרן אף דער ייִדישער בינע אין ריגע, ווילנע, ווארשע, בוענאָס־אײַרעס, פאריזש, בוקארעשט.

די לעצטע יאָרן איז מארק ראזומני באזונדערס אקטיוו אינעם זשאנער פון נאָוועלעטן און מעשאָלים. זיי דרוקן זיך אין דער ייִדישער פּראָגרעסיווער פּרעסע פון פארשיידענע לענדער און ווערן איבערגעזעצט אין רוסיש, לעטיש, פּויליש און אין אנדערע שפּראכן. סיסטעמאטיש דרוקן זיי זיך אויך אין „סאָוועטיש היימלאנד“. אין 1963 איז אין לעטלענדישן מעלוכע־פארלאג דערשינען אין א רוסישער איבערזעצונג מ. ראזומניס א בוך נאָוועלעטן אונטערן נאָמען „קעדיי דאָס הארץ זאָל ניט וויי טאָן“.




**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)**

**Ежемесячный литературно-художественный журнал**

**Орган Союза писателей СССР**

*(на еврейском языке)*

**Год издания шестой**

**Издательство «Советский писатель»**

Главный редактор **А. Вергелис.**

Редколлегия: **И. Борухович, А. Гонтарь, М. Лев** (ответственный секретарь), **Нотэ Лурье, Б. Миллер, Г. Ошерович, И. Рабин, Р. Рубина, М. Тейф, И. Фаликман, С. Фрай.**

Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отделы прозы и поэзии — Б 8-49-42; отдел критики — Б 3-96-07.

Художеств. и техн. редакция: И. Шустер и А. Токер

Корректоры А. Стрельник и Д. Грозовская

Подписано к печати 17/VIII 1966 г. Формат 70×108 1/16. Печ. л. 10(13,70). Бум. л. 5+2 вклейки. Цена 50 коп. Зак. 1705.

Московская типография № 7 Главполиграфпрома
Комитета по печати при Совете Министров СССР
Пер. Аксакова, 13.

Цена 50 коп.

70821



# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

## СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 9

1 9 6 6



**В НОМЕРЕ:**